— אַז איהר אַליין ווייסט דאָך אויך נישט ווער אייער טאַטע־מאַמע זיינען !

— ווי אַזוי ווייסט איהר דאָס ? — איז דעראָנדא אויפגעשפּרונגען דערשראָקען און אַוועקגענומען זיין האנד פון מרדכי׳ן און מרדכי איז צוריק צום טיש צוגעגאַנגען.

— איך ווייס עס, איך ווייס עס, וואָס נאָך האָב איך דען אין מיין לעבען ? — האָט מרדכי געזאָגט אונגעדולדיג — זאָגט מיר אַלסדינגג, דערצעהלט מיר וואָס ליקענט איהר עס ?

ער האָט קיין בעגריעף נישט געקענט האָבען וויפיעל ער האָט וועה געטהאָן דעראָנדא׳ן מיט זיין פראַגע. דער סוד וואָס איז יאָהרען לאַנג געוועזען טיעף פערבאָרגען אין זיין הארצען און ער האָט דאָך שטענדיג מורא געהאַט אויפצוריהרען איהם. איצט שטעהענדיג פאַר דעם טוידט קראַנקען מרדכי האָט ער רחמנות געקראָגען אויף איהם און ער האָט בעשלאָסען צו רעדען מיט איהם אָפען, נישט בעהאַלטען פון איהם קיין איין וואָרט נישט. א צייט האָט ער געשוויגען, ווי אָנגעהמענדיג זיך מיט כח און געזאָגט :

איך האָב קיינמאָל נישט געקענט מיין מוטער. איך ווייס גאָרנישט פון איהר. איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט גערופען „טאַטע“, איך בין אָבער זיכער אַז מיין פאָטער איז אַן ענגלענדער.

דעראָנדאַ׳ס שטימע האָט שטאַרק געציטערט ווען ער האָט דערצעהלט די ודוי פון זיין הארצען, ער אַליין איז געוועזען שטאַרק פערוואונדערט אויף די אומשטענדען וואָס האָבען איהם געבראַכט דערצו ער זאָל אַזוי ריידען. און עס איז איהם איינגעפאַלען אַז מרדכי איז א וואונדערבאַרער מענש מיט א גרויסע קראַפט וואָס בעהערשט איהם שטילערהייט.

— דאָס וועלען מיר זעהן, דאָס וועט דערקלעהרט ווערען — האָט מרדכי געזאָגט נצחונ׳דיג — די וועלט וואַקסט און נאָר די וואַקסענדע נשמה קען עס בעגרייפען. צום ערשטען איז שטיל, שפּעטער ווערט עס קלאָהרער און קלאָהרער. אַזוי איז מיט די געדאנקען און אַזוי אויך מיט די מענשען און זייערע פּאַסירונגען.

— אָבער נישט שטענדיג זיינען די פּאַסירונגען לויט דעם מענשענס וואונש — האָט דעראָנדא פאַרזיכטיג געזאָגט ער זאָל נישט מצער זיין מרדכי׳ן.

מרדכי׳ם פּנים וואָס האָט אַזוי שטאַרק אויפגעשיינט ווען דע־ראָנדא האָט איהם דערצעהלט דעם סוד פון זיין הארצען איז צוריק טונקעל און אומעטיג געוואָרען. ער האָט אָבער נישט פערלאָרען זיין גלויבען און האָפנונג און ער איז גרייט געווען אַלץ צו בעשטריי־טען און צו בעווייזען אַז ער איז גערעכט.

— איהר ווילט מיר אפשר זאָגען אַז איך טראָג זיך אַרום מיט אַ פאַנטאַזיע, אַז די היסטאָריע פון מיין פאָלק, די געשיכטע פון אונזער האָפנונג איז נאָר אַ פאַנטאַזיע. איך בין גרייט דערויף! — ער האָט זיך שטאַרק צוגעבויגען צו איהם און הייזעריג געזאָגט — יאָ, עס קען זיין אַזוי מיט מיין גרויסע האָפנונג, אַז איהר וועט עס ווילען מאַ־כען פאַר אַ הוילע פאַנטאַזיע. איהר וועט דאָס אָבער נישט טהאָן!

די שאַרפקייט אין ווע̇לכע די ווערטער זיינען אַרויסגעזאָגט גע־וואָרען זיינען אַריין טיעף אין דעראָנדאַ׳ס הארצען און ער האָט איינ־געזעהן אַז ער מוז רעדען קלאָהר און אָפען:

— מיין געבורט איז נישט אָבהענגיג פון מיר. און אויב איך וויל עפּעס האָט עס גאָרנישט צוטהאָן דערמיט. איך קען אייך נישט צוזאָגען אַז איך וועל מיט דעם עפּעס טהאָן אויסצוגעפינען די גע־היימנים פון מיין לעבען. דאָס וואָס איך האָב אַזוי לאַנג קיין קראַפט נישט געהאַט צו טהאָן, ווער וויים צו איך וועל דאָס אַמאָל האָבען. איך מוז פריהער וויסען דעם אמת פון מיין לעבען און איך מוז וויסען מעהר וועגען דעם וואָס עס וועט זיין אַז מיין לעבען וועט ווערען אַ טהייל פון אייער אייגען לעבען.

מרדכי האָט פערלייגט איין האַנד אויף דער אַנדערער און גע־רעדט זעהר שאַרף אָבער דער אָטעם איז איהם געווען זעהר קורץ.

— דו ווייסט עס וויסען. נאָך וואָס האָבען מיר זיך בעגעגענט אויב נישט אַז איהר זאָלט דאָס וויסען? אייער צווייפלען ליגט ווי שטויב אויף מיין האָפנונג, אַז איך טהו אַ בלאָז דאַרויף צופליהט עס גיך. איהר וועט זאָגען אַז איך האָב אומזיסט געהאָפט אויף אייך? דענקט איהר אַז איהר וועט ווירקען אַזוי אויף מיר? איך האָב דאָך אָבער נישט אומזיסט געהאָפט, איהר זיינט דאָך געקומען! איך האָב געהאָפט אויף אייך, און איהר זיינט געקומען! און אַז איהר קומט און זאָגט מיר אַז אונזערע וועגען זיינען פערשיעדען, איהר זייט נישט

קיין איד, ווייס איך אז עס איז נישט ריכטיג, איהר וועט דאָס אויך באַלד ווייסען!...

דעראָנדא איז צוטומעלט געוואָרען. מרדכי בעט זיך שוין ניט ביי איהם, נאָר בעפעהלט איהם, ווי איינער וואָס פיהלט זיך זיכער און שטאַרק. עס האָט איהם נישט פערדראָסען אויף מרדכי'ן, ער איז נאָך מעהר צוגעבונדען געוואָרען צו איהם און אויסגעגאַנגען פאַר גרויס וואונדער איבער זיינע רייד. ער האָט זיך געוואונדערט וואָס ער, א יונגער, געזונטער מענש, וואָס האָט נישט ווייניג געלערנט און איז נאָך קיינעם נישט געווען אונטערטעניג, זאָל פּלוצלונג אזוי בעהערשט ווערען פון דעם קראַנקען שוואַכען מענשען, וואָס אָטעמט קוים. וועט ער דאָס איהם שטענדיג שוין בעהערשען? ער האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט:

— איך וועל זעהר צופריעדען זיין צו קענען דערפילען אייער פערלאַנגען אויף וויפיעל עס וועט מיר נאָר מעגליך זיין. איך בין גרייט אייך צו פאָלגען. זאָגט מיר וואָס איז אייער האָפנונג. און וואו קענען מיר זיך נאָך אמאָל בעגעגענען?

— איך האָב שוין געטראַכט וועגען דעם — האָט מרדכי געזאָגט — עס איז דאָך נישט צו שווער פאַר אייך צו קומען אין דער געגענד, שפּעט ביי נאַכט? איהר זינט דאָך שוין אמאָל געווען דאָ אין דער זעלבער צייט.

— איך קען עס גאַנץ לייכט אויספיהרען — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — איהר וואוינט דאָך אין זעלבען הויז וואָס עזרא קאָהן?

איידער מרדכי האָט בעוויזען צו ענטפערען איז הערר ראַם אריינגעקומען פערנעהמען זיין פּלאַץ הינטער דעם קראָם-טיש. ער איז געווען אַן עלטערער איד וואָס זיינע קינדער יאָהרען זיינען געווען די ערגסטע פאַר זיין פאָלק אין אָנפאַנג פון יאָהרהונדערט. ער איז געווען איינער פון די איבערגעבליבענע אידען פון יענע צייטען, אויף וועלכע עס איז געלעגען דער צייכען פון אָרימקייט פאַר די לעצטע זיבעצעהן יאָהר. אויף איהם איז נישט קיין שפּור פון פרייד ווי ביי עזרא קאָהן. ער איז געוואוינט געווען אויסצוזעהן אזוי דערשלאָגען נאָך פון יענע צייטען ווען א קריסט האָט געשפּיעגען אין יעדען אידישען פּנים וואָס ער האָט געטראָפען.

ער האָט געהאַנדעלט מיט ביכער. עס אָבער קיין אונטערשיעד

ביי איהם נישט געווען מיט וואָס ער האַנדעלט, ביכער אָדער טעפּ, אָדער אייער, איז אַלץ גלייך געווען. ער האָט זאָגאַר נישט געוואוסט, וואָס אין די ביכער טהוט זיך. ער האָט אָבער געהאַט גרויס צוטרויען צו מרדכי׳ן, האָט איהם שטאַרק רעספּעקטירט פאַר זיין געלערענטקייט און עס האָט איהם נישט פערדראָסען, אַז ער האָט געזעהן אַז אַן אריסטאָקראַטישער ענגלענדער, וואָס האָט ליעב אַלטע ביכער האָט געפונען אַזוי פיעל אינטערעס אין מרדכי׳ן און קומט שוין דאָס צווייטע מאָל צו איהם אין קראָם קויפען ביכער. אַז ער האָט בעמערקט דעראָנדא׳ן האָט ער איהם לייכט בעגריסט, עס איז אָבער דאָך געווען אַביסעל אונצופריעדענהייט אין דער בעגריסונג. ער האָט זיך גלייך אָנגעטהאָן די ברילען און אַוועקגעזעצט זיך אי־בער די רעכבען ביכער און זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף זיי ביי־דע.

זיי זיינען באַלד אַרוים אין גאַס און נישט צונויפרעדענדיג זיך זיינען זיי צוגעקומען צו עזרא קאָהן׳ס הויז.

— מיר קענען זיך דאָ נישט טרעפען, מיין צימער איז צו קליין — האָט מרדכי זיך אָנגערופען — עס איז אָבער דאָ נישט וויים פאַראַן אַ רעסטאָראַן וואו איך געה אַמאָל צום קלאָב, עס הייסט „די האַנד און די פאָהן“ עס איז אין עק גאַס, די פינפטע טהיר פון דאַ־נעט. יעדען אָבענד קענען מיר דאָרט האָבען דעם גרויסען זאַל.

— מיר קענען שוין צוגעהן — האָט דעראָנדא געזאָגט — איהר וועט מיר אָבער ערלויבען צו דינגען אייך אַ דירה וואָס וועט אייך געבען מעהר פרייהייט און מעהר הנאה ווי איהר האָט אין דעם קליינעם צימער.

—ניין, איך דאַרף גאָרנישט. מיין אויסערליך לעבען איז גאָרנישט. איך וועל פון אייך קיין זאַך נישט נעהמען אויסער אייער נשמה׳ס פריינדשאַפט און ברידערליכקייט. וועגען קיין אַנדער זאַך וועל איך איצט נישט טראַכטען. איך בין אָבער צופריעדען וואָס איהר זייט רייך. איהר האָט דאָך זיך נישט גענויטיגט אין געלד אויף דעם דימאַנט רינג. איהר האָט געהאַט אַן אַנדער אורזאַך קור־מענדיג דערמיט.

דעראָנדא איז ערשטוינט געוואָרען ווען ער האָט דאָס געהערט, וואָס פאַר אַ שאַרפען, קלאָהרען שכל דער מרדכי האָט און איידער

ער האָט עפּעס געוואָלט ענטפערען האָט מרדכי שוין ווייטער גע־רעדט:

— אַלץ איינס, דאָס וויכטיגסטע איז וואָס מיר האָבען זיך בע־געגענט, איהר זינט דאָך רייך, אַיאָ?

— נישט רייך — האָט דעראָנדא געענטפערט — אָבער איך האָב מעהר וויפיעל איך דאַרף.

— איך וויל אַזוי אַז אייך זאָל קיין זאַך נישט פעהלען — האָט מרדכי געזאָגט פער'חלומ'ט — מיין לעבען אָבער איז געווען זעהר אַ שרעקליכעס.

מרדכי האָט נישט געוואָלט וויסען אַפילו די אורזאַכע וואָס האָט דעראָנדא'ן געבראַכט צו עזרא קאָהן, איהם האָט נאָר אינטערע־סירט וועגען זיין האָפנונג. דעראָנדא האָט דאָך אָבער שטאַרק גע־גאַרט עפּעס צו וויסען וועגען זיי און ער האָט פּלוצלונג אַ זאָג גע־טהאָן:

— קענט איהר מיר נישט זאָגען פאַר וואָס מען טאָר ניט רע־דען מיט עזרא קאָהן'ס מוטער וועגען איהר טאָכטער?

ער האָט נישט בעקומען קיין ענטפער. דעראָנדא האָט געמיינט אַז ער האָט פערהערט און געוואָלט נאָך אַ מאָל איבערפרעגען, מרדכי האָט אָבער גאַנץ גוט געהערט. ער איז אָבער צופיעל געווען אריינ־געטהאָן אין זיין פריהעריגען געשפּראָך און עס איז איהם נישט לייכט אָנגעקומען באַלד איבערצוגעהן אויף אַן אַנדערען שמועס, באַלד אָבער האָט ער גלייכגילטיג געזאָגט:

— איך ווייס די אורזאַך. איך וועל האָך אָבער נישט רע־דען וועגען יענעמ'ס אינטערעסען וואָס איך האָב פון זיי געהערט פּריוואַט. איך וואָהן ביי זיי אין הויז און עס איז מיר הייליג. זייער אינטערעסען אויב עס בעריהרט ניט קיין צווייטען געהער נאָר צו זיי אַליין.

דעראָנדא איז רויט געוואָרען הערענדיג מרדכי'ס אויסמוסר'ן איהם. עס האָט איהם אויך פערדראָסען פערלירענדיג די האָפנונג אַז ער וועט דאָס געוואָהר ווערען פון מרדכי'ן. ער איז אויך צו־רודערט געווען פון די אַלע געשעהענישען פון היינטיגען טאָג און ער האָט נישט געוואָלט אריינגעהן אויסלייזען דעם רינג. כאָטש ער

האָט דאָס געלד געהאַט ביי זיך, איידער ער וויים נישט עפּעס מעהר פון זיי.

— איך וועל איצט אוועקגעהן — האָט דעראָנדא געזאָגט נאָך איידער זיי זיינען צוגעקומען צו עזרא׳ס טהיר און מרדכי איז גע־שטאַנען אַנטקעגען דעם גאַז ליכט און געקוקט אַזוי טרויעריג און פערזאָרגט.

— ווען קומט איהר צוריק ? האָט ער געלאַסען און שארף גע־פרעגט.

— לאָמיר דאָס נישט בעשטימען. איך וועל צוקומען אַן אָבענד צו עזרא קאָהן און פון דאָרט וועלען מיר אוועקגעהן. זיי וועלען דאָך נישט זיין געגען דעם וואָס מיר ביידע בעגעגענען זיך ?

— אָ, ניין — האָט מרדכי געזאָגט — אָבער די טעג וואָס איך וואַרט איצט זיינען לענגער ביי מיר ווי די יאָהרען וואָס איך האָב געלעבט. מיין לעבען געהט איין. דאָס וואָס איז פריהער געווען אַ קלייניגקייט איז איצט אַ העלפט פון מיינע יאָהרען. מיין האָפ־נונג איז איצט נאָר אויף אייך.

— איך וועל זיין אַ וואָרטסמאַן — האָט דעראָנדא געענטפערט — דעם ערשטען אָבענד וואָס איך וועל נאָר קענען וועל איך קומען אַרום נאָך זיעבען אַ זייגער. שבת אָדער מאָנטאָג, גלויבט מיר.

ער האָט איהם אויסגעשטרעקט זיין האַנד. מרדכי האָט זי היים געדריקט און געפיהלט ווי אַ ניי לעבען ערוועקט אין איהם און ער האָט געזאָגט :

— דאָס וואָס איז געקומען איז שוין דאָ — דאָס איבריגע וועט קומען !

און אַזוי זיינען זיי זיך צוגאַנגען.

## 28טער קאַפּיטעל.

דעראָנדא איז געווען שרעקליך צוטומעלט און נישט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך מיט איהם. ער האָט געזעהן אַז ער איז איינ־גאַנצען אונטער מרדכי׳ס איינפלוס און ער וועט שוין מוזען טהאָן אַלץ וואָס ער וועט איהם הייסען. אין אָנפאַנג האָט ער זיך געשראָ־קען דערפאַר. שפּעטער אָבער האָט ער זיך געטראַכט : פאַרוואָס

זאָל איך נישט נאָכפאָלגען מרדכי׳ן? דערפאַר וואָס איך געה פיין געקליידעט מיט א ווייסען קראַוואַט אויפ׳ן האלז און געפין זיך צווי־שען אזעלכע מענשען וואָס זיינען פוסט און וואָלטען געלאַכט איבער דעם?

און אז ער האָט שוין געהאַט בעשלאָסען פאַר קיין זאַך זיך נישט אָבצושטעלען איז איהם אָבער איינגעפאַלען דער געדאנק, אז ער איז נישט זיכער צו דער נייער וועג וואָס מרדכי לייגט איהם פאָר איז טאַקע גוט און וועד ווייס צו ער אליין וועט נישט באַלד איינזעהן אז מרדכי׳ס אַלע רייד זיינען טאַקע נישט מעהר ווי הוילע פאַנטאַזיעס?...

מען מוז גוט בעטראַכטען די זאַך — האָט ער בעשלאָסען.

וואָס האָט דאָ אייגענטליך פּאַסירט? סער הוגאָ מאַלינדזשער וואָלט דאָס לייכט ערקלעהרט. א קראַנקער, שווינדזיכטיגער איד, א גרויסער פאַנאַטיק, וואָס האָט זיך זעהר פיעל אָנגעליטען, האַלט שוין ביים שטאַרבען, און אָט האָט ער איהם, דעראָנדא׳ן, דערזעהן, האָט זיך צוגעבונדען צו איהם און לאָזט איהם ניט אָב. ער זאָגט אז ער האָט איהם נאָך פריהער געזעהן. נו, דאָס האָט ער איהם אין זיין פאַנטאַזיע, אין זיינע טרוימען געזעהן, ווייל ער האָט איהם געוואָלט זעהן, נישט ווייל עס איז טאַקע אזוי בעשערט געווען. עס זיינען פאַראַן א סך משוגעים, צודרעהטע מענשען אויף דער וועלט, וואָלט סער הוגאָ געזאָגט. און מיט וואָס איז מרדכי בעסער פון זיי?

אָט די געדאַנקען זיינען דעראָנדא׳ן גאַנץ אָפט אין קאָפּ אריינ־געקומען און נישט געלאָזט רוהען. ער האָט אָבער צוריק געטראַכט אז דאָך האָט מרדכי עפּעס אזעלכעס וואָס די גאָר גרויסע מענשען פערמאָגען נאָר, אזוי האָבען נאָר געקענט רעדען די נביאים, די גרוי־סע העלדען און אויסלייזער. וואָס האָט דען דער איצטיגער מענש פון איהם פערלאַנגט? „זאָלסט גלויבען דאָס וואָס איך האָף. זאָלסט זעהן די זעהונג וואָס איך זעה" — האָט ער פון איהם געפאָדערט. ער איז צופריעדען געווען וואָס ער האָט נישט פערשפּראָכען מרדכי׳ן אז ער וועט טאַקע אזוי טהאָן. און אויסער דעם איז אַלץ נישט ריכטיג. מרדכי זאָגט אז ער איז א איד. ער איז דאָס זיכער נישט...

באַלד אָבער האָט איהם א געדאַנק אָנגעהויבען פייניגען. פון וואַנעט ווייס ער אז ער איז נישט אזוי ווי מרדכי האָט געזאָגט?

פון דרייצעהן יאָהר אָן האָט ער זיך געהאַלטען פאַר סער הוגאָ מאַ־לינדזשער׳ס א זוהן, מיט וואָס איז ער אָבער זיכער אז ער מאַכט נישט קיין טעות? אפשר וועט נאָך קומען א צייט, ער וועט גע־וואָהר ווערען־דעם סוד פון זיין געבורט, ווער עס איז זיין טאַטע, וואו עס איז זיין מאַמע און ער וועט פּלוצלונג איינזעהן אז ער האָט געלעבט אין טעות, אלץ איז געווען גענאַרט...

און אפשר איז מרדכי גערעכט? ער איז טאַקע יאָ א איד. און די געדאַנקען מרדכי׳ס וועגען די אידען זיינען אויך ריכטיג. ער אליין וועט זיך נאָך אינטערעסירען מיט זיי און זיי פּערוווירקליכען? יאָ, ווען מרדכי וואָלט נישט געווען קיין אָרימאַן וואָס קומט נאָר אריין אין רעסטאָראַן „די האַנד און דער פּאָהן" אין דעם שטילען, אונבעקאַנטען אָרט און פּרעדיגט דאָרט די געדאַנקען וואָס די גרויסע וועלט וויים זיי נאָך נישט. ווען ער וואָלט געווען בעריהמט, א פּראָ־פעסאָר, א גרויסער פילאָזאָף, וואָלט די וועלט געלאָפען איהם הערען.

ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג געלייענט אז די רוימער האָבען געזאָגט צו דעם קייזער דאָמי־ציאַן, אז עס זיינען דאָ אידען וואָס קומען ארוים פון מלכות בית דוד. ער האָט זיי זאָפאָרט געהייסען אַרעסטירען און ברייגגען צו איהם. ווי אָבער ער האָט זיי דערזעהען האָט ער זיי באַלד געהייסען בע־פרייען, זיי זיינען דאָך אָרימע מענשען, זעהן אוים פּונקט ווי גע־וועהנליכע ארבייטער. דאָס האָט געטראָפען מיט דעם רוימישען קייזער. א גרויסער רב האָט אָבער פערקעהרט געטהאָן. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט ביי די טויערען פון רוים און בעקוקט יעדען איינעם, ווייל ער האָט געגלויבט אז משיח איז נאָר צווישען די אָרי־מע און די בעליידיגטע...

ביידע האָבען א טעות געהאַט, דער קייזער און דער רב, האָט דעראָנדא זיך געטראַכט. נישט קיין אָרימע קליידער קענען זיין א סימן פאַר עפּעס.

אי דאָס וואָס מרדכי רעדט נישט קלאָהר און שאַרף, נאָר פער־שטעלט איז אויך נישט קיין אורזאַך וואָס זאָל איהם דערווייטערען פון איהם. ער דאַרף זיך נישט רעכענען ווי אזוי ער רעדט נאָר וואָס ער טהוט, אלץ איז דאָך איינגענטליך א צופאַל. דורך א צופאַל האָט ער געפונען מיראַ׳ן. ווען ער געפינט זי ניט, וואָלט ער זיך דאָך

גאָרנישט אָבגעגעבען מיט קיין אידען. ער וואָלט נישט געגאנגען זוכען אַן עזרא'ן. ער וואָלט נישט געקומען אין ראָם'ס בוך האנד־לונג, ער וואָלט נישט געקויפט מאימאָן'ס ביאָגראפיע און וואָלט מרדכי'ן ניט בעגעגענט.

און באַלד ווי מרדכי האָט איהם געזעהן נאָר דורך א צופאַל און געזאָגט אז ער איז א איד פונקט ווי יענער איד אין דער שוהל אין פראַנקפורט...

— וואָס וועט אָבער זיין — האָט דעראָנדא זיך געפרעגט — אז איך וועל אויסגעפינען אז זיין גאנצע האָפנונג איז א פוסטער טרוים? איך וועל דעמאָלט ניט קענען העלפען, וועל מוזען איהם אויפווייזען אז ער מאַכט א טעות. וועט אָבער ער גערעכט זיין, וועט דאָס נישט מיר ווערה טהאָן?

עס האָט איהם נישט שטארק וועה געטהאָן אז ער האָט גע־טראַכט אז עס איז מעגליך דאָס ער איז א איד. מעהר געפעלען איז איהם דאָך דער געדאַנק אז ער איז א ענגלענדער. און וואָלט איהם אימיצער געפרעגט צו ער וויל זיין א איד וואָלט ער פאַר קיין פאַל נישט געקענט ענטפערען, אז ער איז צופריעדען דאָס צו זיין. זיין צוגעבונדענקייט צו סער הוגאָ האָט איהם נישט גילאָזט טראַכ־טען עפעס אַנדערש.

ווי דער אמת זאָל נישט זיין, האָט ער פעסט בעשלאָסען דאָס זעלבע וואָס ער האָט געזאָגט צו מרדכי'ן, אז ער וועט נישט נעהמען זיך אויפדעקען דאָס געהיימניס פון זיין לעבען. ער האָט זיך נישט געוואָלט צוריהרען צו דער פראַגע. בעסער שוין דער צווייפעל איי־דער די ביטערע זיכערהייט. אויסער דעם קען איהם דאָס צוניץ קומען פאַר אַן אויסרייד פאַר מרדכי'ן אז ער וועט דאַרפען. ער וועט איהם זאָגען, אז דערפאַר וואָס ער וויים נישט ווער זיינע על־טערען זיינען קען ער איהם גאָרנישט מיטהעלפען.

דאָס האָט דעראָנדא בעשלאָסען אין די פיער טעג צייט וואָס ער האָט געמוזט זיין ביי סער הוגאָ'ן און נישט געקענט קומען צו מרדכי'ן.

## 29טער קאַפיטעל.

אויב עס איז דאָ א לייטער פון צרות און ליידען האָבען די אידען די העכסטע שטאפעל געגרייכט. אויב די צרות און דאָס גע־

דולד מיט וועלכע זיי טראָגען דאָס איבער מאכען איידעל, דאַן זיי־
נען די אידען די איידעלסטע אריסטאָקראַטען פון דער וועלט. ווען
א ליטעראַטור, וואָס האָט קוים עטליכע קלאַסישע טראַגעדיעס, הייסט
רייך, וואָס זאָל מען זאָגען צו אַ נאַציאָנאַלע טראַגעדיע וואָס איז
אנדערהאַלבען טויזענד יאָהר אַלט, אין וועלכע די דיכטער און די
שוישפּיעלער זיינען די העלדען אליין?

דעראָנדא האָט ערשט ניט לאַנג געלייענט די ווערטער ביי
צונצ'ען. ער האָט זיך וויעדער דערמאָנט אָן דיעזע ווערטער אריינ־
קומענדיג צו עזרא'ן אין הויז. אָ, זיי זיינען גאָר אנדערש פון יענע
אידען וואָס צונץ רעדט וועגען זיי. אויף עזרא קאָהן און זיין פאַ־
מיליע איז נישט צו דערקענען נישט קיין צער און נישט קיין ליידען,
וואָס מאכען אמאָל אַ מענשען זעהר שעהן, עס איז אויך אויף איהם
קיין צייכען נישטאָ פון יענעם העלדישקייט פון די אידען. ער איז
נאָר אַ געלד־גייציגער מענש, וויל גיך רייך ווערען. אָבער ביי דעם
אַלעם איז עפּעס דאָך שעהנעס אויך געווען צו דערקענען אין דעם
הויז — מרדכי האָט דאָרט געוואוינט...

די גאַנצע פאַמיליע האָט אויפגעשיינט פאַר שמחה ווען זי האָט
דעראָנדא דערזעהן אריינקומען. עזרא האָט געזאָגט אז כאָטש וואָס
לענגער מען האַלט דאָס געלד אַלס מעהר פּראָצענט קריגט ער. דאָך
איז ער צופריעדען וואָס ער איז געקומען נאָכ'ן רינג, ווייל דאָס גאַנ־
צע הויז האָט געבענקט נאָך איהם. זיי האָבען געהאַלטען אין איין
רעדען פון איהם.

די יונגע פרוי קאָהן האָט זעהר בעדויערט וואָס דאָס קליינע
קינד שלאָפט, זי איז אָבער צופריעדען געווען וואָס אדעלייד איז
נאָך אויף געווען. זי האָט געזאָגט צו דעראָנדא'ן, ער זאָל נישט
שטעהן אין קראָם נאָר ער זאָל געהן ווייטער און זעהן די מאַמע מיט
די קינדער. ער האָט צופריעדען אָנגענומען די איינלאַדונג, האָבענ־
דיג זיך צוגעגרייט מיט פּרעזענטען פאַר די קינדער. אַ סעט פון
פּאַפּירענע פיגורען פאַר אדעלייד'ן. אַ ביינערנעם בעכער און אַ
באָל פאַר יעקב'ן.

די באָבע איז געזעסען ביים טיש און געהאַלטען אַ פּאָר קאָר־
טען און געמאַכט טעלער פאַר די קינדער. אַ טעלער איז ארונטער
געפאַלען אויף דער ערד און געבליבען גאַנץ.

— וואַרט צו — האָט יעקב געזאָגט לויפּענדיג צו דעראָנדאַ'ן — טרעט נישט אויף מיין טעלער, וועט איהר זעהן ווי איך וועל עס צוריק וואַרפען.

דעראָנדאַ האָט איהם געפאָלגט שמייכלענדיג צו דער באָבע, באַלד איז ער צוגעגאַנגען צום טיש און זיך אוועקגעזעצט. ער האָט בעמערקט אַז די טהיר פון וועלכער מרדכי איז פרייטאָג אָבענד אַרויסגעקומען, איז איצט פערמאַכט. ער האָט אָבער פריהער געוואָלט שמועסען מיט זיי איידער ער וועט אַריינגעהן צו מרדכי'ן.

ער האָט געהאַלטען אַדעלעיד'ן אויף די קניע און אויסגעשטעלט פאַר איהר די פיגורען, יעקב האָט זיך געשפּיעלט מיט'ן באַל, דערמאַלט האָט דעראָנדאַ געפרעגט:

— איז מרדכי אין דער היים?

— וואו איז ער, עדי? — האָט עזרא קאָהן געפרעגט זיין ווייב, אַריינכאַפּענדיג זיך אויף אַ מינוט אַ שמועס טהאָן.

— אין אַרבייטס צימער — האָט זי איהם אָנגעוויזען אויף דער טהיר.

— דער אמת איז — האָט עזרא געזאָגט — אַז מיר ווייסען גאָר נישט וואָס מיט איהם טהוט זיך פאַר די לעצטע עטליכע טעג. ער איז פון תמיד אָן אַביסעל געריהרט — האָט ער איהם אָנגעוויזען אויפ'ן שטערען — נישט מיט אַלעמען. ער איז אָבער געווען אַ פּינקטיליכער און גוטער אַרבייטער. ער איז אויך שטאַרק צוגעבונדען צו מיין אינגעל. נאָר פאַר די לעצטע צוויי טעג געהט ער ווי אַ נאַכט־וואַנדערער פער'חלום'ט און פערטראַכט און זיצט שטיל ווי אַ וואַקסענע פיגור. — דאָס איז צוליעב זיין קראַנקהייט — האָט די אַלטע זיך אָנגערופען טרויעריג — ווער ווייס ווי לאַנג ער וועט נאָך אַזוי אָנציהען?

— ניין, עס איז נישט דאָס — האָט זיך די יונגע פרוי קאָהן אָנגערופען — ער מוז זיך האָבען עפּעס גענומען אין קאָפּ אַריין. ער האַלט אין איין איבערקוקען זיינע שריפטען און אַז איך רעד צו איהם נעהמט אַ שטיק צייט ביז ער הערט מיר אויס און ענטפערט מיט אַ וואָרט.

— איהר קענט אונז אָננעהמען פאַר שוואַכע מענשען — האָט עזרא געזאָגט — נאָר מיין מאַמע און מיין פרוי זיינען אַזוי צוגע־

בונדען צו איהם אַז זיי וואָלטען זיך קיינמאָל נישט געוואָלט צושיי־דען מיט איהם ווי שווער ער זאָל נישט זיין אויף אונז.

— אַ, עפּעס געטליכעס איז דאָ אין מרדכי׳ן — האָט די אַלטע געזאָגט.

— יאָ, ער האָט עפּעס אין זיך — איז דער קליינער יעקב צוגעקומען און אַריינגערעדט — ער האָט געזאָגט ער קען נישט רעדען מיט מיר און וויל אויך נישט עסען גאָר נישט.

— פון אייער שטאַרקען אינטערעסירען זיך אין איהם, זעהט אַז ער האָט אויך געווירקט אויף מיר און אינטערעסירט מיך שוין אויך — האָט דעראָנדא געזאָגט — איך האָב ערשט ניט לאַנג גערעדט מיט איהם אין ראַם׳ס בוך האַנדלונג און איהם צוגעזאָגט אַז איך וועל קומען אַהער איהם זעהן און מעגליך אַז מיר וועלען אַ ביסעל אַרויסגעהן צוזאַמען.

— אָט דאָס איז עס! — האָט עזרא אַ זאָג געטהאָן און געגע־בען זיך אַ קלאַפּ אין קניע — ער האָט אייך אָבגעוואַרט און דערפאַר איז ער געווען אַזוי מאָדנע. איך דענק אַז ער רעדט מיט אייך ווע־גען זיין לעהרע. עס איז זעהר פיין פון אייך, מיין הערר, איך גלויב נישט אַז אייך זאָל עפּעס אַרויסקומען אַ נוצען פון דעם. אַנישט וואָלט דאָך איהם אויך בעסער געווען. יאָ, איך מוז אַרויסגעהן אין קראָם — האָט עזרא געזאָגט און אַרויסגעגאַנגען.

— דער קליינער יעקב, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען לעבען דעראָנדא׳ן און זיך צו אַלעם צוגעהערט, האָט זיך אָנגערופען:

— אויב איהר ווילט וועל איך אַריינרופען מרדכי׳ן.

— ניין, יעקב — האָט די מוטער זיך אָנגערופען — עפען די טהיר פאַר׳ן העררן און לאָז איהם אַליין אַריינגעהן. נו, גיכער, מאַך אָבער נישט קיין טומעל.

יעקב׳ן האָט די געשיכטע פעראינטערעסירט. ער איז צוגע־גאַנגען צו דער טהיר, לייכט אויפגעעפענט, אָהן שום טומעל, און דעראָנדא איז אַריין נאָך איהם. דאָס קליינע צימער איז געווען שלעכט בעלויכטען. איין ליכט האָט געברענט פערשטעלט מיט אַ דעקעל, אויף דעם קליינעם טישעל לעבען פענסטער זיינען געלעגען זייגערלעך, גאָלד וואַרג און אינסטרומענטען, עטליכע ביכער זיי־נען געלעגען אין ווינקעל לעבען די אַלע זאַכען. מרדכי איז געזע־

סען אויף א גרויסען שטוהל מיט׳ן רוקען צו דער טהיר. פערלייגט איין האנד אויף דער צווייטער אויפ׳ן טיש און א זייגערעל אין מיטען דער ארבייט דערנעבען. ער איז געזעסען פול ערוואַרטונג, ווי איי־נער וואָס זיצט אין תפיסה און וואַרט אז אָט, אָט קומט אריין זיין בעפרייער, און פלוצלונג האָט ער דערהערט דעראַנדאַ׳ס שטימע:

— איך בין דאָ, זייט איהר גרייט?

ער האָט זיך אויסגעדרעהט, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, האָט זיך געכאַפּט זיין הוט און צוגעגאַנגען צו דעראַנדאַ׳ן. אין א מינוט זיינען זיי שוין געווען אין גרויסען צימער. יעקב האָט בעמערקט ווי מרדכי האָט זיך אינגאַנצען געביטען, האָט ער איהם אָנגעכאַפּט פאַר׳ן אָרם און געזאָגט:

— נאַ, זעהסט מיין באָל!

ער האָט נאָהענט צוגעטראָגען דעם באָל צו מרדכי׳ס פנים, ווי וועלענדיג איהם פערשאַפען נחת פון דעם. מרדכי איז געווען אויפ־געלייגט און צופריעדען און ער האָט געזאָגט:

— פיין, זעהר פיין.

— איהר האָט פערגעסען אייער פאַלטאָ און האַלזטוך — האָט די יונגע פרוי קאָהן איהם דערמאָנט און ער איז אריינגעגאַנגען צו־ריק און זיי גענומען.

— ער האָט אויפגעלעבט, איהר זעהט — האָט עזרא געזאָגט שטיל — איך האָב אייך באַלד געזאָגט, איך בין שטענדיג גערעכט. נו, מיר וועלען אייך נישט שטערען — האָט ער שוין געזאָגט הויך — איך האָף אָבער אז דאָס איז נישט דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר זעהן זיך.

— איהר וועט קומען נאָך א מאָל? — האָט יעקב געפרעגט — זעהט, איך קען כאַפּען דעם באָל. איך וועט זיך מיט אייך אז איך וועל איהם שטענדיג כאַפּען, אז איהר וועט נאָר נאָך אמאָל קומען.

— אָ, ער איז זעהר געשיקט — האָט דעראַנדאַ געזאָגט צו דער אַלטער — אין וועמען איז ער געראָטען, אין פאָטער׳ס פאַמי־ליע, אָדער אין דער מוטער׳ס?

די אַלטע האָט אָבער ניט געענטפערט, נאָר געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ צום, זוהן, און עזרא האָט גיך א זאָג געטהאָן:

— אין מיין פאַמיליע, אין מיינער! מיין פרוי׳ס משפחה זייי־

נען נישט אַזעלכע. מיינע אָבער זיינען זעהר געשיקט און פעהיג אייביג אָן. וואָס מען וויל פון זיי קענען זיי טהאָן.

עזרא האָט געוואונקען אויף יעקב'ן און דער אינגעל האָט אָנ־געהויבען זינגען אַ ליעדעל נאָכמאַכענדיג דאָס קול פון אַ פידעל.

— איך וועל קיינמאָל קיין קלאָהרעס און בעשטימטעס נישט וויסען וועגען זיי — האָט דעראָנדא זיך געטראַכט — ביז איך וועל נישט האָבען אָן אָפענעם שמועס מיט עזרא'ן. איך וועל איהם איינ־פאַך מוזען פרעגען צו ער האָט פערלאָרען אַ שוועסטער מירא וואָס איז האַלט געוועזן זעקס יאָהר.

עס איז נאָך נישט געקומען דער ריכטיגער מאָמענט דאָס צו טהאָן. זיין ערשטער געפיהל וועגען דער פאַמיליע האָט אָבער שוין אָנגעהויבען ווערען אַביסעל לייכטער. ווי ניט איידעל און איינ־געצויגען זיי זיינען האָט ער דאָך שוין אויסגעפונען אין זיי עטליכע גוטע מעלות. זייער בעהאַנדלונג דעם קראַנקען שווינדזיכטיגען מרדכי'ן, כאָטש זיי פערשטעהען איהם נישט און מיינען אַז ער איז ניט ביים גלייכען שכל, בענעהמען זיי זיך אָבער דאָך נישט שלעכט מיט איהם.

זיי זיינען שוין געווען אין דרויסען האָט דעראָנדא געזאָגט צו מרדכי'ן:

— די קאָהן'ס, ווייזט אויס, האָבען אייך ליעב.

— איך האָב זיי אויך ליעב — האָט מרדכי גיך געענטפערט — זיי האָבען אַ אידיש האַרץ, כאָטש זיי פערשטעהן ניט מעהר נאָר זייערע שמאָלע אינטערעסען, ווי דאָס פערד וואָס וויים נישט מעהר ווי זיינע פיס טריט.

— איך האָב מורא אַז איך האָב אייך פערשאַפט אַביסעל עגמת נפש — האָט דעראָנדא געזאָגט — נישט קומענדיג פריהער, איך האָב נאָך געזאָלט זיין נעכטען, עס איז מיר אָבער אונמעגליך געווען.

— יאָ, יאָ, איך האָב אייך געגלויבט. איך בין אָבער געווען אונרוהיג אַז איך האָב אייך נישט געזעהן. איך בין דאָך צוריק יונג געוואָרען. דער גייסט פון מיין יוגענד האָט צוריק אויפגעלעבט אין מיר.

מיין שוואַכער, קראַנקער גוף קען אָבער נישט אויסהאַלטען דאָס צו פערנעהמען, איבערצוטראָגען דאָס קלאַפען פון זיינע פליגעל.

איך בין ווי איינער וואָס איז יאָהרען לאַנג געשלאָסען אין קייטען, זיצט אין תפיסה, און אַז ער דערזעהט זיין אויסלייזער צוואַויינט ער זיך. די אויפרעגונג איז אַזוי גרויס, די פרייד איז אַזוי שטאַרק אַז עס קען צושמעטערען דעם קערפּער.

— רעדט ניט אַזוי פיעל אין היינטיגען וועטער — האָט דער־ראָנדאָ געזאָגט, פיהלענדיג אַז מרדכי׳ס רייד בינדען איהם — פער־וויקעלט זיך דאָס מויל מיט׳ן האַלז טוך, מיר געהן איצט צום רעס־טאָראַן „די האַנד און די פאָהן“, ווי איהר רופט דאָס און איך דענק אַז דאָרט וועלען מיר זיין אַליין.

— ניין, דאָס איז דאָך מיין עגמת נפש וואָס איהר זענט נעב־טען נישט געקומען. היינט אָבענד פערזאַמעלט זיך דער קלוב, וואָס איך האָב אייך געזאָגט און ווער וויים צו מיר וועלען האָבען אַ פרייע מינוט, אויסער נאָכדעם ווען אַלע וועלען זיך צוגעהן. אפשר זאָלען מיר זיך אויסזוכען אַן אַנדער אָרט. נאָר איך בין שוין דאָ צוגע־וועהנט. אין נייע פּלעצער פיהל איך זיך נישט גוט. עפּעס צו־שטערען זיי מיר אַלע געדאַנקען און פאַנטאַזיען. דאָ אָבער קענען מיך שוין אַלע.

מיר אָרט נישט אַז מיר וועלען געהן אין קלוב — האָט דעראָנ־דא געזאָגט. אויב מיר איז נאָר ערלויבט דאָרט אריינצוקומען. גע־נוג אַז אייך געפעהלט זעהר דאָס פּלאַץ. אויב מיר וועלען נישט האָבען גענוג צייט וועל איך נאָך אַמאָל קומען. וואָס פאַר אַ קלוב איז דאָס?

— עס הייסט: „דער קלוב פון די פילאָזאָפען“. זיי זיינען נאָר עטליכע, נישט מעהר, וויפיעל צעדערן וואָס זיינען נאָך געבלי־בען אויפ׳ן באַרג לבנון. אָרימע מענשען וואָס געבען זיך אָב מיט טראַכטען און דענקען. קיינער אָבער פון זיי איז נישט אַזוי אָרים ווי איך. טהיילמאָל קומען אונז בעזוכען גרויסע לייט. מיר מעגען מיטברענגען אַ בעקאַנטען וואָס איז פעראינטערעסירט אין אונזערע שמועסען. יעדער נעהמט זיך אַ גלאָז ביער אָדער אַן אַנדער גע־טראַנק, דאָס איז פאַר דעם אייגענטהימער פון פּלאַץ. כמעט אַלע רויכערן. איך פלעג דאָרט קומען, געטראָפען דאָרט עטליכע אידען און אַמאָל האָב איך אויך גערעדט. איך בין צופריעדען געוועזען צו זעהן אַן עהרליכקייט צווישען די אָרימע פילאָזאָפען און די גרויס

דענקער פון מיין פאָלק, די גרויסע חכמים וואָס האָבען געאַרבייט ביי טאָג פאַר אַ שטיקעל ברויט און געלערנט ביי נאַכט, און בע־האַלטען פאַר אונז די גרויסע ירושה און אויפגעהאַלטען ביים לעבען די נשמה פון מיין פאָלק. מיין האַרץ פרעהט זיך אַזוי צו זעהן די עהנליכקייט.

— איך וועל זיין זעהר צופריעדען צו געהן אהין און צו זיצען מיט זיי, אויב איהר ווילט דאָס. עס איז אַזא פערזאַמלונג וואָס איך וועל זעהר וועלען אנטהייל נעהמען — האָט דעראָנדאַ געזאָגט, זייענדיג צופריעדען דערפון וואָס ער וועט נישט אַזוי גיך הערען מרדכי'ס רייד וועגען איהם, פון וועלכע ער האָט שוין האַרץ קלאַ־פּענים, איידער ער האָט זיי נאָך געהערט.

אין עטליכע מינוט אַרום האָבען זיי געעפנט די גלאָז־טהיר מיטן' רויטען פאָרהאַנג און זיינען אריין אינוועניג אין קליינעם זאַל וואָס איז געווען פול מיט רויך, אַז מען האָט קוים געזעהן דאָס גאַז־ליכט. דאָס גאַנצע בילד איז אַזוי ניי געווען דעראָנדאַ'ן און איבערראַשענד: אַ זעקס מאַן פון פערשיעדענאַרטיגען עלטער, פון צוואַנציג ביז פופציג יאָהר אַלט. אַלע אָרים אָנגעטהון, ס'רויב מיט ליולקעס אין מויל, שטאַרק איינהערענדיג זיך צו אימיצענס רייד. דער רעדנער איז געווען אַ בלאָנדער מיט אַ קורצער נאָז, אַ טיעפען שטערן, מיט ברייטע פּלייצעס. ער האָט געהאַלטען זיין ליולקע אין דער לינקער האַנד און מיט דער רעכטער האָט ער געקלאַפּט אין זיין קניע, ווען ער האָט געענדיגט פאָרלייענען אַ ליעד פון דעם דיכטער שעלי.

דאָס אריינקומען פון די צוויי מענשען האָט איבערגעריסען זייער אויפמערקזאַמקייט צום רעדנער. זיי האָבען זיך איבערגע־רוקט מיט די שטוהלען צו מאַכען פּלאַץ פאַר די אריינגעקומענע. די געזעלשאַפט האָט זיך פערגרעסערט און צוזעצט אַרום אויוען און טיש אויף וועלכען עס זיינען געווען אָנגעשטעלט גלעזער ביער, פּעקלעך טאַבאַק און ליימענע ליולקעס. דעראָנדאַ האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן מענשען זיצען אין אַ טרינק האַל וואָס זיינען נישט שיכור, נאָר זעהן אויס אַזוי רוהיג, שטיל און פערטראַכט. מרדכי איז אויפגענומען געוואָרען מיט פרייד. אַלע אויגען האָבען זיך אָבער געווען מעהר געווענדעט צו דעראָנדאַ'ן.

— איך האָב מיטגעבראַכט א פריינד וואָס איז פעראינטערע־סירט אין אונזערע עניגים — האָט מרדכי געזאָגט — ער איז אויס־געווען א וועלט און האָט א סך געלערענט.

— איז דער העדר א פערבאָרגענער, איז ער דאָס דער גרויסער אונבעקאנטער? — האָט דער בלאָנדער פאָרלעזער געזאָגט מיט א וויץ.

— מיין נאָמען איז דניאל דעראָנדא. איך בין אונבעקאנט, אָבער אין קיין פאַל נישט גרויס.

דער שמייכעל וואָס איז אַריבער איבער דעראָנדא׳ס פנים ווען ער האָט דאָס געזאָגט, האָט צוגעצויגען צו זיך דעם גאנצען עולם און איינער האָט צום אַנדערען שטיל געזאָגט:

— הערט! הערט!

— איהר האָט געזאָגט אייער נאָמען און איהר זייט ווילקאָמען — האָט דער בלאָנדער געזאָגט — מרדכי, קומט זעצט זיך דאַגעגען איבער מיר — ער האָט געהאַלטען געבען מרדכי׳ן דעם בעקוועמ־סטען פלאַץ וואָס עס איז נאָר מעגליך געווען.

דעראָנדא איז צופריעדען געווען וואָס ער האָט בעקומען א פלאַץ געגען איבער אַלעמען אזוי אז ער וועט אַלעמען קענען זעהן, אויך מרדכי׳ן. ער האָט דערקענט אז מרדכי איז דאָ איינער פון די אָנ־געזעהנסטע. די איבריגע האָבען אָבער אויך אויסגעזעהן צו זיין אינטערעסאַנטע פיגורען און ער האָט דערקענט אז צו מייס־טען קומען זיי ארויס פון אידען.

אין אמת׳ן ריין ענגליש בלוט, אויב מען קען נאָר דאָס מיט דער הילף פון א מעסער אָדער פיאַוועקעס אויסגעפינען, ריין ענגליש בלוט, איז אין זייערע אָדערן נישט געפלאָסען. איינער הערר מילער, א בוכהענדלער וואָס האָט זיך נאָר אונטערשיידעט פון זיינע חברים אין מסחר, בלויז מיט דעם וואָס ער האָט אויך געוואוסט וואָס אין די ספרים שטעהט געשריעבען. ער איז אַרויסגעקומען פון עלטערען וואָס האָבען זיך גערופען דייטשען, אמת׳ע דייטשען און האָבען גע־לייקענט אז זיי זיינען אַמאָל געווען אידען. ביוקען, א זאָטעל אַר־בייטער, איז געווען א שאָטלענדער. פאַש, א זייגערמאַכער, א קליין געוואַקסענער, שוואַרץ האָריגער, איז געווען א איד פון קאָפּ ביז די פיס. גדעון, דער ברילען מאַכער, איז א איד א רויטליכער וואָס

מען האָט איהם געקענט אָננעהמען פאַר אַן ענגלענדער. וואָס איז שטענדיג אויפגעלעגט און פרעהליך. קרופּ, דער שוסטער, מיט די שוואַרצע אויגען איז געווען מעהר איירישמאַן ווי ער האָט אליין געוואוסט. נאָר דריי מענשען זיינען דאָ געווען וואָס יעדער האָט דערקענט אַז זיי זיינען ענגלענדער: דער סטאָליער גודווין, מערע־בעלס, דער דראָגיסט און לילי, אַ שרייבער אין געריכט, וואָס איז געגאַנגען אָנגעטהאָן אין אַ ריין, שעהן העמד, וואָס האָט זיך שטאַרק ארויסגעזעהן צווישען די אַנדערע.

דאָס איז געווען אַן אויסגעקליבענע געזעלשאַפט פון די אויס־געקליבענסטע מענשען וואָס זיינען פאַראַן. זיי זיינען געווען נאָך מעהר וואונדער פון די גרויסע געלעהרטע וואָס האַלטען זיך גרויס און טראַכטען אַז די ארבייטער טהון אַלדאָס בייז און ווייסען נישט פון קיין הויכען געדאַנק.

דעראָנדאַ האָט געקוקט אויף זיי מיט דעם גרעסטען רעספּעקט. ער האָט געפיהלט אַז ער איז נישט מעהר יחסן פאַר זיי. ער האָט ארויסגענומען די ציגאַרען טאַש פון קעשענע און אַלעמען אויפגע־וואַכט. ער האָט אַליין זעהר ווייניג גערויכערט. ער האָט ליעב גע־האַט שטענדיג מיט זיך צו האָבען ציגאַרען, טאָמער וועט אימיצער וועלען. די פערזאַמעלטע זיינען צופריעדען געווען פון דעראָנ־דא'ן און זיינען גלייך צוגעטרעטען צו זייער פאַריגען שמועס.

— היינט אָבענד רעדען מיר נישט וועגען אַ בעשטימטער זאַך ביז מיר קומען צו אַ רעזולטאַט — האָט מילער וואָס איז געווען דער פאָרזיצענדער געזאָגט צו דעראָנדא'ן — אַמאָל האַלטען מיר זיך שטרענג אָן ביי איין ענין. היינט אָבער האָט פריינד פּאַש גערעדט וועגען פּראָגרעס און מיר האָבען זיך אָבגעגעבען מיט דער סטאַטיס־טיק פון דעם. לילי האָט געזאָגט אַז נישט לויט דער צאָהל פון די מענשען איז דער פּראָגרעס. איך זאָג אַז דער געדאַנק, דער אידע־אַל איז דאָס וויכטיגסטע אין לעבען.

— איהר זענט נישט גערעכט, פריינד מילער — האָט דער סטאָ־ליאַר גודווין זיך אָנגערופען — יעדע זאַך אין לעבען איז אַן אידעאַל. די מינדסטע זאַך וואָס דער מענש טהוט איז אַן אידעאַל. די מענשען ווייסען אָבער דאָס נישט. און וואָס מעהר די אידעאַלען האַלטען זיך צוזאַמען אַלץ בעסער איז.

— אויב אזוי — האָט פאש אריינגערעדט — וואָס זעהן מיר נארישע, ווערטלאָזע אידעאַלען און געדאַנקען האָבען גראָד גרויסען ערפאָלג, מעהר ווי די וויכטיגע און נויטיגע, און דוקא זיי נעהמט אויף דאָס פאָלק און ערפילט זיי?

— עס קען זיין אז דער ווינד טראָגט זיי אין זיך און אזוי קומען זיי צו די מענשען — האָט מערעבעלס געזאָגט.

— יאָ, — האָט פאש געזאָגט און זיין טונקעל פנים האָט אויפ־געשיינט — אָט איז דער אידעאַל פון נאַציאָנאַליזם. איך דענק אז די ווילדע אייזלען דערשמעקען איהם שוין און קלייבען זיך צוזאמען...

— איהר האַלט נישט פון נאַציאָנאַליזם? — האָט דעראָנדא געפרעגט, זעהענדיג ווי דער שפּאָט פאסט זיך נישט שטארק צו זיין פנים.

— זאָגט בעסער אז ער פיהלט דאָס נישט — האָט מרדכי זיך אָנגערופען קוקענדיג אויף פאש'ן — אויב דער נאַציאָנאַליזם ליגט נישט אין הארצען וואָס העלפט ער אלס אַן אידעאַל?

— איך גיב צו, מרדכי — האָט פאש געזאָגט שמייכלענדיג — דער נאַציאָנאַליזם האַלט דאָך אָבער שוין ביי אויסשטארבען און אויך האַלט די נאַציאָנאַלע אידעע ווי א גייסט וואָס קומט אָנזאָגען דעם טויט...

— אמאָל ווייזט זיך אויס אז א געפיהל שטארבט אָב און פּלוצ־לונג לעבט ער אויף שטארק און גרויס — האָט דעראָנדא געזאָגט — א סך פעלקער האָבען אויפגעלעבט. מיר ווילען נאָך דערלעבען צו זעהן די אויפלעבונג פון די ארבייט פאַר אַנדערע קליינע פעלקער און נאַציאָנען.

— אמן! אמן! — האָט מרדכי געזאָגט קוקענדיג אזוי גליק־ליך אויף דעראָנדא'ן. א נייע לעבען האָט ער דערפיהלט, זיין רוקען האָט זיך איהם אויסגעגלייכט און דאָס פנים האָט בעקומען א פרי־שען און געזונטען אויסזעהן.

— דאָס קען נאָר זיין מיט אזעלכע אָבגעשטאַנענע פעלקער — האָט פאש געזאָגט — מיר האָבער אין איראָפּא ווייסען אז דער נאַציאָנאַליזם מוז שטארבען. עס וועט נאָך אויפלעבען אין די לענ־דער, וואו מענשען זיינען אונטערדריקט, דער פּראָגרעס איז אָבער געגען נאַציאָנאַליזם.

— פון וואַנען ווייסען מיר אַז דער פּראָגרעס פיהרט אונז אויפ'ן גוטען וועג ? — האָט ביוקען געפרעגט — אפשר אַזוי ווי מיר זעהן אַלץ פאָרטשריטענדער געהן מיר גאָר אין בלאָטע אריין ?

— אַלץ וואָס געשעהט אין לעבען איז נישט ווייל מיר ווילען אַזוי אָדער נישט — האָט לילי געזאָגט — דאָס איז דאָס געזעץ פון לעבען. אַזוי ענטוויקעלט זיך דאָס לעבען און דער מענש, מיר קענען זיך גאָרנישט העלפען.

— איך פערשטעה נישט ווי אַזוי איהר רופט יעדער געשעהעניש און איבערבייט אַז דאָס איז אַזוי דאָס געזעץ פון מענשליכע ענטוויקלונג — האָט דעראַנדא געזאָגט — אויב אַזוי דארפען מיר זיצען און שווייגען און לאָזען אַלץ געהן אַזוי ווי עס געהט. פון וואַנען ווייסען מיר אַז מיר רופען נישט אָן נאַרישע, פאַלשע זאַכען מיט'ן נאָמען געזעץ אין דער צייט וואָס מיט אַ ביסעל אָנשטרענגונג וואָלט מען דאָס געקענט אויסמיידען ? ווען מיר וואָלטען געקעמפפט געגען דעם וואָלטען מיר עס בעזיעגט, ניט אַזוי ווי מיר לאָזען אראָפּ די הענד און זאָגען אַזוי איז דאָס געזעץ פון ענטוויקלונג.

— דאָס איז אמת ! — האָט מרדכי געזאָגט — וועה איז צו דעם מענשען וואָס זעהט נישט קיין מעגליכקייט פון ווידערשטאַנד אין אונזער דור ! איך גלויב אין דעם וואוקס, אין דעם גרויסקייט פון אַלעס ארום מיר. דאָס לעבען פון אַ פאָלק וואַקסט, ווערט גרויס און שטארק, ווייל זיי זיינען צוזאַמען אין ליידען און אין פריידען. דאָס פאָלק נעהמט די געדאַנקען פון אַנדערע פעלקער פון דער וועלט צו זיך אריין, קאָכט עס זיי איבער אין זיין אייגענעם פייער פון הארצען און זיי ווערען ניי און אייגען און ווערען אַ ברכה פאַר דער גאַצער וועלט. יעדעס פאָלק איז אַ גליעד פון דעם גרויסען גוף פון אַלע פעלקער. און אויב אַ פאָלק שווייגט, ווערט שוואַך און מיעד, זיינע הייליגע עראינערונגען שלאָפען אין איהם און זיין גייסט ווערט שלאַף ; אויב אַ נשמה פון אַ פאָלק ווערט קלענער און דער וואָס זעהט דאָס צו דוכט זיך איהם אַז באַלד וועט די נשמה אויסגעהן. איהם דאַכט זיך דאָס אַזוי ווייל דאָס פאָלק איז נישט פעראייניגט. ווי קען מען אָבער זאָגען אַז דאָס פאָלק איז טויט און וועט שוין קיינמאָל נישט לעבען ? דאָס קען נאָר זאָגען אַ מענש וואָס די נשמה פון זיין פאָלק לעבט נישט אין איהם. אַ מענש וואָס האָט

אין זיך די נשמה פון זיין פאָלק, וועט ער נישט אראָבלאָזען די הענד און זאָגען: פערפאַלען. ער וועט זאָגען: איך האָב א מלחמה פאר זיך. איך וועל רופען צו מלחמה. איך וועל אָנצינדען א פייער אין די הערצער פון טויזענדער מענשען און מיר וועלען צוזאמען קעמפפען און זעהן אויסצוטרעטען נייע וועגען און פיהרען דאָס פאָלק צו א ניי לעבען!

—איך לייקען נישט דעם פאטריאָטיזם — האָט גדעון געזאָגט — מיר אלע ווייסען אָבער אז איהר, מרדכי, האָט א מאָדנעם געדאַנק. איהר ווייסט דאָך געווים ווי מרדכי דענקט — האָט גדעון זיך געווענדעט צו דעראָנדא'ן — איך בין א ריכטיגער איד. איך שטעה מיט מיין פאָלק פונקט ווי יעדער איינער שטעהט מיט זיין פאמיליע. איך בין אויך פאר אָנהאַלטען און בעשיצען דעם כבוד פון מיין פאָלק. איך האָב אויך פיינט די אידען וואָס טויפען זיך. אז מיר האָבען שוין גלייכבערעכטיגונג טאָר זיך אודאי קיינער ניט שמד'ען. איך בין אָבער פאר אָבשאפען די אלע אָבערגלויבענס וואָס זיינען נאָך ביי אונז פאראַן און אויך אונזער בעזונדערקייט און אָבגעשיידקייט פון די אנדערע פעלקער. מיר דארפען זיך איצט צוזאמענשמעלצען מיט די פעלקער צווישען וועלכע מיר לעבען. דאָס פאָדערט פון אונז די צייט. איך האָב גאָרנישט געגען דעם אז מיינע קינדער זאָלען חתונה האָבען מיט גוים. און איך זאָג אויך אז דאָרט איז דאָס פאָטערלאַנד וואו עס לעבט זיך גוט.

— אזא לאַנד איז אָבער זעהר שווער צו געפינען — האָט פאש געזאָגט — איהר גדעון, פערדיענט צעהן שילינג א וואָך מעהר און האָט נאָר א העלפט קינדער וויפיעל איך האָב. אויב אימיצער וועט עפענען א זייגער פאבריק אין ירושלים וועל איך גלייך אהין פאָהרען, וואָס זאָגט איהר, מרדכי?

דעראָנדא האָט זיך געוואונדערט ווי אזוי מרדכי האָט געדולד דאָ אהער צו קומען אין דער צייט ווען אלע בעציהען זיך אזוי שלעכט צו זיינע געדאַנקען. עס איז דאָך א גרויסער וועהטאָג פאר א מענשען, ווען ער זעהט ווי זיינע טייערסטע פערלאַנגען און האָפנונגען ווערען אויסגעלאַכט.

מרדכי'ן האָט דאָס אָבער נישט געאַרט. ער האָט אלץ געהערט

און איבערגעטראָגען. ער האָט שוין נישט אזוי געוואָלט זיי זאָלען איהם פאָלגען, זאָלען זיי איהם כאָטש אויסהערען. א פייער האָט געברענט אין זיין הארצען און ער האָט דאָס געמוזט ארויסגעבען: ער האָט זיך טאקע נישט איינגעהאַלטען און געזאָגט:

— פאש, איהר ווילט הערען וואָס איך זאָג, ווער עס האָט נישט ליעב זיינע ברידער זאָל ער זיך האַלטען פון ווייטען און זיך נישט צוריהרען צו אונזער גרויסער ירושה. טויזענדער, טויזענדער אידען האָבען זיך אויסגעמישט צווישען די גוים, זאָלען זיי האָבען די ברכה פון אַלע גוים. איהר קענט אָבער זיי נישט נאָכטהאָן. איהר זיינט איינער פון די וואָס מוזען ארומוואַנדערען צווישען די פעלקער אויף דער וועלט אַלס א איד און וואָס איהר זאָגט אז הלואי וואָלטען מיר נישט געבוירען אַלס אידען, זיי זאָגען אז זיי זיינען גאָרנישט צוגעבונדען צו זייער פאָלק. זיי ווילען בעהאַלטען זייער אידישקייט דערמיט וואָס זיי לאַכען אָב פון דעם, כדי גוים וועלען זעהן און זאָגען אז זיי זיינען ניט קיין אידען. צו דערמיט וואָס איינער ווערט א בירגער אין א לאַנד הערט אויף זיין בלוט צו ווערען אידיש, דאָס בלוט וואָס האָט אזוי פיעל געליטען פאַר די לעצטע אַכצעהן הונדערט יאָהר? וואָס איז דאָס לעבען פון אזא איינעם וואָס דערהט זיך ארום צווישען א פאָלק וואָס איז איהם פרעמד און אונבעקאַנט און מיט זיין אייגען בלוט און פלייש, מיט זיין פאָלק האָט ער אַלע פעדים איבערגעריסען? ער איז א פרעמדער זיין גאַנץ לעבען. א פרעמדער אין גייסט און נשמה, כאָטש ער טהוט אַלץ נאָכמאַכען דעם נייעם פאָלק, ער זויגט זיך אויס זיין אייגען בלוט. ער איז קיין מענש נישט. ער האָט נישט ליעב זיינע ברידער, ער איז אָבגעריסען פון זיין פאָלק און וועה איז איהם זיין לעבען. בין איך נישט גערעכט פאש?

— נישט אין גאַנצען, מרדכי — האָט פאש געזאָגט — אויב איהר דענקט אז איך בין אונצופריעדען פון דעם וואָס איך בין א איד. איהר זייט אָבער גערעכט מיט דעם וואָס איהר האַלט אז די קריסטען האָבען מיך נישט ליעב איבער דעם.

— די קאַטאָליקען און די פּראָטעסטאַנטען האָבען זיך נישט ווניגער פיינד געהאַט — האָט גדעון געזאָגט — מיר מוזען וואַרטען ביז מענשען וועלען איינע די אַנדערע בעסער פערשטעהן.

אין דעם זין האָבען זיי ווייטער גערעדט, ביז לילי האָט גע־מאַכט אַ בעמערקונג:

— נו, וויפיעל די אידען זאָלען נישט האָבען אַמאָל אויפגע־טהאָן — האָט לילי געזאָגט — איצט זיינען זיי אָבער געבליבען שטעהן אויף אַן אָרט. זיי זיינען גרויסע עקשנים און האַלטען זיך ביי אַלטע אָבגעלעבטע געדאַנקען. פאַראַן ביי זיי אַזעלכע וואָס ווייזען אַרויס פעהיגקייטען אַלס איינצעלנע מענשען, אָבער אַלס פאָלק ענטוויקלען זיי זיך אָבער גאָר נישט.

— דאָס איז פאַלש! — האָט מרדכי גערעדט הייס — קוקט אַריין אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, פון זיין געבווירען אין דער מדבר ביז היינט, ווי גרויס און וואונדערבאַר מיין פאָלק איז! וואו איז דאָ אַן אַנדער פאָלק וואָס קען זיך בעריהמען ווי די אידען אַז זייער תורה, זייער רעליגיאָן און מאָראַלישׁ לעבען איז געוואָרען איין זאַך, איינס ווי דאָס בלוט וואָס שטראָמט אין מענשליכען האַר־צען? וועלכעס פאָלק קען זיך בעריהמען אַז עס האָט געקאָנט אָב־היטען זיין גייסט, פערגרעסערען און פערשעהנערען אין אַ צייט ווען זיי זיינען געוואָרען געיאָגט ווי ווילדע חיות אין וואַלד? ווי גרויס זיינען די גבורות פון אונזער פאָלק! מיר האָבען דאָך געקעמפפט אָנצוהאַלטען אונזער אָרט צווישען די פעלקער פון דער וועלט, מיר האָבען געקעמפפט ווי די גרעסטע העלדען ווען מען האָט אונז די הענד אָבגעהאַקט האָט מען געקעמפפט מיט די צייהן. און ווען ציון איז צוּקערט געוואָרען, אונזער לאַנד איז געוואָרען וויסט און דורכגעזאַפט מיט דעם בלוט פון אונזערע קינדער האָבען מיר גע־זאָגט: אונזער גייסט לעבט! און דער גייסט וועט זיין אונזער גרויסע ירושה וואָס וועט איבערגעהן פון איין דור צו דעם אַנדערען, אייביג וועט זיין אונזער ירושה, אייביג איז אונזער האָפנונג. אונ־זערע קינדער זיינען רייך מיט אונזער גרויסע פערגאַנגענהייט און אונזער צוקונפט האָט הינטער זיך אַן אייביגען פונדאַמענט, אייביג, אייביג!

אַזוי האָבען די אידען געזאָגט און האָבען די ירושה מיט זיך מיטגעטראָגען, כאָטש זיי זיינען גאַנץ אָפט מיעד געוואָרען און האָ־בען כמעט דעם אָטהעם פערלאָרען. אָפט זיינען מיר געווען ווי די פערוואונדעטע העלדען וואָס ליעגען צווישען טויטע אויפ'ן שלאַכט

פעלד. מיר זיינען געוואָרען אויסגעלאַכט און אויסגעשפּעט פון אונ־זערע פיינד וואָס האָבען זיך געיאָגט נאָך אונז ווי נאָך אַ פרעמדען הונד. די אידען זיינען בערויבט געוואָרען און די גוים האָבען זיך געבאָדען אין זייער בלוט. און דער איד האָט זיך גענומען לערנען און לערנט איצט אַלעמען. אונזער נאַטור איז נישט צו זיצען שטיל און רוהיג אויף איין אָרט. מיר האָבען זיך שטענדיג דערמאָנט אָן אונזערע אַמאָליגע גוטע און גרויסע צייטען און מיר זאָלען וויסען ווי צו לעבען ווייטער. די גוים האָבען געזאָגט צו אונז: וואָס עס איז אייערס געהערט צו אונז און נישט מעהר צו אייך. זיי האָ־בען געלייענט אונזערע ספרים און נישט געקענט זיי פערשטעהן. זיי האָבען גענומען דעם פּאַרמענט פון אונזערע ספרי תורות און געמאַכט פון זיי שיך פאַר זייערע רויבערישע סאָלדאַטען. און אונזערע גרויסע חכמים און געלעהרטע האָבען פערגרעסערט אונזערע אוצרות, טיעפער געמאַכט און רייכער. די צרות זיינען אָבער גע־ווען זעהר גרויס צו לײדען. אַזוי שרעקליך! און פיעל אידען האָ־בען פאַר צרות פערגעסען זייער פאָלק. וואָס איז דער וואונדער אַז אַ סך אידען זיינען אַבערגלויביג און אונוויסענד? וואָס איז דער וואונדער?

מרדכי האָט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל וואָס איז געשטאַנען לעבען אויוועז. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אויוועז און געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר בעגייסטערט, נאָר זיין שטימע איז געוואָרען הייזעריג:

— וואָס איז דער וואונדער? די נאַכט איז איבער זיי, זיי זעהן גאָרנישט, אין זייער פינסטערקייט זעהן נישט די צוקונפט. די זון איז אונטערגאַנגען איבער די נביאים און דער טאָג איז זיי פינסטער. אָבער וועלכעס פאָלק פון די גוים האָט נישט אַ זעהר גרויסע טהייל אונוויסענדע מענשען? זיי פעראַכטען די אונוויסענ־הייט פון די אידען, וואָס זיי גלויבען, נישט וויסענדיג אַליין וואָס זיי טהוען. ערגער זיינען אָבער די מענשען וואָס גלויבען גאָרנישט. אויף אַלע טהיילען וועלט זעהט איהר ווי די מענשען טהוען נאָך די אידען, גלויבען אין אונזער גאָט, אין דעם איינציגען גאָט. דער אידישער גייסט איז נישט געשטאָרבען, ער לעבט. בעניוט זיין לע־בען. זאָל אונזער פאָלק זיך פעראייניגען אין איינעם ווי אונזער

גלויבען איז איינס. זאָל ער זעהן דאָס לאַנד פון וועלכען ער איז פערטריבען געוואָרען און נאָך וועלכען ער בענקט אזוי שטאַרק און ער וועט צוריק פיהרען אַ לעבען ווי אַ פאָלק. אַלע אידען פון אַלע עקען וועלט וועלען צוריק געהן נאָך ארץ ישראל און וועלען לערנען די גאַנצע וועלט, זיי וועלען צושפּרייטען ליכט צווישען אַלע פעל־קער!

מרדכי׳ס שטימע איז אַלץ געוואָרען שוואַכער און שוואַכער, ער האָט שוין נישט געקענט רעדען נאָר זיינע אויגען האָבען געלויכ־טען מיט אַ הייליג פייער און בעגייסטערט זיינע צוהערער. ער איז אַלץ מעהר אויפגערעגט געוואָרען וויסענדיג אַז דעראָנדאַ הערט איהם אויס. ער האָט אויסגעזעהן ווי איינער וואָס לאָזט אַ צוואה פאַר זיין טויט. ער האָט אָבער נישט געקוקט אויף דעראָנדאַ׳ן ווען ער האָט גערעדט. ער האָט אויף קיינעם נישט געקוקט. ער האָט גע־רעדט און אַליין נישט געוואוסט וואָס מיט איהם טהוט זיך. ער איז געווען אזוי פערטהאָן אַז מען האָט געקענט טהאָן מיט איהם וואָס מען וואָלט געוואָלט און ער וואָלט עס זאָגאַר נישט געפיהלט.

דעראָנדאַ האָט געהערט זיינע רייד און האָט זיך דערמאָנט וואָס מרדכי האָט איהם געזאָגט אַז ער וועט גלויבען אין דעם וואָס ער גלויבט, ער וועט האָפען די זעלבע האָפנונג וואָס ער האָפט און ער וועט זעהן דאָס גאַנצע גרויסקייט פון די אידען ווי ער, מרדכי, זעהט דאָס.

די ווערטער וואָס מרדכי האָט מיט איהם אמאָל גערעדט און ער האָט זיי נישט פערשטאַנען זיינען איהם פּלוצלונג קלאָהר געוואָרען. דאָס וואָס האָט זיך איהם פריהער אויסגעוויזען ווי אַ חלום אוןן אַ פאַנטאַזיע איז ביי איהם איצט געוואָרען אַ ווירקליכקייט. ווי גרויס איז דער אָרימער. קראַנקער איד, דער איד מרדכי, וואָס שטעהט שוין איבער זיין אָפענעם קבר, גלוסט אזוי צו דעם לאַנד פון זיין פאָלק, דאָס לאַנד וואָס ער וועט נישט דערלעבען אַליין צו זעהן מיט זיינע אייגענע אויגען. ער זעהט דעם גרויסען טאָג, וואָס, אַז ער וועט קומען, וועט ער שוין נישט זיין אויף דער וועלט...

אַלע אויגען זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף מרדכי׳ן. יעדער האָט געקוקט אויף איהם מיט פריינדשאַפט און ליעבע. און גדעון האָט אָנגעהויבען:

— יעדער מענש מיינט אז נאָר זיינע געדאַנקען זיינען די ריכ־טיגע. איהר, מרדכי, האָט זיך אייערע געדאַנקען וואָס איהר ליעבט זיי זעהר שטאַרק. איך בין אָבער זיכער אז איהר גלויבט אויך נישט אז ארץ ישראל וועט אויסגעלייזט ווערען דורך נסים. איהר האַלט אויך אז א סך נאַרישע זאכען זיינען דאָ ביי אונז וועלכע מען דאַרף אָבשאַפען.

— איך האַלט נישט פון די נאַרישע זאכען — האָט מרדכי געזאָגט — איך ליעב אָבער אונזער גלויבען וואָס שטאַרקט אונז און גיט אונז קראַפט צו לעבען. מיר אידען זיינען אַנדערש פון אַלע פעלקער, מיר שטעהן בעזונדער. און מיר מוזען זעהן צו ווערען א פאָלק, א גרויסעס און א שטאַרקעס, און לעבען בעזונדער אין אַן אייגען לאַנד, פונקט ווי יעדעס פאָלק האָט זיין אויגען לאַנד. אַלע אידישע גבירים און עשירים, די געלד מאַגנאַטען, אַלע אידישע גע־לעהרטע, שרייבער און קינסטלער דאַרפען אויפשטעהן ווי איין מאַן, זיך פעראייניגען אין איין מחנה און טהאָן דאָס זעלבע וואָס אונזערע עלטערען האָבען געטהאָן אין משה רבינו׳ס צייטען און אין עזרא הסופר׳ס.

אונזערע רייכע האָבען גענוג געלד אויסצולייזען ארץ ישראל פון די אָרימע טערקען וואָס ווילען נישט מעהר ווי געלד. מיר זיי־נען גענוג קלוג און געלערענט צו קענען אויפבויען ארץ ישראל אויפ׳ס ניי, זי זאָל זיין גרויס און שטאַרק. ארץ ישראל זאָל זיין א אידישע רעפובליק וואו יעדער מענש זאָל קענען וואוינען רוהיג און זיכער, אַלע זאָלען זיין גלייך פונקט ווי אין די אַמאָליגע צייטען ווען איין געזעץ פאַר אַלע האָט געהערשט אין ארץ ישראל. מיר וועלען זיין די איינציגע אין מזרח. די אַנדערע פעלקער זיינען דאָך פערקנעכטעט ביי זייערע הערשער און ביי אונז וועלען אַלע לעבען פריי. מיר וועלען האָבען אַן אייגענע היים פון וואַנען מיר וועלען קענען בעשיצען אונזערע ברידער אין די אַלע אַנדערע לענדער. ווען א איד ערגעץ געקריוודעט און בעליידיגט ווערען וועלען מיר זיך איינשטעלען פאַר איהם. פונקט ווי ענגלאַנד און אמעריקא שטעלען זיך איין פאַר זייערע בירגער. אַלע פעלקער וועלען אונז רעספעקטירען, זיי וועלען זעהן אז אין ארץ ישראל זיצט דאָס אידי־שע פאָלק א רוהיגעס און א שטילעס און האָט אזא רייכע קולטור.

ארץ ישראל וועט זיין א לאנד פון שלום און פריעדען, קיינער וועט עס נישט ארויסרופען אין קריעג, עס וועט זיין הייליג פאר אלעמען און אונבעריהרליך פונקט ווי בעלגיען איז אין אייראָפּאַ. געוויס זיינען דאָ אַ סך שוועריגקייטען. וועלען מיר אָבער דאָס ווען אָנ־הויבען וועט עס געשעהן.

— יאָ, אַז אַלע אידישע מאַגנאַטען, פּראָפּעסאָרען און גע־לעהרטע, אַלע אויף אַ מאָל וועלען קומען און הערען אייער נייע לעהרע וועלען די שוועריגקייטען פערשווינדען — האָט פּאַש זיך געוויצעלט.

דערנאָדאַ'ן האָט פערדראָסען וואָס פּאַש וויצעלט זיך איבער מרדכי'ן און ער האָט געזאָגט:

— שטענדיג געפינען זיך מענשען וואָס שרעקען זיך אָב פאר שוועריגקייטען. שפּעטער שעהמען זיי זיך אָבער, אַז זיי זעהן, אַז טראָץ די שוועריגקייטען דערגרייכט מען דעם ציעל וואָס מען שטעלט זיך: מיט איטאַליען איז אויך אַזוי געוועזן. זיי זיינען געוועזן צוטיילט און צושפּליטערט און איצט זיינען זיי פעראייניגט — איין פאָלק. אַ סך איטאַליענער האָבען אויסגעלאַכט זייערע העלדען וואָס האָבען גערופען צו אַ פעראייניגונג און שפּעטער האָ־בען זיי זיך געשעהמט. אַזוי לאַנג ווי דער לעצטער פונק לעבען אין אַ פאָלק איז נישט אויסגעלאָשען איז נאָך אַלץ פאַראַן אַ האָפ־נונג, אַז דאָס פאָלק וועט אויפלעבען און בענייט ווערען.

— אמן! — האָט מרדכי אויסגערופען. דעראָנדאַ'ס ווערטער זיינען איהם אַזוי ליעב און הארציג געוועזן — וואָס וויל איך איי־גענטליך פון מיין פאָלק? ארץ ישראל איז פאַר אונז, די אידען האָבען עס ליעב, בענקען נאָך דעם, זיי ווייסען עס אָבער נישט קלאָהר, דאַרף מען זיי וועקען און בעווייזען וואו עס איז דאָס לאַנד. געוויס וועלען פיעל אידען נאָר לעבען אין אנדערע לענדער צווישען פערשיעדענע פעלקער. עס מאַכט אָבער נישט אויס. פיעלע ענג־לענדער און דייטשען זיינען צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, זיי ווייסען אָבער אַז זיי האָבען אַן אייגען לאַנד, אַ היים. זאָלען מיר דאָס אויך האָבען.

אַז מרדכי האָט גערעדט האָט ער זיינע הענד אויפגעהויבען און צום הימעל אויסגעשטרעקט און אַז ער האָט שוין געהאַט געענדיגט

האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטען די הענד אויסגעשטרעקט. זיינע דאַרע דינע הענד האָבען געציטערט אין דער לופטען און אַלע האָבען געשוויגען צוזעהענדיג דאָס בילד.

— אַלדאָס בעסטע וואָס מיר האָבען אין אייראָפּאַ געלערענט וועלען מיר מיטנעהמען מיט זיך — האָט מרדכי גערעדט ווייטער — און דאָס שלעכטע און בייזע וועלען מיר פערגעסען. מיר וועלען ווערען גרויס און שטאַרק. ווי לאַנג איז ווען אַ שיף האָט געפיהרט די ערשטע רייזענדע נאָך אַמעריקאַ און איצט איז דאָס פאָלק אַזוי גרויס און שטאַרק, לעבען פריי און גליקליך. דער גורל פון יעדען מענשען ליגט אין זיינע אייגענע הענד. אַז מיר וועלען זיך אויסקלייבען צוריק צו ווערען אַ פאָלק אויף אונזער לאַנד וועלען מיר ווערען. נאָר דער דור וואָס וועט זיך אויפהויבען און צוריקגעהן נאָך ארץ ישראל איז דער דור פון משיח... לאָמיר אַלע אויפשטעהן ווי איין מאַן, זיין איין גאַנץ פאָלק אין אונזער לאַנד און מיר וועלען שליסען אַ בונד מיט אַלע גוים און לעבען אין שלום און פריעדען. עס קומט די נבואה, זי וועט מקוים ווערען!

אַז ער האָט געענדיגט די לעצטע ווערטער האָט ער אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, די אויגען פערמאַכט און אַלע זיינען געבליבען זיצען שטיל.

עס איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס זיי האָבען פון איהם די ווערטער געהערט, ער האָט אָבער קיינמאָל נישט מיט אַזוי פיעל פייער גערעדט. ער האָט איצט געזעהן פאַר זיך דעראָנדאַ'ן און דורך איהם האָט ער דאָס בעקומען די קראַפט צו רעדען ווי אַ נביא צו זיין פאָלק.

די פערזאַמעלטע האָבען געוואוסט אַז ער וועט היינט שוין מעהר ניט רעדען וועגען דעם. זיי האָבען דערפיהלט אַז עס וועט זיין נישט שעהן זיי זאָלען איהם געהן איבערשפּאַרען און צושטערען דערמיט די הייליגע שטימונג אין זאַל. עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט ווי זיי הערען דעם שופר פון משיח...

זיי האָבען זיך אויפגעשטעלט אַלע און אָוועקגעגאַנגען. זיי האָבען געזאָגט אַ גוטע נאַכט מרדכי'ן, ער איז אָבער געווען אַזוי פערטיעפט אין זיינע געדאַנקען אַז ער האָט דאָס נישט בעמערקט. האָבען זיי זיך שטילערהייט אַרויסגערוקט. דעראָנדאַ האָט איהם

איך נישט געוואָלט שטערען זיינע זיסע חלומות און געווארט ביז מרדכי וועט אליין צו איהם אָנהויבען רעדען.

## 30טער קאַפּיטעל.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט די שטילקייט אין צימער אויפ־געוועקט מרדכי'ן פון זיינע געדאַנקען. אין צימער פּלעגט זיין שטענדיג אַ גערודעריי און אַ שמועס, האָט ער אויפגעהויבען די אויגען און אַ קוק געטהאָן אויף דעראָנדאַ'ן, אַזוי רוהיג און שטיל האָט ער אויף איהם געקוקט. דעראָנדא האָט זיך צוגערוקט גאַנץ נאָהענט צו איהם, ער זאָל קענען רעדען שטילער, און מרדכי האָט זיך אָנגערופען צו איהם:

— די קבלה לערנט אַז נשמות ווערען נאָך אַמאָל געבוירען ביז זיי לייטערען זיך אויס. די נישט ריינע, די נאָך נישט אויסגע־לייטערטע נשמות האַלטען אויף די גאולה און לאָזען נישט קומען משיח... אַז איך וועל שטאַרבען וועט זיך מיין נשמה בעהעפטען אין אייערע און זי וועט ווערען ריין און אויסגעלייטערט.

מרדכי האָט געשוויגען און געווארט אַז דעראָנדא זאָל איהם ענטפערען און ער האָט געזאָגט:

— אַלץ וואָס איך וועל קענען טהאָן פאַר אייך וועל איך טהאָן.

— איך וויים עס — האָט מרדכי געזאָגט — איך האָב דאָס איהר האָט געזעהן די זעלבע נבואה וואָס איך, און איהר וועט העלפען פערווירקליכען אונזער גרויסע האָפנונג אין וועלכע אַ סך פון אונ־זערע ברידער גלויבען נאָך נישט.

— איהר וועט אויפנעהמען מיין לעבען פון דער צייט ווען עס איז איבערגעבראָכען — האָט מרדכי גערעדט ווייטער. — איך דערמאָן זיך אין יענעם טאָג. איך בין געווען אין טריעסט. אַ סך מענשען פון פערשיעדענע לענדער און פעלקער זיינען זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען. שיפען זיינען אַוועק אויפ'ן וואַסער. די גריי־כישע שיף וואָס האָט אונז געדאַרפט פיהרען נאָךביירוט האָט גע־זאָלט אָבגעהן אין אַ שעה אַרום. איך האָב געזאָלט פאָהרען מיט אַ סוחר — איך האָב געוואָלט פאָהרען נאָך ארץ ישראל, בעקוקען

דאָס לאַנד און וויסען ווי עס זעהט אויס, איך בין דעמאָלט געוועזן יונג, ווי איהר, געזונד און שטאַרק, און ווי איך שטעה אַזוי און וואַרט אויף מיין פריינד, קומט ער צו צו מיר און זאָגט:

— עזרא! איך בין געוועזן אויף דער פּאָסט, דאָרט איז דאָ געוועזן אַ בריעף פאַר דיר, אָט איז ער.

— עזרא!! — האָט דעראָנדאַ אויסגעשריען, נישט קענענדיג זיך איינהאַלטען.

— עזרא — האָט מרדכי נאָכאַמאָל איבערגעזאָגט רוהיג — איך האָב דעמאָלט אויסגעקוקט אַ בריעף. איך האָב אָפט געשריעבען צו מיין מאַמען, אַז מיין פריינד האָט מיך אַ רוף געטהאָן: „עזרא!" האָב איך עפּעס ווי אויפגעלעבט. איך האָב געעפענט דעם בריעף און דערהערט אַ געשריי: "עזרא, מיין זוהן!"

מרדכי איז אַנטשוויגען געוואָרען, ער האָט זיך פערטראַכט אין זיינע עראינערונגען. דעראָנדאַ האָט געוואַרט מיט האַרצקלאַפּונג אויף דעם וואָס דאַרף באַלד נאָך קומען. באַלד האָט מרדכי ווייטער גערעדט:

— זי איז געוועזן אַזאַ מאַמע וואָס איהרע קינדער האָבען זי געבענטשט. אַז איך האָב געהערט איהרע טריט האָב איך געפיהלט ווי די שכינה דערנעהענטערט זיך צו מיר. אין בריעף האָט זי געוויינט פאַר מיר מיט דעם געוויין פון אַ מוטער וואָס מען האָט אַוועקגערויבט איהר קליין קינד. איך בין געוועזן מיין מאַמעס עלטסטער זוהן. פיער קינדער זיינען ביי אונז געשטאָרבען. שפּעטער איז געבוירען געוואָרען מיין קליין שוועסטערל וואָס איז געוועזן מיין מאַמעס שוואַרצער עפּעל פון אויג. אין בריעף האָט די מאַמע געוויינט פאַר מיר און געשריעבען:

„עזרא, מיין זוהן, מען האָט מיר אַוועקגערויבט מיין קינד. ער האָט זי צוגענומען פון מיר און מיר איבערגעלאָזט חרפּות און שאַנד. ער וועט זי מעהר נישט צוריק ברענגען"...

מרדכי האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען, האָט אַרויפגעלעגט זיין האַנד אויף דעראָנדאַ'ס אָרם און געזאָגט:

— דער גורל פון מיין פאָלק איז געוועזן מיין גורל. איבער די זינד פון מיין פאָטער האָב איך געמוזט געהן אין גלות און נישט אין ארץ ישראל. איבער די זינד פון מיין פאָטער איז מיין אַרבייט

געוואָרען איבערגעבראָכען און דער טאָג פון איהר פערווירקליכונג איז געוואָרען ווייט, ווייט. איך האָב זיך אומגעקעהרט אהיים. צוליעב מיין מאַמע, האָב איך זיך אומגעקעהרט אהיים. איך בין אהיים געלאָפען צו געבען מיין מאַמען אַ ביסעל געלד וואָס זי האָט גע־דאַרפט. איך בין אַוועק פון ווארימען לאַנד און געפאָהרען אַ גאַנצע נאַכט אין פראָסט און שנעה און יענע נאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען מיין לאַנגזאַמער טויט...

מרדכי האָט אַרונטערגענומען זיין האַנד פון דעראָנדא׳ן און געבלאָנדזשעט אַרום מיט די אויגען. דעראָנדא האָט פערשטיקט אין זיך די נייגעריגע פראַגען וואָס האָבען זיך געוואָלט אַרויסרייסען פון זיין האַלז. ער האָט דערפיהלט אַז איצט איז נישט די צייט, ער זאָל איהם שטעלען פראַגען און מרדכי האָט ווייטער דערצעהלט:

— איך האָב געאַרבייט. מיר זיינען דאָך געווען אַזוי אָרים. דער טאַטע האָט אַלץ צוגענומען און גאָרנישט איבערגעלאָזט. די מאַמע איז געווען קראַנק. דאָס אומגליק האָט זי אין גאַנצען צו־בראָכען. איהר האַרץ האָט זיך אַזוי שטאַרק געצאַפּעלט אין איהר. זי האָט זיך געשראָקען וועגען מיין שוועסטערל. פון שלאָף האָט זי געוויינט און געשריען נאָך איהר קינד. די מאַמע האָט זיך אויפ־געכאַפּט פון שלאָף און נאָך מעהר געוויינט. איך האָב זיך אויך אויפגעהויבען, בין צוגעגאַנגען צו איהר. מיר האָבען ביידע אויס־געשטרעקט אונזערע הענד צום הימעל און געבעטען צו גאָט, אַז מירא זאָל בלייבען ריין און אונשולדיג...

— מירא ? ! — האָט דעראָנדא אויסגעשריען נישט גלויבענדיג זיינע אייגענע אויערען — ווי האָט איהר געזאָגט, מירא ?

— דאָס איז דער נאָמען פון מיין קליין שוועסטערל — האָט מרדכי געזאָגט — נאָך דעם ווי מיר האָבען געהאַט געבעטען צו גאָט פאַר איהר האָט מיין מאַמע זיך געפיהלט רוהיגער אביסעל. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטען ביי פיער יאָהר. און אין דער רגע ווען מיין מאַמע איז געשטאָרבען האָט מען צוזאַמען געבעטען די זעלבע תפלה. איך האָב געבעטען הויך אויפ׳ן קול און די מאַמע האָט שטיל מיטגעזאָגט, די נשמה איז איהר אויסגעגאַנגען אין מיטען דער תפלה.

— האָט איהר קיינמאָל ניט געהערט פון אייער שוועסטער ?

— האָט דראַנדאַ געפרעגט אַזוי רוהיג ווי פיעל ער האָט נאָר געקענט.

— קיינמאָל נישט. איך ווייס נישט צו גאָט האָט צעגעהערט אונזער געבעט און זי לעבט אַלס אַן עהרליכע אידישע טאָכטער. איך ווייס גאָרנשיט, איך ווייס גאָרנישט. ווער ווייס אויף וואָס פאַר אַ וועג זי איז אַוועק? דער יצר הרע אין מענשען איז דאָך אַזוי גרויס. אוי, וויפיעל איך לייד פון דעם. דאָס פערגיפטעטע מיין לעבען, עס פערטריקענט מיין מאַרך. דער טויט האָט בעפרייט מיין מאַמען פון אַלע איהרע ליידען, איך דאנק גאָט וואָס מיין אָרימע מאַמע זעהט נישט מיין צער, מיינע ליידען.

מרדכי האָט ווידער אַרויפגעלייגט זיין האנד אויף דראַנדאַ'ן און געקוקט אויף איהם מיט פרייד און צוגעגעבען — איך בעקלאָג זיך שוין מעהר ניט וואָס מיין לעבען ווערט פערצעהרט. איצט וועט די אַרבייט בעסער געטהאָן ווערען. אַמאָל האָב איך געזאָגט איך האָב אָנגעפאַנגען די אַרבייט, איך מוז זי ענדיגען. איך וועל דאָך לעבען אין אייך, איך וועל אין אייך לעבען... ער האָט שטאַרק געדריקט דראַנדאַ'ס האנד און דראַנדאַ האָט זיך געפיהלט אַזוי אויפגערעגט און צוטראָגען. ער האָט געהערט ווי זיין אייגען הארץ קלאַפט זעהר שטאַרק און די ליפּען זיינען איהם בלאַס געוואָרען.

דאָס האָט איהם נאָך מעהר צוגעבונדען צו מרדכי'ן, ער האָט איהם ליעבער בעקומען און געקריגען נאָך מעהר רעספּעקט צו איהם. דראַנדאַ האָט אָבער מורא געהאַט איהם צו דערצעהלען גלייך וועגען מיראַ'ן, עס זאָל נישט געשעהן קיין אומגליק מיט איהם פאַר גרויס פרייד און איבעררעשונג. ער האָט זיך קוים בעהערשט, אָנגענומען מרדכי'ס האנד און אַז מרדכי האָט דערפיהלט זיין האנד האָט מרדכי אויפגעלעבט און געזאָגט:

— לאָמיר געהן, איך קען מעהר נישט רעדען.

זיי זיינען אַרויס און האָבען זיך געזעגענט ביי עזרא קאָהן'ס הויז, נישט רעדענדיג קיין וואָרט נאָר בלויז געדריקט זיך די הענד.

דערדראַנדאַ איז געגאַנגען איבער'ן גאַס און געפיהלט אַזאַ שווערקייט אויפ'ן הארצען. ער איז געוועזען האַלב פרעהליך און האַלב פערזאָרגט. ער איז געוועזען זעהר צופריעדען וואָס ער האָט געפונען מיראַ'ס ברודער, מרדכי'ן, און אַז ער איז אַ זעלטענער מענש וואָס

מירא וועט זיך נישט שעהמען מיט איהם, ער וועט נאָך זיין א כבוד פאַר איהר. ער איז אָבער געווען פערזאָרגט פיהלענדיג אז די פרייד וועט נישט לאַנג אָנהאַלטען. מרדכי איז געפעהרליך קראַנק און אָט וועלען זיך ברודער און שוועסטער דערקענען און באלד וועלען זיי זיך ווידער שיידען, צושיידען אויף אייביג...

דעראָנדא האָט נישט געוואוסט ווי אזוי זיי צוזאַמענצופיהרען. צו די קאָהן'ס אין הויז האָט ער מירא'ן אויף קיין פאַל נישט געוואָלט אהין פיהרען. פריהער מוז ער מרדכי'ן פון דאָרט ארויסנעהמען, איהם דינגען א גרויסע און לופטיגע וואוינונג און שפּעטער וועט מירא זיצען לעבען איהם און אומגעהן ארום איהם, איהם בעדיענען דורך דער גאַנצער צייט פון זיין קראַנקהייט. דעראָנדא האָט גע־וואוסט אז נישט אזוי לייכט וועט איהם אָנקומען ביז מרדכי וועט איינגעהן אויף דעם אוועקצוגעהן פון זיין צימערל אין א נייע וואוי־נונג און איבעראַנדערשען זיין לעבען. מירא וועט זיך אָבער נישט קענען איינהאַלטען, זי וועט לויפען צו איהם און זיין מיט איהם אפילו אין קליינעם צימערל. וואָס פאַר א טייערע מיידעל מירא איז! — האָט ער זיך געטראַכט — זי וועט פערשטעהן איהר גרוי־סען ברודער, יאָ, ער איז זעהר גרויס. ער איז קראַנק, אָרים, און חלום'ט אזא גרויסען, וואונדערבאַרען טרוים, ער וויל אויסלייזען זיין פאָלק און אומקעהרען איהם צו זיין לאַנד.

דעראָנדא איז צופריעדען געווען וואָס ער האָט בעגעגענט מרדכי'ן צוליעב זיך אַליין אויך. ער האָט געזוכט עפּעס צו טהאָן. און כאָטש די האָפנונג פון אידישען פאָלק איז איהם נישט אזוי נאָהענט געווען ווי מרדכי'ן, ער האָט דאָך נאָך נישט אינגאַנצען בענומען, האָט ער אָבער בעשלאָסען צו טהאָן אַלץ וואָס מרדכי וועט הייסען.

דעראָנדא האָט זיך דערמאָנט אין דער פרוי מייריק און עס איז איהם איינגעפאַלען אז פריהער וועט ער מיט איהר איבעררעדען, ער וועט איהר דערצעהלען אז ער האָט געפינען מירא'ס ברודער און זי וועט איהם שוין העלפען זיי ביידע צוזאַמען צו פיהרען.

ער האָט פעסט בעשלאָסען צו דינגען א הויז פאַר דעם אידישען נביא, פאַר מרדכי'ן, א הויז וואָס מרדכי'ן וועט געפעלען, ער וועט איהם אויספּוצען די וואוינונג און זעהן אז ער זאָל הנאה האָבען פון

איהר. ער וועט זיין מעבעל איבערפיהרען צו איהם, זיינע טהייערע ביכער וועט ער איהם ברענגען, זיין ווייכען מאַטראַץ—אַלץ וועט ער איהם פערשאפען.

און מירא וועט דאָך אויך זיין דאָרט מיט איהם! קיין גרעסער גליק, קיין שעהנער צירונג קען ער איהם נישט געפינען ווי מירא וועט פאַר איהם זיין. איין גליק, האָט ער זיך געטראַכט, איז שוין פאַר מרדכי'ן וואָס ער האָט מיך בעגעגענט וויל דורך מיר וועט ער דאָך זיין טהייערע, ליעבע שוועסטער געפינען...

## 31טער קאַפּיטעל.

גווענדאָלין האָט פיעל מעהר געטראַכט פון דעראָנדאַ'ן ווי ער פון איהר. זי האָט געוואָלטע וויסען זיין מיינונג איבער פערשיעדענע זאַכען און וואָס ער טהוט. און ווען זי וואָלט דערהערט אַז דעראָנדאַ האָט זיך גענומען שטודירען די אידישע געשיכטע און וויל אויסלייזען די אידען וואָלט זי דאָס זעהר געוואונדערט ווען זי וואָלט געהערט אַז דעראָנדאַ האָט זיך אויפגעזעצט אויף אַ פייערדיגען פערד און געפלויגען ביז'ן הימעל און אַליין געוואָרען אַ שטערען...

גווענדאָלין האָט איינגעזעהן וויפיעל העכער דעראָנדאַ איז פון איהר, דאָך האָט זי געטראַכט אַז דעראָנדאַ דענקט פון איהר פיעל מעהר ווי פריהער. אָפט האָט זי געזוכט אין זיינע שמועסען מיט איהר אַ צייכען אַז ער איז צוגעבונדען צו איהר, און אַז מען זוכט און מען וויל געפינען — געפינט מען. זי איז גליקליך געווען און צופריעדען פון די דאָזיגע געדאַנקען.

אָבער וואָס אַזעלכעס האָט ער איהר געזאָגט? האָט זי געטראַכט „איך זאָל זיך אינטערעסירען מיט אַנדערע מענשען, זאָל לערנען אַ סך און זעהן צו טהאָן נאָר גוטעס". ווי אַזוי הויבט מען אָבער דאָס אָן צו טהאָן? — האָט זי זיך געפרעגט.

וואָס פאַר אַ ביכער זאָל זי נעהמען לעזען? זי האָט גענומען אַ סך ביכער פון די גרעסטע און בעריהמטעסטע שרייבער און זיך פאָרגענומען לייענען. ווערען געבילדעט און זי וועט זעהן אַז זי זאָל קענען זיך פערגלייכען מיט דעראָנדאַ'ן.

זי האָט אָבער קיין צייט ניט געהאַט צו לעזען. זי האָט דאָך

געמוזט שפּיעלען שטענדיג די ראָלע אַלס ליידי גראַנדקאָרט, ווערענ־דיג יעדע מינוט געהיט פון איהר מאַן'ס שאַרפע אויגען. זי האָט גע־מוזט שטענדיג ערשיינען פרעהליך און לעבעדיג און קיינער האָט נישט געטאָרט דערקענען דעם וועהטאָג וואָס איז אין איהר האַרץ געלעגען טיעף פערבאָרגען.

זי איז געפאָהרען און געריטען, געגאַנגען אויף געיעג ווי יעדע גראַנד דאַמע, איז געגאַנגען אויף בעלער, געמאַכט בעלער ביי זיך אין הויז און געטאַנצט און געשפּרונגען. איהר שטאָלץ און אַמביציע האָבען איהר צוגעהאָלפען פערשטעלען אַזוי אַז קיינער זאָל נישט בעמערקען איהר אומגליקליך לעבען, די שכנים פון דיפלאָ האָבען זי אָנגענומען פאַר די גליקליכסטע פרוי אויף דער וועלט.

— זי פיהרט זיך אַזוי אויף — האָט פרוי אַרראָפּאָינט געזאָגט וועגען איהר — ווי זי וואָלט פון קינדווייז אויף ערצויגען געוואָ־רען צווישען לאָרדען...

נאָך מעהר ווי פאַר אַלעמען האָט זי געשפּיעלט די ראָלע פון אַ גליקליכע פאַר איהר מוטער. די מוטער האָט דאָס טאַקע געגלויבט און געוועזן אין כעס אויף איהר פאַר וואָס זי נעהמט זי נישט וואוינען צו זיך אין דיפלאָפילד. זי האָט זיך פאַר דעם געהאַלטען פון איהר ווייטליך, געקומען אויף עטליכע מינוט און באַלד אַוועק געגאַנגען. גווענדאָלין איז אויך ווענינ געוועזן ביי איהר מוטער או אַז זי איז שוין יאָ אַמאָל געקומען האָט גראַנדקאָרט געוואַרט אין דרויסען אויפ'ן פערד זיצענדיג אָדער אין קאַרעטע און זי האָט באַלד געמוזט אַרויס־געהן.

גווענדאָלין האָט זאָגאַר צוויי מאָל פאָרגעלעגט גראַנדקאָרט'ן צו פערבעטען איהר מוטער מיט דער מוהמע און פעטער גאַסקאָין. אין אָנפאַנג האָט ער געשוויגען דערנאָך האָט ער איהר צוגעוואָרפען:

— מיר קענען ניט האָבען ביי זיך די דאָזיגע חברה. גאַסקאָין פלוידערט זעהר פיעל, די קאָנטרי גלחים זיינען תמיד נודניקעס...

גווענדאָלין האָט גענוג געוויינט הערענדיג וואָס ער זאָגט אויף איהר פאַמיליע, ווי ער רעכענט איהר מוטער צווישען „די דאָזיגע חברה“, זי האָט דאָס אָבער נישט געקענט דערצעהלען איהר מוטער, זי וועט דאָך איהר נישט זאָגען — מאַמע, גראַנדקאָרט וויל דיך זעהן וואָס ווייניגער... זי וועט דאָך איהר אויך נישט זאָגען אַז עס

איז בעסער זי זאָל נישט קומען און דערזעהן ווי ביטער זי האָט געטראָפען...

אַז די מוטער איז צוגעשטאַנען צו איהר און געזאָגט דאָס זי וויל וואוינען נישט ווייט פון איהר האָט איהר גווענדאָלין געזאָגט אַז זי דאַרף נישט בעסער ווי דאָס וואָס זי איז נאָהענט פון די גאָס־קאָין׳ס, מיר וועלען דאָ אויך נישט לאַנג זיין. זיי בעסער לעבען פעטער מיט דער מוהמע.

און וואָס מעהר גראַנדקאָרט איז געווען געגען איהר מוטער און פאַמיליע איז זי אַלץ מעהר צוגעבונדען געוואָרען צו זיי און געהאַלטען אין איין בענקען נאָך זיי.

איין טאָג איז גווענדאָלין געקומען צו דער מוטער אָהן גראַנד־קאָרט׳ן. דער פעטער און די מוהמע זיינען גלייך געקומען און אַלע האָבען זיך געפרעהט ווי גליקליך גווענדאָלין זעהט אויס.

— הערר גראַנדקאָרט איז אַוועקגעפאָהרען — האָט זי געזאָגט

— בין איך געקומען צו דיר, מאַמעלע, פערברענגען די צייט.

— גוט, מיין קינד — האָט די מוטער געזאָגט — וועסט עפּעס עסען. דזשאַקאַסאַ וועט דיר מאַכען אַ גלאָז שאָקאָלאַדע אויפ׳ן אַלטען שטייגער, פלעגסט דאָך עס ליעב האָבען.

— ניין, מאַמע, איך וויל נאָר אַ שטיקעל ברויט אָדער אַ ביס־קוויט. איך בין דאָך געקומען געזעגענען מיט אייך.

— וואָס? פאָרסט שוין ווידער נאָך רווילאַנדס? — האָט גאַסקאָין געפרעגט.

— ניין, מיר פאָהרען נאָך לאָנדאָן — האָט גווענדאָלין געזאָגט אָבברעכענדיג אַ שטיקעל ברויט. זי האָט עס אָבער נישט גענומען אין מויל אריין.

— עס איז נאָך צו פריה צו פאָהרען אין לאָנדאָן — האָט די מוהמע געזאָגט — און הערר גראַנדקארט וועט נישט ווערען אַ דעפּו־טאַט אין פּאַרלאַמענט?

— גראַנדקארט האָט עסקים מיט אַדוואָקאַטען אין לאָנדאָן. איך בין זעהר צופריעדען, איך האָב ליעב צו זיין אין לאָנדאָן — האָט גווענדאָלין געזאָגט.

— וועסט זעהן דיין הויז אין „גראַטוועגאַר סקווער!" — האָט די מוטער איהר געזאָגט.

— יאָ, א סך האָב איך נאָך צו זעהן אין לאָנדאָן — האָט געוואונ־דאָלין צוגעגעבען.

— איך דענק, מיין טהייערע גוועגדאָלין — האָט גאַסקאָין זיך אָנגערופען — אז דו דארפסט ווירקען אויף הערר גראנדקארט, ער זאָל ווערען א פּארלאַמענטס מיטגליעד. ער דארף אריין אין פּאָלי־טיק. באלד וועלען זיין נייע וואהלען, זאָל ער זיין גרייט דערצו. איך ווייס ניט צו ער האלט ווי איך, ער האָט נאָך וועניג וואָס מיט מיר גערעדט, ער דארף אָבער ווערען א גרויסער מאַן. א פרוי דארף דאָס זעהן מיטהעלפען. זעה דאָס צו טהאָן.

גאַסקאָין האָט איהר געגעבען א עצה ווי עס פּאַסט זיך פאר א געטרייען פעטער. אין איהרע אויערען האָט אָבער דאָס אַלץ געקלונ־גען ווי א ביטערע קאָמעדיע. א פרוי האָט א גרויסען איינפלוס! זי האָט זיך פאר וועהטאָג שיער נישט צולאַכט. יאָ, אמאָל האָט זי געדענקט אז זי וועט האָבען אַן איינפלוס. איצט... איצט מוז זי זעהן ענטפערען דעם פעטער אז ער זאָל בלייבען צופריעדען און זי האָט געזאָגט:

— איך וועל זיין זעהר צופריעדען, פעטער. איך דענק אָבער אז גראנדקארט האָט נישט ליעב. די טרחות פון וואהלען, האלטען רעדעס וועט ער געווים ניט וועלען. איאָ, אַלע קאַנדידאַטען מוזען האַלטען רעדעס?

— א מענש וואָס איז בעוואוסט דארף ניט האלטען קיין סך רעדעס און נאָך דערצו אין דער קאָנטרי געווים נישט — האָט גאַס־קאָין ווייטער געזאָגט — זאָג איהם אז איך האָב אזוי געזאָגט.

— אָט איז דאָ מיין גלאָז שאָקאָלאַדע! — האָט גוועגדאָלין געזאָגט אויסמיידענדיג צו געבען אַן ענטפער איהר פעטער וועגען גראנדקארטען.

— דו ווייסט, גוועגדאָלין האָט די מוהמע זיך אָנגערופען — דער פעטער און אנאַ וועלען ארום איסטער זיין אין לאָנדאָן. רעקס ענדיגט האַי יאָהר און ער וויל אביסעל צו לעבען מיט'ן פאָטער און שוועסטער אין לאָנדאָן.

— איך האָף אז דער פעטער וועט קומען מיט אנאַ'ן צו מיר אין לאָנדאָן — זאָגט גוועגדאָלין כאָטש זי וואָלט בעסער געוואָלט

זיי זאָלען נישט קומען צו נאָהענט מיט גראנדקארטען — איך בין צופריעדען וואָס רעקס ענדיגט שוין.

— אָ, די פּראָפעסאָרען ריהמען רעקסען — האָט דער פעטער געזאָגט — ער פיהרט זיך אויף זעהר פיין.

— ער וועט זיין אַ גרויסער אדוואָקאַט — האָט די מוהמע געזאָגט.

— גאַנץ פיין — האָט גווענדאָלין צוגעשטימט.

— לאָרד בראָקענשא בעגעהט זיך מיט מיר זעהר גוט — האָט די מוטער געזאָגט. ער האָט געזאָגט אז איך זאָל זיצען רוהיג אין זיין הויז ביז איך וועל געפינען אַ בעקוועמע וואָהנונג. איצט האָב איך שוין געפונען.

— דו האָסט דאָך אָבער גאָר קיין מעבעל נישט, אָרימע מאַמע מיינע — האָט גווענדאָלין טרויעריג געזאָגט.

— אָ, איך קלייב טאַקע געלד אויף דעם — האָט די מוטער געזאָגט און ארויפגעלעגט איהר האַנד אויף גווענדאָלינען — דו ווייסט דאָך דורך וועמען איך בין געוואָרען אזוי רייך...

— מאַמע, איך בעט דיך קום ארויף מיט מיר אויפ׳ן ערשטען שטאָק, איך וויל מיך פעררייכטען מיין הוט — האָט גווענדאָלין זיך געבעטען. איהר האַרץ האָט אָנגעהויבען אזוי וועה טהאָן און אַ מינוט האָט געפעהלט זי זאָל זיך צוּוויינען.

— ווער וויים צו איך וועל נאָך דאָס אַמאָל זעהן — האָט זי געזאָגט אריינקומענדיג אין שלאָף צימער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און איינהאַלטענדיג זיך פון וויינען איז זי געוואָרען זעהר בלאַס.

— ביזט קראַנק, מיין קינד? — האָט די מוטער געפרעגט דערשראָקען.

— ניין, נאָר די שאָקאָלאַדע האָט מיר עפּעס פערשאַדעט — האָט גווענדאָלין זיך בעהערשט מיט אַלע קרעפטען.

— וועל איך קענען קומען צו דיר אז דו ביזט קראַנק? — האָט די מוטער געפרעגט פּיהלענדיג אז גווענדאָלין נויטיגט זיך אין איהר איצט מעהן ווי שטענדיג.

— אָ, געוויים — האָט גווענדאָלין געזאָגט און אָנגעשפּארט איהר קאָפּ אָן דער מוטער — איך בין אָבער קיינמאָל נישט קראַנק. איך בין זעהר שטאַרק. זאָלסט גאָרנישט זאָרגען וועגען מיר. זעה

נאָר צו זיין גליקליך מיט מיינע שוועסטער, זיי זיינען צו דיר בע־סער ווי איך בין געוועזן.

— ביזט מיר שטענדיג געוועזן אַ גוט קינד — האָט די מוטער געזאָגט — איך געדענק דיך נישט אַנדערש.

— אַזוי? וואָס האָב איך דיר דען פאַר אַ גוטעס געטהאָן אויסער דעם וואָס איך האָב חתונה געהאַט מיט גראַנדקאָרט'ן? איך וואָלט דאָס אויך נישט געוועזן געטהאָן ווען איך וואָלט נישט געהאַט קיין פערגעניגען פון דעם.

— זאָל גאָט היטען, קינד וואָס רעדסטו — האָט די מוטער געזאָגט — איך וואָלט דיך קיינמאָל נישט געלאָזט חתונה האָבען צוליעב מיין טובה. דיין גליק מוז זיין מיין גליק.

— אויסגעצייכענט — האָט גווענדאָלין געזאָגט — איצט בין איך פאַרטיג. יאָ, גראַנדקאַרט גיט מיר געלד אויף אויסגאַבען פאַר מיר. איך האָב אָבער נישט אויף וואָס אויסצוגעבען. נאַ, דאָ האָב איך דרייסיג פונט, זאָלען זיך די שוועסטער עפּעס קויפען ווען דו וועסט זיך איבערקלייבען אין נייען הויז

— זאָל דיך גאָט בענשען פאַר דעם, טהייער קינד — האָט די מוטער געזאָגט. זיי וועלען זיך אַזוי פרעהען!

געזעגענדיג זיך מיט אַלע האָט זי זיך אַ טראַכט געטהאָן: איך בין נישט קשה פון אַ לידי גראַנדקארט...

גראַנדקארט איז געוועזן אוועקגעפאָהרען אויף עטליכע טעג. זי איז זיכער געוועזן אַז דאָס איז ער געפאָהרען נאָך גיידסמיר צו די גלאשער. זי איז געוועזן זעהר אויפגערעגט נישט וויסענדיג אַליין פאַרוואָס. נאָך פאַר דער חתונה האָט זי דאָך אָבגעמאַכט ביי זיך צו בעגעהן זיך גוט מיט גלאשער און די קינדער און דאָך אַז גראַנד־קאָרט האָט איהר געזאָגט אַז ער וויל לאָזען שרייבען זיין צוואה אין לאָנדאָן האָט זי זיך אַזוי שלעכט געפיהלט. זי האָט געוואוסט אַז ער וויל איבערלאָזען זיין גאַנץ פערמעגען צו זיינע קינדער און עס האָט זי אַזוי געשטאָכען.

עס האָט זי נאָך מעהר פערדראָסען וואָס זי קען גאָר נישט טהאָן פאַר גלאשער מיט די קינדער, אַז זי זאָל קענען אָבלייזען איהר פער־ברעכען געגען זיי. אַלץ וואָס גראַנדקאָרט וויל טהוט ער און ער פרעגט זי נישט, און זאָגט איהר גאָר נישט.

אַמאָל איז איהר איינגעפאַלען אַז ניט זי איז שולדיג איןדעם אַלעם, שולדיג איז גאָר לידיא גלאַשער וואָס זי האָט איהר געשריבען די בריעף און געמאַכט אַזוי אַז זי זאָל פיינט האָבען גראַנדקאָרט'ן. זי איז אויך זיכער געווען אַז גלאַשער וועט קיין וואָרט נישט דערצעהלען גראַנדקאַרט'ן, ווייל זי האָט מורא פאַר איהם.

גראַנדקאָרט האָט טאַקע נישט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם. איהם איז גווענדאָלין גאָר נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט געקוקט אויף איהר ווי אויף אַן איינגעשפּאַרטע פרוי וואָס האַלט זיך זעהר גרויס און ער האָט געוואָלט נאָר איין זאַך — זי איינברעכען און מאַכען אונטערטעניג, און וואָס מעהר זי איז געווען פער'עקשנ'ט און איינגעשפּאַרט אַלץ מעהר האָט ער זי געוואָלט בעהערשען און מאַכען אונטערטעניג.

## 32טער קאַפּיטעל.

גראַנדקאַרט און גווענדאָלין זיינען געקומען פּונקט אין צייט אין זייער הויז, אין „גראָסווענער סקווער" ווען די מאַדאַם מאַלינ־דזשער האָט צושיקט איינלאַדונגען צו דער מוזיק פּאַרטי. סער הוגאָ מאַלינדזשער האָט נאָך פריהער געוואוסט אַז זיי וועלען קומען און זיי האָבען דערהאַלטען אַן איינלאַדונגס קאַרט.

עס איז געווען דער דריטער אָבענד ווי זיי זיינען אָנגעקומען. גווענדאָלין האָט זיך ווייניג וואָס אומגעקוקט אויף איהר הויז מיט די אויסגעפּוצטע צימערן, טראַכטענדיג נאָר פון איין זאַך אַז זי וועט רעדען מיט דעראָנדאַ'ן און זי וועט זעהן פריילין לפּידות, וואָס האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעליטען אין איהר לעבען. גווענדאָלין האָט גוט געדענקט יעדעס וואָרט וואָס דעראָנדא האָט איהר געזאָגט וועגען מירא'ן.

די זאַלען און צימערען אין פּאַרק ליין וואו סער הוגאָ מאַלינ־דזשער האָט געוואוינט זיינען געווען וויים, מיט גאָלדפאַרב בעצירט. ליכטיג איז געווען אין יעדען ווינקעל. נישט צופיעל געסט. אַז גראַנדקאַרט און גווענדאָלין זיינען אָנגעקומען האָט די מוזיק אָנגע־הויבען שפּיעלען און דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטען אַ האַלבע שעה.

קלעזמער און זיין פרוי זיינען אויך געווען. קלעזמער איז געווען

זעהר פּעראינטערעסירט אין מירא'ס ערפאָלג אז ער האָט בעשלאָסען זי בעגלייטען אויף דער פּיאנאָ. ער האָט איהר אויך געהאָלפען אויס־קלייבען זינגען א ליעד וואָס וועט איהר זיכער ברענגען ערפאָלג.

קלעזמער האָט זיך אוועקגעזעצט ביי דער פּיאנאָ, מירא האָט זיך אוועקגעשטעלט לעבען איהם. אין דער מינוט איז גוועגדאָלין צוגעקומען אין איהר גרין זיידען קלייד און מיט די פּערשאָלטענע דימאנטען און האָט זיך אוועקגעזעצט אזוי אז זי זאָל זיי קענען גוט זעהן. מיט א שאָקעל מיט'ן קאָפּ האָט זי בעגריסט קלעזמער'ן און האָט זיך דערמאָנט אין יענעם שרעקליכען טאָג ווען זי איז געשטאנען אויף פּראָבע פאר איהם אז זי האָט געוואָלט ווערען דאָס זעלבע וואָס דאָס קליינע אידישע מיידעל, אויף וועלכער פיעלע מענשען וואַרטען צו הערען איהר געזאנג. ער מיינט אז איך בין אויפ'ן ריכטיגען וועג — האָט זי זיך געטראכט.

ווען זי איז געגאנגען איבער'ן זאַל האָט זי נישט בעמערקט דעראָנדא'ן. זיצענדיג אויפ'ן שטוהל און רעדענדיג מיט סער הוגאָ מאַלינדזשער האָט זי זיך גוט ארומגעקוקט און געזוכט דעראָנדא'ן. זי האָט זיך געהאלטען אין איין בעגריסען מיט בעקאנטע און געזוכט דעראָנדא'ן. אָבער טיעף אין הארצען האָט זי געציטערט, גראנדקארט זאָל נישט בעמערקען וואָס זי טהוט און דערקענען וועמען זי זוכט און שפּעטער אז זיי וועלען אוועק געהן וועט ער זי פּייניגען און זא־גען אז זי האָט זיך אויפגעפיהרט ניט פּאַסיג.

זוכענדיג אזוי מיט די אויגען האָט זי בעמערקט לאָש'ן ווי ער שטעהט לעבען גראנדקאָרט'ן. גראנדקאָר האָט זיך אויסגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען און געמאכט זיך ווי ער הערט זיך איין צו לאָרד פּענטריט'ס מעשות. זי האָט זיך דערמאָנט אז לאָש וויים אַלץ וואָס איז געשעהן מיט גראנדקארט'ן. גראנדקארט האָט דאָך איהם פּער־טריבען פון זיך, ווייל זי האָט דאָס געוואָלט אזוי. זי האָט גאָר פּערגעסען אין איהם, ער איז איהר קיינמאָל אויף די געדאנקען מעהר נישט געקומען. זי האָט געגוג נייע זאכען פון וואָס צו קלערען. און פּלוצלונג איז ער דאָ, ער איז אויסגעוואקסען ווי פון דער ערד, שטעהט ווידער לעבען איהר מאן, עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען ווי א חלום. און מיט א מאָל האָט זי דערפיהלט אז לאָש וויים אַלץ, ער וויים וואָס פאר א ליידען זי שטעהט זיך אויס און ווי שרעקליך

גראַנדקאָרט פּייניגט זי. גווענדאָלין האָט זיך אָבגעקעהרט נישט צו קוקען אויף איהם.

זי האָט זיך ווידער גענומען ארומקוקען. אָבער אויף אזא אופן ווי זי וואָלט געקוקט אויף די בילדער פון די ווענט ביז זי האָט בע־מערקט דעראָנדא'ן.

דעראָנדא האָט אָבער נישט געקוקט צו איהר. זי האָט אוועק־געקוקט פון איהם, נישט וויסענדיג צו ער האָט זי בעמערקט.

דעראָנדא איז געשטאַנען נישט ווייט פון טהיר מיט האַנס מיי־ריק וואָס איז אויך געווען איינגעלאַדען. זיי האָבען ביידע גערעדט וועגען מירא'ן. זיי האָבען געציטערט טאָמער געפעהלט נישט מירא דעם עולם. דעראָנדא איז געווען אויפגערעגט און צוטראָגען. לײדי פּענטריט איז צוגעקומען צו איהם און געזאָגט:

— נו, אייער אידישקע איז וואונדער שעהן, קיינער קען דאָס נישט לייקענען. וואו איז אָבער איהר אידישע חוצפּה? זי זעהט דאָך אויס אזוי צנועה'דיג ווי א נאָנע. איך דענק אז זי האָט זיך דאָס אויסגעלערענט אויף דער ביהנע אזוי זיך צו פערשטעלען...

ער האָט דערפיהלט דעם זעלבען שמערץ וועגען מירא'ן וואָס ער האָט אַלס אינגעל געפיהלט ווען זיין פעטער האָט איהם געפרעגט פאַר אַלעמען אין די אויגען צו ער וויל ווערען א זינגער. עס האָט איהם שרעקליך פערדראָסען וואָס די אויסגעפּוצטע דאַמען ערלויבען זיך רעדען אזוי וועגען מירא'ן, ער האָט געפיהלט ווי מרדכי וואָלט געליטען ווען ער וואָלט דאָס געהערט. ער האָט איהר גאָרנישט געענטפערט און זיך אָבגעקעהרט פון איהר.

אין דער מינוט איז אָנגעקומען גווענדאָלין, זי איז פאַרביי גע־גאַנגען און האַנס האָט אָנגעהויבען רעדען וועגען דער שעהנער יונגער דאַמע וואָס איז ווי געמאָהלען פון קינסטלער. דעראָנדא איז נאָך בייזער געוואָרען וואָס האַנס האָט גאָר פערגעסען מירא'ן און גענומען רעדען פון גווענדאָלין און ער האָט געזאָגט — איך האָב געמיינט אז דו קענסט קיינעם נישט פערעהרען אויסער די וואָס דו ווילסט מאָהלען אַלס בערעניקע...

— די וואָס וועט זיין בערעניקע פערגעטער איך, דורך איהר בין איך גרייט צו טהאָן אַלדאָס גוטס. אנדערע אָבער קענען מיר פאַנגען איך זאָל טהאָן אַלדאָס בייז...

— שאַ — האָט דעראָנדא געזאָגט און געגעבען איהם אַ צייכען אַז באַלד הויבט מירא אָן זינגען. ער איז נישט שטאַרק בעפריעדיגט געווען פון האַנס ענטפער און איז איהם געווען דאַנקבאַר וואָס ער איז אַביסעל אַוועק געגאַנגען פון איהם.

דאָס ליעד וואָס מירא האָט געזונגען האָט דעראָנדאַ געהערט דאָס ערשטע מאָל פון איהר מויל. ער האָט אָבער דאָס ליעד געהאַט געלייענט. דאָס איז געווען אַן איטאַליעניש ליעד וואָס אַ דיכטער האָט געזונגען צו זיין לאַנד וואָס איז געווען שטאַרק אונטעריאָכט אונטער פרעמדע. יעדער מענש וואָס האָט געהערט דאָס ליעד זינגען האָט געפיהלט ליעבע און דרך ארץ צו דעם לאַנד און אַז מירא האָט דאָס געזונגען האָט ער ערשט פערשטאַנען און דערפיהלט אַז מרדכי און מירא זיינען שוועסטער און ברודער, און אַז מירא האָט עטליכע ווערטער דורכגעלאָזט און נישט געזונגען האָט ער זיך דערמאָנט ווי דער דיכטער האָט געפרעגט זיין לאַנד:

— „וויל קיין איינער פון דיינע זיהן דיך נישט פערטיידיגען? געוועהר! גיט מיר געוועהר! איך אַליין וועל קעמפפען פאַר דיר! איך אַליין וועל פאַלען פאַר דיר!“

דעראָנדא האָט ערשט איינגעזעהן אַז עס טרעפט אַ מענש שטעהט אויף איינער אַליין קעמפפען פאַר זיין לאַנד און פאַר זיין פאָלק. מרדכי איז געווען פאַר זיינע אויגען און ער האָט אין איהם געזעהן דעם מענש וואָס האָט אָנגעהויבען דעם קאַמפף פאַר זיין לאַנד און פאָלק און וועט די פערווירקליכונג נישט דערלעבען צו זעהן מיט זיינע אייגענע אויגען.

מירא האָט דערפיהלט זיין האָפנונג. זי איז זעהר געפעלען געוואָרען. אַלע האָבען איהר אַפּלאָדירט און קלעזמער האָט געזאָגט: גוט, זעהר גוט, בעסער ווי פריהער.

מעהר פון אַלעמען האָט אָבער מירא'ן אינטערעסירט צו וויסען צו דעראָנדא איז צופריעדען. יעדער טעות אָדער פעהלער וואָס זי וואָלט איצט געמאַכט וואָלט איהר אַ סך שמערצען פערשאַפט פיהלענדיג אַז דעראָנדא'ן וואָלט דאָס זעהר וועה געטהאָן. דאָס אַלץ וואָס קומט מיט איהר פאַר האָט זי דאָך נאָר איהם צו פערדאַנקען. דערצו נאָך דאָס וואָס זי האָט געזונגען אין זיין הויז האָט זי גע־

מאַכט נאָך מעהר נייגעריג צו וויסען דעם איינדרוק וואָס עס האָט אויף איהם געמאַכט.

זי האָט געקוקט אויף איהם פון וויטענס. ער האָט בעמערקט אַז זי קוקט אויף איהם. ער האָט זיך אָבער נישט גריהרט פון אָרט און געהאַלטען אין איין בעטראַכטען ווי אַלע רינגלען זי אַרום און זיינען געוואָרען איהרע פערעהרער. אַז גווענדאָלין איז צוגעקומען צו מיראַ'ן און זיך געלאָזען פאָרשטעלען פאַר איהר פון פרוי קלעזמער. איז דעראָנדאָ געוואָרען רוהיגער און ער האָט שוין פערגעסען וואָס די אויסגעפוצטע ווייבער האָבען ערשט זי גערופען „דאָס קליינע אידישע מיידעל".

ער האָט זיך דערמאָנט אָן גווענדאָלין און איז ווייכער געוואָרען צו איהר, וויסענדיג אַז זי איז אונגליקליך און וואַרט אַז עמיצער זאָל זי אויסלייזען פון איהער ליידען. ווער וויים, האָט ער זיך געטראַכט, אויב זי איז נישט נאָך מעהר אומגליקליך ווי מיראַ אין יענעם מאָמענט ווען זי איז געשטאַנען ביים וואַסער און זיך גע־וואָלט דערטרינקען ? און ווער וויים צו עס איז נישט נאָך שווע־רער איהר צו העלפען ?

באַלד אָבער האָט ער בעשלאָסען אַז צו ער וועט איהר יאָ קענען העלפען אָדער ניט, האָט ער קיין רעכט ניט זיך אויסצובעהאַלטען פון איהר. ער מוז זי זעהן, רעדען מיט איהר און זעהן טהאָן פאַר איהר וואָס עס וועט מעגליך זיין, נישט קוקענדיג וואָס סער הוגאָ מאַלינדזשער הייסט איהם זיך האַלטען פון וויטענס פון איהר.

קלעזמער איז אויך צוגעגאַנגען צו מיראַ'ן. גווענדאָלין האָט גערעדט אַביסעל מיט מיראַ'ן אַביסעל מיט איהם. ער האָט לייכט געשמייכעלט, און צוריק זיך אוועקגעזעצט, טראַכטענדיג אַז די רייכע גווענדאָלין איז אונרוהיג און מיראַ איז אַזוי זיכער און רוהיג.

— איך בין אייך אַזוי דאַנקבאַר — האָט גווענדאָלין געזאָגט צו מיראַ'ן — הערר דעראָנדאָ האָט מיר געזאָגט אַז איך וועל האָבען הנאה אייך צו הערען זינגען, איך בין אָבער נישט אינשטאַנד געווען מיר פאָרצושטעלען אַזאַ גרויס פערגעניגען.

— מיר וועלען זיך אַלע לערנען ביי אייך, איך זיכער — האָט גווענדאָלין געזאָגט — איך זינג זעהן שלעכט, הערר קלעזמער וועט אייך שוין דערצעהלען. איך האָב זיך צוריקגעהאַלטען פון דעם

ווייסענדיג אז איך קען נישט ווערען זעהר גרויס. איהר האַלט דאָך נישט אַזוי, הערר קלעזמער? — האָט זי זיך צו איהם געווענדעט.

— אז איהר ווילט לערנען איז גאַנץ גוט, פריילײן לפּידות וועט אייך העלפען אין דעם — האָט ער איהר גיך געענטפערט און איז אַוועק געגאַנגען.

— אויב איהר דענקט אז איך וועל אייך קענען לערנען — האָט מירא נאַאיוו־ערנסט געזאָגט — וועל איך זיין צופריעדען דאָס צו טהאָן, איך וויל אליין זיין א לעהרערין, איך הויב עם ערשט אָן. אויב איך וועל האָבען ערפאָלג וועט דאָס זיין א דאַנק מיין גרויסען לעהרער.

גווענדאָלין האָט נישט דערוואַרט צו הערען אַזא נאַאיוו עהרליכען ענטפער און זי האָט געוואָלט בייטען דעם שמועס און האָט געזאָגט:

— איהר זינט נישט לאַנג אין לאָנדאָן, הא? איהר האָט זיך בעקענט ערגעץ וואו מיט הערר דעראָנדא

— איך האָב קיינמאָל נישט געזעהן איהם ביז איך בין געקומען נאָך ענגלאַנד — האָט מירא געענטפערט.

— ער האָט דאָך אָבער אייך אָפט געזעהן און געהערט זינגען, נישט אַזוי? — האָט גווענדאָלין ווייטער געפרעגט ווילענדיג רעדען וועגען איהם — ער האָט אייך זעהר געלויבט פאַר מיר. ער מוז אייך גוט קענען.

— אָ, איך בין געווען אָרים און געגוויטיגט זיך אין הילף—האָט מירא גערעדט ווארים — הערר דעראָנדאַ האָט מיר געשאָנקען די בעסטע פרייד וואָס קענען זיין אויף דער וועלט. ווייל איהם האָט וועה געטהאָן פאַר מיר האָט ער מיך דערקענט. איך האָב קיינעם נישט געהאַט ווען איך בין געקומען אַהער. איך בין געווען עלענד, איך האָב איהם אַלץ צו פערדאַנקען.

די אָרימע גווענדאָלין האָט פערשטאַנען אז זי טהוט נישט ריכטיג וואָס זי גנב'עט זיך מיט איהרע פראַגען צו מירא און וויל דערווייל אַלץ אויסגעפינען פון איהר וואָס איהר לוינט זיך. עס האָט איהר באַנק געטהאָן וואָס זי טהוט דאָס, פיהלענדיג ווי בייז זי וואָלט געוואָרען ווען עמיצער וואָלט צו איהר אַזוי צוגעשטאַנען און געוואָלט זי אויספאָרשען. מיראַ'ן איז אָבער נישט איינגעפאַלען

אַז זי פאַרשטעט זי אויס און זי איז צופריעדען געווען וואָס עמיצער הערט זי אויס ווען זי רעדט וועגען איהר בעשיצער, דראַנדרא.

— דראַנדרא און האַנס זיינען געשטאַנען פון ווייטענס און גע־זעהן ווי גווענדאָלין און מירא רעדען צווישען זיך. ווען זיי וואָלטען געוואוסט ווי אַזוי גווענדאָלין פאַרשטעט אויס מירא'ן וואָלטען זיי שטאַרק בייז געוואָרען.

דערווייל האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבען שפּיעלען נאָך אַמאָל. גווענדאָלין איז אַוועק פון מירא'ן און זיך אַוועקגעזעצט נישט ווייט פון דראַנדרא'ן. ער האָט זי דערזעהן און דערפיהלט, אַז עס פּאַסט נישט ער זאָל שטעהן פון ווייטענס, איז ער צוגעגאַנגען צו איהר בעגריסט זי, לעבען איהר זיך אַוועקגעזעצט און אַזוי זיינען זיי געזע־סען שטיל ביז קלעזמער און דער אָרקעסטער האָבען אויפגעהערט שפּיעלען.

די פערזאַמעלטע האָבען אָנגעהויבען רעדען צווישען זיך, אַלע האָבען גערעדט הויך און גווענדאָלין איז צופריעדען געווען אַז זי וועט איצט קענען רעדען מיט דראַנדרא'ן. נאָר פּלוצלונג האָט זי דערזעהן ווי לאַש שטעהט לעבען זיי, אָנגעשפּאַרט אין וואַנד און הערט זיך איין. זי איז שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען, זי האָט זיך אָבער בעהערשט און געזאָגט צו דראַנדרא'ן.

— פרייליין לפּידות איז פּונקט אַזוי ווי איהר האָט זי פאַר־געשטעלט.

— איהר האָט דאָס זעהר שנעל אויסגעפונען — האָט דראַנדרא איראָניש געזאָגט.

— איך זאָג נישט אַז איך האָב שוין אויסגעפונען אין איהר אַלע מעלות — האָט זי געענטפערט — איהר זינגען איז אָבער וואונדערבאַר. זי אַליין אויך. איהר פּנים איז אַזוי איידעל און ליעב. זי איז אַ קליינינקע און אַ שעהנע, איך דענק אַז זי וועט האָבען אַ גרויסען ערפאָלג.

דער געשפּראַך איז איהם נישט געווען אָנגענעהם. ער האָט געשוויגען און גאָר נישט געענטפערט. זי האָט פערשטאַנען אַז ער איז נישט צופריעדען מיט איהר און זי איז געוואָרען שרעקליך אומ־געדולדיג וואָס לאַש שטעהט לעבען זיי און שטערט איהר צו רעדען

דאָס וואָס זי וויל, ענדליך איז לאַש אוועקגעגאַנגען און זי האָט א זאָג געטהאָן:

— איהר פעראַכט מיך ווייל איך רעד אוננאַטירליך.

— ניין — האָט דעראָנדא געזאָגט קוקענדיג קאַלט אויף איהר — איך האַלט אַז אמאָל קען מען דאָס פערצייהען. איך דענק אָבער נישט אַז אייער לעצטע רייד זיינען געווען אוננאַטירליך.

— עפּעס איז געווען אין דעם וואָס איז איך געווען אונאַנגענעהם. וואָס איז עס? — האָט זי געפרעגט.

— עס איז אונמעגליך אזעלכע זאכען צו דערקלערען — האָט דעראָנדא געזאָגט — מיר קענען קיינמאָל נישט אויסדריקען מיט ווערטער דאָס וואָס מען פיהלט.

— איהר האַלט אויך אַז איך קען גאַרנישט פערשטעהן — האָט זי געזאָגט און איהר שטימע האָט געציטערט — האָב איך אייך קיינמאָל נישט געוואָלט פערשטעהן? — זי האָט געקוקט אויף איהם און זיך בעהערשט מיט אַלע כחות אַז די טרעהרען זאָלען איהר נישט קומען אין די אויגען.

— נישט דאָס — האָט ער שוין ווידער גערעדט — מענשען זיינען אָבער פערשיעדען. וואָס איינעם טהוט וועה האָט אַן אנדער הנאה דערפון.

— מענשען קענען אָבער אמאָל פיהלען און דאָך גאָר נישט קענען טהאָן — האָט זי טרויעריג געזאָגט — די איינציגע עצה איז נאָר צו האָבען גוטע חברים. זייט גאָרנישט איבערראַשט וועגען מיר. איך דענק אַז פאַר מיר איז שוין צו שפּעט זיך צו ענדערען, איך ווייס נישט ווי אַזוי צו ווערען קליגער ווי איהר האָט מיך געראַטהען.

— מיינע רייד האָבען נאָך אין ערגעץ גאָרנישט געווירקט. בעסער וואָלט איך זיך אין ערגעץ נישט געמישט — האָט ער ביטער גערעדט און עס האָט איהם באַנק געטהאָן וואָס ער האָט אויסגעקויפט איהר בראַסלעט און מיט דעם איהר פערשאַפט נאָך אפשר ערגערע צרות ווי אַז זי וואָלט געבליבען שפּיעלען רולעטקע.

— רעדט נישט אַזוי — האָט זי זיך געבעטען און גערעדט גיך ווי זי וואָלט געפיהלט אַז זי וועט שוין קיינמאָל מעהר נישט האָבען די געלעגענהייט מיט איהם צו רעדען — אויב איהר צווייפעלט אין מיר, וועל איך אַליין אויך זיין פערצווייפעלט. איהר האָט מיר גע־

זאָגט איך זאָל נישט זיין עגאָאיסטיש און אונוויסענד און דאָס איז געווען פאַר מיר אַ לעבענס דערהאַלטונג. איצט אַז איהר ווילט זיך דערוויטערען פון מיר און עס טהוט אייך באַנק וואָס איהר האָט זיך איינגאַנצען געמישט, הייסט דאָס אַז איהר צווייפעלט אין מיר און פערלאָזט מיך. אייך וועט שוין נישט אַרען צו איך וועל זיין גוט אָדער שלעכט. איהר דאַרפט בעשליסען וואָס איך זאָל זיין און ווי אַזוי איך זאָל זיך פיהרען: ווען איהר זאָלט זיין נאָהענט צו מיר קענט איהר מיר איבעראַנדערשען, איהר מוזט גלויבען אין מיר!

ווען זי האָט גערעדט צו איהם האָט זי נישט געקוקט אויף איהם. זי האָט נאָר געקוקט אויפ'ן פעבער וואָס זי האָט געהאַט אין האַנד. זי האָט זיך גלייך אויפגעשטעלט און אַוועקגעגאַנגען פון איהם, און האָט זיך צוריק געזעצט אויף איהר פאָריגען פּלאַץ.

באַלד איז ווידער שטיל געוואָרען און אַלע האָבען גענומען הערען ווי מירא הויבט ווידער אָן זינגען. דאָס זינגען איז אַלעמען זעהר געפעלען געוואָרען. עס איז געווען אַ האַרציג ליעד און זי האָט דאָס אַזוי האַרציג געזונגען און אַז זי האָט געזונגען „אויס רחמנות פערשטויס מיך נישט פון דיר", האָט זיך דעראָנדאַ'ן גערעכט אַז דאָס בעט זיך גווענדאָלין ביי איהם, ער זאָל זי נישט פערשטויסען, ער זאָל איהר העלפען. ער וועט זיין אָן אכזר אַז ער וועט איהר געבעט נישט צוהערען...

אמת איז, אַז זי איז זעהר שטאָלץ און בעהאַלט איהרע וועהטאָגען, פאַר איהם בעהאַלט זי זיך דאָך אָבער נישט, איהם וויל זי דאָך אַלץ דערצעהלען. זי מיינט קיין בייז נישט, איז ער זיכער געווען עס איז ביי איהר אַזאַ נאַטור. דאָס וואָס זיין פעטער סער הוגאָ מאַלינדזשער האָט איהם געוואָרנט ער זאָל זיך האַלטען פון איהר פון ווייטענס האָט איהם אויך ניט געאַרט, ער האָט געוואוסט אַז זי טראַכט פון קיין זאַך נישט נאָר זי וויל ער זאָל איהר העלפען, זי וויל ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהר, ווייל זי איז זעהר אונגליקליך.

— און ווי ער איז אַזוי געזעסען און געטראַכט האָט זיך איהם מרדכי פאָרגעשטעלט, דער קראַנקער איד וואָס וועט באַלד שטאַרבען, ער בעט זיך ביי איהם ער זאָל איהם אויסשטרעקען זיין האַנד און העלפען, ווייל נאָר אין איהם קען ער האָבען בטחון, מרדכי שטעהט

פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט שטעהט גווענדאָלין. א יונגע דאמע אָנגעטהאָן רייך אין דימאנטען און בריליאַנטען מיט א צובראָכענע און פערוואונדעטע הארץ און נאָר איהם האָט זי אויס־געקליבען ער זאָל איהר העלפען...

עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען ווי ער הערט א געשריי פון מענשען וואָס שטרעקען אויס זייערע הענד און בעטען זיין הילף און ווער ווייס צו ער וועט קענען עפּעס העלפען?

אז מירא האָט געענדיגט זינגען האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבען געהן איבער'ן זאָל און זיך געטראַכט אז דאָס רעדט ער זיך נאָר אזוי איין אז מענשען בעטען זיין הילף און ער קען זיי געבען עצות, עס איז גאָרנישט דאָס.

— וואָס פאר א גליקליכער בחור דו ביזט — האָט האנס מייריק געזאָגט צו איהם — דו ביזט געזעסען מיט דער יונגער פירשטין און געקריגט זיך מיט איהר.

— געקריגט זיך? — האָט דעראָנדא געזאָגט אונצופריעדען.

— נו, געוויס איבער הימעל זאַכען — האָט האנס געזאָגט — זיכער נישט קיין פערזענליכע מחלוקה. זי האָט דיר געוויס געזאָגט וואָס דו דאַרפסט דענקען און האָט דיך דערנאָך געלאָזען אליין. בע־קען מיך מיט איהר. איך וויל זי מאָהלען און איהר מאן, איהר מאן זעהט אויס ווא א פירשט, נישט אזוי?

דעראָנדא האָט געהאַפט אז דאָס וואָס האנס האָט געזאָגט אז ער האָט זיך געקריגט מיט איהר האָט ער נאָר געמיינט אין א וויץ און קיינער האָט גאָרנישט בעמערקט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

גווענדאָלין איז געזעסען און געטראַכט צו האָט זי גראַנדקאָרט געזעהן זיצען מיט דעראָנדא'ן אָדער נישט. דאָס הארץ האָט איהר געזאָגט אז ער זוכט א געלעגענהייט זי צו פּייניגען און זי זידלען אז זי פיהרט זיך אויף ווי א דיענסט נישט ווי א ליידי גראַנדקאָרט. טיעף אין הארצען האָט איהר שוין אויך אביסעל באַנק געטהאָן וואָס זי האָט זיך היינט אָבענד נישט גוט געהאַלטען.

אַהיימגעהענדיג האָט איהר גראַנדקאָרט גאָר נישט אויסגערעדט נאָר געזאָגט:

— לאָש וועט ביי אונז זיין א גאַסט מאָרגען צום מיטאָג. וועסט דאָך איהם העפליך בעהאַנדלען.

איהר הארץ האָט אָנגעהויבען שרעקליך קלאַפּען, זי האָט איהם געוואָלט זאָגען אַז ער ברעכט זיין צוזאָג, דעם ערשטען צוזאָג וואָס ער האָט איהר געגעבען, לאָש'ן מעהר אין שטוב נישט אריינצוברענגען. זי האָט אָבער מורא געהאַט דאָס צו זאָגען, זי האָט געציטערט זיי זאָלען זיך נישט קריגען און עס וועט נאָך ערגער זיין, האָט זי אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויעגען, אין עטליכע מינוטען ארום האָט זי געזאָגט:

— איך האָב געמיינט אַז דו וועסט איהם קיינמאָל נישט ברענגען צו אונז אין הויז אריין.

— איך וויל איהם איצט האָבען, איך דאַרף איהם, און ער מוז ווערען בעהאַנדעלט זעהר העפליך.

זי האָט געשוויגען, עס איז פּונקט ווי אַ מאַן וואָס זאָגט צו זיין פרוי אַז ער וועט נישט רויכערען און פּלוצלונג פעררויכערט ער אַ ציגאַר און בלאָזט נאָך דעם רויך איהר אין פּנים אריין. זי קען זיך נישט העלפען. גווענדאָלין האָט אויך געשוויגען און לאָש איז געוועז אַ ביטערער ציגאַר פאַר איהר.

## 33טער קאַפּיטעל.

די צייט איז געקומען צוגרייטען מרדכי'ן און צו דערצעהלען איהם אַז זיין פערלוירענע שוועסטער מירא האָט זיך געפונען און אויך איהם איבערצונעהמען אין אַן אנדער און אַ בעסער וואוינונג. פרוי מייריק וועמען דעראָנדא האָט אַלעס דערצעהלט, וועגען מירא'ן און איהר געפונענעם ברודער, האָט איהם אין אַלעם מוטיג געהאָלפען. זיי האָבען אויסגעזוכט אַ וואוינונג אין בראָמפּטאָן, נישט ווייט פון איהר הויז, אַז זי זאָל קענען זיין בעהילפיג מרדכי'ן און מירא'ן צו יעדער צייט.

זי האָט נישט דערצעהלט קיין וואָרט, ניט איהרע טעכטער און ניט האַנס'ען, מורא האָבענדיג אַז מירא זאָל זיך נישט דערוויסען פּלוצלונג די געשיכטע.

זיי האָבען געוואָלט בעסער וואַרטען ביז מירא וועט זיך אַזוי איינאָרדנען אַז זי זאָל קענען גוט פערדינען עס זאָל זיין גענוג פאַר איהר און פאַר מרדכי'ן. דעראָנדאַ און פרוי מייריק זיינען זיכער

געווען אַז מירא׳ן און מרדכי׳ן וועט דאָס עסען נישט בעקומען אויב עס זאָל ניט זיין פון זייער אייגענע פערדיענסט.

פרוי מייריק האָט אויך מורא געהאַט צו דערצעהלען ווייל זי האָט זיך געשראָקען, טאָמער איז מרדכי אַזאַ מענש וואָס וועט איהר נישט געפעלען. די אַלע זאכען וואָס דעראָנדאָ האָט איהר דער־צעהלט וועגען מרדכי׳ן האָבען איהר זיך אויסגעוויזען אַזוי מאָדנע און זי האָט נישט געהאַט קיין גוטע מיינונג וועגען איהם. זי האָט אָבער געגלויבט דעראָנדא׳ן, אַז ער ליובט איהם, מסתמא איז ער טאַקע אַזוי. זי האָט אויך רחמנות געהאַט אויף איהם, ער איז דאָך געפעהרליך קראַנק, האַלט ביי שטאַרבען. און דאָס וואָס ער וויל אויסלייזען די אידען דאָס האָט זי געהאַלטען פאַר אַן איינבילדונג, אַן עקשנות פון אַ אידען צו וועלען אַזעלכע זאכען וואָס וועלען קיין מאָל ניט קענען פערווירקליכט ווערען.

מירא איז איהר אויך אויסגעקומען מאָדנע, אָבער זי און איהרע טעכטער האָט זיך געוואָלט גלויבען אַז מיט דער צייט וועט זיך מירא צוגעוואוינען צו זיי, וועט פערגעסען די אידען און זיך שמד׳ען.

זי האָט אייגענטליך אויך ניט שטאַרק געוואָלט אַז מירא זאָל געפינען איהר ברודער, ווייל דאָס וועט זי דאָך צוריק צובינדען צו די אידען, זי האָט געהאָפט אַז זי וועט חתונה האָבען מיט האַנס׳ן... איצט אַז מרדכי האָט זיך אויסגעפונען און זי האָט איינ־געזעהן אַז איהרע אַלע האָפנונגען זיינען צושטערט האָט זי זיך נישט געקענט בעהערשען און געזאָגט צו דעראָנדא׳ן:

— איך בין פונקט אַזוי צופרידען ווי איהר וואָס דער פּראָ־צענטניק עזרא איז נישט מירא׳ס ברודער. עס זיינען דאָ פערשיע־דענע עזרא׳ס אויף דער וועלט. עס איז אויך גאַנץ גוט וואָס נישט אַלע אידען זיינען ווי עזרא קאָהן וואָס לאָזט קיינעם נישט אַרויס פון זיין קרעמעל ביז מען מוז עפּעס קויפען ביי איהם. בעזונדער דאָס וואָס מרדכי האָט אייך געזאָגט וועגען זיין מוטער און מירא׳ן געפעהלט מיר זעהר, איך בין זיכער אַז ער איז אַ גוטער מענש. איך קען אָבער נישט פערטראָגען פאַנאַטישע מענשען...

— איך האָב נישט געדענקט אַז איהר וועט אַזוי האַלטען פון מרדכי׳ן — האָט דעראָנדא איהר געענטפערט — ער איז נישט קיין פאַנאַטיק. אַ מענש וואָס פערשטעהט נישט קיינעם און וויל נישט

פערשטעהן איז אַ פאַנאַטיק. מרדכי איז אַן ענטהוזיאַסטישער איד. דאָס איז ביי מיר דאָס העכסטע וואָס איך קען געפינען אין אַ מענש. ער וויל דאָס בעסטע פאַר זיין פאָלק און פאַר אַלע מענשען. ער איז אויך נישט צופיעל פרום. זאָגאַר די קאָהן׳ס וואָס פערשטעהען איהם נישט, האָבען איהם אויך זעהר ליעב.

— אָ, איך בין ניט ערגער ווי עזרא קאָהן׳ס מוטער און קען איהם אויך ליעב האָבען פאַר די גוטע זייטען אין איהם — האָט זי ווייטער גערעדט — און דאָס איבעריגע גלויב איך אייך אַז עס איז טאַקע אַזוי ווי איהר זאָגט. מירא׳ס ברודער וועט האָבען וואו גוט צו שלאָפען, איך האָב שוין צוגעגרייט בעט געוואַנט, איך וועל אויך זעהן אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג, דער קראַנקער זאָל זיך דאָ גוט פיהלען (זיי האָבען דאָס גערעדט אין דער נייער וואוינונג וואָס זיי האָבען געדונגען פאַר איהם). איהר ווייסט, די בעלי בתים פון הויז זיינען זעהר פיינע מענשען, איך קען זיי שוין אַ לאַנגע צייט. אַז מיינע טעכטער וועלען דאָס געוואָהר ווערען, וועלען זיי אויספוצען די וואוינונג אַז עס וועט זיין אַ פּראַכט.

— דאָס ערשטע וואָס מיר מוזען טהאָן — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — איז אַלץ צו דערצעהלען מרדכי׳ן און זעהן ער זאָל זיך באַלד איבערקלייבען אהער, איך האָב מורא אַז דאָס איבערקלייבען וועט נישט אָנקומען אַזוי לייכט.

— וועט איהר פריהער דערצעהלען מירא׳ן איידער איך וועל דאָס זאָגען מיינע טעכטער? — האָט זי געפרעגט. דעראָנדאַ האָט איהר נישט באַלד געענטפערט און זי האָט ווייטער גערעדט — איך וועל בעסער פריהער אַלץ דערצעהלען האַנס׳ן און מיינע טעכטער און אַז מיר וועלען דערצעהלען מירא׳ן וועלען זיי אַוועקגעהן פון הויז.

— יאָ, דאָס וועט זיין אַמבעסטען. נאָר זעהט רעדט וועגען מרדכי׳ן פּונקט אַזוי ווי איך האָב אייך דערצעהלט, טרייבט נישט איבער.

— פערלאָזט זיך אויף מיר — האָט זי געזאָגט — איך האָב מורא אַז די קינדער וועלען נישט זיין שטאַרק צופריעדען וואָס עמיצער קומט און נעהמט זיי צו זייער ליעבלינג, מירא׳ן.

דעראָנדאַ האָט נישט געפּרואווט ווירקען אויף פרוי מייריק

אז זי זאָל האָבען א בעסערע מיינונג וועגען מרדכי'ן ווייל נאָך א שווערערע ארבייט איז איהם פאַרגעשטאַנען. ער מוז דאָך ארויס־נעהמען מרדכי'ן פון די קאָהן'ס. מרדכי איז צו זיי צוגעבונדען און זיי צו איהם און ער וועט דאָס מוזען טהאָן אזוי, עס זאָל זיי נישט וועה טהאָן.

דעראָנדא האָט געשריעבען א בריעף צו מרדכי'ן אז ער וויל נישט קומען מעהר אין רעסטאָראַן „די האנד און דער פאָהן", נאָר וועט בעסער קומען צו איהם אין שטוב אריין.

די קאָהן'ס האָבען זיך זעהר דערפרעהט מיט איהם ווען ער איז אריינגעקומען. ער האָט בעמערקט ווי אַלע האָבען זיך אָנגעטהאָן אין די שעהנסטע קליידער און אַלע האָבען נייגעריג געוואָלט וויסען צוליעב וואָס ער איז געקומען. עזרא קאָהן האָט זיך קוים איינגע־האַלטען נישט צו פרעגען דעראָנדא'ן וואָס ער האָט צו מרדכי'ן, נאָר אז דעראָנדא האָט א זאָג געטהאָן:

— איך דענק אז מרדכי איז איצט דאָ און ער וואַרט פאַר מיר, איז דער קליינער יעקב צוגעגאַנגען צו איהם, אָנגעכאַפּט פאַר דער קניע און געפרעגט:

— וואָס ווילט איהר רעדען מיט מרדכי'ן?

— אזעלכעס וואָס אינטערעסירט איהם זעהר און דו קענסט עס נישט פערשטעהן—האָט דעראָנדא געענטפערט און איהם א ציה געטהאָן פאַר'ן אויער.

— קענט איהר דאָס אויך זאָגען? — האָט יעקב איהם ווייטער געפרעגט און אָנגעהויבען שנעל נאָכזאָגען די העברעאישע ליעדער וואָס מרדכי האָט איהם אויסגעלערענט. ער האָט געוואָלט בעווייזען אז ער קען אַלץ און קיין זאַך איז פאַר איהם נישט צו שווער צו פערשטעהן.

— ניין, ריכטיג, איך קען דאָס נישט נאָכזאָגען — האָט דע־ראָנדא צוגעגעבען.

— איך האָב דאָס באַלד געוואוסט — האָט יעקב זיך געלאָזט טאַנצען פאַר פרייד, וואָס ער וויים יאָ און דעראָנדא נישט. ער האָט ארויסגענומען פערשיעדענע שפּיעלוואַרג פון קעשענע און גע־וויזען דעראָנדא'ן. באַלד איז ער צוגעלאָפען צו מרדכי'ס צימער, האָט זי ברייט אויפגעעפענט און געזאָגט:

— מרדכי, דער שעהנער יונגערמאַן איז דאָ!

דער פאָטער זיינער האָט אזוי גערופען דראַנדראַ׳ן און ער האָט דאָס אויפגעכאַפּט און נאָכגעזאָגט.

— שאַ! שאַ! — האָבען זיין מוטער און באָבע איהם אָנגע־שריגען און דראַנדראַ איז אריין צו מרדכי׳ן אין צימער

ער האָט געזעהן אז די קאָהן׳ס האָבען זיך ספּעציעל געגרייט צו זיין קומען, זיי האָבען אויפגעראַמט דאָס צימער, אויסגעלעגט די וואַנען, איינגעהויצט דעם אויוון און אָנגעגרייט אַ שעהנעם שטוהל פאַר איהם צו זיצען.

מרדכי׳ס פּנים האָט אינגאַנצען געפלאַמט און דראַנדראַ האָט פערשטאַנען אַז מרדכי איז פול אויפגערעגט און דערוואַרטונג, כאָטש אין בריעף האָט ער איהם גאָר קיין בעזונדער וויכטיגעס ניט געשריעבען. מרדכי האָט גאָרנישט גערעדט. אַ צייט האָבען זיי ביידע געשוויגען ביז דראַנדראַ האָט גענומען דעם שטוהל און זיך אַוועקגעזעצט און דעמאָלט האָט מרדכי אָנגעהויבען רעדען מיט אַ זיכערען טאָן:

— איהר זיינט מיר געקומען זאָגען עפּעס נאָך וואָס מיין נשמה בענקט זעהר שטאַרק...

— עס איז אמת אַז איך האָב אייך זעהר וויכטיגעס צו זאָגען, אַזעלכעס וואָס איך גלויב וועט אייך זעהר דערפרעהען — האָט דע־ראַנדראַ געזאָגט און זיך געטראַכט אַז מרדכי מיינט גאָר עפּעס אַנ־דערש ווי דאָס וואָס ער וויל איהם זאָגען.

— איצט איז אייך אַלץ ענטדעקט, אַלץ איז אייך איצט קלאָהר — האָט מרדכי היים גערעדט — איהר זיינט ווי מיין ברודער וואָס האָט געזויגען די זעלבע מילך וואָס איך, מיין יהושה איז אייערע, קיין צווייפעל איז שוין נישטאָ און מיר וועלען זיך קיינמאָל נישט צושיידען.

— וועגען זיך האָב איך קיין נייעס זיך נישט דערוואוסט — האָט דראַנדראַ געזאָגט. דראַנדראַ האָט נישט געוואָלט פערפיהרען מרדכי׳ן און ברענגען איהם צו אַן ענטוישונג.

מרדכי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין זיין שטוהל, נישט קענענדיג מעהר הערען עפּעס אַנדערש פון איהם, זיין גאַנץ לעבען איז פאַר דער לעצטער צייט געווען פערנומען מיט איין זאַך. איצט אַז ער

האָט דערהערט אַז עס איז נישט דאָס האָט עס איהם שרעקליך ווערגעטהאָן און ער האָט פערמאַכט די אויגען.

— אויסער וואָס פאַר דער לעצטער צייט — האָט דעראָנדאָ ווייטער גערעדט זעהר פריינדליך — בין איך געקומען אין אַ פערבאָרגענע פערבינדונג מיט אייך, אויסערדעם וועגען וואָס איהר האָט גערעדט מיט מיר איבער אייערע געפיהלען.

מרדכי האָט נישט געעפענט די אויגען.

— איך האָב זיך בעקענט מיט אימיצען וואָס אינטערעסירט אייך זעהר — האָט דעראָנדאָ געזאָגט.

מרדכי האָט אויפגעעפענט די אויגען און רוהיג געקוקט אויף דעראָנדאָ'ן, ער איז אָבער נאָך אַלץ געווען אומעטיג און פערזאָרגט.

— איינער וואָס איז זעהר נאָהענט צו אייער פערשטאָרבענער מוטער — האָט דעראָנדאָ ווייטער גערעדט, ווילענדיג איהם דערצעהלען געלאַסען און פאַמעליך נאָר אַז ער האָט געזעהן ווי מרדכי האָט אויפגעציטערט האָט ער גיך צוגעגעבען: איינער וועלכער איז געווען טהייער אייך און אייער מוטער, טהייערער ווי די גאַנצע וועלט.

מרדכי איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל און צוגעלאָפען צו דעראָנדאָ'ן, האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנד און זעהר שטאַרק געדריקט און געקוקט אַזוי דערשראָקען. דעראָנדאָ האָט איהם גיך אַ זאָג געטהאָן:

— אייער תפלה איז אָנגענומען געוואָרען. מירא איז ריין ווי אַ מלאך...

מרדכי האָט אַראָבגענומען זיין האַנד און שטיל געזיפצט און דעראָנדאָ האָט צוגעגעבען:

— אייער שוועסטער איז ווערט צו האָבען אַזאַ מאַמע ווי איהר האָט דערצעהלט.

ער האָט געוואַרט און געשוויגען. מרדכי האָט ווידער פערמאַכט די אויגען און זיך אַראָפּגעלאָזט אין שטוהל. די ליפּען האָבען עפּעס שטיל געמורמעלט, קיין וואָרט האָט זיך אָבער נישט געהערט ער האָט אויפגעהערט מורמלען און געבליבען שטיל און זיין פּנים איז געוואָרען אַזוי רוהיג און שטיל, עס האָט אָנגעהויבען לייכטען מיט אַזאַ ליכט וואָס דעראָנדאָ האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהן.

דעראָנדא האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין איהם און געזעהן אז ער זעהט אויס פּונקט ווי מירא.

באַלד איז מרדכי גרייט געווען אַלץ אויסצוהערען. דעראָנדא האָט איהם אַלץ דערצעהלט, נאָר ווען ער האָט גערעדט וועגען דעם וואָס מירא איז אַנטלאָפען פון פאָטער איז ער געווען זעהר פאַר־זיכטיג און געזאָגט אז דערפאַר איז זי אַנטלאָפען ווייל זי האָט גע־וואָלט אויסזוכען איהם מיט דער מוטער. אז זי האָט זיך געוואָלט דערטרינקען האָט ער איהם אויך נישט דערצעהלט און אויך נישט אז ער האָט זי געראַטעוועט, נאָר אז זי וואוינט ביי אַן אַלמנה וואָס איז זעהר אַ גוטע און די מענשען זיינען זיינע פריינד. ער האָט איהם דערצעהלט ווי פיעל מירא האָט געבענקט נאָך איהם און דער מוטער און ווי זי רעדט שטענדיג וועגען זיי.

— איך בין דאָס אייך געגאַנגען זוכען — האָט דעראָנדא גע־זאָגט שמייכלענדיג — איך בין אריין אהער. דער נאָמען עזרא קאָהן האָט מיך מעהר אינטערעסירט ווי די גאַנצע וועלט. איך בין זיך מודה אז פאַר אַ צייט האָב איך מורא געהאַט דערפאַר, איהר וועט מיר געוויס פערצייהען וואָס איך האָב אייך געפרעגט וועגען קאָהן׳ס שוועסטער. איך האָב געציטערט אז מיראַ׳ס קרובים זאָלען נישט זיין אַזעלכע וואָס וועלען מיר נישט געפעלען... איך האָב געפונען איהר ברודער וואָס איז ווערט צו האָבען אַזאַ שוועסטער. איך האָב אָבער נישט געוואוסט אז איהר האָט פערביטען אייער נאָמען עזרא אויף מרדכי.

— איך הייס טאַקע אויך מרדכי, איך הייס עזרא מרדכי קאָהן.

— זייט איהר פון איין משפחה מיט די קאָהן׳ס ?

— נישט מעהר ווי דאָס מיר זיינען אידען. איך בין צוגע־בונדען צו זיי ווייל זיי האָבען מיר געגעבען אַ ווינקעלע אין זייער הויז. אַלע אידען זיינען דערבאַרמיגע מענשען. מען זעהט אַמאָל אַ אידען און מען מיינט אז ער איז שלעכט . זיין הארץ איז אָבער זעהר אָפט גוט און ליעב. מיך אַרט נישט וואָס זיי זיינען אונווי־סענד, אבי זיי זיינען גוט.

— איהר וועט דאָך אָבער זיי קענען פערלאָזען איצט ווען איהר האָט געפונען עפּעס וואָס איז אייך נאָך טהייערער — האָט דעראָנדא געפרעגט און זיך געשראָקען אז דאָס וועט איהם נישט

אזוי לייכט אָנקומען — איך האַלט עס גאַנץ ריכטיג אזוי, נישט ? איהר דאַרפט איצט וואוינען צוזאַמען מיט אייער שוועסטער. איך האָב שוין געדונגען א וואוינונג פאר אייך נישט ווייט פון מיינע פריינד וואו מירא האַלט זיך אויף. טהוט מיר דאָס צוליעב, איך בעט אייך. איך וועל קענען גיכער זיין מיט אייך ווען מירא וועט דאַרפען אוועקגעהן פון הויז, דאָס וויל איך צוליעב מיר. די הויפּט זאַך איז אָבער וואָס מירא וועט וועלען זיין מיט אייך, איהר וועט האָבען דאָרט ביכער, איך וועל לערנען ביי אייך, מיר וועלען צוזאַמען שפּאַצירען צום טייך און די בוימער, איהר וועט אויך האָבען די רוה און בעקוועמליכקייט וואָס איהר דאַרפט. דאָס פאָדער איך פון אייך נאָך דעם ווי איך האָב אייך געפונען.

דעראָנדא האָט גערעדט אין א טאָן פון געבעט און ליעבע ווי ער וואָלט זיך דאָס געבעטען ביי זיינס אַן עלטערען ברודער. מרדכי האָט געהאַלטען די אויגען אָפען, איהם שטאַרק אָנגעקוקט און שוויי־גענגדיג א מינוט האָט ער געענטפערט פלוצלונג :

— און איהר ווילט אַז איך זאָל צווייפלען דאָס איהר זיינט געבוירען א איד ! זיינען מיר נישט פון דער ערשטער מינוט צו־געבונדען געוואָרען איינער צום צווייטען ? מיר קומען אַרוים פון איין וואָרצעל. איך וויים וואָס מיט מיר טהוט זיך. איך בין אָרים, איך בין קראַנק, איך האַלט ביי שטאַרבען. אונזערע נשמות קענען זיך אָבער איינם דאָס אַנדערע. זיי קוקען שטיל פונקט ווי זיי וואָל־טען א לאַנגע צייט געווען צושיידט און אַז זיי האָבען זיך אויסגע־פונען האָבען זיי געשוויגען ביז זיי האָבען דערפיהלט אַז זיי זיינען איינס. דאָס לעבען פון פאָלק ישראל איז אין אייער בלוט !

דעראָנדא איז געזעסען שטיל. מרדכי'ס ווערטער האָבען איהם אָבער געקלונגען אין די אויערען און ער האָט נישט געוואוסט צו ער זאָל זאָגען יאָ אָדער ניין. ער האָט געוואַרט און געוואָלט הערען וואָס מרדכי וועט איהם זאָגען וועגען דעם איבערקלייבען זיך אויף דער נייער וואוינונג. מרדכי האָט געטראַכט א צייט און געזאָגט דערנאָך :

— וואָס איהר פערלאַנגט פון מיר וועל איך טהאָן. מיין מאַ־מע עליה השלום וואָלט דאָס אויך פערלאַנגט פון מיר. איך וועל

אָננעהמען דאָס וואָס איהר טהוט פאַר מיר. מירא'ס היים וועט זיין מיין היים.

אַ מינוט האָט ער געשוויגען און צוגעגעבען טרויעריג:

— עס פערשאַפט מיר אָבער יסורים וואָס איך וועל זיך צושיי־דען מיט דער פאַמיליע און זייערע קליינע קינדערליך. זאָגט איהר זיי דאָס, מיין הארץ וועט עס נישט קענען.

— איך האָב באַלד געוואוסט אַז איהר וועט מיר הייסען מיט זיי איבעררעדען וועגען דעם — האָט דעראָנדאַ געזאָגט צופריעדען וואָס מרדכי האָט באַלד מסכים געווען — זאָלען מיר זיי שוין זאָגען?

— יאָ, לאָמיר נישט אָבלייגען. עס מוז דאָך געטהאָן ווערען — האָט מרדכי געזאָגט אויפהויבענדיג זיך פון אָרט ווי איינער וואָס נעהמט זיך פאַר צו טהאָן אַ זאַך וואָס וועט איהם נישט ווניג וועה טהאָן — יאָ, איהר זאָלט אָבער נישט צופיעל דערצעהלען זיי וועגען מיין שוועסטער.

אַז זיי זיינען אַריין אין פאַרלאַר האָט מרדכי געזאָגט יעקב'ן:

— רוף אַריין דעם טאַטען און זאָל שרה דערווייל שטעהן אין קראָם. מיין פריינד האָט עפּעס צו זאָגען — האָט ער שוין געזאָגט צו דער אַלטער פרוי קאָהן.

פאַר איהר און דער שנור האָט אויסגעזעהן אַזוי מאָדנע וואָס מרדכי רופט אַזאַ רייכען יונגען מאַן „פריינד", האָבען זיי געוואָלט בעווייזען אַז זיי בעציהען זיך העפליך צו איהם און איהם פאַרגע־לייגט זיך זעצען אויפ'ן בעסטען פלאַץ וואָס עס איז נאָר געווען.

עזרא קאָהן איז אַריין פון קראָם מיט אַ בליי אונטער'ן אויער. ער האָט זיך געריבען איין האַנד אָן דער אַנדערער פאַר צופריעדענ־הייט און געזאָגט צו דעראָנדאַ'ן:

— איך בין זעהר צופריעדען, מיין הערר, וואָס איהר פער־שאַפט אונז דעם כבוד קומענדיג צו אונז, ביי אונז איז זעהר בעק־וועם, נישט אַזוי?

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַזאַ רוהיגער און גליקליכער. זיין יונג ווייב איז געזעסען און געוויעגט דאָס קינד. די מוטער האָט געהאַלטען אַדעלעיד'ן און זיך געשפּיעלט מיט איהר. אַלץ איז גע־ווען אַזוי בעקוועם און ליעב און דעראָנדאַ האָט אָנגעהויבען רעדען:

— איך האָב ערשט עפּעס דערצעהלט מרדכי'ן וואָס מאַכט אַ גרויסע ענדערונג אין זיין לעבען. איך האָף אַז איהר וועט איינ־שטימען מיט מיר אַז דאָס איז אַ פרעהליכע נייעס און ווייל ער האַלט אייך פאַר זיינע בעסטע פריינד וויל ער איך זאָל דאָס אייך גלייך דערצעהלען.

— איהר האָט געפונען זיינע רייכע קרובים? — האָט עזרא אַרויסגעשאָסען, וועלענדיג בעווייזען דעראָנדאַ'ן אַז ער פערשטעהט אַן עסק.

— ניין, נישט אין גאַנצען אַזוי — האָט דעראָנדאַ געשמייכעלט — נאָר זעהר אַ טהייערע קרובה זיינע וויל מיט איהם וואוינען צוזאַמען. אַ זעהר גוטע און ליעבע שוועסטער וואָס וועט אויף איהם שטאַרק אַכטונג געבען.

— אַ פערהייראַטע?

— ניין.

— אָבער אַ רייכע?

— זי האָט טאַלאַנט וואָס פערזיכערט איהר מיט שעהנע פּרנסה. עס איז שוין דאָ גרייט אַ וואוינונג פאַר מרדכי'ן.

אַ צייט האָבען אַלע געשוויגען און די אַלטע האָט זיך אָנגע־רופען מיט בעדויערונג:

— אַזוי, אַזוי, איהר פערלאָזט אונז, מרדכי, איאָ?

— איהר וועט דאָרט נישט האָבען אַזעלכע וואוילע קינדער — האָט די יונגע פרוי קאָהן בעדויערט.

— קיין יעקב וועט איהר דאָרט האָבען, קיין רבקה'לע און קיין דזשעניע אויך נישט — האָט די אַלטע טרויעריג געזאָגט.

— אוי, אוי, יעקב וועט פערגעסען אַלץ וואָס ער האָט געלער־רענט — האָט עזרא געזאָגט — ער וועט מוזען געהן אין שולע. עס וועט איהם זיין צו שווער.

יעקב איז געשטאַנען און אַלץ אויסגעהערט. ער האָט דער־פיהלט אַז קיין גרויס נחת וועט דאָס איהם נישט פערשאַפען. אין אָנפאַנג ווען דעראָנדאַ האָט גערעדט האָט ער נישט פערשטאַנען אַז מרדכי וועט אַוועקגעהן פון הויז אויף אימער, נאָר אַז דער פאָטער האָט געזאָגט אַז דאָס וועט פאַר איהם זיין צו שווער האָט ער זיך צואַוויינט. רבקה'לע האָט געזעהן דעם ברודער וויינען האָט זי אויך

געוויינט. זי האָט שטענדיג געטהאָן דאָס זעלבע וואָס איהר ברודער. דאָס קינד איז וויגעלע האָט גענומען וויינען און דאָס גאַנצע הויז איז געוואָרען פול געוויין.

די דערוואַקסענע האָבען גענומען איינשטילען די קינדער און מרדכי איז שטאַרק געריהרט געוואָרען פון דער סצענע. ער האָט צוגערופען יעקב׳ן. ער האָט אויפגעהערט וויינען און דער פאָטער האָט איהם צוגעזאָגט נעהמען אין צירק, איז ער שוין אביסעל רוהי־גער געוואָרען, און צוגעלאָפען צו מרדכי׳ן. מרדכי האָט אַנגעשפאַרט זיין קאָפּ ביי זיך אויף דער ברוסט און געשוויגען. עזרא האָט דערפיהלט אַז אַלס פאָטער און בעל הבית מוז ער פערגלעטען דעם איינדרוק פון זייער שוואַכקייט און ער האָט געזאָגט צו דעראַנדראַ׳ן:

— עס איז נישט דערפאַר וואָס מיר פערגינען נישט דעם גליק מרדכי׳ן, מיר זיינען נישט אַזעלכע מענשען. ווען מרדכי זאָל זיך זאָגאַר עפּעס אַזאַ געשעפט ווי מיינס לעבען מיר ווערט מיך אויך נישט אַרען. עס אַרט מיך אויך נישט דאָס געלד וואָס איך וועל דאַרפען צאָהלען פאַר יעקב׳ן. נאָר די מאַמע און מיין פרוי מיט די קינדער זיינען שטאַרק צוגעבונדען צו איהם, זיי האָבען איהם ליעב און עס איז זיי שווער צו שיידען זיך. זיי האָבען ווייכע נאַטורען און איהר ווערט אונז ענטשולדיגען וואָס זיי ווייזען נישט אַרויס קיין פרייד. ווענען מרדכי׳ס יונגע שוועסטער מעגט איהר אַליין פער־שטעהן אַז מיר זיינען זעהר צופריעדען. מיר וועלען זיין גליקליך אַז מרדכי ווערט גוט זיין, לאָמיר עס נאָר דערלעבען צו זעהן. און איידער דעראַנדראַ האָט נאָך עפּעס געקענט ענטפערען האָט מרדכי זיך אָנגערופען:

— מיינע פריינדע! צוליעב עסען, קליידונג און אַ וואוינונג וואָלט איך אייך קיינמאָל נישט פערביטען אויף אַן אַנדערען. איהר האָט מיך זעהר גוט בעהאַנדעלט און מיט גרויס ליעבע. איך האָב טאַקע געדענקט צו זיין ביי אייך אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבען. און לאַנג וועל איך דאָך שוין נישט לעבען. נאָר אַז גאָט האָט מיר אַזוי געהאָלפען און האָט מיר מיין שוועסטער צוגעשיקט, מוז איך אַוועקגעהן פון אייך.

— איך דענק אַז יעקב ווערט קענען קומען צו מיר — האָט ער זיך געווענדעט צו דעראַנדראַ׳ן.

— זיכער, עס איז דאָך נישט ווייט, עס איז אין בראַמפּטאָן — האָט דעראָנדא געענטפערט.

יעקב האָט זיך ביסלעכווייז בערוהיגט און אויפגעהערט צו וויינען. ער האָט דאָך געוואָלט הערען וואָס מען רעדט און דאָס וויינען האָט איהם געשטערט. אז ער האָט דערהערט דאָס ער וועט קענען קומען צו מרדכי'ן האָט ער אויפגעלעבט. ער האָט זיך דער־מאָנט אין די קיכלעך און נאַשוואַרג וואָס ער האָט אמאָל בעקומען ווען ער איז געווען ביי זיין זיידען. ער האָט אָנגעהויבען טאַנצען און שפּרינגען איבער'ן שטוב פאַר פרייד.

— זאָלען זיי אייך נאָר געבען כשר עסען — האָט די אַלטע מורא געהאַט — איהר זאָלט זיך נאָר קענען פערלאָזען אויף די מענשען.

— זאָרג זיך נישט, מאַמע, זאָרג נישט, מעגסט זיין זיכער אין דעם — האָט עזרא זי בערוהיגט און געוואָלט אַוועק אין גאַנצען פון דעם שמועס, מורא האָבענדיג אז דאָס שמעקט ניט דעראָנדא'ן און ער האָט צו איהם געזאָגט:

— עס איז נאָך בעסער ווי לערנען זיך דאָס וואָס איהר האָט דערצעהלט מרדכי'ן. איך האָב באַלד געטראַכט אז דאָ מוז עפּעס זיין.

— מרדכי וועט אייך געווים דערצעהלען וועגען וואָס איך בין איהם געקומען זוכען — האָט דעראָנדא געזאָגט און זיך אויפגעהוי־בען און געוואָלט אַרויסגעהן.

אַלע האָבען איהם שטאַרק געבעטען, ער זאָל נאָך אמאָל קומען צו געהן. זיי האָבען אָבגעמאַכט אז עזרא זאָל זיך באַלד אויף מאָר־גען איבערקלייבען. מרדכי האָט נישט געוואָלט לאָזען דעראָנדא'ן אליין געהן האָט ער זיך אָנגעטהאָן דעם פּאַלטאָ און דאָס האַלזטוך און איז מיט איהם אַרויסגעגאַנגען.

עס איז געווען אַ פייכטער אָבענד. דעראָנדא האָט מורא גע־האַט מרדכי זאָל זיך נישט צוקיהלען און נישט געוואָלט איהם לאָ־זען געהן ווייט. מרדכי איז אָבער געווען אין אַזאַ שטימונג אז קיין זאַך האָט איהם נישט געקענט אָבהאַלטען, און ער איז אַלץ ווייטער און ווייטער געגאַנגען מיט איהם. אז זיי זיינען שוין געווען אין עק גאַס האָט דעראָנדא אַ זאָג געטהאָן:

— מיראַ וועט וועלען זיי דאַנקען פאַר דעם גוטס וואָס זיי האָבען איייך געטהאָן. איהר אַליין ווילט אודאי אויך אַז זי זאָל קומען צו זיי דאַנקען, נישט אַזוי?

מרדכי האָט נישט גלייך געענטפערט. אַ צייט האָט ער געטראַכט און ענדליך געזאָגט:

— איך וויים נישט, איך האָב מורא אַז נישט. זיי האָבען צער פון דעם וואָס איך פערלאָז זיי און אַז מיין שוועסטער וועט קומען וועט דאָס זיי דערמאָנען אָן זייער וועהטאָג. ביי זיי איז אַ געשיכטע מיט אַ טאָכטער און אַ שוועסטער וואָס איז אַוועק פון זיי און וועט קיין מאָל נישט צוריקקומען. נאָר צוריק געשמועסט, ווער ווייסט וואָס שפּעטער וועט זיין? זיי בעטען דאָך צו גאָט אפשר וועט ער זייער תפלה צוהערען. איך פיהל אַז איצט איז דער אָנפאַנג פון דער גאולה און איהר וועט מוזען הערען מיין געבעט און פערווירקליכען.

דעראָנדאַ האָט איהם שטאַרק די האַנד געדריקט און איז אַוועק געגאַנגען.

## 35טער קאַפּיטעל.

דעראָנדאַ האָט געקויפט נייע וואַרימע מלבושים פאַר מרדכי'ן, טייערע וועש, און אַ ברוינעם מאַנטעל ווי עס טראָגען די מאָנארכען. ער איז צופריעדען געווען טראַכטענדיג ווי שעהן מרדכי וועט אויסזעהן אין די קליידער. און אַז ער האָט זיך דערמאָנט ווי גליקליך מיראַ וועט זיין אַז זי וועט זעהן איהר ברודער אָנגעטהאָן שעהן, איז ער נאָך צופריעדענער געווען. אויף אַ מינוט איז איהם זאָגאַר איינגעפאַלען אַז עס וואָלט בעסער געווען ווען מיראַ זאָל איהם דאָס ערשטע מאָל זעהן אין זיינע אָרימע קליידער, ער וועט איהר נאָך אפשר פיעל מעהר געפעלען און זי וועט איהם נאָך מעהר ליעב האָבען.

נאָר אַז ער האָט אַ טראַכט געטהאָן פון די מייריקס, האָט ער זיך געשראָקען, אַז זיי וועלען אויף איהם קוקען ווי אויף אַ בעטלער, זיי וועלען לאַכען פון דעם אָרימען אידען, איז שוין בעסער ער זאָל געהן אָנגעטהאָן רייך.

דעם זעלבען אָבענד נאָכדעם ווי מיראַ איז אַוועק שלאָפען,

האנס איז אויך געווען אין הויז, האָט פרוי מייריק געהייסען פער־לעשען די לאָמפּ און אַלע קינדער צוגערופען צום אויווען און גע־זאָגט אַז זי האָט זיי זעהר וויכטיגעס צו דערצעהלען.

— אהא, איך האָב באַלד געוואוסט, אַז די מאַמע טראָגט עפּעס אַ סוד אין זיך — האָט קייטי געזאָגט. זיי האָבען זיך אַלע ארום איהר אויסגעזעצט גרייט צו הערען.

— אויב איהר זייט אַזוי קלוג, ווייסט איהר דאָך אודאי אַז מירא'ס ברודער איז געפונען געוואָרען — האָט זי געזאָגט.

— דער טייוועל זאָל עס נעהמען — האָט האנס אַ געשריי געגעבען.

— דאָס איז נישט שעהן — האָט מאַב געזאָגט — שטעל דיר פאַר מיר האָבען דיך פערלוירען...

— איך קען זיך נישט העלפען, עס שמעקט מיר אָבער אויך נישט — האָט קייטי געזאָגט — און איהר מוטער, וואו איז זי?

— די מוטער איז געשטאָרבען.

— איך האָף אַז דער ברודער איז נישט קיין שלעכטער מענש — האָט איימי געזאָגט.

— אַ מאַן מיט אַ שטענדיגען שמייכעל, פול בעהאַנגען מיט דימאַנטען און בריליאַנטען און געהט שטענדיג אין אַ הוט — האָט האנס זיך גיפטיג צוואוויצעלט.

— אָ, זענט איהר אַזעלכע שלעכטע — האָט די מוטער גע־זאָגט — אייך אינטערעסירט גאָר ניט מירא'ס פרייד?

— אַז זי געדענקט דאָך גאָר נישט איהר ברודער — האָט קייטי געזאָגט.

— מענשען וואָס זיינען צוועלף יאָהר געווען פערלוירען, דאַר־פען נישט מעהר צוריקקומען — האָט האנס גע'טענה'ט — זיי זיינען שטענדיג אַ שטערונג.

— עס איז אַזוי גוט אַז מען געפינט זיך — האָט איימי גע־זאָגט — מען האָט זיך זעהר פיעל צו דערצעהלען.

פרוי מייריק האָט זיי האַלב דערצעהלט וואָס זי האָט געוואוסט. זי האָט פאַר זיי קיין זאַך נישט פערבאָרגען און זי האָט געענדיגט אַז הערר דעראָנדא האָט דעם גרעסטען רעספּעקט פאַר איהם, ער

האַלט זעהר פיעל פון איהם און ער זאָגט, אז נאָר אזא שוועסטער ווי מירא וועט איהם קענען פערשטעהן.

— דעראָנדא ווערט פעררירקט וועגען די אידען — האָט האנס גערעדט מיט פעראַכטונג, איז אויפגעשפרונגען, דעם שטוהל אוועקגעשטופּט און צוגעגעבען — ער טהוט אַלץ וואָס ער קען אז מירא זאָל בלייבען אזוי אבערגלויביש ווי זי איז.

— שעהם זיך, האנס, אזוי צו רעדען וועגען הערר דעראָנדא האָט מאַב געזאָגט. פרוי מייריק איז אויך געווען אויפגערעגט איבער זיינע רייד, זי האָט זיך אָבער בעהערשט און גאָר נישט גערעדט.

— איצט וועלען מיר שוין ניט זיין צוזאַמען — האָט האנס ווייטער גערעדט, געהענדיג איבער'ן צימער מיט די הענד אין די קעשענעס — מיר וועלען אָבער מוזען איינלאַדען איהר ברודער, דעם אליהו הנביא, אויף טהעע און מירא וועט פון קיין זאַך נישט טראַכטען נור פון ירושלים. זי וועט זאָגאר שוין ניט זיין אזא גוטע זינגערין, איהר וועט זעהן. אַלץ איז קאַליע, אונזער היים און אַלצדינג. איך וועל זיך נעהמען צו שכור'ען...

— האנס! די מענער זיינען די ערגסטע בעשעפענישען אויף דער וועלט — האָט קייטי געזאָגט אונגעדולדיג — די מענער מוזען האָבען דאָס וואָס זיי ווילען אז נישט ווערען זיי אונערטרעגליך.

— א, א, עס איז שרעקליך — האָט מאַב געשריגען — זיי זיינען עפּעס אזוי ווילד...

— איך וואָלט געוואָלט וויסען וואָס פאַר א נוצען האָט דיר געבראַכט דער אוניווערזיטעט און די גאַנצע בילדונג אז דו ביזט אזוי קינדיש — האָט איימי זיך אָנגערופען צו האַנסען — וואָלסט געדאַרפט זיין צופריעדען וואָס אזא מאַן האָט זיך געפונען וואָס דו זאָלסט איהם קענען רעספּעקטירען. מיר וועלען עס יאָ אזוי טהאָן.

— איך האָף אז איהר וועט אַלע ליעב האָבען צו הערען די נייע קלאָג ליעדער פון דעם היינטיגען ירמיהו, מירא'ס ברודער — האָט האנס געזאָגט און גענומען זיין הוט — איהר וועט זיין גאָר צופריעדען. וואָס טויג מיר מיין גאַנצע בילדונג אז איך מוז זיין

צווישען משוגע׳נע און ווילדע פאַנטאַזיאָרען. אַ גוטע נאכט, מאַמע, אַ גוטע נאכט, שוועסטער!

— ווען מירא זאָל וויסען ווי דו פיהרסט זיך — האָט קייטי געזאָגט. — ער האָט אָבער גאָרנישט געענטפערט, איז אַרויסגע־גאַנגען און שטאַרק צוגעקלאַפּט די טהיר אַז דאָס גאַנצע הויז האָט געציטערט׳

— איך וואָלט געוואָלט זעהן מירא׳ן דעמאָלט ווען דעראָנדאַ וועט איהר דערצעהלען פון איהר ברודער, זי וועט דאַמאָלס זיין זעהר שעהן.

דעראָנדא האָט אָבער אַנדערש געטהאָן. ער האָט געשריעבען אַ בריעף צו פרוי מייריק אַז זי זאָל נישט וואַרטען אויף איהם, נאָר זי זאָל מירא׳ן אַלץ דערצעהלען. ער האָט נישט געוואָלט אַליין דערצעהלען, מירא זאָל נישט מיינען אַז ער בעריהמט זיך דערמיט פאַר איהר און ער ווייזט איהר וואָס פאַר אַ גוטער מענש ער איז.

דעם אמת׳ען טעם פאַרוואָס ער וויל אַליין נישט דערצעהלען האָט ער נישט געשריעבען דער פרוי מייריק, נאָר אַז ער וויל זיי־צען אין שטוב מיט מרדכי׳ן ווען זי וועט אַריינקומען מיט מירא׳ן. זאָל אויך מירא קומען אין זיין אַלטע וואוינונג און איהם אַליין בעטען זיך איבערקלייבען.

דעראָנדא האָט זיך אויך געשראָקען טאָמער וועט מרדכי נישט האָבען אזוי פיעל ליעבע פאַר מירא׳ן ווי זי דערוואַרט. עס וועט זאָגאַר נישט זיין קיין וואונדער אַז נישט. יאָהרען לאַנג זיצט ער עלענד און איינזאַם אין זיין צימער און טראַכט נור וועגען איין זאַך, וועלכע ער גיט אַוועק זיין גאַנצען לעבען, און ווער ווייס צו ער וועט נאָך האָבען אַביסעל ליעבע פאַר זיין פערלוירענער שוועסטער.

ער האָט אפילו געזעהן ווי ליעב מרדכי האָט דעם קליינעם יעקב, ער האַלט איהם ווי אַן אייגען קינד, ווי אַן איינציג קינד. אַז ער איז דאָך אָבער שטענדיג געוועזן מיט איהם צוזאַמען. ווער ווייסט צו ער וועט ליעב האָבען מירא׳ן? ער האָט דאָך קיין מאָל וועגען איהר נישט גערעדט, ער האָט זאָגאַר נישט פאָרגעלייגט צו געהן וואוינען אין איין הויז מיט מירא׳ן. יאָ, אַז ער האָט איהם געזאָגט וועגען דעם, איז ער בעשטאַנען דאַרויף. דאָס האָט טאַקע דעראָנדאַ׳ן שטאַרק געוואונדערט און אַביסעל בעאונרוהיגט.

ער האָט געבראַכט די נייע מלבושים צו מרדכי'ן און מרדכי האָט איהם געפאָלגט און זיך איבערגעטהאָן. דערנאָך האָט ער גע־שמייכעלט און געזאָגט:

— איך וויל האַלטען די אַלטע קליידער פאַר אַן אַנדענקען... זיי זיינען ביידע געזעסען שטיל און געוואַרט פאַר מיראַ'ן.

מרדכי איז געזעסען אָנגעשפּאַרט אוויפ'ן שטוהל מיט פער־מאַכטע אויגען און אַ פערציטערטער. כאָטש ער איז גליקליך גע־ווען מיט זיין געפונענע שוועסטער האָט ער דאָך עפּעס שטיל מורא געהאַט.

דעראָנדאַ איז מיט דעמזעלבען געפיהל אָנגענומען געוואָרען און אויך געציטערט, נישט וויסענדיג אַליין פאַר וואָס.

אַז ער האָט דערהערט אַ קלונג, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויס אין קאָרידאָר זעהן פריהער מיראַ'ן איידער זי וועט אַריינגעהן צו מרדכי'ן. פאַרוואָס ער טהוט דאָס און צוליעב וואָס האָט ער אויך נישט געוואוסט.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיראַ'ן און דערזעהן אַז זי געהט אין זעלבען קלייד, אין פאַטשיילע און אין אייגענעם ווייל וואָס זי געגאַנגען יענעם טאָגביים טייך.

אַז זי האָט זיך דאָס אָנגעטהאָן האָט זי פרוי מייריק געפרעגט:

— דו ליעבסט צו געהן אין דעם קלייד?

— מיין ברודער איז אָרים — האָט מיראַ געענטפערט — און איך וויל אויסזעהן פּונקט ווי ער, אַ ניט וועט ער זיך פיהלען פרעמד צו מיר.

זי האָט געמיינט אַז זי וועט איהם טרעפען אין זיינע אַרבייטס קליידער. דעראָנדאַ האָט זי דערזעהן און ער האָט זיך פערשעהמט פאַר איהר, וואָס ער האָט איבערגעטהאָן מרדכי'ן און נישט פער־שטאַנען אַזוי פיעל ווי מיראַ...

ער האָט איהר דערלאַנגט די האַנד, זי וואַרים געדריקט. זי איז שטאַרק בלייך געוואָרען און געוואָרען פערזאָרגט און פול מיט שרעק.

דעראָנדאַ האָט געעפענט די טהיר און האָט דערזעהן ווי מרדכי האָט זיך אויפגעשטעלט און קוקט צו דער טהיר מיט אַזוי פיעל ליעבע און איבערגעבענהייט.

מירא האָט געמאכט עטליכע טריט און זיך אָבגעשטעלט. זי זיינען ביידע געשטאַנען אין מיטען צימער, קיין וואָרט נישט אויס־גערעדט און קיין בעוועגונג נישט געמאכט.

אזוי ווי זיי האָבען זיך דערזעהן האָבען זיי זיך דערמאָנט אין פיעל שוין לאַנג פערגעסענע זאכען. די מוטער איז ווי לעבעדיג פאַר זייערע אויגען געשטאַנען. ענדליך האָט מירא אָנגעהויבען רעדען, נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט:

— עזרא! — האָט זי פּלוצלונג אזאָג געטהאָן אין דעם זעלבען קול וואָס די מוטער פלעגט איהם רופען.

מרדכי איז צו איהר צוגעגאַנגען, ארויפגעלעגט זיינע הענד אויף איהר, ער איז געווען א סך העכער פון איהר, האָט ער זיך אראָפּגעבויגען צו איהר, געקוקט אויף איהר מיט גרויס ליעבע און געזאָגט:

— דאָס איז דאָך אונזער מאמעס שטימע געווען, געדענקסט ווי זי האָט מיך גערופען?

— יאָ, איך געדענק. און אויך ווי דו האָסט געענטפערט: „מאמע!" איך ווייס דו האָסט זי ליעב געהאַט...

זי האָט ארומגעכאַפּט זיין האַלז מיט איהרע הענד, פערלייגט איין אויף דער אַנדערער, ארונטערגעצויגען זיין פּנים און היים גע־קושט. איהר הוט איז ארונטערגעפאַלען און איהרע שעהנע לאָקען האָבען זיך בעוויזען צושפּרייט איבער'ן שעהנעם האַלז.

— א, טייער קעפּיל, טייער קעפּיל — האָט מרדכי אין א שטי־לען ליעבען טאָן געזאָגט גלעטענדיג מיט זיין דאַרע האַנד איהרע שעהנע לאָקען.

— ביזט זעהר קראַנק, עזרא — האָט מירא טרויעריג געזאָגט, ווען זי האָט זיך גוט איינגעקוקט אין איהם.

— יאָ, מיין טייער קינד, איך וועל נישט לאַנג לעבען מיט דיר — האָט ער רוהיג געענטפערט.

— אוי, ווי איך וועל דיך ליעב האָבען! — האָט מירא גע־רעדט און איהר שטימע האָט געקלונגען ווי א פויגעל געזאַנג — מיר וועלען שמועסען, רעדען איינס מיט דאָס אַנדערע. איך וועל דיר אַלץ דערצעהלען און דו וועסט מיך לערנען. וועסט מיך לער־נען צו זיין א גוטע און געטרייע אידישע טאָכטער, אזוי ווי די מא־

מע וואָלט געוואָלט . איך וועל שטענדיג זיין מיט דיר, איך אַרבייט איצט, איך וועל נאָר אַוועקגעהן אַרבייטען, אָבער אויסער דעם וועל איך שטענדיג זיין מיט דיר. איך וועל פערדינען געלד פאַר אונזביידע. איך האָב דאָ אַזעלכע גוטע פריינד.

מירא האָט די גאַנצע צייט וואָס זי האָט גערעדט, געהאַט פער־געסען אַז אויסער איהר מיט מרדכי׳ן זיינען נאָך מענשען דאָ אין צימער. איצט האָט זי זיך ערשט דערמאָנט און געקוקט אויף דע־ראָנדאַ׳ן און פרוי מייריק. פרוי מייריק האָט זיך אויך נישט גע־קענט איינהאַלטען און שטאַרק געריהרט געוואָרען פון דער סצענע צווישען ברודער און שוועסטער. זי האָט אויך ליעב בעקומען מרדכי׳ן, זי האָט דערפיהלט אַז ער איז אַ וואונדערבאַרער מענש, נאָך מעהר וויפיעל דעראָנדאַ האָט איהר וועגען איהם דערצעהלט.

— זעהסט, די טייערע פרוי — האָט מירא געזאָגט צו איהר ברודער, וויזענדיג אויף פרוי מייריק — איך בין געווען אַ פרעמדע, אַן אָרימע וואַנדערין און זי האָט מיר געגלויבט און נאָך בעהאַנדעלט ווי אַן אייגען קינד. גיט אייער האַנד מיין ברודער, איך בעט אייך —האָט זי זיך געווענדעט צו פרוי מייריק, נעהמענדיג איהר האַנד און אַריינגעלעגט אין מרדכי׳ס, זי האָט זיי צוזאַמענגעדריקט מיט איהר האַנד און גענומען צום מויל און אַזוי ליעב געקושט...

— דער אייביגער גאָט איז געווען מיט אייך — האָט מרדכי געזאָגט צו פרוי מייריק — איהר האָט געהאָלפען פערווירקליכען אונזער מאַמעס געבעט...

— איך דענק אַז מיר וועלען איצט אַוועקגעהן און צוריק קומען שפּעטער, יאָ ? — האָט דעראָנדאַ געזאָגט און לייכט אַ דריק גע־טהאָן פרוי מייריק׳ס האַנד, נעהמענדיג זי אונטער׳ן אָרעם. זי איז גלייך נאָכגעגאַנגען. ער האָט מורא געהאַט אַז מירא וועט איצט אָנהויבען רעדען וועגען איהם און זי וועט מרדכי׳ן דערצעהלען אַ סך זאַכען וועגען איהר וועלען זיך דערטרינקען, וואָס ער האָט איהם נישט געוואָלט דערצעהלען. ער האָט שוין אויך געפיהלט אַז זיי וועט נישט זיין צו שווער בלייבענדיג אַליין, זיי האָבען זיך שטאַרק ליעב...

# 36טער קאַפּיטעל

גראַנדקאָרט איז געווען אַ גוטער ענגלישער פּאַטריאָט, ער האָט ליעב געהאַט זיין לאַנד, נאָר אין דער פּאָליטיק האָט ער זיך נישט געמישט. אויב עפּעס האָט איהם אינטערעסירט איז נאָר אַזעלכעס וואָס האָט אָנגעריהרט זיין פערמעגען.

דאָס וואָס ער האָט זיך נישט געמישט אין קיין פּאָליטיק איז נישט געווען דערפאַר וואָס ער איז געווען אונוויסענד און נישטגע־לערענט. ער האָט גראַד די אַלע זאַכען געוואוסט, ער האָט אָבער געלאַכט פון דעם אַלעם און געזאָגט אַז עס אַרט איהם נישט און עס געהט איהם גאָר נישט אָן.

אַז עס האָט זיך אָבער געהאַנדעלט אָן אַ זאַך וואָס האָט איהם אָנגעריהרט איז ער געווען זעהר קלוג און אויסגערעכענט און מיט דער גרעסטער כיטראָסט געטהאָן אַלץ אַז עס זאָל זיין ווי ער וויל.

די מינדעסטע בעוועגונג פון גווענדאָלין בנוגע דעראָנדאַ'ן איז איהם בעקאַנט געווען. ער האָט אַלץ געזעהן און אַלץ געוואוסט. און נישט צוליעב אייפערזוכט האָט ער אַזוי שטאַרק געהיט גווענ־דאָלין'ס טריט. דאָס איז איהם נישט אָנגעשטאַנען. עס וואָלט געווען אַ סימן אויף זיין שוואַכקייט אַנטקעגען איהר אַז ער קען זי נישט בעהערשען. פערקעהרט: ער האָט בעשלאָסען אַז טאָמער פערליעבט זי זיך אין אַן'אַנדערען און יענער וועט זי צונעהמען פון איהם וועט איהם גאָרנישט אַארען. אַז ער וויל דאָך גאָר נישט איהר ליעבע. דאָס דאַרף ער נישט, ער וויל זי נאָר מאַכען אונטערטעניג און בעהערשען. דאָס וואָס ער וויל מוז זי טהאָן און זי טאָר קיין איין טריט אָהן זיין ערלויבניש נישט מאַכען.

עס האָט איהם זאָגאַר אויף אַ מינוט נישט באַנג געטהאָן וואָס ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט. אויף איהר קען ער דאָך אויס פּרובירען זיין מאַכט און בעסטע האַנד. זי פאָלגט דאָך איהם וואָס ער זאָגט איהר. קיין אַנדערע פרוי האָט ער דאָך אייגענטליך קיינ־מאָל נישט געזוכט. ער האָט אויך גיכער געוואָלט אַזעלכע וואָס זאָל מיט איהם מוזען חתונה האָבען אויס נויט, איידער צוליעב אמת'ער, ריינער ליעבע.

און דאָס האָט ער דאָך גוט געטראָפען אין גווענדאָלין. ער האָט

זי אָנגעהויבען פייניגען, בעהערשען אויף שריט און טריט, ער איז אָבער זעהר פּאַרזיכטיג געווען מיט זיין אָבהיטען זי, מען זאָל נישט זאָגען אז ער איז איפּערזיכטיג. ער האָט זיך אַליין אויך איינגע־רעדט אַז דאָס וואָס ער היט זי אַזוי איז דערפאַר ווייל ער וויל אָב־היטען דעם ריינעם נאָמען פון זיין פאַמיליע אָבער נישט צוליעב איפּערזוכט. דאָס געהט איהם גאָר נישט אָן.

ער איז דאָס מאָל געקומען פריהער אין לאָנדאָן ווייל ער האָט געוואָלט לאָזען שרייבען א צואה. ער האָט אויך געוואָלט איבער־שרייבען אויף זיין נאָמען די אַלע גוטער וואָס זיינען געווען פער־מאָרגייזשט. פלאַפּיעלד האָט ער אויך געדאַרפט איבערשרייבען אויף'ן אַלטען מאַלינדזשערס נאָמען און נעהמען א גרויסע סומע געלד וואָס ער האָט גראָד שטאַרק גענויטיגט.

און אויסער דעם האָט ער געוואָלט זיין אין לאָנדאָן צו בע־וויזען אין די הויכע ספערען זיין רייכקייט און זיין יונגע שעהנע פרוי, מיט וועלכער ער האָט שטילערהייט שטאַרק שטאָלצירט.

ער האָט דאָס אפילו געלייקענט און געזאָגט אז איהם איז אַלץ איינס. אויב די אידיאָטישע לאָרדען וועלען קריכען אויף אַלע פיער פאַר זיין פרוי'ס טריט, אָדער נישט. דאָס האָט ער אָבער בלויז געזאָגט, געמיינט האָט ער גאָר אנדערש.

באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין לאָנדאָן, האָט ער געמאַכט גרויסע בעלער, פערבעטען די גרעסטע לייט, געמאַכט וויזיטען ביי בעריהמטע פּערזאָנען, געריטען מיט גווענדאָלין אין די פּאַרקס, אַלע זאָלען זיך פערקוקען אויף זיי און בעוואונדערען. אָפט האָט ער הנאה געהאַט ווי א באַנדע בחורים „נאַראָנים" האָבען ארומגערינ־געלט גווענדאָלין און געמאַכט איהר קאָמפּלימענטען, עס וואָלט איהם זאָגאַר נישט געאַרט ווען זי זאָל מיט זיי א ביסעל קאָקעטירען. נאָך איהר אויפפיהרונג מיט דעראָנדא'ן האָט איהם זעהר נישט גע־שמעקט.

דעם אָבענד פון באָל, ביי ליידי מאַלינדזשער, ווען ער האָט פונקט ווי האנס בעמערקט דעם הייסען געשפּרעך וואָס איז פאָרגע־קומען צווישען גווענדאָלין און דעראָנדא, האָט ער זיך גאָרנישט גע־מאַכט וויסען וועגען דעם. און ער האָט איינגעלאַדען דעם עולם צו זיך אין פּאַלאַץ האָט ער אויך איינגעלאַדען דעראָנדא'ן, טראָכ־

טענדיג, זאָלען אַלע זעהן אַז דעראָנדא געהט מיך נישט אָן אויף א האָר. נאָר אין עטליכע טעג אַרום האָט ער זיצענדיג ביי זיך אין הויז מיט גווענדאָלין צו איהר פּלוצלונג א זאָג געטהאָן:

— קיין זאַך מאַכט נישט א פרוי אַזוי אומגעלומפּערט און נאַריש ווי דאָס וואָס זי קריכט נאָך פרעמדע מענער אין דער עפענטליכקייט. א פרוי דאַרף האָבען פיינע בענעהמונגען, אַז נישט איז דאָך אונמעגליך צו געהן ערגעץ מיט איהר.

גווענדאָלין האָט זיך שטאַרק פערשעהמט. זי האָט געפיהלט אַז יענעם אָבענד איז זי טאַקע נישט געווען פאָרזיכטיג און זיך נישט אויפגעפיהרט ווי אַן אַריסטאָקראַטישע דאַמע. זי האָט דאָך שטענדיג געוואָלט זיך בעהערשען; קיינער זאָל נישט דערקענען וואָס אין איהר הארץ טהוט זיך אָב. נאָר וואָס מעהר גראנדקאָרט האָט זי געפייניגט און איינגע׳טענה׳ט, זי זאָל זיין פון דעראָנדא׳ן פון ווייטענס האָט זי אַלץ שטאַרקער געוואָלט רעדען מיט איהם.

און וואָס ווייניגער און קלענער די שאַנסען זיינען געווען זי זאָל מיט איהם רעדען אַלץ מעהר האָט זי געזוכט א געלעגענהייט איהם צו זעהן און צו רעדען מיט איהם וואָס מעהר.

און אַז זי האָט דאָס דערפיהלט האָט זי געגלויבט אַז דעראָנדא איז פּונקט אַזוי צוגעבונדען צו איהר ווי זי צו איהם, נאָר דעראָנדא איז דאָך גאָרנישט שולדיג אַז מיט איהם איז דער פאַל נישט אַזוי, געוויס, ער האָט זי נישט אויסגעמיטען, ער האָט נאָך געזעהן זוכען איהר געזעלשאַפט, דאָס האָט ער אָבער געטהאָן נאָר דערפאַר זי זאָל נישט מיינען אַז צוליעב דעם וואָס זי האָט איהם אַלץ דערצעהלט דערווייטערט ער זיך פון איהר. ער האָט טאַקע אויך נישט געוואָלט זיין פון איהר פון ווייטענס, ווייל טאָמער וועט זי איהם דאַרפען זאָל ער זיין גרייט איהר צו העלפען. ער האָט זיך געפיהלט פערפליכטעט צו דעם, ווייל ער האָט דאָך אַרויסגערופען ביי איהר די אויפמערקזאַמקייט, נאָר ווייל זי פאָלגט איהם און הערט זיינע עצות איז זי דאָך אַוועק אויף דעם איצטיגען וועג. נאָר דאָס איז געווען אַלץ און ניט מעהר.

גווענדאָלין האָט שטאַרק געוואָלט זיך זעהן מיט מיראַ׳ן, דורכרעדען זיך מיט איהר און נעהמען ביי איהר מוזיק-לעקציעס. זי האָט בעשלאָסען אויך אין דעם צו פאָלגען דעראָנדא׳ן. זי האָט

אָבער קיינמאָל נישט געפונען קיין געלעגנהייט דאָס אויסצופיה־רען. זי האָט געוואַרט אויף דעם טאָג נאָך טאָג און גראַנדקאָרט האָט געהיט איהרע טריט און זי נישט געלאָזט א מינוט אָהן איהם.

איין פריהמאָרגען ווען זיי זיינעןביידע געזעסען און געגעסען אָנבייסען האָט זי פּלוצלונג א זאָג געטהאָן:

— איך וויל זיך נאָך א ביסעל אויסבילדען, איך וויל נעהמען מוזיק־לעקציעס.

— נאָך וואָס? — האָט ער גלייכגילטיג געענטפערט.

— נאָך וואָס? — האָט זי גענומען טענה׳ן — ווייל איך עס נישט געזונען לעבער איך זאָל קענען א סך שלאָפען. און איך קען נישט רויכערען, און ווייל איך קען נישט געהן אין קלוב און דאַנקען גאָט וואָס איך אַנטלויף פון דאָרט. איך וויל זיך צושטרייטען. אין דער צייט וואָס דו ביזט פערנומען מיט דיינע אַדוואָקאַטען און סוחרים וואָלט איך דערווייל געלערענט מוזיק ביי דער קליינער אי־דישקע וואָס זינגט אזוי וואונדערבאַר.

— טו ווי דו ווילסט — האָט ער געזאָגט, אוועקשטופּענדיג זיין טעלער און זיך אויסגעלייגט אויפ׳ן שטוהל, דורכנעהמעדיג זי מיט זיינע שאַרפע בליקען און דערנאָך האָט ער פערשלאָפען גע־זאָגט:

— איך זעה נישט איין צו וואָס א דאַמע זאָל זינגען. עס איז א נאַרישקייט. א דאַמע קען זיך נישט ריזיקירען אויף דעם וועג, אין געזעלשאַפט, און קיינער וועט דאָך נישט הערען אין הויז איהרע געשרייען...

— איך האָב ליעב אָפּען האַרציגקייט. דאָס פּאַסט זיך זעהר פאַר יעדען מאַן — האָט גווענדאָלין געזאָגט און גענומען עסען — איך דענק אָבער אז דו וועסט ניט זיין געגען דעם אז מיס לפּידוח זאָל זינגען אויף אונזער פּאַרטי? איך וויל זי איינלאַדען. ליידי ברע־קענשאַ האָט זי געהאַט ביי זיך אין הויז, דו ווייסט, די ריימאָנד׳ס וואָס זיינען זעהר איבערקלייבעניש האָבען זי אויך איינגעלאַדען. און הערר דעראָנדאַ וואָס איז דאָך אַליין א מוזיקער און אַן ערשט קלאַסיגער מבין זאָגט אז עס קען גאָר נישט געבען קיין בעסערע זינגערין ווי זי אויף א באָל. איך דענק אז אויף זיין מיינונג קען מען זיך זיכער פערלאָזען.

זאָגענדיג דאָס האָט זי געציעלט איהם א שטאָך צו טהאָן...

— עס איז מאָדנע קינדעריש פון דעראָנד'ן וואָס ער האַלט אין איין ריהמען דאָס מיידעל — האָט גראנדקארט געזאָגט גלייכגילטיג.

— קינדעריש! — האָט זי א געשריי געטהאָן רויט ווערענדיג און געקוקט איהם אין די אויגען שטארק אין כעס וואָס ער רעדט אזוי וועגען דעראָנדא'ן.

— יאָ, און בעזונדער נאָך ווען זי ווערט אזוי געשטיצט פון ליידי מאַלינדזשער. ער וואָלט בעסער געדאַרפט שווייגען וועגען איהר, מענשען קענען דערקענען וואָסערע בעציהונגען עס איז דאָ צווישען איהם מיט איהר...

— מענשען וואָס דענקען וועגען יענעם פון זיך אַליין! — האָט זי געזאָגט וועהרענדיג בלאָס אין גאנצען און געציטערט איבער איהרע אייגענע רייד.

— געווים. און א פרוי דאַרף זיך גוט צוהערען צו אזא מיינונג, אז נישט קען זי זיך לייכט אויסגליטשען — האָט ער רוהיג געזאָגט

— איך דענק אז דו האַלטסט דעראָנדא'ן פאַר א הייליגען?

— א, מיין טייערער, דאָס נישט — האָט זי זיך בעהערשט — איך האַלט איהם נאָר פאַר עפּעס בעסער פון א לומפּ...

זי האָט זיך אויפגעשטעלט, געלאָסען אוועקגעשטעלט דעם שטוהל און ארויס פון צימער. זי האָט געפיהלט ווי איינער וואָס האָט געטרונקען א סך וויין און סטארעט זיך געהן גלייך. מענשען זאָלען נישט בעמערקען, אז ער איז שכור.

זי איז אריין צו זיך אין צימער, האָט זיך פערמאַכט און גע־נומען טראַכטען לאַנג, נישט וויסענדיג אַליין וואָס זי טראַכט. זי איז ווידער בלאָס געוואָרען און איהר איצטיגער וועהטאָג איז נאָך גרעסער געווען ווי דאַמאָלט ווען זי האָט פון לידיא גלאַשער בעקו־מען דעם בריעף. זי האָט דערפיהלט ווי זי וואָלט בעקומען א שרעק־ליכען קלאַפּ אין הארצען אז עס איז איהר צושפּרונגען געווען אויף שטיקער. אמאָל האָט זי דערפיהלט ווי דאָס הארץ האָט זיך איהר אינגאַנצען אָבגעשטעלט און עס קלאַפּט נישט מעהר. נאָר אז זי האָט א טראַכט געטהאָן פון דעראָנדא'ן און זיין בילד איז אויפגע־שוואומען פאַר איהרע אויגען האָט איהר נאָך מעהר וועה געטהאָן. זי האָט געוואָלט שרייען געוואַלד פאַר גרויסע יסורים און זי האָט

נישט געוואוסט צו האָט זי די אַלע רייד וואָס גראַנדקארט האָט איהר געזאָגט טאַקע געהערט וואכענדיגערהייט אָבער עס איז נאָר בלויז א חלום.

פּלוצלונג איז איהר דעראַנדא אינגאַנצען מיאוס געוואָרען און עס האָט איהר שרעקליך באַנק געטהאָן וואָס זי האָט געטהאָן אַזא נארישקייט און געווען אזוי שטארק צוגעבונדען צו דעראַנדא'ן.. ווי האָט זי גאָר געקענט גלויבען אין אזא מענש! זי האָט זיך דער־מאָנט אין זיינע עצות און שטראָף רייד און זי האָט איהם שרעק־ליך פיינט בעקומען, זיין גאנצע שעהנקייט און נאאיוועד אויס־זעהן האָט זיך איהר אויסגעדאכט איז נישט מעהר ווי א מאַסקע, ער זאָל קענען בעהאַלטען ווי אַלע מענער זיינע מיאוס'ע מעשות...

דאָס אַלץ איז אריין שנעל אין איהר בלוט ווי א בייזער חלום. אז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די געדאַנקען איז געווען פונקט ווי זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון א שווערען שלאָף. זי האָט ארויסגעקוקט אין דרויסען און געזעהן ווי די זון שיינט אזוי ליעב און ווארים, זי האָט זיך געבאָדען אין דעם זון ליכט. עס איז איהר לייכטער געוואָרען אויפ'ן הארצען און זי האָט דערפיהלט אז דאָס איז נאָר געווען א בייזער, שרעקענדיגער חלום, קיין בייז איז נישט געשעהן, זי האָט זיך אויפגעשטעלט אויסגעראַנגעלט זיך און זיך געטראכט אזוי:

„עס איז נישט אמת וואָס גראַנדקארט האָט געזאָגט." איהר פריהעריגער שטארקער גלויבען אין דעראַנדא'ן האָט אָבער נישט זיך אומגעקעהרט, זי האָט זיך נאָר געוואָלט אָבנארען און צוריק געפינען דאָס פערלוירענע צוטרוי. דער טאָג איז דאָך אזוי גרויס, ווי אזוי וועט זי קענען איינזיצען אין הויז?

פאר שרעק האָט זי געוואָלט טהאָן מאָדנע זאכען. דאָס ערש־טע האָט זי געוואָלט געהן צו ליידי מאַלינדזשער און זי אויספרעגען אויף מירא'ן. באַלד איז איהר איינגעפאַלען שרייבען א בריעף דעראַנדא'ן און איהם אויסזידלען דערפאר וואָס ער האָט די גאנצע וועלט פער'מיאוס'ט אין איהרע אויגען. דעם גאנצען צאָרן וועט זי אויף איהם אויסגיסען.

זי האָט זיך אָבער איבערלייגט: ניין, זי וועט גאָר צופאָהרען צו מירא'ן און ביי איהר וועט זי שוין אַלץ געוואָהר ווערען.

דער געדאַנק האָט זי שוין נישט אָבגעלאָזט און געטריבען זי אויסצופאָהרען. דאָס איז דאָך גאַנץ לייכט צו טהאָן. וואָס ארט זי דען וואָס די רעזולטאַטען וועלען זיין, אבי זי וועט טהאָן דאָס וואָס זי וויל. זי האָט דאָך אויך אַ גוטען תרוץ פאַר מירא'ן וואָס זי וועט קומען צו איהר, זי וועט זאָגען אַז זי איז זי געקומען איינ־לאַדען צום באַל.

וואָס וועט זי רעדען מיט איהר? ווי אזוי וועט זי אַלץ קענען ארויסקריגען פון איהר? וועגען דעם האָט זי קוים אַ טראַכט געטהאָן. זי איז געווען אונגעדולדיג אַ סך צו טראַכטען וועגען דעם, אויסצורעכענען וואָס זי געהט טהאָן. דער געדאַנק וואָס גראַנד־קאַרט האָט אין איהר מוח אריינגעשלאָגען האָט זי שיער משוגע געמאַכט. זי האָט אַ קלונג געטהאָן, דאָס קאַמערמיידעל איז אריינ־געקומען און זי האָט זי געפרעגט:

— איז הערר גראַנדקאַרט אַוועקגעגאַנגען?

— יאָ, — האָט דאָס מיידעל געענטפערט.

זי האָט גלייך געהייסען שפּאַנען די קאַרעטע און זיך גענומען איבערטהאָן. זי איז אַרונטער אונטען, דורכגעגאַנגען דעם גרויסען זאַל און זיך געפיהלט ווי אַן אַרעסטאַנטקע אין אַ גאָלדענע תפיסה. גראַנדקאַרט וועט זיכער זיך דערוויסען וואו זי איז געווען און ער וועט זי שוין בעשטראָפען דערפאַר, עס אַרט זי אָבער ניט, זי האָט נישט געקענט אָפּלייגען איהר וויזיט, זי מוז וויסען צו האָט זי זיך נישט אָפּגענאַרט אין איהר גלויבען און צוטרויען אָן דעראָנדא'ן.

גוועענדאָלין האָט געוואוסט מירא'ס אַדרעס. זי איז געפאָה־רען אין איהר שעהנער קאַרעטע און געטראַכט אַלץ וועגען דעם ענטפער וואָס זי וועט בעקומען אויף איהר פראַגע וואָס זי האָט נאָך אַליין נישט געוואוסט ווי אזוי צו פרעגען. פאָהרענדיג אין גאַס האָט זי זיך אויף קיין זאַך נישט אומגעקוקט און זי האָט זיך גע־פיהלט ווי אַן אַנגעקלאָגטער וואָס די פּאָליציי פיהרט אין געריכט און קיין זאַך געהט איהם נישט איין.

זי איז צו צום הויז וואו מירא האָט געוואוינט און געפרעגט:

— איז מיס לפּידות אין הויז?

און אַז מען האָט איהר געענטפערט אַז יאָ, איז זי אריין אין צימער און דערהערט דעראָנדא'ס שטימע פון צווייטען צימער. זי

האָט נישט אַזוי גוט געהערט, דאָס האַרץ האָט איהר אָבער געזאָגט אַז דאָס איז ער. זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקען און אָנגעהויבען ציטערען. זי האָט אויפגעשפּיליעט די הענדטשקעס און צוריק צוגעשפּיליעט, געוואָרען אונגעדולדיג און זיך געביסען די ליפּען פאַר כעס.

אין דער מינוט איז מירא אָנגעקומען א רוהיגע און א שטילע מיט א ליעבען, גוטען שמייכעל. גווענדאָלין האָט זיך דערפיהלט לייכטער און געטרייסט ווען זי האָט מירא׳ס עהרליך פּנים דער־זעהן און זי האָט אויך געשמייכעלט. זי האָט מירא׳ן געגעבען די האַנד און זיך אוועקגעזעצט און ווידער האָט זי דערהערט דעראַ־נדא׳ס שטימע. איצט אָבער האָט דאָס זי שוין נישט געאַרט, זי האָט געזעהן אַז באַלד וועט זי זיך דערוויסען דעם גאַנצען אמת.

מיראָ האָט צוגערוקט איהר שטוהל נאָהענט צו גווענדאָלין ווי זי וואָלט געוואוסט אַז גווענדאָלין האָט איהר עפּעס צו זאָגען שטי־לערהייט. זי איז שוין געווען אונגעדולדיג און געוואָלט הערען וואָס זי וויל און ענדליך האָט גווענדאָלין שטיל און שרעקענדיג געזאָגט:

— איך דענק אַז איהר וואונדערט זיך וואָס איהר זעהט מיך איצט, איך האָב אפשר געדאַרפט פריהער אייך שרייבען, איך וועל אייך פרעגען עפּעס וויכטיגעס, איך וויל אייך עפּעס בעטען.

— איך בין זעהר צופריעדען וואָס איהר זינט דאָ אנשטאָט אַ בריעף — האָט מיראַ געזאָגט און אַליין זיך געוואונדערט אויף דער ענדערונג וואָס איז געקומען אין גווענדאָלין. זי האָט אַזוי שרעקליך בלאַס אויסגעזעהן אונטער דעם וואואַל.

— איך האָב געבענקט, איך האָב געהאָפט — האָט גווענדאָלין געזאָגט — אַז איהר וועט זיך נישט אָבזאָגען צו זינגען אויף מיין באַל וואָס וועט זיין דעם פיערטען אין אָבענד, עס וועט זיין פּינקט אַזאַ באַל ווי ביי לאָרד ברעקענשאָ, איך וואָלט אייך זעהר דאַנק־באַר געווען.

— אָ, מיט׳ן שעהנסטען פערגעניגען וועל איך עס טאָהן, אָרום צעהן אוהר אין אָבענד? — האָט מירא געפרעגט און גווענדאָלין איז אַלץ מעהר צוטומעלט געוואָרען.

— יאָ, אָרום צעהן, איך בעט אייך — האָט גווענדאָלין גע־זאָגט און געפיהלט אַז זי האָט שוין נישט מעהר וואָס צו רעדען.

זי האָט אָבער נישט געקענט אַוועקגעהן. עס איז איהר אונמעגליך געוועז זיך אויפצוהויבען און צו זאָגען אַ גוטען טאָג. דעראָנדאַ'ס שטימע האָט געקלונגען אין איהרע אויערען און זי האָט עפּעס אַנדערש ניט געקענט רעדען און אַ פראַגע געטהאָן:

— הערר דעראָנדא איז אין צווייטען צימער?

— יאָ — האָט מירא געענטפערט — ער לייענט העברעאיש צוזאַמען מיט מיין ברודער.

— איהר האָט אַ ברודער? — האָט זי געפרעגט כאָטש זי האָט דאָס שוין געהערט פון ליידי מאַלינדזשער, נאָר עס איז איהר איינגאַנצען אַרויס פון קאָפּ. — יאָ, אַ טייערער ברודער וואָס איז קראַנק, שווינדזיכטיג און הערר דעראָנדא איז זיין בעסטער פריינד, פּונקט ווי ער איז געוועזען צו מיר — האָט מירא אַזוי ווארים גערעדט ווי וועגען דאָס טייערסטע אין לעבען — זאָגט מיר, זאָגט מיר — האָט גווענדאָלין געבעטען אַרויספליגענדיג איהר האַנד אויף מירא'ס — זאָגט מיר, זאָגט מיר דעם אמת. זיינט איהר זיכער אַז ער איז אַ גוטער, האָט איהר קיין שלעכטע זאַך פון איהם נישט געהערט, אַלדאָסבייז וואָס מענשען זאָגען אויף איהם איז נישט אמת, איז פאַלש, אַ ליגען!

די שטאָלצע גווענדאָלין האָט זיך געפיהלט ווי אַ קינד. מירא'ן האָבען די ווערטער געטראָפען ווי אַ גרויסע בעליידיגונג און האַרץ וועהטאָג. מיט אַ פלוצלונג פייער אין די אויגען און אַ ציטעריגע שטימע האָט זי געזאָגט:

— ווער זיינען דאָס די מענשען וואָס רעדען שלעכטס אויף איהם? ווען אפילו אַ מלאך וואָלט געקומען און מיר דערציילט אויף איהם שלעכטעס וואָלט איך נישט געגלויבט. ער האָט מיך געפונען ווען איך בין געוועזען אַזוי אונגליקליך. איך האָב זיך געוואָלט דערטרינקען, איך האָב אויסגעזעהן אַזוי אָרים, איהר וואָלט געמיינט אַז איך בין אַ בעטלערין. ער האָט מיך בעהאַנדעלט ווי איך וואָלט געווען אַ מלך'ס אַ טאָכטער, ער האָט מיך געבראַכט צו די בעסטע צווישען אַלע פרויען, ער האָט מיר געפונען מיין ברודער, ער האַלט אַזוי בכבוד מיין ברודער, כאָטש ער איז שרעקליך אָרים, מיין ברודער האָט אויך פאַר איהם דעם גרעסטען רעספּעקט און האָט איהם שטאַרק ליעב, און דאָס איז נישט קיין קליינינקייט — האָט

מירא געזאָגט שטאָלץ — מיין ברודער איז זעהר געלערענט און א גרויסער דענקער. הערר דעראָנדא זאָגט אז וועניג מענשען קענען זיך גלייכען צו איהם אויף דער וועלט! — א ספּעציעל אידישע ארויספאָדערונג האָט געקלונגען אין איהרע רייד. זי איז אויף גווענדאָלין שטארק אין כעס געווען וואָס זי האָט גאָר געקענט גלויבען שלעכטס אויף דעראָנדא'ן.

גווענדאָלין האָט געשלונגען איהרע רייד ווי א דורשטיגע דאָס פרישע וואסער. זי האָט נישט בעמערקט אז מירא איז אויף איהר אויך בייז. איין זאַך האָט זי נאָר ארויסגענומען פון איהרע ווערטער, אז דעראָנדא איז ריין און אונשולדיג און די גאנצע געשיכטע וואָס גראנדקארט האָט איהר דערצעהלט איז א ליגען, אויסגעטראכט פון אָנהויב ביז'ן סוף. זי האָט דערפיהלט ווי אַן אויסלייזונג. עס איז ארונטער די שווערע לאסט וואָס האָט געדריקט אזוי שווער איהר הארץ, זי האָט אפילו שוין נישט געהערט וואָס מירא רעדט צו איהר. זי האָט אָנגענומען מירא'ס האנד, שטארק געדריקט און געזאָגט שטיל:

— איך דאנק אייך זעהר, איך דאנק אייך!

זי האָט זיך באלד אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— איך מוז געהן. איך וועל אייך זעהן דעם פיערטען, איך בין אייך אזוי דאנקבאר.

זי האָט זיך פערנייגט פאר מירא'ן און צו צו דער טהיר. מירא האָט איר די טהיר געעפענט און זיך געוואונדערט וואָס גווענדאָלין האָט זיך שוין ווידער געביטען און זי איז שוין די שטאָלצע וואָס פריהער.

גווענדאָלין האָט שוין נישט געקענט טראכטען וועגען מירא'ן. מיט איין געדאנק איז זי געווען פערנומען, זי האָט געזעהן אז אלץ וואָס גראנדקארט האָט געזאָגט אויף דעראנדא'ן איז א ליגען. נאָר אז עס איז שוין טאקע יאָ אזוי האָט איהר באנק געטאָן נאָך וואָס זי איז דאָס דאָ אהער געקומען, זי האָט מורא געהאט דעראָנדא זאָל ניט טרעפען.

זיצענדיג אין קארעטע אויפ'ן וועג אהיים, איז איהר קלאָר געוואָרען אז גראנדקארט וועט איהר גענוג צרות אויסטיילען דער־פאר. אז די קארעטע איז צוגעפאָהרען צום הויז איז גראנדקארט

געשטאַנען און געראויכערט אַ ציגאַר. ער האָט דעם ציגאַר אַוועקגעוואָרפען, צוגעגאַנגען צו איהר און געהאָלפען אויסשטייגען, און האַלטענדיג זי אונטערן אָרים האָט ער זי אַרויפגעפיהרט אין צימער.

זי איז אַריין אין גרויסען זאַל און זיך אַוועקגעזעצט. זי האָט נישט געוואָלט אַריין ביי זיך אין צימער, גראַנדקאָרט זאָל נישט אַריינקומען מאַטערן מיט זיינע פראַגען. אויף גראַנדקאָרט'ן האָט זי זיך אַפילו נישט אומגעקוקט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר אַי צימער נישט געווען מיט איהר אינאיינעם. גראַנדקאָרט האָט אָבער צוגערוקט זיין שטוהל צו איהר, זיך געזעצט פּונקט געגען איבער אַזוי אַז זי וועט אויפהויבען די אויגען וועט זי דאָך מוזען קוקען אויף איהם.

— מעג איך דיך פרעגען וואו דו ביזט געווען איצט? — האָט גראַנדקאָרט געזאָגט.

— אָ, יאָ, איך בין געווען ביי מיס לפּידות און זי איינגעלאַדען זי זאָל זינגען אויף אונזער באָל — האָט זי איהם געענטפערט אַוועקלייגענדיג איהרע הענדשקעס אויפ'ן טישעל און זיך פערקוקט אויף זיי.

— און אויך געפרעגט זי ווענען איהרע בעציהונגען צו דעראָנדא'ן? — האָט ער גאַנץ קאַלט צוגעגעבען און גוועגדאָלינען האָבען די ווערטער אַזוי טייוולאָניש געקלונגען אין די אויערן.

דאָס ערשטע מאָל זייט זיי האָבען חתונה געהאַט האָט זי גענומען רעדען מיט איהם אָפען. אָנשטעלענדיג די אויגען אויף איהם האָט זי פעסט געזאָגט:

— יאָ. און דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט איז אַ ליגען, אַ נידריגער, געמיינעם ליגען.

— זי האָט דאָס דיר אַזוי געזאָגט, אַ יאָ? — האָט ער מיט נאָך מעהר פעראַכטונג געפרעגט.

גוועגדאָלין האָט געשוויגען און איהר צאָרן איז געשטיגען אַלץ מעהר און מעהר. אַ פייערדיגער כעס האָט געברענט אין איהר און געפרעסען איהר האַרץ. מיט וואָס איז זי זיכער אַז אַלץ איז אַזוי ווי מירא האָט געזאָגט? און ווי אַזוי קען זי אויספיהרען אַז אויך ער, גראַנדקאָרט, זאָל איהר גלויבען? האָט זי דען בעווייזען פאַר איהם, ער זאָל מוזען גלויבען? וואָס זי וועט זאָגען וועט ער

דאָך מיט זיין פעראַכטונג פערשליידערען און צונישט מאַכען. און זי וועט איהם זאָגען אַז זי גלויבט נישט אין זיינע רייד וועט ער איהר ענטפערען אַז זי איז אַ נאַר וואָס גלויבט גלאַט אין ווערטער. אַ קלוגער מענש וואָס האָט שכל גלויבט נאָר אין פאַקטען, אין בעווייזע. זי האָט זיך גיך אויגעדרעהט און קוק געטאָן צו דער טהיר און זי איז נאָך מעהר אויפגערעגט געוואָרען זעהענדיג אַז ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבען טיר, זי זאָל נישט קענען אַרויסגעהן.

גראַנדקאָרט האָט געזעהן אַז ער האָט ווידער ערפאָלג און ער האָט זיך אָנגערופען:

— וואָס אָנבעלאַנגט איהר זינגען אַרט מיך נישט. אויב דו ווילסט זי זאָל קומען זינגען, בעשטעה איך אויך. זאָלסט אָבער וויסען — האָט ער שטרענג הערשעריש געזאָגט — אַז דו טאָרסט מעהר נישט קומען אין איהר הויז אַריין. דו ביזט מיין פרוי און דאַרפסט הערען מיין מיינונג וועגען וואָס עס איז פּאַסענד פאַר דיר און וואָס נישט. ווען דו האָסט זיך אונטערגענומען צו ווערען ליידי גראַנדקאָרט האָסטו דיך נישט אונטערגענומען צו ווערען אַ נאַר. האָסט היינט געמאַכט דיך אַליין צו נאַר. אויב דו וועסט ווייטער אַזוי אַנגעהן, וועט מען אָנהויבען צו רעדען וועגען דיר אין די קלובען וואָס דיר וועט גאָרנישט שמעקען. וואָס ווייסטו וועגען דער וועלט? מיט מיר האָסטו חתונה געהאַט און מוזט זיך לאָזען פיהרען פון מיר.

גווענדאָלין האָט אַלץ אויסגעהערט און די ווערטער האָבען זי געשטאָכען ווי מיט פייערדיגע שפּילקעס. זי האָט איינגעזעהן אַז עס וועט טאַקע אַלץ קומען אַזוי ווי גראַנדקאָרט זאָגט און זי וועט שפּעטער נישט קענען העלפען. און זי האָט זיך דערפיהלט ווי איינער וואָס דער דאָקטאָר זאָגט אַז ער האָט אַ געפעהרליכע קראַנקהייט און מען קען שוין נישט העלפען. נאָר אַז ער האָט געענדיגט האָט זי געזעהן אַז איצט וועט ער זי שוין לאָזען אַרויסגעהן. גראַנדקאָרט האָט שוין געשוויגען און מעהר וועגען דעם נישט איבערגערעדט קיין איין וואָרט, ער האָט געוואוסט, אַז איינמאָל איז גוט גענוג געווען פאַר איהר.

גוועַנדאָלין האָט אָבער נישט געוואָלט פערלירען איהר גלויבען

און דעראָנדא'ן און זי האָט זיך פעסט געהאַלטען אין דעם. דאָס איז געווען איהר איינציגע טרייסט און איהר ביטער לעבען. און פון אַלע רייד וואָס מירא האָט איהר געזאָגט האָט זי בלויז געדענקט אַז דע־ראָנדא האָט דאָס אַלץ געטהאָן ווייל ער איז אַ זעלטען גוטער מענש, וואָס העלפט די אונגליקליכע מענשען אין זייער נויט. זי האָט אָבער גאָר פערגעסען אָן מירא'ס ברודער און אַז דעראָנדא לערנט זיך העברעאיש.

אָבער נישט קוקענדיג וואָס זי האָט נאָך האַלב פעסט געהאַל־טען זיך אין איהר גלויבען אין דעראָנדא'ן איז זי אָבער דאָך שוין נישט געווען אַזוי אָפענהאַרציג מיט איהם ווי פריהער, זי האָט שוין געסטאַרעט זיך ווען זי האָט זיך בעגעגענט מיט איהם צו רעדען פערשטעלט און געצעהלטע ווערטער. דעראָנדא האָט גלייך פער־שטאַנען אַז זי רעדט איינס און אין האַרצען מיינט זי עפּעס אַנדערש און עס האָט איהם וועה געטהאָן פאַר איהר. דאָס האָט אָבער נאָר דעראָנדא אַליין דערקענט און ווייטער קיינער נישט.

גראַנדקאָרט האָט געזעהן אַז ער האָט איינגעבראָכען איהר עקשנות און זי האָט זיך טאַקי געביטען. ער האָט אָבער נישט גע־גלויבט זיך אַז דאָס איז שוין אויף שטענדיג אַזוי. זאָל זי נאָר גע־פינען אַ געלעגענהייט, האָט ער זיך געטראַכט, וועט זי זיך ווייטער פיהרען ווי פריהער. זי האָט דאָך אַן איינגערעדטע נאַרישקייט, אַז זי מוז האָבען סודות מיט דעראָדא'ן וועט זי האָבען אַ געלעגענהייט וועט זי עס אויסנוטצען.

ער האָט שטאַרק געאַרבייט און געוואָלט אויסגעפינען וואָס עס טהוט זיך אָב צווישען זיי, וואָס פאַר אַ סודות האָבען זיי דאָס? אַז דאָס איז נישט קיין ליעבע אין דעם איז ער זיכער געווען, נאָר גלאָט עפּעס אַ נאַרישקייט, אַ ווילדקייט איז אין איהר אריין, ער טאָר דאָס נישט לאָזען ווייטער געהן, זי קען נאָך האָבען אַ בייזען סוף, ער מוז דאָס אונטערדריקען פון אָנפאַנג אָן.

ער האָט בעשלאָסען איהר דערצעהלען וועגען זיין צוואה, עס איז איהם אָבער שווער געווען אַליין איהר צו דערצעהלען, ווייל אין דער צוואה האָט ער געדעכט וועגען לידיא גלאַשער און איהרע קינדער און עס איז איהם נישט אַנגענעהם געווען צו רעדען אָפען מיט איהר וועגען דעם.

ער האָט אָבער שטאַרק געוואָלט אַז גווענדאָלין זאָל וויסען דאָס וועו ער איז געגאַנגען מיט איהר חתונה האָבען האָט ער ניט געוואוסט וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען איהר מיט לידיא גלאַשער און אַז זי האָט אַלץ פריהער געוואוסט און דערפאַר האָט ער אַ רעכט איהר צו לאָזען וויסען וועגען דער גאַנצער צואה.

אַן אַנדערער וואָלט אפשר איהר געשריבען אַ בריעף און איהר אַזוי אַרום געלאָזט אַלץ וויסען. גראַנדקאָרט האָט אָבער שרעקליך פיינט געהאַט שרייבען האָט ער גערופען לאַש'ען און געשיקט איהם צו איהר מיט דער צואה און ער זאָל איהר אַלץ דערצעהלען. ער האָט איהם גאָרנישט געזאָגט ווי אַזוי ער זאָל רעדען צו איהר, עס האָט איהם אויך נישט געאַרט טאָמער וועט לאַש בעמערקען אַז צווישען איהם מיט גווענדאָלין איז נישט אַלץ אין אָרדנונג, לאַש איז געוועזען זיין פערטרויאונגס מאַן און ער האָט זיך פערלאָזט אויף איהם אין אַלעם. ער האָט טאַקע קיינמאָל קיין זאַך נישט בעהאַלטען פאַר איהם, די מינדסטע זאַך האָט ער איהם דערצעהלט און ער איז פריהער שטאַרק אונצופריעדען געוועזען אַז ער האָט איהם געמוזט אָוועקשיקען פון זיך, ער האָט זיך אָן איהם נישט געקענט בעגעהן. נאָר אַז ער האָט איהם בענעגענט אין לאָנדאָן און לאַש האָט ווייטער זיך געוואָלט שטעלען אין זיין דיענסט האָט ער זיך זעהר געפרעהט מיט איהם און איהם דערצעהלט דעם גאַנצען אינהאַלט פון זיין צואה.

גראַנדקאָרט האָט געוואוסט אַז אַזאַ קלוגע פרוי ווי גווענדאָלין פערשטעהט אַז אין דעם וואָס לידיא גלאַשער איז געקומען צום בריק מיט די קינדער האָט לאַש געהאַט די הויפט האַנד און דערפאַר האָט זי דאָס געבעטען איהם אָוועקשיקען פון הויז, זי האָט איהם נישט געקענט אָנקוקען מעהר.

מיט איין זאַך האָט ער זיך אָבער אָבגענאַרט, ער האָט געמיינט אַז דערפאַר איז זי אין כעס אויף לאַש'ען ווייל זי איז אייפערזיכטיג אויף לידיא גלאַשער זי האָט נאָר מורא עס צו ברייננען אויפ'ן מויל. ער איז אויך זיכער געוועזען אַז לידיא גלאַשער מוז איהר האָבען געשריבען אַ בריעף און זי האָט איהר צוגעשיקט דאָס ציערונג, מוז האָבען אָראָפּגערעדט פאַר איהר, איהר ביטער האַרץ און דערצעהלט אַז זי האָט געטראָגען דאָס ציערונג און דערפאַר האָט זי עס נישט געוואָלט אָנטהאָן. זי איז אייפערזיכטיג און עס האָט זיך איהם פער־

וואָלט נאָך מעהר אָנצינדען די אייפערזוכט אין איהר הארצען, אז זי זאָל זיך נישט קענען קיין אָרט געפינען פאר צרות...

דאָס וואָס ער האָט אויסגעקליבען לאָש׳ען צו דערצעהלען איהר וועגען זיין צואה האָט ער נישט געמיינט גראד דערמיט איהר צרות פערשאַפען נאָר זי זאָל איינזעהן אז ער איז דער בעסטער פערמיטלער צווישען זיי ביידע. גראַנדקאָרט האָט שטענדיג געוואָלט אז דאָס וואָס איהם געפעלט זאָל אויך אַלעמען געפעלען און מיט קיינעם האָט ער זיך נישט גערעכענט.

איין אין דער פריה איז גראַנדקאָרט אריין צו גווענדאָלין אין בודואר, געהאַלטען דעם הוט און הענדשקעס אין די האַנד, אַוועקגעשטעלט זיך לעבען איהר, קוקענדיג אויפ׳ן בוך וואָס זי האָט געלייענט אין גאַנץ געמיטליך איהר אַ זאָג געטהאָן:

— גווענדאָלין, איך דאַרף דיר עפּעס דערקלעהרען וועגען אונזער פערמעגען. איך האָב געהייסען לאָשען ער זאָל דיר אַלץ דערקלעהרען. ער ווייס אַלץ וועגען דעם, איך געה אַוועק. ער וועט באַלד אָנקומען. ער איז דער איינציגער וואָס קען דיר אַלץ דערקלעהרען. איך דענק אז עס וועט דיך נישט אַרען.

— דו ווייסט אז עס אַרט מיך יאָ — האָט זי געזאָגט בייז אויפהויבענדיג זיך. איך וויל איהם נישט זעהן. זי האָט געוואָלט צוגעהן צו דער טהיר און אַרויסלויפען. גראַנדקאָרט איז אָבער געשטאַנען מיט׳ן רוקען צו דער טהיר. ער האָט געוואוסט אז זי וועט זיין אין כעס אין ער האָט זיך דוקא בעהערשט און געסטאַרעט זיך רעדען רוהיג.

— וואָס נוצט דיר זיין אין כעס? פאַראַן אַ סך ווילדע מענשען אויף דער וועלט צו וועלכע מען מוז רעדען. אַ מענש מיט אַ שטאַרקען כאַראַקטער וועט קיינמאָל נישט ווערען אין כעס איבער אַזעלכע זאַכען, מיר מוזען עפּעס טהאָן און דו קאָנסט נישט ערוואַרטען אז נאָר די וואָס זיינען דיר צום הארצען זאָלען דאָס טהאָן. אויב איך האָב דאָס געהייסען לאָש׳ען טהאָן דאַרפסטו פערשטעהן אז ער איז דער ריכטיגער מאַן וואָס פאַסט זיך דערצו, נישט זיך אָנצובלאָזען און בייסען די ליפּען איבער אַזעלכע מענשען.

גראַנדקאָרט האָט דאָס גערעדט געלאַסען, וואָרט ביי וואָרט און גווענדאָלין האָט דערווייל צייט געהאַט צו בעזינען זיך און זיך בע־

הערשען, וואָס קען מען איהר דערצעהלען וועגען פערמעגען? — האָט זי זיך געטראַכט, דאָס וואָרט פערמעגען האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף איהר. ערשטענס האָט עס זי דערמאָהנט אָן איהר מאַמע און דערנאָך אָן לידיאַ גלאַשער מיט איהרע קינדער... וואָס וועט איהר אַרויסקומען אַז זי וועט נישט וועלען זעהן לאַש'ען? קען זי פערלאַנגען אַז גראַנדקאָרט זאָל איהר אַלץ אַליין זאָגען? דאָס וועט דאָך איהר אויך נישט זיין אנגענעהם זאָגאַר ווען ער וועט איינשטימען אויף דעם און ער וועט דאָך זיכער נישט איינשטימען אויף דעם. ער אַז ער בעשליסט עפּעס איז דאָך פערפאַלען.

דער געדאַנק אַז זי איז ווי אַן אַרעסטאַנטקע און איהר מאַן שטעהט ביי דער טהיר און לאָזט נישט אַרויס, האָט זי נישט גע־קענט מעהר פערטראָגען, זי איז צוגעגאַנגען צו אַ שאַפע און זיך אָנגעשפּאַרט אויף איהר און גראַנדקאָרט איז אויך צוגעגאַנגען צו איהר און געזאָגט:

— איך האָב בעשטעלט לאַש'ען ער זאָל אַריינקומען איצט אַזוי ווי איך וועל נאָר אַוועקגעהן. זאָל איך הייסען אַריינגעהן?

אַ היבשע ווײַלע האָט זי געשוויגען איידער זי האָט געענט־פערט: „יאָ". אַז זי האָט דאָס וואָרט אַרויסגערעדט האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגען.

— איך וועל באַלד צוריק קומען מיר זאָלען קענען אַרויספאָה־רען אויב דו ווילסט זיך גרייט מאַכען צו דעם — האָט גראַנדקאָרט געזאָגט. זי האָט געשוויגען און קיין וואָרט נישט געענטפערט.

— זי איז שרעקליך אין כעס — האָט ער זיך געטראַכט — נאָר ווײַל זי האָט בעהאַלטען דעם כעס און נישט אַרויסגעוויזען איז עס איהם געפעלען, ער האָט אָנגענומען איהר גאָמבע און איהר אַ קוש געטהאָן און זי האָט אַלס געהאַלטען די אויגען אַרונטער געלאָזט און זי האָט פריי אויפגעאָטהעמט ווען ער איז שוין געווען אויף דער צווייטער זייט טהיר.

וואָס זאָל זי איצט טהאָן? זי האָט מיט איהם חתונה געהאַט, ווײַל זי האָט געדענקט אַז זי וועט הערשען אויף איהם צום סוף הערשט ער גאָר איבער איהר.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטען אויף לאַש'ען און געפיהלט ווי זי וואַרט אויף אַן אָפּעראַציע וואָס מען מוז איהר מאַכען. אַז זי

האָט א טראַכט געטהאָן אז לאַש וויים וועגען אַלעס וואָס קומט פאָר צווישען איהר און גראַנדקאָרט׳ן, און לידיא גלאַשער, האָט זי שרעקליך געציטערט.

לאַש איז נישט געווען צופריעדען, קיין עגמת נפש האָט ער אויך נישט געהאַט דערפון וואָס גראַנדקאָרט האָט איהם איבערגעגעבען צו פאַרמיטלען צווישען איהם און איהר, גראַנדקאָרט האָט איהם געזאָגט איידער ער איז אַריינגעגאַנגען.

— לאַש, מאַך דיך נאָר נישט צופיעל אונערטרעגליך, טרייב נישט איבער מעהר ווי מען בעדאַרף.

— עס איז אַבהענגיג אָן איהר — האָט ער זיך געטראַכט און געזאָגט האָט ער:

— איך וועל אין קורצען אויפשרייבען וואָס מען בעדאַרף און וועל עס געבען לידי גראַנדקאָרט צו לעזען. לאַש האָט נישט געזאָגט אז ער וויל דאָס גאַנצע אויפשרייבען פאַר איהר און בעווייזען דערמיט אז עס אַרט איהם נישט דאָס וואָס ער מוז רעדען צו איהר.

אין דער צוואה האָט גראַנדקאָרט אויך דערמאָנט לאַש׳ען. ער האָט איהר פערשריבען ירושה און לאַש איז געווען זעהר צופריעדען דערמיט. ער האָט טאַקי געוואוסט אַלע סודות וואָס עס טהוט זיך אָב ביי גראַנדקאָרט׳ן אין הויז, ער האָט נישט געהאַט קיין נקמה אין גווענדאָלין איבער איהר ביטערן מזל. ער איז נאָר צופריעדען געווען וואָס עס איז פערווירקליכט געוואָרען אַלץ וואָס ער האָט פאָרגעזאָגט גראַנדקאָרט׳ן און גווענדאָלינען. קיין גוטער מענש איז לאַש קיינמאָל נישט געווען, רחמנות האָבען האָט ער נישט געוואוסט און נישט געקענט, ער איז אָבער נישט געווען אזוי פערדאָרבען, ער זאָל האָבען נקמה אין יענעם. עס האָט איהם שטאַרק פערדראָסען אויף גווענדאָלין וואָס זי האָט געקוקט אויף איהם מיט פעראַכטונג און ער האָט הנאה געהאַט וואָס ער האָט איצט אַ געלעגענהייט מיט איהר זיך צו בערעכענען און בעווייזען איהר אז מען טהוט מיט איהר אזוי ווי זי האָט זיך פערדיענט.

אז די דיענסט איז אַריינגעגאַנגען צו גווענדאָלין און איהר געזאָגט אז לאַש איז דאָ, האָט זי אָבגעמאַכט ביי זיך, זי זאָל זיך האַלטען פעסט, ער זאָל גאָר נישט בעמערקען וואָס ביי איהר אין

האַרצען טהוט זיך אָב. ווי שרעקליך זיינע ערקלעהרונגען זאָלען נישט זיין, מוז זי אַלץ אויסהערען רוהיג און שטיל.

לאַש איז אַריין האָט זי איהם אויפגענומען העפליך און שטאָלץ און גערעדט צו איהם ווי אַ קעניגין, זי האָט איהם געבעטען זיצען. נאָך אַלעמען, וואָס געהערט ער דער איהר אָן?

ער האָט געהאַלטען אַ קליינעם פּאַפּיער און גערעדט:

— איך דאַרף נישט זאָגען אַז איך וואָלט נישט געקומען ווען נישט וואָס הערר גראַנדקאָרט האָט מיר בעפוילען דאָס צו טהאָן, ער האָט דאָס, אָהן צווייפעל אייך געזאָגט.

זי האָט דערפיהלט אַ שרעקליכען וועהטאָג און זי האָט זיך גע־פיהלט אַזוי בעליידיגט וואָס ער זאָגט צו איהר נישט „מאַדאַם“ אָדער „ליידי“ נאָר איינפאַך: „איהר“, צו פאַמיליאַר. זי האָט קוים אַ שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ, ער האָט זיך עפּעס קיין אָרט ניט גע־קענט געפינען און נישט גערעדט גלייך דאָס צוליעב וואָס ער איז געקומען.

— דאָס וואָס איך בין איבער פופצעהן יאָהר געווען הערר גראַנדקאָרט׳ס פערטרויאונגס מאַן, פון יענער צייט אָן ווען ער איז נאָך געווען זעהר יונג, שטעלט מיך אַוועק אין אַ בעזונדערע לאַגע. ער קען רעדען צו מיר וועגען אַזעלכע זאַכען וואָס ער קען מיט קיין צווייטען נישט רעדען. איהר זעהט דאָך אַז ער האָט קיינעם נישט איבערגעגעבען צו קומען צו אייך נאָר מיר. איך האָב דאָס אָנגענו־מען צוליעב מיין פריינדשאַפט צו איהם. דאָס פערענטפערט מיך אין אייערע אויגען וואָס איך בין געקומען און נישט קיין אַנדערער.

ער האָט געשוויגען, זי האָט זיך אָבער קיין ריהר נישט געטהאָן. ער האָט געזעהן אַז זיין פערענטפערן זיך איז איבריג, האָט ער גע־עפענט דאָס פּאַפּיער אַריינגעקוקט און ווייטער גערעדט.

— אין דעם פּאַפּיער זיינען דאָ אייניגע זאַכען וועגען הערר גראַנדקאָרט׳ס צוואה, אַ טייל דערפון וואָס ער וויל אַז איהר זאָלט וויסען, אויב איהר ווילט אַזוי גוט זיין עס איבערלייענען. איך מוז אייך אָבער אויך עפּעס זאָגען פריהער איהר זאָלט בעגרייפען דאָס וואָס איז דאָ געשריבען, איהר וועט מיר געוויס ענטשולדיגען אויב עס וועט נישט זיין אַזוי אַנגענעהם.

לאַש האָט איינגעזעהן אַז ער האַלט זיך בעסער ווי ער האָט זיך

געריכט און עס איז איהם נישט איינגעפאַלען ווי שטאַרק ער האָט זי בעליידיגט זאָגענדיג אז „עס וועט איהר נישט זיין אזוי אַנ־גענעהם...“

—זאָגט וואָס איהר האָט צו זאָגען, אָהן ענטשולדיגען, איך בעט אייך — האָט זי געזאָגט צו איהם אין אַזאַ טאָן, ווי מען זאָגט צו א הונד־גנב וואָס ברענגט אָב דעם הונד וואָס ער האָט גע'גנב'עט און פערלאַנגט בעצאָהלט דערפאַר וואָס ער האָט איהם געפונען...

— איך דאַרף אייך עפּעס דערמאָנען וואָס איז פאָרגעקומען נאָך איידער איהר זיינט געוואָרען א כלה מיט הערר גראַנדקאָרט— האָט ער געזאָגט ווילענדיג זי בעליידיגען דערפאַר וואָס זי פעראַכט איהם — איהר האָט בעגעגענט א דאַמע אין קאַרדעלטשיים, אויב איהר געדענקט, וואָס האָט אייך דערצעהלט וועגען איהרע בעציהונ־גען מיט הערר גראַנדקאָרט. זי האָט געהאַט מיט זיך מיט די קינ־דער — איינס א זעהר פיין אינגעל.

גווענדאָלין'ס ליפּען זיינען אזוי בלאַס געוואָרען ווי איהרע בלאַסע באַקען. איהר געדולד האָט זי פערלוירען, זי האָט געזעהן אז דער שטורם וואָס האָט זיך אויפגעהויבען אין איהר האַרץ וועט זי שוין נישט קענען איינהאַלטען און מיט ווערטער וועט זי מיט לאַש'ען גאָר נישט מאַכען. יעדעס וואָרט וואָס ער האָט גערעדט איז געוועזן ווי א גיפטיגע פייל אין איהר האַרצען. ניט נאָר אויף גראַנדקאָרטען אליין איז זי אין כעס געוואָרען, אויף אַלעס אין דער וועלט, עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען ווי א מחנה שדים האָבען זי אַרומגע־רינגעלט און פייניגען זי.

— מר. גראַנדקאָרט האָט געוואוסט אז אייך זיינען בעקאַנט געוועזן די אַלע זאַכען פריהער. ער האַלט דאַריבער אז דאָס וואָס ער האָט איצט געטהאָן דאַרפט איהר וויסען קלאָר. עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען דער ירושה. אויב איהר וועט מיט עפּעס זיין אונצופריעדען וועט איהר מיר דאָס זאָגען. עס איז אזאַ זאַך וואָס איך וואָלט נישט געוואָלט רעדען וועגען דעם און בעסער אז איהר אַליין זאָלט דאָס לייענען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און איהר דערלאַנגט דאָס פּאַפּיער. ווען גווענדאָלין האָט בעשלאָסען ביי זיך אז לאַש זאָל גאָרנישט בע־מערקען וואָס אין איהר האַרץ טהוט זיך אָב האָט זי זיך נישט גע־

גלויבט, אז ער וועט איהר זאָגען אז גראַנדקאָרט ווייס דאָס זי האָט אַלץ געוואוסט וועגען לידיא גלאַשער. זי האָט מורא געהאַט אויס־צושטרעקען די האַנד צו לאַש'ען און צו נעהמען דאָס פּאַפּיער, ער זאָל נישט דערזעהן ווי זי ציטערט. לאַש האָט געהאַלטען דאָס פּאַפּיער פאַר איהרע אויגען און זי שטאַרק אָנגעקוקט. זי האָט זיך געטראַכט וואָס פאַר אַן אונפערשעהמטער מענש ער איז און ווייזט איהר אָפען אַרויס זיין פרייד אויף איהר אונגליק. שטאָלץ און רוהיג האָט זי געזאָגט צו איהם:

— לייגט דאָס אַוועק אויפ'ן טיש און געהט אריין אין צווייטען צימער, איך בעט אייך.

ער האָט זי געפאָלגט, איז אַרויס אין אַנדערן צימער האָט זיך אַוועקגעזעצט און זיך געטראַכט: זי ליידעט אָהן אַ שעור, זי האָט זיך נישט געריכט וואָס פאַר אַ פּרייז זי וועט מוזען בעצאָהלען פאַר אַזאַ טהייערען אַרטיקעל ווי הענליי גראַנדקאָרט... דאָך האָט ער געהאַלטען זי פאַר אַ קלוגע וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט גראַנד־קאָרט'ן, ווארום וואָס דען קען האָפען אַן אָרים מיידעל אויב נישט אויף אַ רייכען, בעריהמטען מאַן? ער האָט זי אויך געהאַלטען פאַר אַ כיטרע מיט דעם וואָס זי האָט גערעדט צו לידיא'ן ביי דער בריק, ווי זי איז צום ערשט אַנטלאָפען פאַר גראַנדקאָרט'ן, דאָס האָט זי אַלץ געטהאָן צו צוציהען גראַנדקאָרט'ן צו זיך, האָט ער געטראַכט, און עס איהר טאַקי געלונגען, זי האָט איהם געקראָגען.

גווענדאָלין האָט זיך אָנגענומען מיט כח, זי זאָל קענען איבער־לייענען דאָס פּאַפּיער. אין אָנפאַנג האָט זי נישט פערשטאַנען וואָס זי לעזט. פּלוצלונג איז איהר קלאָר געוואָרען אז גראַנדקאָרט לאָזט איבער זיין גאַנץ פערמעגען צו זיין זוהן וואָס ער האָט פון לידיא גלאַשער, אויסער אז זי, גווענדאָלין, וועט האָבען אַ זוהן וועט די ירושה צוטהיילט ווערען פיר ביידען גלייך.

דאָס איז גענוג פאַר איהר. דאָס איבריגע האָט איהר נישט אינטערעסירט. עס האָט איהר אפילו שוין נישט אינטערעסירט אַ קוק צו טהאָן אין דעם אָרט וואו ער פערשרייבט איהר עטליכע טויז־זענד פונט אַ יאָהר

— גענוג, — האָט זי גערעדט צו זיך — איצט וועל איך איהם

אריינרופען איך וועל נישט ציטערן, וועל נישט זיין בלאס שוין, איך ווייס שוין אלץ

זי האָט אריינגעלעגט דאָס פּאַפּיער אין איהר בוך, האָט זיך אויפגעהויבען און אַ שטאָלצע ווי אַ קעניגין, אריין אין צווייטען צימער. לאָש האָט זיך באַלד אויפגעשטעלט, זי האָט איהם אַ שטאָלצען בליק צוגעוואָרפען און געזאָגט:

— זאָגט מר. גראַנדקאָרט אַז זיין צואה איז פּונקט ווי איך האָב געוואָלט.

זי איז גלייך ארויס געלאַסען און רוהיג. לאָש האָט בעוואונדערט איהר שטאָלץ. אריינקנייטשענדיג די ברעמען און דערנאָך האָט ער קוים ארויסגעשטעקט דעם צונג. דאָס איז גענוג געווען פאַר איהם. ערגער בעשטראָפען איהר האָט ער אַליין זיך נישט פאַרגעשטעלט און ער האָט זיך אָוועקגעלאָזען אין קלוב עסען.

וואָס איז איצט גווענדאָלינען פאַרגעשטאַנען אין דער צוקונפט?

ווען גראַנדקאָרט איז אַהיים געקומען האָט ער זי שוין געטראָפען אָנגעטאָהן אין רייט־אַנצוג, גרייט אויפצוזעצען זיך אויפ'ן פערד. זי האָט זיך געשטאַרקט מיט אַלע כוחות נישט צו לייגען זיך אין בעט אריין און זאָגען אַז זי איז קראַנק און קען נישט רייטען. ניין, זי האָט געוואָלט פּונקט פערקעהרט. און אַזוי ווי לאָש איז נאָר אָוועק האָט זי אָנגעקלונגען נאָך איהר קאַמער מיידעל און זיך געלאָזען אויספּוצען אין שעהנסטען און בעסטען. זי האָט זיך געטראַכט, גראַנדקאָרט וויל איהר בעווייזען זיין מאַכט. אַז ער טהוט מיט איהר וואָס ער וויל, אַז מען וועט לעבען וועט ער אָבער נאָך זעהן איהר מאַכט... איצט אָבער טאָר ער גאָר נישט מערקען. זאָל ער נישט מיינען אַז זי איז אייפערזיכטיג אויף לידיא גלאַשער.

זי האָט געריטען מיט איהם שפּאַצירען, געגאַנגען מיט איהם אין געזעלשאַפט אַלץ ווי ער האָט געוואָלט. זאָגאַר ווען איהר מיידעל האָט איהר געבראַכט אַ פּאַרפּיומירטע טיכעל האָט זי עס נישט געוואָלט נעהמען, ווייל גראַנדקאָרט האָט דעם פּאַרפּיום נישט געליטען. זאָל ער נישט האָבען קיין אויסרייד, האָט ער זיך בעשלאָסען, צו פּייניגען זי. זי האָט איהם אָבער שרעקליך פיינט געהאַט.

אַ מענש קען אָבער הונדערט מאָל בעשליסען אַז קיין זאַך זאָל

איהם נישט אַרעך און ער זאָל וועגען קיין זאַך נישט איבערטראַכ־טען. עס טראַכט זיך אָבער פון זיך אַליין, געגען אייגענעם ווילען.

אין עטליכע שעה אַרום האָט גוועדאָלין געזעהן אַז זי טראַכט זעהר פיעל וועגען דער צוואה און עס לאָזט זי נישט רוהען.

זי האָט איצט געזעהן אַז מענשען ווייסען וואָס עס איז פאָרגע־קומען צווישען איהר און לידיאַ גלאַשער, נאָך איידער זי האָט חתונה געהאַט מיט גראַנדקאָרטען, און אַז זיי טראַכטען זיך דאָס זי האָט חתונה געהאַט מיט איהם נאָר דערפאַר ווייל זי האָט זיך געיאָגט נאָך זיין געלד און פערמעגעניגענס. דער געדאַנק האָט זי שוין נישט אָבגעלאָזען און ווי אַ בייזער וואָרים געגעסען איהר האַרץ.

זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם אַלעם וואָס גראַנדקאָרט האָט גערעדט מיט איהר, איידער זי האָט מסכים געווען חתונה צו האָבען, און אַז ער האָט שוין דעמאָלט געוואוסט וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען איהר און לידיאַ גלאַשער. ביי דעם געדאַנק האָט איהר אַ שרעקליכע וועטהאָג אַרומגענומען, אַז זי האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען.

זי אַליין האָט זיך דאָך איבערגעגעבען אין זיינע הענד, דערמיט וואָס זי האָט געגלויבט אין זיינע קאָמפּלימענטען. ער האָט נאָר חתונה געהאַט מיט איהר. ער זאָל זי קענען פּייניגען און אויסלאַכען ניין, איך וועל נישט וואוינען מיט איהם. האָט זי געשריען צו זיך אַליין; איך וועל פאָדערן אַ גט פון איהם! יאָ, איך וועל איהם פער־לאָזען צו ער וועט איינגעהן דארויף אָדער נישט. אַז דער זוהן איה־רער ווערט זיין יורש, האָב איך שוין אויסגעלייזט מיין גאַנצע זינד.

באַלד אָבער האָט זי צוריק אַ טראַכט געטהאָן אַז זי קען דאָס נישט טהאָן, וואו וועט זי געהן און וואו וועט זי לויפען? זי וועט נישט לויפען צו דער מוטער, איהר צוברעכען דאָס האַרץ און צוקוקען ווי זי וועט וויינען טאָג און נאַכט. זי האָט דאָך נאָר חתונה געהאַט צוליעב די מוטער און ווי קען זי איצט צונעהמען די שטיצע וואָס די מוטער בעקומט פון גראַנדקאָרטען? דער פעטער גאַסקאָין וועט איהר אויך נישט צורוה לאָזען. ער וועט זי פּייניגען און זאָגען אַז זי זאָל צוריקגעהן צום מאַן און ליידען ווייטער. אַלע גראַנד דאַמען וועלען רעדען פון איהר, זי בערעדען און בעזידלען. גראַנדקאָרט אַליין וועט זי אויך צווינגען צוריקגעהן וואוינען מיט איהם. און אַז

זי וועט שוין קומען אין געריכט וואָס פאַר אַ בעווייזען וועט זי קענען פאַרלייגען פאַר די ריכטער אַז זיי זאָלען איהר געבען גערעכט?

ניין, עס איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה נאָר ליידען און שווייגען, קיינער זאָל נישט וויסען וואָס זי שטעהט זיך אויס.

דעראָנדא איז איהר אויך געקומען אויפ'ן זין און זי האָט געגלויבט אַז ער וועט איהר אויך הייסען וואוינען מיט איהם און ליידען שטילערהייט. זי איז עפּעס זיכער געווען אַז טאָמער פערלאָזט זי גראַנדקאָרטען וועט זי שוין נישט האָבען קיין געלעגענהייט צו זעהן דעראָנדא'ן, ער וועט זיך פון איהר דערווייטערן. דאָס האָט זי נאָך מעהר צובראָכען און זי האָט אפילו נישט געקענט טראַכטען וועגען דעם.

זי האָט בעהאַלטען דאָס פּאַפּיער אין שאַפּע און נישט געוואָלט מעהר אַ קוק טהאָן אויף דעם. עס האָט איהר נישט אינטערעסירט די ירושה וואָס גראַנדקאָרט האָט איהר פערשריבען און זי האָט ניט געוואָלט וויסען דערפון.

טאָג טעגליך האָט זי געליטען פון די בייזע, טרויעריגע געדאַנקען און אַלץ איז געגאַנגען ווי געוועז. אין האַרצען איז זי געווען טרויעריג און איהר פּנים האָט געוויזען פרייד און שטענדיג געשמייכעלט. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס אין איהר האַרץ טהוט זיך אָב און אַז דעראָנדא האָט זי געזעהן האָט ער באַלד בעמערקט אַז עפּעס איז מיט איהר, נאָר זי פערשטעלט זיך מען זאָל זי נישט פערשטעהן.

איין מאָל האָט זי געריטען מיט גראַנדקאָרטען אויף אַ ברייטען וועג, האָט זי בעמערקט פון דער ווייטענס אַ פרוי מיט שווארצע אויגען און לעבען איהר אַ קליין מיידעלע און אַ בלאָנדער אינגעל. זי האָט באַלד בעמערקט ווער זיי זיינען. זי איז שטאַרק צוטומעלט געוואָרען און גלייך אוועקגעכאַפּט די אויגען. די פרוי האָט אָבער אויף זיי שטאַרק געקוקט, איהר דורכגענומען מיט איהרע שווארצע אויגען און גראַנדקאָרט איז פערביי געפאָהרען און קיין ריהר זיך נישט געטהאָן, אַזוי ווי זיי וואָלטען איהם פרעמד געווען.

גווענדאָלין איז שרעקליך אויפגערעגט געוואָרען, עס האָט איהר פערדראָסען ביז'ן ביין. זי האָט איהם געוואָלט אַ זאָג טהאָן, אַז ער האָט כאָטש געדאַרפט אַרונטער נעהמען פאַר דער דאַמע דעם הוט

זי האָט דאָס אָבער נישט ארויסגעזאָגט. זי איז דאָך אַליין שולדיג אין דעם וואָס ער האַלט זיך צו זיי פרעמד.

לידיא גלאַשער מיט די קינדער זיינען נישט אונטערגעקומען צופעליג. זי האָט גוט אויסגערעכענט, זי האָט געזאָגט אַן אויסרייד, אַז זי איז געקומען אין לאָנדאָן עפּעס קויפען און האָט זיך געזעהן מיט לאַש׳ען. ער האָט איהר אַלץ איבערגעגעבען וועגען גראַנדקאָרט׳ס צוואה, אַז איהר זוהן וועט אַלץ ירש׳ענען און עס איז גאַנץ מעגליך, זיי זאָלען איהם קענען איינגאַנצען צונעהמען פון גווענדאָלין׳ען, זי האָט עטליכע מאָל געהאַט געזעהן גראַנדקאָרט׳ן אויף און ער האָט איהר געראַטען, ווי שטענדיג, זי זאָל זיך אויפפיהרען קלוג און זי זאָל זיך איהם נישט שטעלען אין וועג אין לאָנדאָן, אַז נישט וועט ער זיך אָברעכענען מיט איהר.

דערווייל האָט אָבער גראַנדקאָרט בעקומען דאָס געלד פון סער הוגאָ מאַלינדזשער פאַר פּלאַפּיעלד און ער האָט געשאָטען געלד אויף אַלע זייטען, האָט ער איהר אויך געגעבען. דאָס האָט ערוועקט אַ שטאָלץ אין איהר און זי האָט בעשלאָסען אָנצוטהאָן צורות גווענדאָלינען און אַז לאַש האָט איהר געזאָגט וואו זיי פאָהרען אַלע טאָג שפּאַצירען האָט זי זיך דאָרט אוועקגעשטעלט שטעכען די אויגען גוועגדאָלינען...

דאָס האָט אָבער הונדערט מאָל מעהר, אויפגערעגט גוועגדאָלינען אפילו וויפיעל לידיא גלאַשער האָט זיך נאָר אַליין פאָרגעשטעלט. זי האָט געזעהן ווי גראַנדקאָרט בעציהט זיך צו לידיא׳ן וואָס איז איהם אמאָל אַזוי נאָהענט געווען און געליעבט, האָט זי געציטערט, ווער וויים וואָס איהר אייגענער סוף וועט זיין און צו ער וועט זי נישט נאָך ערגער בעהאַנדלען.

דער געדאַנק האָט איהר נישט אָבגעלאָזט און פיעל מאָל האָט זי קיין אַנדערען אויסוועג נישט געזעהן נאָר דעם טויט אַליין. אָבער נישט איהר אייגענער טויט, דאָס האָט זי גראָד נישט געוואָלט. זי האָט אָבער מיט אונגעדולד אָבגעוואַרט גראַנדקאָרט׳ס טויט עפּעס האָט זי געגלויבט אַז ער וועט לאַנג נישט לעבען, ער וועט באַלד שטאַרבען. פיעל מאָל איז איהר איינגעפאַלען אַז אַזאַ מענש ווי ער וועט קיין טויט נישט נעהמען און אַז זי וועט קיינמאָל פון

איהם נישט פטור ווערען... שטענדיג וועט זי מוזען ליידען, טעג, חדשים און יאָהרען, שטענדיג, שטענדיג...

און דאָך האָט די האָפנונג אז ער וועט שטאַרבען זי נישט פערלאָזען און זי האָט געבעטען אויף זיין טויט אַלע טאָג... פון פיעל טראַכטען האָט זי זיך אָפט פון שלאָף אויפגעכאַפּט מיט א געשריי. עס האָט זיך איהר גע'חלום'ט, אז ער האָט זיך אויף איהר געוואָרפען דערשטיקען... ער וויל זי פריהער טויטען איידער ער וועט שטאַרבען...

עטליכע טעג נאָכ'ן בעגעגעניש אין פּארק איז ביי קלעזמער'ן געווען א גרויסער באָל. קלעזמער איז דעמאָלט געווען זעהר בעריהמט אין לאָנדאָן. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע מוזיק פּראָפעסאָרען, האָט פערנומען א רייך הויז אין גראָסווענאָר פּליים. גווענדאָלין האָט אויסגעקוקט אויף דעם אָווענד און געווען זיכער אַז דאָרט וועט זי בעגעגענען דעראָדא'ן. זי האָט בעשלאָסען צו רעדען מיט איהם גאַנץ אָפענהארציג, ער וועט זי גוט פערשטעהען און איהר געבען א גוטע עצה ווי אזוי זי זאָל זיך פיהרען ווייטער.

זי האָט דאָך אָבער כמעט שטענדיג גערעדט מיט איהם נאָר צווישען מענשען, האָט זי זיך געסטאַרעט זיין זעהר פּאָרזיכטיג, נאָר דעראָנדא האָט זיך דעם אָווענד געהאַלטען זעהר ווייט פון איהר, דאָס האָט איהר שטארק וועה געטהאָן און אריינגעבראַכט אין כעס. זי האָט פאר עגמת נפש ווידער אָנגעשטעלט א שטאָלץ פּנים, אז וואנדערנוט האָט געזאָגט אויף איהר, דאָס זי פּאסט זיך זעהר גוט צו גראַנדקאָרטען, ביידע זיינען זיי ווי טראָפּענס וואסער, שטאָלץ און בעלי גאוה.

דעראָנדא איז דערווייל צוגעקומען נעהנטער צו איהר, איז אָבער סער הוגאָ מאַלינדזשער און ליידי ריימאָנד אויף געשטאַנען לעבען איהר און זי האָט געזעהן אז טאָמער רעדט זי מיט איהם וועלען זיי זיכער הערען אַלץ. זי האָט אָבער בעשלאָסען אז עס זאָל געשעהן וואָס עס וויל, זי וועט רעדען מיט איהם. זי איז שוין רוהיגער געוואָרען, אויסגעשטעלט דעם קאָפּ און צוגעגאַנגען צו דעראָנדא'ן. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין א וואונדערשעהן ווייס קלייד האָט אויסגעזעהן ווי א מלכה און אין א טאָן פון א קעניגין צו איהר אונטערטאַן האָט זי געזאָגט:

— איך וויל מר. דעראָנדא, אַז איהר זאָלט מיך קומען זעהן מאָרגען ארום פינף, זעקס אַ זייגער אָוועגד.

ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערען ענטפער נאָר: — זיכער.

דעראָנדא האָט איהר אייגענטליך געוואָלט שרייבען אַ בריעף, אַז ער קען ניט קומען, ער האָט נישט געהאַט ליעב צו געהן אין גראַנד־קאָרט'ס הויז. ער האָט אָבער פערשטאַנען אַז איהר וועט שטאַרק וועה טהאָן ווען ער וועט נישט קומען, זי וועט איהם אויך נישט גלויבען אַז ער קען נישט קומען, נאָר ער וויל דאָס נישט, זי זאָל האָבען עגמת נפש דערפון, האָט ער בעשלאָסען ער וועט צוגעהן.

צום מאָרגענס נאָכמיטאַג אַז גראַנדקאָרט האָט זיך גענומען אויפזעצען אויפ'ן פערד און זי אויך גערופען אויפ'ן שפּאַציער, האָט זי געזאָגט אַז זי איז עפּעס נישט געזונד און זי קען נישט פאָהרען. דאָס האָט זי ערשט געזאָגט דעמאָלט ווען די פערד זיינען שוין געווען איינגעשפּאַנט, פריהער האָט זי מורא געהאַט, טאָמער וועט ער אויך שוין בלייבען אין הויז... און טאָמער בלייבט ער טאַקי און דעראָנדא וועט קומען האָט זי זיך בעטראַכט, וועט זי איהם נישט אויפנעהמען, זי וועט איהם שיקען זאָגען מיט דער קאַמער־מיידעל אַז זי איז קראַנק... גראַנדקאָרט האָט געהערט אַז זי איז קראַנק האָט ער קיין וואָרט ניט גערעדט, זיך אויפגעזעצט אויפ'ן פערד און אַליין אוועק־געריטען אין פּאַרק.

זי האָט אָנגעזאָגט דער קאַמער־מיידעל אַז זי זאָל קיינעם ניט צולאָזען צו איהר נאָר דעראָנדאַ'ן. און באַלד האָט איהר באַנג געטהאָן וואָס זי האָט דאָס געזאָגט. אַ בעהאַלטענע מורא איז אריין אין איהר הארץ נישט וויסענדיג אַליין פאַר וואָס. זי האָט שוין אפילו חרטה געהאַט נאָך וואָס זי האָט דעראָנדאַ'ן געהייסען קומען, זי האָט איינגעזעהן אַז זי וועט נישט קענען רעדען מיט איהם אָפּענהארציג ווי זי האָט זיך פריהער געהאַט פאָרגעשטעלט. ער וועט אפשר אויך בייז זיין אויף איהר וואָס זי האָט איהם אַזוי גלאַט בעמיהט. באַלד אָבער האָט זי געזעהן אַז דאָס איז נאַריש. דעראָנדא איז נישט גראַנדקאָרט, ער וועט נישט זיין בייז

אַן אונרוהיגע און אַן אויפגערעגטע האָט זי געשפּרייזט איבער די צימערען, זי איז געגאַנגען אין אַ שוואַרצען קלייד, און איהר ווייסער שעהנער האַלז האָט אַרויסגעשיינט, איז זי אין דער מינוט

אין כעס געווען אויף זיך אַליין וואָס זי איז שעהן, האָט זי געכאַפּט אַ טוך און איינגעהילט זיך אַז מען זאָל גאָרנישט ארויסזעהן, נאָר דאָס פּנים אַליין. איצט וועט זי זיין רוהיג און וועט קענען רעדען וועגען אַלעם וואָס זי וועט נאָר וועלען.

דאָס קאַמער־מיידעל איז אריין און געזאָגט אַז דעראָנדא איז געקומען. זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין מיטען צימער און דער־זעהען דעראָנדאַ'ן, ווי ער געהט צו נעהנטער און נעהנטער.

זי האָט בעמערקט אַז ער האָט זיך אויך עפּעס געביטען. אַ שטילער טרויער איז אין זיינע אויגען, ווער ווייס צו איהם אַליין געהט דאָ אַזוי גוט? זאָל זי רעדען מיט איהם וועגען איהר אומ־גליקליך לעבען?

זיי האָבען ביידע געשוויגען, נאָר בעגריסט זיך. גווענדאָלין האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפ'ן שטול און געבליבען שטעהן, דעראָנדא איז אויך געשטאַנען האַלטענדיג אין איין האַנד זיין הוט און מיט דער צווייטער האָט ער פערטראַכט געצויגען דעם קאָלנער פון זיין ראָק. ביידע זיינען געווען צוטומעלט און נישט געוואוסט ווי אַזוי צו עפענען דאָס מויל. זי האָט געזעהן אַז אומזיסט האָט זי זיך צוגעגרייט מיט איהרע פראַגען און זי האָט געזוכט אָנצוהויבען ווי עס איז צו רעדען.

— איהר וואונדערט זיך וואָס איך האָב אייך געבעטען קומען — האָט זי געזאָגט — איך האָב אייך עפּעס געוואָלט פרעגען, איהר האָט געזאָגט אַז איך בין אונוויסענד, עס איז אמת. ווייל איך אייך פרעגען אַן עצה וואָס צו טהאָן.

איצט האָט זי קלאָר איינגעזעהן אַז דאָס וואָס זי האָט איהם געדענקט זאָגען וועט זי פאַר קיין פאַל איצט ניט קענען. ער האָט אויך בעמערקט אַז אַ נייַ אומגליק איז אויף איהר געקומען און ער האָט מיט אַ טרויעריג קול פול מיטלייד געזאָגט:

— איך בעדויער נאָר וואָס איך וועל אייך קענען זעהר ווייניג העלפען.

זיין ווייכער, אומעטיגער קול האָט זי שטאַרק גערירט און זי האָט דערפיהלט אַז זי וועט שוין יאָ קענען רעדען מיט איהם דאָס וואָס זי האָט פריהער זיך פאָרגענומען און זי האָט דאָס געוואָלט טהאָן וואָס גיכער, מיט אַמאָל און זי האָט געזאָגט:

— איך וויל אייך זאָגען אַז איך טראַכט שטענדיג וועגען אייערע עצות וואָס איהר גיט מיר, נאָר צו וועט דאָס עפּעס העלפען? איך קען נישט ווערען אַנדערש ווי איך בין, ווייל די אומשטענדען אין וועלכע איך לעב, רופען אַרויס אין מיר זעהר בייזע געפיהלען. איך מוז ווייטער זיין ווי איך בין, איך קען זיך נישט העלפען.

זי האָט געשוויגען אַ מינוט און געזעהן אַז זי האָט נישט געזאָגט דאָס וואָס זי האָט געוואָלט און אָנגעהויבען רעדען גיך:

— נאָר אַז איך זאָל ווייטער אַזוי אָנגעהן וועל איך נאָך ערגער ווערען. איך וויל נישט ווערען ערגער: איך וויל זיין אַזוי ווי איהר ווילט מיך זעהן. עס זיינען דאָ מענשען וואָס זיינען גוט און זיינען זעהר צופריעדען מיט זייער טהעטיגקייט, איך ווייס, אַזעלכע מענשען זיינען דאָ. איך בין אַן אונווירדיגע בריאה, איך ווער שוואַכער און האָב פיינט מענשען. איך האָב שוין געטראַכט אַנטלויפען פון אַלעמען. איך קען דאָס אָבער נישט. פיעל זאַכען זיינען דאָ וואָס שטערן מיר דאָס צו טהאָן. מיינט נישט אַז דאָס אַרט מיך נישט, עס אַרט מיך זעהר, איך שרעק זיך פאַר יעדער קלייניגקייט. איך האָב מורא אַז איך וועל ווערען נאָך ערגער. זאָגט מיר, וואָס קען איך טהאָן!

זי האָט פערגעסען אין אַלעס וואָס אַרום איהר נאָר איין זאַך האָט זי געדענקט אַז עס איהר זעהר שלעכט און ביטער און זי מוז איהם אַלץ דערצעהלען און ער זאָל זי גוט פערשטעהן.

זי האָט געקוקט אויף איהם מיט ברייט געעפענטע אויגען און איהר גאַנצע שטילע וועטהאָג האָט זיך אין זיי אָפּגעשפּיעלט, זי האָט אָבער איינגעהאַלטען די טרעהרען, זי האָט אויך פערשטיקט דאָס געוויין וואָס האָט זיך געריסען פון איהר האַלז און זי האָט גערעדט זעהר שטיל האַלטענדיג זיך מיט די הענד פאַר'ן האַרצען.

דעראָנדאַ האָט געקוקט אויף איהר און געטראַכט אַז מיט הוילע ווערטער קען ער איהר נישט העלפען. זי האָט אויסגעזעהן אין זיינע אויגען ווי אַ שיף וואָס האַלט אין זינקען און ער קוקט צו און קען נישט העלפען. מיט וואָס קען ער פערמיידען דאָס אומגליק וואָס ליגט אויף דעם קאָפּ פון דער יונגער, עדעלער פרוי? ער איז אַליין שטאַרק צומישט געוואָרען און מורא געהאַט דאָס מויל צו עפענען, זי זאָל נישט זעהן זיין שרעק. ער האָט איהר שוין געוואָלט זאָגען

אז זי זאָל זיך אָפּען דורכרעדען מיט גראַנדקאָרט'ן האָט זיך פּלוצ־לונג די טהיר געעפענט און גראַנדקאָרט איז אריין.

גראַנדקאָרט איז אוועקגעריטען און האָט זיך אָבער באַלד אומ־געקעהרט. עס איז איהם איינגעפאַלען א פערדאַכט אז זי האָט בעשטעלט דעראָנדאַן און ער האָט זיך געוואָלט איבערציינען אין דעם. אז ער איז פּלוצלונג אריין און דערזעהן ווי גווענדאָלין שטעהט א טרויעריגע לעבען שטוהל, אָנגעטהאָן אין גאַנצען שוואַרץ ווי א נאָנע, און דעראָנדאַ שטעהט אויך אַן אומעטיגער, אזוי ווי ער וואָלט זיין גאַנץ גליק פערלאָרען אין דער מינוט, האָט ער אליין זיך אָבער גאָרניט געביטען. ער האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ צו דעראָנ־דאַ'ן און איהם בעגריסט, האָט א קוק געטהאָן אויף גווענדאָלין און זיך אוועקגעזעצט דאָרט לעבען איהר, פערלייגענדיג איין פוס אויפ'ן צווייטען און געשפּיעלט זיך מיט'ן טאַשענטיכעל.

גווענדאָלין האָט אויפגעציטערט ווען זי האָט איהם דערזעהן און א ריס זיך געטהאָן פון אָרט. זי האָט זיך אָבער נישט אויסגע־בויגען צו איהם און נישט געקוקט אויף איהם. אין דער מינוט האָט זי קיין געלעגענהייט נישט געהאַט איבערצוגעהן אויף אַן אַנדערן שמועס, ער זאָל פון גאָר נישט וויסען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און זי האָט דאָס זאָגאָר נישט געוואָלט. זי האָט אָבער געוואוסט אז איצט האָט זיך אַלץ געענדיגט, זי וועט מיט דעראָנדאַ'ן נישט קענען מעהר רעדען וועגען דעם, זי וועט איהם שוין מעהר ניט זעהן.

דעראָנדאַ האָט פערשטאַנען אז ער דאַרף זיך בעהערשען גראַנדקאָרט זאָל נישט בייז ווערען און דעם גאַנצען צאָרן אויסלאָזען צו גווענדאָלין'ס קאָפּ. ער האָט אָבער אויך פערשטאַנען אז טאָמער וועט ער אפילו זיך פערשטעלען פאַר איהם וועט גראַנדקאָרט נאָך בייזער ווערען אויף איהר, האָט ער דערפאַר בעשלאָסען גלייך אוועק־צוגעהן און ער האָט געזאָגט:

—איך וועל נישט זיין דאָ לענגער, א גוטען טאָג.

ער האָט איהר דערלאַנגט די האַנד און א דרוק געטהאָן איהרע קאַלטע פינגער און זי האָט איהם אפילו אויפ'ן „גוטען־טאָג“, קיין וואָרט נישט געענטפערט.

אז ער איז ארויס האָט זי זיך אראָפּגעלאָזט אין שטוהל, אָב־

וואַרטענדיג דאָס ערגסטע וואָס גראַנדקאָרט וועט איהר איצט זאָגען.

גראַנדקאָרט האָט אָבער זיך נישט אומגעקוקט אויף איהר. פאַר איהם איז געגוג געווען וואָס ער האָט איהר בעוויזען, אַז פאַר איהם איז קיין סוד נישטאָ און זי קען איהם נישט אָפּנאַרען.

דעם זעלבען אָבענד האָט ער זי גערופען זעהן מיט איהם, האָט זי ווידער געזאָגט אַז זי איז קראַנק און זי קען נישט געהן, ער האָט איהר דאָס מאָל אויך פערשוויגען און קיין וואָרט נישט געזאָגט.

צו מאָרגענס ביים אָנבייסען האָט ער איהר אַ זאָג געטהאָן:

— איך געה פאָהרען אויף אַ שיף אין מיטעללענדישען ים.

— ווען? — האָט זי געפרעגט מיט די האָפנונג אַז זי וועט פון איהם פטור ווערען.

— איבערמאָרגען. די שיף איז אין מאַרסעל, לאָש וועט אַלץ צוגרייטען.

— זאָל איך אהער נעהמען צו מיר די מאַמע פאַר דער צייט?

— האָט זי געפרעגט אַ דערפרעהטע.

—ניין, דו וועסט מיט מיר מיטפאָהרען.

## 37טער קאַפּיטעל.

אַז דעראָנדאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון גווענדאָלינען האָט ער זיך צוריקגעהאַלטען און נישט געזאָגט איהר אַז ער וועט זי נישט זעהן פאַר אַ שטיק צייט, גראַנדקאָרט זאָל נישט פערשטעהן אַז דאָס וואָס ער איז היינט געקומען איז געווען זעהר וויכטיג.

ער האָט זיך טאַקי געלאָזט אין וועג אריין, צוליעב אַזעלכע אורזאַכען וואָס זיינען פאַר איהם געווען פון זעהר גרויס וויכטיג־קייט. ער האָט די נייעס געהערט נאָך איידער ער איז געקומען צו גווענדאָלין און דערפאַר האָט ער אויסגעזעהן אַזוי צוטראָגען און צורודערט.

סער הוגאָ מאַלינגדזשער האָט געשיקט נאָך איהם און נאָר גע־שריעבען אַ פּאָר ווערטער: „קום זאָפאָרט. עפּעס איז געשעהן“. עס האָט איהם אַביסעל דערשראָקען, ווייל סער הוגאָ האָט זיך קיין מאָל מיט איהם אַזוי נישט געפיהרט. נאָר אַז ער איז אריין צו זיין

פעטער און געזעהן אז יענער איז נישט אומעטיג, נאָר קוקט אוים גאַנץ פרעהליך און רוהיג, איז אויך זיין זאָרג פערשוואונדען.

— עס איז חלילה קיין בייז נישט געשעהן, פעטער, הא? — האָט דעראָנדא א פרעג געטהאָן איהם דערלאַנגענדיג די האַנד. מיט אַן אונגעוועהנליכען בליק אויף איהם אין א פערענדערטע שטימע האָט איהם סער הוגאָ געזאָגט:

— ניין, דאַני, ניין, זעץ זיך. איך האָב דיר עפּעס צו זאָגען.

דעראָנדא האָט איהם געפאָלגט, זיך אוועקגעזעצט אביסעל אונרוהיג וואָס דער פעטער איז אזוי ערנסט.

— קיין, קיין בייז איז ניט געשעהן, מיין קינד, ניין, אויב דו וועסט נאָר נישט האָבען קיין עגמת נפש דערפון וועל איך אויך נישט האָבען. איך האָב דאָס נישט דערוואַרט אז עס זאָל געשעהן. עס זיינען געווען אורזאַכען וואָס איך האָב דיך קיינמאָל נישט צוגע־גרייט דערצו. עס זיינען געווען אורזאַכען וואָס איך האָב דיר קיין מאָל נישט דערצעהלט וועגען דיינע עלטערן. איך האָב זיך בעמיהט דיר נישט וועה צו טהאָן.

סער הוגאָ האָט געשוויגען, אָבער דעראָנדא האָט אויך קיין וואָרט נישט געקענט זאָגען, אז ער האָט איהם קיינמאָל נישט וועה געטהאָן. ווען אפילו עס וואָלט טאַקי אזוי געווען האָט ער נישט גע־קענט דאָס מויל עפענען אַ וואָרט צו רעדען. קיינער אויסער איהם האָט נישט געקענט וויסען ווי וויכטיג עס איז פאַר איהם געווען די מינוט ווען דאָס געהיימניס פון זיין געבוירען וועט ווערען ענטדעקט פאַר איהם. סער הוגאָ וואָס האָט זיך שטענדיג געשפּיגעלט אין דע־ראָנדאָס שעהנעם פּנים האָט איהם נאָך קיינמאָל נישט געזעהן אזוי בלאַס ווי איצט, מיט צונויפגעשטשעמעטע ליפּען, ער האָט מורא געהאַט ער זאָל איהם נישט וועה טהאָן מיט א וואָרט האָט ער זיך געסטאַרעט צו רעדען וואָס ווייכער און ליעבער.

—אַלץ וואָס איך האָב געטהאָן איז געווען נאָר ווייל דיין מאַמע האָט אזוי פערלאַנגט. זי האָט געוואָלט אז דאָס זאָל בלייבען א סוד, נאָר איצט וויל זי עס ענטדעקען. זי וויל דיך זעהן, נאַ דיר דעם בריעף און דו וועסט איהם דורך לייענען. אין בריעף וועסטו אויס־געפינען וואָס זי וויל פון דיר און וואו דו וועסט זי קענען געפינען.

סער הוגאָ מאַלינדזשער האָט איהם דערלאַנגט אַ בריעף וואָס

איז אָנגעקומען פון אויסלאַנד. ער האָט איהם גיך אַריינגעלעגט אין ברוסט־קעשענע, צופרידען וואָס דער פעטער הייסט איהם נישט גלייך איבערלייענען. סער הוגאָ האָט געזעהן ווי דערשראָקען דעראָנדאַ איז, איז ער אויך צורודערט געוואָרען און נישט געקענט ווייטער רעדען. דעראָנדאַ האָט איהם גראַד יאָ געוואָלט עפּעס פרעגען און אַזעלכעס וואָס איז געווען דאָס שווערסטע אַרויסצוברענגען. ער האָט אָבער געפיהלט אַז ער מוז עס טהאָן, ער טאָר עס נישט אָפּלייגען, וואָס עס זאָל נישט געשעהן, דער מאָמענט איז אַזוי וויכטיג פאַר איהם און פאַר'ן פעטער און ווער ווייס אויב שפּעטער וועט ער דאָס קענען נאָך אַמאָל פרעגען. דעראָנדאַ האָט געקוקט עטליכע מינוט אויף דער ערד. ביידע האָבען געוואָלט טרעפען וואָס דער צווייטער האָט אין זין. דערנאָך האָט דעראָנדאַ געקוקט גלייך אויף דעם אַלטען מאַלינדזשער מיט גרויס רעספּעקט מורא האָבענדיג, עס זאָל איהם נישט אויסקומען ווי אַ פאָרוואורף וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען.

— לעבט אויך מיין פאָטער — האָט ער געפרעגט.

— ניין — האָט ער איהם גיך און שטיל געענטפערט.

דעראָנדאַ האָט נישט פערשטאַנען צו ער האָט צער צו פרייד. סער הוגאָ'ן איז עפּעס ליכטיגער געוואָרען אין די אויגען, ער האָט פערשטאַנען פאַר דער גאַנצער צייט וואָס דעראָנדאַ האָט געליטען און ווי איינער וואָס איז זיך מתודה אויף זיינע זינד האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אפשר נישט געטהאָן, דאָני, וואָס איך האָב זיך דאָס אונטערגענומען. אפשר האָב איך דאָס געוואָלט ווייל איך האָב דיך אין גאַנצען געהאַט. נאָר אויב דו האָסט געהאַט עגמת נפש דורך מיר, בעט איך דיך דו זאָלסט מיר פערצייהען.

—איך האָב דיר שוין לאַנג פערגעבען — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — מיין הויפּט וועטהאָג איז אָבער דורך אַן אַנדערן, דורך עמיצען וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געקענט, דורך דעם וואָס איך געה איצט זעהן... דאָס האָט מיר אָבער נישט געשטערט דיך דיעב צו האָבען און רעספּעקטירען אַזוי לאַנג ווי איך לעב.

און איין געפיהל האָט זיי ביידע אַרומגענומען, זיי האָבען זיך דערלאַנגט די הענד און וואַרים געדריקט.

## 38טער קאַפּיטעל.

דאָס איז געווען דער בריעף וואָס סער הוגאָ מאַלינדזשער האָט געגעבען דעראָנדאַן :

„צו מיין זוהן, דניאל דעראָנדאַ.

„מיין גוטער פריינד און דיינער, סער הוגאָ מאַלינדזשער האָט דיר געזאָגט אַז איך וויל דיך זעהן. איך בין קראנק און טאָר נישט פערלירען קיין צייט ביז איך וועל דיר דאָס זאָגען וואָס איך האָב אזוי לאַנג בעהאַלטען. זאָל דיך קיין זאַך נישט אָבהאַלטען פון צו זיין אין „אַלבערגאַ דעל איטאַליאַ", אין גענוא, דעם פערצעהנטען היינטיגען מאָנאַט. זאָלסט ווארטען פאַר מיר דאָרט. איך בין נישט זיכער ווען איך וועל קענען אוועקפאָהרען פון ספּעציאַ וואו איך וואוין איצט. דאָס איז אָבהענגיג פון אַ סך זאכען. ווארט פאַר מיר — פיר פּרינצעסין האַלם־עבערנשטיין. ברענג מיט דעם דימאָנט רינג וואָס סער הוגאָ האָט דיר געגעבען, איך וועל עס וועלען נאָך אַמאָל זעהן.

דיין אונבעקאַנטע מוטער,

לעאָנאָרא האַלם־עבערנשטיין.

דער אונקלאָרער בריעף האָט דעראָנדאַ גאָרנישט געזאָגט וואָס איהם ערווארט אייגענטליך. ער האָט אויך נישט געפרעגט סער הוגאָ'ן קיין וואָרט, פערשטעהענדיג אַז ער מוז שווייגען אזוי לאַנג ביז די מוטער וועט איהם אַלץ אַליין ענטדעקען. ער האָט מורא גע־האַט זיך עפּעס פאָרשטעלען, ווייל זיין פאַנטאַזיע האָט איהם שוין זעהר פיעל מאָל אָבגענאַרט. אַז ער האָט זיך אוועקגעלאָזען אין וועג אריין האָט ער אָבער קלאָר געוואוסט, אַז די געשיכטע מיט דער מוטער האָט איהם ווייניגער געריהרט ווי מירא און מרדכי.

ער האָט מורא געהאַט צו דערצעהלען מרדכי'ן וועגען וואָס ער פאָהרט, טאָמער זאָגט ער מרדכי'ן אַז ער געהט אויסגעפינען דעם סוד פון זיין געבורט וועט דאָס נאָך מעהר צוהיצען מרדכי'ס פאַנ־טאַזיע און שטאַרקער דערוועקען זיינע חלומות, וואָס ווער וויים צו עס וועט איהם נישט שאַדען מעהר ווי נוצען ברענגען.

דער פאַר האָט ער איהם געזאָגט אַז סער הוגאָ האָט איהם גע־

הייסען פאָהרען נאָך אויסלאַנד, ער ווייס נישט אויף ווי לאַנג, ער וועט אָבער זעהן צוריק קומען וואָס גיכער.

— איך וואָלט געוואָלט האָבען דעם קליינעם יעקב מיט מיר דאָ — האָט מרדכי געזאָגט טרויעריג, וואָס דעראַנדאַ פאַהרט אוועק און זוכענדיג אַ טרייסט דערוויַיל אין דעם קליינעם אינגעל.

— איך וועל צופאָהרען צו די קאָהן'ס און בעטען די מוטער זי זאָל איהם לאָזען קומען אהער — האָט מירא זיך אָנגערופען.

— די באָבע וועט אייך קיין זאַך ניט אָבזאָגען — האָט דעראַנדאַ געזאָגט — איך בין צופריעדען וואָס מיר האָבען אין דער אַלטער פרוי אַ שטיקעל טעות געהאַט. איהר האָט זיך געשראָקען אַז זי וועט נישט קענען זעהן מיראַ'ן.

— איך האָב איהר האַרץ נישט פערשטאַנען — האָט מרדכי צוגעגעבען — זי איז צופריעדען מיט יענעם'ס גליק כאָטש זי אַליין האָט אויף זיך אַ גרויס אומגליק.

— אָ, זיי זיינען אויסגעצייכענטע, וואוילע מענשען — האָט מירא געזאָגט — איך פיהל ווי מיר וואָלטען געווען אַלע איין משפחה

— אַזוי? טאָ וואָס וואָלט איהר געפיהלט ווען דער עזרא וואָלט געווען אייער ברודער? — האָט איהר דעראַנדאַ געפרעגט אַ ביסעל אונצופריעדען דערפון וואָס זי פיהלט זיך אַזוי נאָהענט פון דער ערשטער מינוט צו די מענשען וואָס האָבען איהם אַ סך שרעק איבער איהר פערשאַפען.

זי האָט איהם אַ מינוט אָנגעקוקט איבערראַשט און דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— ער איז נישט קיין שלעכטער מענש, איך דענק אַז ער וואָלט אַז אָרימאַן קיין מאָל נישט פערלאָזען.

אַזוי אָבער ווי זי האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט איז זי שטאַרק רויט געוואָרען און אַ קוק טוהענדיג פאַרשעהמט אויף מרדכי'ן האָט זי זיך אוועקגעדרעהט און גענומען עפּעס טהאָן.

אין דער מינוט האָט זי אַ טראַכט געטהאָן וועגען איהר פאָטער האָט זי און מרדכי גענוג צער געהאַט. „ווען ער קומט און געפינט אונז" — האָט זי זיך געטראַכט און ווען דער געדאַנק איז איהר איינגעפאַלען האָט זי זיך שרעקליך געשראָקען ווען דער העלער ליכ־טיגער טאָג האָט איהר אויסגעזעהן פינסטער און חשך און ווי זי

וואָלט זיך געפינען אין אַ געדיכטען וואַלד און באַלד וועלען טייוואָלים און שדים זי בעפאַלען פון אַלע זייטען...

דעראָנדא האָט פערשטאַנען פאַר וואָס זי איז פּלוצלונג רויט געוואָרען. ער האָט דערפיהלט אַז זיין לאַגע איז אויך אַזעלכע. פון דער מוטערס בריעף האָט ער איינגעזעהן אַז די פרייד וואָס ער גע־פינט זי איז נישט אויף לאַנג, ער וועט נישט בלייבען איהר זוהן... דער בריעף איז נישט געשריבען ווי פון אַ מוטער וואָס וויל שטענ־דיג האָבען איהר קינד לעבען זיך. ער איז אַזוי אויסגערעכענט, יעדער וואָרט געוואויגען און געמאָסטען.

גאָט אין הימעל! ווי שעהן האָט איהם די פאַנטאַזיע געמאָ־לען זיין מוטער. ער האָט זי זיך פאָרגעשטעלט אַלץ אַ ליידענדע, עלענדע פרוי, וואָס מען האָט איהר קינד אַוועקגערויבט ביי איהר. זי זיצט די גאַנצע צייט און קלאָגט און טרויערט נאָך איהם. אוי, אַז ער וועט זי געפינען! ווי אַ פייגעלע צו דער מוטער׳ס פליגעל אַזוי וועט ער לויפען צו איהר, זיך טוליען צו איהר, ער וועט זי טרייסטען אין איהר טרויער און וועט איהר הונדערט מאָל מעהר ליעבע געבען פאַר דער גאַנצער צייט וואָס זיי האָבען זי ביי איהם אַוועקגערויבט.

איצט אָבער נאָך דעם קורצען, אויסגערעכענטען בריוועל פון איהר, איז זיין גאַנצע ליעבע וואָס האָט אין זיין הארץ צו איהר שטיל געברענט מיט איינמאָל אויסגעלאָשען און די גאַנצע געשיכטע אין איהם געוואָרען גלייכגילטיג.

— פאָהר געזונדערהייט און זאָל דיך גאָט בענשען — האָט סער הוגאָ איהם געזאָגט ביים געזעגענען — וואָס פיר אַ ענדערונגען עס זאָלען נישט קומען אין דיין לעבען, וועלען זיי אָבער נישט קענען אַנדערש מאַכען מיך, דיין עלסטען פריינד וואָס האָט דיך שטענדיג ליעב געהאַט. איך וואָלט דיך נישט געוועזן געקענט בעסער ליעב האָבען ווען דו וואָלסט אפילו געוועזן מיין אייגענער זוהן, איך וואָלט נאָר צופריעדענער געוועזן ווען דו וואָלסט געוועזן מיין יורש איידער מיין צאַצקעדיגער פּלימעניק, גראַנדקאָרט. דעמאָלט וואָלסטו אפשר אַליין פערשטאַנען און וואָלסט ליעבער געוואָרען אַ פּאָליטיקער. סיי ווי סיי, דאָס לעבען איז אַזוי ווי עס איז.

אַז דעראָנדא איז אָנגעקומען אין „האָטעל בעל איטאַליא“, אין

גענוא, איז נאָך דאָרט די פירשטין האַלם־עבערנשטיין דאָרט נישט געווען. אויפ'ן צווייטען טאָג האָט ער אָבער בעקומען אַ בריעף אין וועלכען זי האָט איהם געשריעבען, אַז זי וועט קומען אין פערלויף פון אַ וואָך אָדער העכסטענס אין צוויי וואָכען ארום. די אומשטענ־דען האָבען מיטגעבראַכט אַז זי האָט נישט געקענט פריהער ארויס־פאָהרען און זי בעט איהם ער זאָל געדולדיג וואַרטען פאַר איהר.

ווי זיין שטייגער אין אַזעלכע געלעגענהייטען האָט ער זיך געפיהלט זעהר שלעכט זעהענדיג אַז דאָס נאָך וועלכען ער האָט גע־וואַרט זיין גאַנץ לעבען איז נאָך אַלץ אַזוי ווייט פון איהם, ער האָט קוים געדולד געהאַט צו וואַרטען און אומזיך די צייט צו פערטרייבען האָט ער געזוכט מיט עפּעס צו אַמוזירען זיך, עס זאָל איהם נישט זיין אַזוי לאַנגווייליג.

ער האָט בעשלאָסען געהן בעקוקען גענוא, די שטאָדט האָט ער נאָך גאָר נישט געקענט, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען איבער די שעהנע גאַסען, שפּאַצירט לעבען ברעג און טהיילמאָל גענומען אַ לאָדקע און זיך אַוועקגעלאָזען אויפ'ן וואַסער.

אין אַלעס וואָס ער האָט געזעהן האָט ער נאָר אין זין געהאַט מרדכי'ן און מירא'ן, זיי האָט ער אויף אַ מינוט נישט פערגעסען. שיפענדיג האָט זיך איהם אָפט פאָרגעשטעלט ווי ער זעהט די אַלע אידען פון שפּאַניען וואָס זיינען פון זייער לאַנד ארויסגעטריבען גע־וואָרען, זיי זיינען אויף שיפען נאָך גענוא אָנגעקומען און זיי געהן אוים פאַר נוטה. דער גאַנצער ברעג איז פול מיט טויטע אידישע פרויען און זייערע קליינע זויג קינדער ליגען טויט לעבען זיי.

און טראַכטענדיג אַזוי האָט ער געפּרואווט פערבינדען זיך אַליין מיט די עראינערונגען פון די שפּאַנישע אידען. מירא האָט איהם דעם ערשטען שטוים געגעבען דערצו, ער זאָל וועגען דעם אַלעס נעהמען טראַכטען. מרדכי האָט אַ סך געהאָלפען צו דעם, ער האָט געמאַכט אַזוי, ער זאָל זיי ליעב קריגען אַזוי שטאַרק. ער האָט איינ־געזעהן, אַז ווען ער זאָל אַפילו דעם גאַנצען געפיהל וועלען ארויס־רייסען פון הארצען וועט ער נישט קענען, ער איז שטאַרק צוגעבונ־דען צו די אידען און שטילערהייד וואָלט ער געוואָלט אַז מרדכי'ס נבואה וועגען זיין געבורט זאָל זיין אמת.

אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך גווענדאָלינען נישט פער־

געסען און ער האָט זי טאַקי אויך נישט געוואָלט פערגעסען. ווען ער זאָל נישט געווען געזעהן מיראַ'ן וואָלט ער זי זיכער שטאַרק ליעב געהאַט. ער האָט זיך שטאַרק אויסגעהיטען פון איהר איינזעהענדיג אַז זיי זיינען ווייט פערשיעדען. זי ווייס נאָר צו זאָרגען וועגען זיך אַליין און ער האָט אַנדערע מענשען אויך אין זין. זי וועט איהם זאָגאַר נישט פערשטעהען, נאָר איהרע געבעטען, אַז ער זאָל זיך נישט דער־ווייטערין פון איהר און זי נישט פערלאָזען אַליין האָט איהם נאָך שטאַרק געקלונגען אין די אויערען און זיין האַרץ זעהר געריהרט.

אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַוועק און גאַנץ איטאַליען האָט גערעדט וועגען דער קריעג וואָס עס שטעהט זיי פאָר מיט עסטרייך. די היץ איז דעמאָלט געווען זעהר גרויס און מען האָט קוים געקענט דעם טאָג איבערקומען. און אַזוי נאָר ווי עס איז נאַכט געוואָרען האָבען אַלע אויפגעלעבט און זיך גענומען אַמוזירען. אומעטום האָט מען געשפּיעלט און געטאַנצט.

דעראָנדאַ האָט דאָס אַלץ צוגעקוקט און עס האָט איהם ווייניג וואָס אינטערעסירט. ווי אַן ערעסטאַנט האָט ער אָבגעוואַרט די מינוט פון זיין ערלזונג, ווען ער וועט זעהן זיין מוטער. אין די בריעף וואָס ער האָט געשריעבען צו מרדכי'ן און האַנס'ען האָט ער קיין איינציג וואָרט וועגען זיך נישט געשריעבען, נאָר וועגען דער שטאָדט מיט איהרע אַנטיקען.

אַ סך נעכט האָט ער נישט געקענט שלאָפען און איז געשטאַנען לעבען פענסטער און אַרויסגעקוקט אין דער פינסטערער נאַכט אַרויס אויפ'ן ים. גאַנץ אָפט האָט ער דערפיהלט זיך אַזוי שלעכט צווייפ־לענדיג אויב מרדכי'ס רייד וועגען איהם וועלען מקוים ווערען און ער האָט זיך אַזוי געשראָקען פאַר דעם, און דאָס וואָס די מוטער האָט איהם געשריעבען אַזוי קאַלט און זיך געהאַלטען פון איהם פון ווייַ־טענס דאָס האָט איהם אויך גענוג וועטהאָג פערשאַפט.

נאָר ענדליך איז זי געקומען, איין טאָג, דאָס איז געווען שוין אויף דער דריטער וואָך פון זיין פערברענגען אין גענואַ, האָט ער דערהערט אַ מאָדנעם קלאַפּ אין זיין טהיר. אַ דינער אין אַ ליוורע און אין פראַנצויזיש איהם דערקלערט אַז די פירשטין האַלם־עבער־שטיין איז געקומען צופאָהרען און זי וועט זיך דעם טאָג אָפּרוהען,

זי בעט איהם אָבער, ער זאָל אָפּעסען פריהער, ער זאָל זיין גרייט אָרום זיבען אַ זייגער, ווען זי וועט איהם וועלען אויפנעהמען...

## 39טער קאַפּיטעל.

אַז דעראָנדאַ איז צוגעקומען צו זיין מוטער׳ס טהיר אין „האָטעל בעל איטאַליא“ איז ער געווען זעהר צוטראָגען ון זיין גאַנצע קינד־הייט האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט ווי לעבעדיג. די צוויי דיענער לעבען צימער האָבען איהם אַזוי פערוואונדערט אָנגעקוקט, זיי האָבען איהם אָנגענומען פאַר דעם דאָקטאָר וואָס די פירשטין האָט געזאָגט זי פאַהרט זעהן, און זיין יוגענד און שעהנקייט האָט אויף זיי אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט. דעראָנדאַ האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט און באַלד האָט זיך די טהיר געעפענט און ער האָט דער־זעהן אַ הויך געוואַקסענע פרוי שטעהט און וואַרט פאַר איהם.

זי איז געווען אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, מען האָט מעהר נישט אַרויסגעזעהן נאָר איהר פּנים און די אַרעמס, זי איז שוין געווען גרוי־לעך, איהרע נאַקעטע אַרעמס זיינען געווען בעהאַנגען מיט דימאַנטען און בריליאַנטען, זי האָט זיי געהאַלטען פערלייגט אויפ׳ן האַרצען און געהאַלטען דעם קאָפּ אַביסעל אויסגעבויגען אַביסעל אין דער זייט. עס איז געווען זעהר אָנגענעהם צו קוקען אויף איהר. ער האָט זי אָבער פריהער נישט גוט געזעהן ביז ער איז נאָהענט צוגעגאַנגען, אָנגענומען איהר האַנד און צוגעטראָגען צו זיינע ליפּען. זי האָט געהאַלטען זיין האַנד און איהם דורכגענומען מיט די אויגען פון קאָפּ ביז פיס.

דעראָנדאַ האָט געוואוסט אַז זי בעקוקט איהם אַזוי שטאַרק און ער האָט דערפיהלט אַז זי וועט זיך קענען פערשטעלען פאַר איהם. ער האָט געזעהן ווי זי קען נים איינרוהען, ווי אַלץ ציטערט אין איהר.

ער האָט זיך נישט געקענט קיין ריהר טהאָן פון אָרט און נישט געוואוסט ווי אַזוי איהר אָבצוגעבען דעם כבוד וואָס עס קומט אַ מוטער, ער האָט נאָר דערפיהלט ווי אַזוי ער איז געוואָרען בלאַס און רויט. עס האָט איהם נאָר שטאַרק געוואונדערט וואָס די בעגעג־ניש האָט אויף איהם נישט אַזא גרויסען איינדרוק געמאַכט. דאָס בילד ווי אַזוי ער וועט געפינען זיין מוטער האָט זיך דאָך איהם טוי־

זענדער מאָל פֿאַרגעשטעלט, אָבער נישט אַזוי ווי איצט, גאָר אַנדערש. ער האָט זאָגאָר נישט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ שפּראַך זי וועט רעדען צו איהם, ער האָט קיין אַהנונג נישט געהאַט וואָס זי וועט איהם זאָגען אַז זי וועט רעדען ענגליש. און ווי ער איז אַזוי געשטאַנען און געטראַכט האָט זי פּלוצלונג אָבגעלאָזט זיין האַנד, האָט אַוועקגעלייגט איהרע ביידע הענד אויף זיינע אַקסלען, איהר געזיכט האָט אויפגעשיינט פול פרייד און אויסגעקוקט אַזוי יונג.

— ביזט וואונדער שעהן — האָט זי געזאָגט אין אַ שטילען אנגענעהמען טאָן — איך האָב געוואוסט אַז דו וועסט זיין זעהר שעהן.

זי האָט איהר געקושט אין ביידע באַקען, ער האָט זי צוריק געקושט, עס איז אָבער נישט געווען ווי קושען פון אַ מוטער מיט איהר זוהן נאָר גיכער ווי אַ צערעמאָניע פון פירשטען וואָס קושען זיך ווען זיי בעגעגענען זיך.

זי האָט געשוויגען אַ ווייל, איהר פּנים האָט צוריק בעקומען די קנייטשען און זי האָט קאַלט געזאָגט:

— איך בין דיין מאַמע, נאָר דו קענסט דאָך נישט האָבען קיין ליעבע פאַר מיר.

— איך האָב שטענדיג געטראַכט וועגען דיר, מעהר ווי פון דער גאַנצער וועלט — האָט דעראָנדאָ געזאָגט מיט אַ ציטעריגער שטימע.

— איך בין אָבער נישט אַזוי ווי דו האָסט געטראַכט וועגען מיר — האָט זי זיכער געזאָגט, אַוועקנעהמענדיג איהרע הענד פון זיינע פּלייצעס און פערלייגט זיי, ווי פריהער אויף איהר האַרץ, ווי זי וואָלט געזאָגט: נאַ, בעקוק מיך און זעה ווי איך קוק אויס —

ער האָט זיך שטענדיג פאָרגעשטעלט אַז זי זעהט אויס גאַנץ ענליך צו איהם, ער האָט אפילו געזעהן אַ געוויסע ענליכקייט אין איהר, אָבער אין אַלגעמיין אַזוי פערשיעדען און אַנדערש פון איהם. ער האָט זיך דערשראָקען אַז ער האָט דערזעהן ווי פרעמד זי איז איהם, נישט ווי זיינע אַ מוטער נאָר [illegible] אַ פרוי וואָס איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסען פון ערגיץ וואו פאַר זיינע אויגען און אַז זי איז עפּעס גאָר נישט פון אונזער וועלט.

— איך האָב שטענדיג געדענקט אַז דו לײדסט זעהר פיעל — האָט ער געזאָגט היטענדיג זיך. ער זאָל איהר נישט וועה טהאָן —

איך האָב שטענדיג געהאָפט אז איך וועל זיין דיין טרויסט אין דיין אונגליק.

— איך לייד טאַקי, אָבער אַזאַ מין ליידען וואָס דו קענסט גאָר־נישט העלפען — האָט זי גערעדט האַרטער ווי פריהער און איז צו־געגאַנגען צו דער זאָפאַ וואו קישענס זיינען געווען גרייט פאַר איהר.

— זעץ זיך! — האָט זי איהם אָנגעוויזען אויף א שטוהל לעבען איהר, און זעהענדיג ווי ער איז טרויעריג האָט זי שוין גע־רעדט ווייכער:

— איצט לייד איך נישט, איצט איז מיר לייכטער. איך קען איצט רעדען מיט דיר.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט און געוואַרט זי זאָל אָנהויבען רעדען. עס האָט זיך איהם געדאַכט אז דאָ זיצט פאַר איהם א פרעמדע פרוי וואָס ליידט, אָבער נישט זיין מוטער נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט. — ניין — האָט זי אָנגעהויבען — איך האָב נישט געשיקט נאָך דיר דו זאָלסט מיר אין עפּעס העלפען און לייכטער מאַכען. איך האָב פריהער נישט געוואוסט און אויך איצט ווייס איך נישט וואָס דו פיהלסט צו מיר. איך האָב נישט די נאַרישע איינ־רעדעניש אז דו קענסט מיך ליעב האָבען בלויז דערפאַר וואָס איך בין דיין מוטער, אין דער צייט וואָס דו האָסט מיך קיינמאָל נישט געזעהן אין דיין גאַנץ לעבען קיין וואָרט נישט געהערט פון מיר. איך האָב מיר אָבער געטראַכט אז איך האָב פאַר דיר אויסגעקליבען אַזעלכעס, וואָס איז נאָך בעסער ווי צו זיין מיט מיר. איך דענק נישט אז איך האָב דיר דערמיט דאָס קלענסטע בייז געטהאָן מיט דעם. — דו קענסט דאָך מיך נישט מאַכען גלויבען אז דיין ליעבע וואָלט פאַר מיר גאָרנישט ווערט געווען, ווען איך וואָלט זי געהאַט — האָט ער איהר געזאָגט זעהענדיג ווי זי וואַרט ער זאָל איהר ענטפערען.

—איך מיין נישט צו רעדען שלעכטס וועגען זיך — האָט זי געזאָגט שטאָלץ — איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין סך ליעבע פאַר דיר צו געבען. איך האָב דאָס נישט ליעב געהאַט. איך האָב דאָס נאָך געזעהן פערטרייבען פון מיר, איך האָב געוואָלט לעבען פריי, נישט זיין געשטערט פון אימיצען אַנדערש. ווילסט וויסען וואָס איך בין אַמאָל געוועז? איך בין נישט געווען קיין פירשטין.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך אוועקגעשטעלט גלייך פאַר איהם, ער האָט זיך אויך גלייך אויפגעשטעלט און געפיהלט אַז עס פעהלט איהם אויס אָטעם.

איך בין נישט געווען קיין פירשטין און נישט געלעבט אַזוי גע־בונדען ווי איך לעב איצט. איך בין געווען אַ גרויסע זינגערין און פונקט אַזוי גוט געשפּיעלט ווי געזונגען. אַלע זיינען געווען אַרום אַנטקעגען מיר. מענער זיינען מיר נאָכגעפאָהרען פון איין לאַנד אין אַנדערען. איך האָב געלעבט אַ סך לעבענס אויף אַמאָל. איך האָב נישט געוואָלט האָבען קיין קינד.

עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט זיך פערענטפערט פאַר איהם, זי האָט געזאָגט אַלץ וואָס עס איז איהר אויפ'ן געדאַנק געקומען. ער איז געשטאַנען און געהערט און נערוועז געצויגען זיין קאָלנער און דאָס בלוט האָט אַזוי געצאַפּעלט אין איהם. זי האָט אויסגעזעהן אין זיינע אויגען ווי אַ זינדיגערין וואָס מאַכט קונצען און וויל זיך גערעכט מאַכען, מען זאָל נישט זעהן דאָס בייזע וואָס איז דאָ אין איהר האַרץ. וואָס נאָך וויל זי איהם זאָגען? זי האָט ווייטער גע־רעדט גיך און איהר פּנים האָט געגלאַנצט מאָדנע:

— איך האָב נישט געוואָלט חתונה האָבען, איך בין געווען געצוואונגען דערצו, דיין טאַטע האָט מיך געצוואונגען ווייל מיין פאָטער האָט אַזוי פערלאַנגט, אויסערדעם איז דאָס געווען דער איינ־ציגער בעסטער וועג ווי אַזוי צו בעקומען מיין פרייהייט. איך האָב געקענט הערשען אויף מיין מאַן נאָר נישט אויף מיין פאָטער. איך האָב געהאַט דאָס רעכט צו זיין פריי. איך האָב געהאַט אַ רעכט צו זוכען זיך בעפרייען פון אַ יאָך וואָס איך האָב פיינט געהאַט.

זי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט. פון איהר געזיכט איז קענטיג געווען אַז זי אונטערדריקט אַ סך רייד אין זיך וואָס זי וויל נישט אַרויסריידען. ער איז אַלץ געשטאַנען. אין אַ מינוט אַרום האָט זי אויפגעהויבען די אויגען צו איהם און שווין ווייכער גערעדט ווייטער:

— און דעם יאָך ווייס איך האָב פיינט געהאַט האָב איך אויך פון דיר געוואָלט אַרונטערנעהמען. וואָס נאָך בעסער וואָלט די ליעבענסטע מאַמע געקענט טהאָן? איך האָב דיך בעפרייט פון דער לאַסט צו זיין געבוירען אַ איד...

— בין איך אַלזאָ א איד? — האָט ער הויך אויסגערופען אַז זי האָט זיך דערשראָקען און צוריק געשפּרונגען אויף די קישענס — איז מיין טאַטע געווען א איד און דו ביזט אויך א אידישע?

— יאָ, דיין טאַטע איז געווען מיין שוועסטערקינד — האָט זי געענטפערט, איינקוקענדיג זיך אַזוי דערשראָקען אין איהם ווי זי וואָלט דערוואַרט עפּעס מורא׳דיגעס.

— איך בין זעהר צופריעדען דערמיט — האָט ער גערעדט הייס. ער האָט זיך אַליין נישט פאָרגעשטעלט אַז ער וועט אַזוי רע־דען, נישט זייענדיג צוגעגרייט דערצו, ער האָט קיין מאָל נישט גע־קענט חלום׳ען אַז די מוטער וועט דאָס נישט ליידען. עס האָט איהם שטאַרק פערדראָסען אויף איהר, וואָס זי האָט איהם געהאַט, כאָטש זי האָט נישט געוואָלט האָבען קיין קינד און וואָס זי האָט זיך גע־האַלטען פון איהם פון וויטענס, ער זאָל איהר נישט זיין קיין שטע־רונג, ווער וויים וואָס זי וועט איהם נאָך איצט דערצעהלען וועגען וואָס זי האָט געשיקט נאָך איהם? זי איז דאָך זאָגאַר איצט נישט צופריעדען פון דעם.

זי איז אויך געווען שטאַרק אויפגערעגט אויף איהם, זי איז גע־ווען שרעקליך בייז און איהרע אויגען האָבען געברענט פאַר צאָרן:

— פאַר וואָס זאָגסטו אַז דו ביזט צופריעדען דערמיט? דו ביזט אַן ענגלישער דזשענטעלמאַן. איך האָב דיך דאָך אַזוי פער־זאָרגט צו זיין.

— דו האָסט נישט געוואוסט ווי אַזוי דו האָסט מיך פערזאָרגט. ווי אַזוי האָסטו געקענט פאַר מיר אויסקלייבען דאָס רעכט צו וועל־כען פאָלק איך זאָל געהערען? — האָט ער געזאָגט אַרונטערלאָ־זענדיג זיך אין שטוהל, אָוועקגעקוקט אַן א זייט און נישט געקוקט אויף איהר.

— ער איז געוואָרען פול כעס, אַזאַ כעס וואָס ער איז נישט געוועהנט געווען דערמיט קיינמאָל. עס איז איהם זעהר שווער גע־וואָרען זיך איינצוהאַלטען און זיך צו בעהערשען ווי שטענדיג. ער האָט זיך אָבער דאָך געשטאַרקט און מורא געהאַט ער זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּען מיט א וואָרט צו איהר, וואָס ער וועט שוין נישט קענען צוריק נעהמען...

אַ צייט איז געווען שטיל ביז זיין מוטער האָט ווידער אָנגע־הויבען רעדען, גערעדט האָט זי הויך און שאַרף.

— איך האָב פאַר דיר אויסגעקליבען דאָס זעלבע וואָס איך וואָלט פאַר זיך אַליין אויסקלייבען. ווי האָב איך דען געקענט וויסען אַז דו וועסט האָבען אין דיר דעם גייסט פון פאָטער? ווי האָב איך געקענט וויסען אַז דו וועסט ליעב האָבען דאָס וואָס איך האָב פיינט געהאַט? ליעבסט דו טאַקי צו זיין אַ איד?

איהרע לעצטע ווערטער זיינען געווען אַזוי פול ביטערקייט אַז מען האָט געקענט מערקען די שנאה וואָס איז פּלוצלונג אויסגע־וואַקסען צווישען מוטער און זוהן.

דעראָנדאַ איז דערווייל געקומען צו זיך און ער האָט פערשטאַ־נען אַז ער האָט איבערגעטריעבען מיט זיין שאַרפען רעדען צו איהר. זי האָט דאָך אַזוי פיעל געליטען, האָט ער פערשטאַנען, ער האָט גע־דאַרפט זיך האַלטען רוהיגער. ער האָט געקוקט אויף איהר רוהיג און געוואַרט זי זאָל איהם אַלץ דערצעהלען. זי איז אָבער נאָך מעהר אויפגערעגט געווען, זיין רוהיגקייט האָט זי אויפגערעגט און ער האָט געזאָגט:

— ענטשולדיג מיר אויב איך האָב גערעדט צו שאַרף — האָט ער העפליך געזאָגט — וואָס האָט דיך געבראַכט דערצו דו זאָלסט מיר איצט ענטדעקען דאָס וואָס דו האָסט אַזוי לאַנג פון מיך בעהאַל־טען? וואָס ביזטו געוואָרען אין כעס אַז דו האָסט געהערט אַז איך פרעה מיך וואָס איך בין אַ איד.

— אָ, די אורזאַכען פאַר וואָס איך האָב אַזוי געהאַנדעלט — האָט זי סאַרקאַסטיש געזאָגט — ווען דו וועסט זיין אַזוי אַלט ווי איך וועט דיר נישט זיין אַזוי לייכט צו פרעגען די פראַגע פאַר וואָס איינער טהוט עפּעס אַ זאַך. מענשען גיבען אָן אורזאַכען וועגען זייערע האַנדלונגען און מיינען אַז דאָס איז טאַקי אַזוי. אויף יעדע פרוי קען מען זאָגען אַז זי איז אַ מאַנסטער. קיין בייזע חיה, איך האָב אָבער נישט געפיהלט אַזוי ווי אַנדערע פרויען פיהלען, אָדער ווי זיי זאָגען זיי פיהלען, אויס מורא אַז מענשען זאָלען האָבען וועגען זיי אַ שלעכטע מיינונג. ווען דו בעשולדיגסט מיך וואָס איך האָב דיך אַוועקגעשיקט פון מיר, מיינסטו אַז איך האָב געפיהלט צו דיר דאָס וואָס אַנדערע פרויען זאָגען, זיי פיהלען וועגען זייערע קינ־

דער? איך האָב דאָס נישט געפיהלט. איך האָב געוואָלט זיין פריי פון דיר. איך האָב דיר אָבער געטהאָן גוטעס, דיין פאָטערס פערמע־גען האָב איך דיר אוועקגעגעבען. וויל איך איצט אַלץ אנדערש מאַכען? יא, עס זיינען דאָ אורזאַכען פאַר דעם. איך פיהל איצט אַזעלכעס וואָס איך קען עס נישט פערשטעהן. אַ שרעקליכע קראַנק־הייט וואַקסט אין מיר פאַר דעם לעצטען יאָהר. איך האָב מורא אַז נאָך אַ יאָהר וועל איך נישט לעבען. איך וועל נישט פערלייקע־נען דאָס וואָס איך האָב געטהאָן. איך וועל נישט זאָגען איך האָב דיך ליעב געהאַט, אין דער צייט ווען עס איז נישט אמת. שאָטענס רינגלען מיך אָבער אַרום און שרעקען מיך. דאָס איז צוליעב מיין קראַנקהייט. אויב איך האָב פערשאַפט חרפה מיינע טוידטע על־טערן, איז מיר ווענינ צייט געבליבען דאָס צו פעריכטען.

גערעדט האָט זי דאָס אַלץ איז פערשיעדענע טענער אמאָל הויך, אמאָל שטיל, רוהיג און גיך פונקט ווי אן אקטריסע וואָס שפּיעלט אויף דער ביהנע. דעראָנדא האָט אָבער נישט געקוקט ווי אַזוי זי רעדט, נאָר וואָס זי רעדט. ער האָט געוואָלט וויסען וואָס עס איז געוועזען איידער ער איז געבאָרען געוואָרען און פאַר־וואָס זי און זיין פאָטער האָבען איהם אוועקגעשיקט פון זיך און בעהאַלטען זיך פון איהם. איהרע לעצטע ווערטער האָבען איהם שטאַרק גערירט, ער האָט גרויס רחמנות געהאַט אויף איהר, פערשטעהענדיג אַז זי מוז האָבען אַ סך געליטען און אַז זי איז איצט אויך אונגליקליך. ער האָט איהר אָבער גאָר נישט געקענט זאָגען און געוואַרט זי זאָל ווייטער רעדען. זי איז געזעסען שטיל, דער שטערן האָט זיך איהר שטאַרק געקנייטשט, זי האָט אָ׳אָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און מיט איהרע גרויסע אויגען געקוקט ערגעץ ווייט, ווייט, ווי זי וואָלט געזעהן עפּעס סודות׳דיגעס. פּלוצלונג האָט זי שאַרף אַ קוק געטאָן אויף איהם און אָנגעהוי־בען רעדען גיך אָהן אָבשטעל:

— סער הוגא מאַלינדזשער האָט מיר זעהר פיעל געשריבען וועגען דיר. ער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז דו ביזט אַ וואונדער־באַרער מענש, ביזט זעהר קלוג, האָסט פיעל געלערנט. דו ביזט קליגער פון איהם, כאָטש ער איז שוין זעכציג יאָהר אַלט. דו זאָגסט דו ביזט גליקליך צו הערען, אַז דו ביז געבוירען אַ איד.

איך וואָלט דיר נישט זאָגען, אז איך האָב געביטען מיין מיינונג וועגען דעם. מיינע געפיהלען זיינען געגען מיר. דו דאנקסט מיר נישט פאר דעם וואס איך האָב מיט דיר געטאָן. ווילסטו מיך פארשטעהן אָדער דו ווילסט מיך גלאט בעשולדיגען, מיך דיין מאמע?

— איך וויל נאָר דיך פארשטעהן — האָט דעראנדא ווארם געזאָגט — עס וואָלט געווען זעהר שלעכט פון מיר אז איך זאָל דיך נאָר בעשולדיגען. פופצעהן יאָהר צייט האָב איך געארבייט אויף זיך צו פערשטעהן די מענשען וואס זיינען אנדערש פון מיר.

— אויב אזוי, ביזטו אנדערש אין דעם פון דיין זיידען — האָט זי געזאָגט — כאָטש דו האָסט אין גאנצען זיין פנים. ער האָט מיך קיינמאָל נישט פערשטאַנען און אויב שוין יא האָט ער נאָר געוואָלט אז איך זאָל איהם פאָלגען. ער האָט געוואָלט איך זאָל זיין „א אידישע פרוי“, ווי ער וויל. ער האָט געוואָלט איך זאָל פיהלען דאָס וואס איך האָב נישט געפיהלט, איך זאָל גלויבען דאָס וואס איך האָב נישט געגלויבט. ער האָט געוואָלט, אז די מזוזה אויף דער טהיר זאָל מיר זיין ליעב, קיין שטיקעל פוטער זאָל זיך נישט צוריהרען צו דעם פלייש וואס איך עס. איך זאָל זאָגען אז עס איז זעהר שעהן פאר מענער צו לעגען תפילין, נאָר פרויען דארפען דאָס נישט טאָן. איך זאָל פערעהרען געזעצען און דינים ווי נאריש זיי זאָלען נישט זיין. ער האָט געוואָלט איך זאָל ליעב האָבען די לאנגע תפלות און די פינסטערע שוהל, די געשרייען און די געוואלדען וואס די אידען מיט די פערשמירטע פנים׳ער מאכען, איך זאָל זיך איינהערען אין זיינע נארישע רייד וואס ער האָט געהאלטען אין איין רעדען וועגען "אונזער פאָלק“. ער האָט געוואָלט איך זאָל זיך זאָרגען וועגען אלעס, וואס אידען זיינען געווען, מיר איז דאָס אָבער גארנישט אָנגעגאנגען. די גרויסע, ברייטע וועלט האָט מיך אינטערעסירט. איך האָב געהאסט דאָס לעבען אונטער די שאטענס פון מיין פאָטער׳ס פרומקייט. ער האָט געהאלטען אין איין לערנען מיך: „דאָס מעגסטו טאָן“, דאָס מוזטו טאָן, דאָס טאָרסטו נישט טאָן. און דאָס האָט מיך אזוי געדריקט און אונטערדריקט. איך האָב געוואָלט לעבען א גרוים לעבען מיט די פרייהייט צו טאָן וואָס יעדער טהוט, דאָס

וואס איך וויל, נישט דאָס וואס מען הייסט מיך. אָ, — האָט זי ביטער געשריען — דו ביזט גליקליך וואס דו ביזט געבוירען אַ איד, אזוי זאָגסטו. דאָס איז דערפאר וואס דו ביזט נישט אויפגעצויגען געוואָרען אלס איד. דאָס אָבגעזונדערטע אידישע פאָלק געעפהלט דיר, ווייל איך האָב דיך געראטעוועט פון דעם.

— ווען דו האָסט דאָס בעשלאָסען האָסטו געדענקט מיר קיינמאָל נישט אויסצוזאָגען ? — האָט דעראָנדאַ זיך נישט געקענט איינהאלטען — צום סוף האָסטו געביטען דיין מיינונג...

— יאָ, איך האָב טאַקי אזוי געמיינט. עס איז נישט ריכטיג דאָס איך האָב געביטען מיין מיינונג. די אומשטענדען האָבען זיך אָבער געביטען געגען מיין ווילען. איך בין אלץ די זעלבע לעאָנאָרא — זי האָט אָנגעוויזען אויף איהר הארץ און געזאָגט — דאָ אינווייניג איז דער זעלבער ווילען, דער זעלבער פערלאנג, נאָר די אומשטענדען זיינען אזעלכע אז איך האָב דאָס געמוזט טהאָן. איך האָב דאָס נישט געוואָלט, פונקט ווי איך וויל נישט שטארבען, איך טוה נאָר דעם בעפעהל פון מיין פאָטער. איך בין געצוואונגען צו דעם. איך בין געצוואונגען דיר צו זאָגען אז דו ביזט אַ איד און דיר איבערגעבען דאָס וואָס ער האָט מיר געהייסען.

— איך בעט דיך זאָג מיר וואָס האָט דיך געבראכט דערצו צו טהאָן דאָס וואָס ווען דו ביזט נאָך געוועזן יונג האָסטו געטהאָן — האָט דעראָנדאַ זיך אָנגערופען — איך פערשטעה דער זיידע האָט דיך נישט געלאָזען ווערען אַן אַקטריסע, כאָטש איך האָב אזעלכעס נישט איבערגעלעבט, פערשטעה איך אָבער דיין צער און דיין שווערען קאמפף. — ניין — האָט זי מיט׳ן קאָפּ געשאָקעלט — דו ביזט נישט קיין פרוי. מעגסט ווי ווילען פערשטעהן, קענסט דיר עס נישט פאָרשטעלען דעם צער וואָס איך האָב געהאט פיהלענדיג אין זיך די מאכט פון אַ מאַן און מוזענדיג ליידען ווי אַ שוואַך מיידעל. איך האָב אזויפיעל געליטען הערענדיג שטענדיג: „אזוי דארף זיין אַ אידישע טאָכטער, אזוי און אזוי מוזטו זיך פיהרען, דאָס און דאָס פאָדער איך פון דיר“. דאָס האָט מיין פאָטער פון מיר פערלאנגט, ער האָט בעסער געוואָלט אויף מיין אָרט אַ זוהן. זיין גאנץ לעבען האָט נאָר עקזיסטירט צוליעב זיין אידישקייט. ער האָט שרעקליך

פיינט געהאַט אידישע קינדער וואָס לערנען זיך ביי קריסטען און ווילען ווערען זינגער פאַר די גוים.

— איז מיין זיידע געווען אַ געלערענטער מאַן? — האָט דע־ראָנדאַ היציג געפרעגט ווילענדיג אַלץ וויסען וועגען איהם.

— אָ, יאָ, האָט זי אונגעדולדיג געענטפערט — און אַ בעריהמ־טער דאָקטאָר און — אַ גוטער, איך לייקען נישט אַז ער איז געווען גוט. מען האָט איהם געדאַרפט שטאַרק רעספּעקטירען, ער האָט דאָס פערדיענט — אַ גרויסער מאַן געווען מיט אַן אייזערנעם ווילען. אָבער אַזעלכע מענשען מאַכען פון זייערע פרויען און טעכטער נאָר שקלאַפען. זיי וואָלטען בעהערשט די וועלט ווען זיי וואָלטען נאָר געקענט. נאָר אַזוי ווי זיי קענען נישט בעהערשען די וועלט וואַרפען זיי זייער מאַכט אויף דעם האַלז פון זייערע פרויען און אויף זייערע נשמות. אַמאָל איז אָבער דאָס לעבען געגען זיי. מיין פאָטער האָט נישט געהאַט מעהר קיין קינדער נאָר מיך אַליין און איך בין פּונקט געווען ווי ער.

אַ מינוט האָט זי געשוויגען פערלייגט איין האַנד אויף דער אַנדערער ווי זי וואָלט גרייט געווען צום קאַמפּף.

— דיין פאָטער איז שוין געווען אַן אַנדערער מענש גאָר נישט ווי איך, אַ ליעבער און אַ גוטער מענש. איך האָב געוואוסט אַז איך וועל איהם קענען בעהערשען און ער האָט מיר שטילערהייד צוגעזאָגט איידער מיר האָבען חתונה געהאַט אַז ער וועט מיר נישט שטערען צו ווערען אַן אַקטריסע. מיין טאַטע איז געלעגען אויפ'ן טויטען בעט ווען מיר האָבען חתונה געהאַט. באַלד פון אָנפאַנג האָט ער בעשלאָסען איך זאָל חתונה האָבען מיט מיין שוועסטערקינד אפרים. איך האָב געוואוסט אַז איך וועל גרייכען מיין ציעל נאָר אין פאַל ווען איך וועל ווייזען מיין פאָטער אַז איך פאָלג איהם און שטילערהייד טהאָן וואָס איך וויל. איך האָב מורא געהאַט פאַר מיין פאָטער, שטענדיג האָב איך געציטערט פאַר איהם איך האָב זיך נישט געקענט העלפען. איך האָב איהם זיך געוואָלט אַנטקעגען שטעלען האָב עס אָבער קיינמאָל נישט געקענט, ווייל איך האָב געוואוסט אַז איך וועל נישט זיגען און דאָס האָב איך קיינמאָל נישט געוואָלט אַז איך זאָל פערלירען.

די לעצטע ווערטער האָט זי גערעדט זעהר הויך און איז באַלד

ענטשוויגען געוואָרען, די עראײנערונג וואָס האָבען זיך ערוועקט אין איהר האָבען זי ווייטער נישט געלאָזט רעדען. דעראָנדאָ איז געזעסען אַ צורודערטער און אַ צוטומעלטער און נישט געוואוסט פאַר אויפרעגונג וואָס עס טהוט זיך מיט איהם.

אָט האָט ער אויפגעהערט טראַכטען מיט כעם וועגען איהר, וואָס זי האָט איהם, איהר אייגען קינד פון זיך אָוועקגעשיקט און אַז זי האָט איהם צוריקגערופען רעדט זי מיט איהם אַזוי פרעמד און קאַלט נישט ווי קיין מאַמע, און באַלד איז איהם אײנגעפאַלען אַז עס וואָלט שוין בעסער געווען ווען זי ענטדעקט איהם נישט דעם סוד און ער וואָלט געקענט אַלץ האָבען צו טראַכטען וועגען איהר ווי פריהער, די געדאַנקען זיינען אויך פערשוואונדען און אַ רחמנות האָט איהם ארומגענומען אויף איהר, ער האָט בעשלאָסען זי רוהיג אויסצוהערען און ער זאָל איהר אַלץ פערגעבען. ער האָט זיך אָבער אַלץ נישט געקענט בערוהיגען און מורא געהאַט טאָמער רעדט זי אַרויס אַ וואָרט וואָס וועט איהם שטאַרק וועה טהאָן, נאָך מעהר ווי ביז איצט, ער האָט איהר שוין געוואָלט זאָגען, זי זאָל איהם נאָר דערצעהלען וואָס געהער צו איהם, נישט קיין אַנדערע מעשות, נאָר דאָס האָט ער אויך נישט געטהאָן. זי האָט איהם איינפאַך בעצויבערט מיט איהרע רייד און ער האָט געוואָלט נאָך מעהר הערען פון איהר און נאָך מעהר געוואָהר ווערען אין ער האָט זי געפרעגט:

— וואו האָט מיין זיידע געוואוינט?

— היער, אין גענוא ווען איך האָב חתונה געהאַט, זיין פאַמיליע האָט דאָ געלעבט פון דור דורות. מיין פאָטער איז אָבער געווען אין פיעל לענדער.

— האָסטו געוואוינט אין ענגלאַנד?

— מיין מאַמע איז געווען פון ענגלאַנד, אַ אידישע פרוי פון די פּאָרטוגעזען. מיין טאַטע האָט מיט איהר חתונה געהאַט אין ענגלאַנד, געוויסע אומשטענדען ארום דער חתונה האָבען געמאַכט די ענדערונגען אין מיין לעבען. דורך זיין חתונה האָט דער טאַטע זיך צושטערט זיינע אייגענע פּלענער. מיין מאַמעס שוועסטער איז געווען אַ זינגערין דערנאָך האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ גרויסען סוחר און זיי זיינען אַהער געקומען אין גענוא. עלף יאָהר האָבען זיי דאָ געוואוינט. מיין מוטער איז געשטאָרבען ווען איך בין אַלט געווען

אכט יאָהר, מיין פאָטער האָט מיר ערלויבט איך זאָל זיצען שטענ־
דיג ביי מיין מוהמע לעאָנאָרא און זי האָט מיך געלערענט, נישט
ווימענדיג אז זי וועט מיך צורעדען צו ווערען א זינגערין ווי זי איז
געווען. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען אז ער האָט דאָס יאָ גע־
וואוסט, נאָר עס האָט איהם נישט געאַרט, ווייל ער איז זיכער געווען
אז ער וועט מיר קענען שטערען ווען ער וועט נאָר וועלען. איידער
מיין מוהמע איז אוועק פון גענוא האָב איך שוין געהאַט גענוג שטו־
דירט צו קענען זיין א זינגערין ער האָט נישט אלץ געוואוסט, ער
האָט נאָר געוואוסט אז איך האָב געלערענט מוזיק און זינגען. ער
האָט אויך געוואוסט אז איך וויל ווערען א זינגערין, דאָס האָט איהם
אָבער גאָרנישט געאַרט. ער האָט געמיינט אז איך וועל איהם פאָל־
גען וואָס ער וועט מיר הייסען. ער האָט בעשלאָסען איך זאָל חתונה
האָבען מיט מיין שוועסטערקינד אפרים, דער איינציגער וואָס איז
נאָך איבערגעבליבען פון מיין פאָטער'ס משפחה. איך האָב נישט
געוואָלט חתונה האָבען. איך האָב זעהר פיעל געטראַכט ווי אזוי
דאָס אויסצומיידען, צום סוף האָב איך אויסגעפונען אז איך וועל
קענען טהאָן מיט אפרים'ן וואָס איך וועל נאָר וועלען און איך בין
בעשטאַנען. דער טאַטע איז געשטאָרבען דריי וואָכען נאָך מיין
חתונה און איך האָב דערגרייכט מיין ציעל!

זי האָט דאָס גערעדט זעהר הויך ווי איינער וואָס האָט געזיעגט
אין קאַמפף. נאָר אין א מינוט אַרום האָט זי גערעדט מיט א ציטע־
ריגע שטימע:

— עס האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטען. דער טאַטע האָט
מיך אלץ ניט אָבגעלאָזט, זאָגאר נאָך זיין טויט...

זי האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין דעראָנדא'ן און גערעדט
ווייטער:

— זעהסט אוים פונקט ווי ער, נאָר א ביסעל מילדער, דאָס
ווייכקייט און גוטסקייט פון דיין טאַטע איז דאָ אין דיר, דיין טאַטע
האָט געהאַט איין ציעל אין זיין לעבען, מיר צו זיין איבערגעגעבען.

ער האָט איבערגעלאָזען זיינע געשעפטען, זיין באַנק און מיר
נאָכגעגאַנגען, ער איז געגאַנגען געגען זיך אליין צוליעב מיר. אזוי
ווי איך האָב ליעב געהאַט מיין קונסט אזוי האָט ער אויך ליעב גע־

האָט. לאָז מיך אַ קוק טהאָן אויף דיין האנד מיט'ן רינג, דאָס איז געוועזן דיין פאָטער'ס רינג.

ער האָט צוגערוקט זיין שטוהל צו איהר דערלאַנגט זיין האנד, זיין האנד איז געוועזן זעהר עהנליך צו איהרע, נאָר אַ ביסעל גרעסער. אז ער האָט דערפיהלט איהר קליינע האנד האלטענדיג זיינע און זעהענדיג נאָהענט איהר פּנים וואָס איז געוועזן אזוי עהנליך צו איהם האָט איהם אַ נייער געפיהל ארומגענומען. ער האָט זיך געפיהלט שטאַרק צוגעבונדען צו איהר און זיך געבעטען:

— מאַמע, נעהם אונז אלעמען צו דיר אין הארצען, די לעבעדיגע אין די טויטע. זיי מוחל דאָס אלץ וואָס האָט דיר אמאָל וועה געטהאָן, נעהם אָן מיין ליעבע.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מעהר מיט דרך ארץ און פערהערונג איידער מיט ליעבע, זי האָט איהם אַ קוש געטהאָן אין שטערען און טרויעריג געזאָגט:

— אלץ וואָס דו וועסט מיר געבען וועל איך אָננעהמען, איך וועל נישט צוריקווייזען, איך קען דיר אָבער גאָרנישט געבען...

זי האָט פרייגעלאָזען זיין האנד און זיך אראָבגעלאָזען אויפ'ן קישען.

דעראָנדאַ איז שטאַרק בלאַס געוואָרען, עס האָט איהם שרעקליך וועה געטהאָן וואָס זי פערשטויסט איהם מיט זיין גרויסע ליבע. זי וויל איהם נישט האָבען לעבען זיך, עס האָט איהם שרעקליך צוּבראָכען, זי האָט דאָס פערשטאַנען און גערעדט צו איהם מיט אַ ליעבען אומעטיגען קול:

— עס איז בעסער אזוי, מיר מוזען זיך צושיידען און דו ביזט מיר קיין זאַך ניט שולדיג, דו האָסט גאָר קיין פליכטען ניט צו מיר. איך האָב נישט געוואָלט דיר געבוירען. איך האָב זיך צושיידט מיט דיר מיט מיין אייגענעם ווילען, אז דיין פאָטער איז געשטאָרבען און איך האָב קיין יאָך נישט געוואָלט האָבען, אויסער אזעלכען וואָס איך זאָל קענען צו יעדער צייט בעפרייען פון דעם. איך ביז געוועזן די גרויסע זינגערין יאַלכאריזי וואָס דו האָסט געווים געהערט פון איהר, מיין נאָמען איז געוועזן אַ כשוף אומעטום. מענער זיינען מיר נאָכגעלאָפען. סער הוגאָ מאַלינדזשער איז געוועזן איינער פון די, וואָס האָבען מיט מיר געוואָלט חתונה האָבען. ער איז געוועזן

פערליעבט אין מיר ביז משוגעת. איינמאָל האָב איך איהם געפרעגט „איז דאָ א מאַן וואָס זאָל אוים ליעבע מיר וועלען עפּעס טהאָן און ניט פערלאַנגען צוריק פון מיר גאָר נישט?" ער האָט מיך געפרעגט וואָס איך פערלאַנג, און איך האָב איהם געזאָגט ער זאָל נעהמען מיין קינד און אויפציהען אלס אַן ענגלענדער און ער זאָל קיינמאָל נישט ווייסען אַ וואָרט וועגען זיינע עלטערען. דו ביזט דעמאָלט געוועזען ארום צוויי יאָהר אלט, ער האָט דיך געהאַלטען אויף זיינע קניע און ער האָט געזאָגט דאָס ער וואָלט אַ פערמעגען אוועקגעגעבען צו האָבען אזא קינד. אין אמת'ן איידער איך האָב איהם געזאָגט מיין פערלאַנג, האָב איך אליין נאָך נישט געהאַט זיך פערטראַכט אין דעם. נאָר שפּעטער האָט דאָס מיך שוין ניט אָבגעלאָזען ביז איך האָב עס געמוזט אויספיהרען. סער הוגאָ האָט געמיינט אז איך שפּאַס דאָס אזוי, נאָר אז ער האָט געזעהן דאָס איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט און איך וויל דאָס זעהר שטאַרק איז איהם געפעהלען, ער האָט פערשטאַנען אז דאָס וועט זיין זעהר גוט פאַר דיר און דו וועסט זיין פערזיכערט דיין גאַנץ לעבען. אַ גרויסע זינגערין, מיין קינד איז טאַקי אזוי בעריהמט ווי די קעניגין, זי איז אָבער נישט גלייך צו איהר, איהר טאַלאַנט קען זי נישט לאָזען בירושה, דאָס בעסטע וואָס אַן אקטריסע קען טהאָן מיט איהר קינד איז איהם אוועקצושיקען פון זיך. סער הוגאָ מאַלינדזשער האָט איינגעשטימט מיט מיר. מיר זיינען דאַן געוועזען אין נעאַפּעל האָט ער דיך צוגענומען און ער איז געוועזען דער אַפּעקון פון דיין גאַנץ פערמעגען וואָס איז דיר געבליבען פון טאַטען. מיין קינד, דאָס האָב איך געטהאָן. איך בין געוועזען צופריעדען וואָס איך האָב דאָס געטהאָן. מיין פאָטער האָט מיר שטאַרק געפּייניגט האָט מיך בעהאַנדעלט ווי אַ טיראַן. איהם האָט מעהר אינטערעסירט צו האָבען אַן אייניקעל איידער איך אליין, פאַר מיר איז דאָס אָבער גאָר נישט ווערט געוועזען. דו האָסט געזאָלט זיין אזא איד ווי ער, צו זיין דאָס וואָס ער האָט געוואָלט. דו ביזט דאָך אָבער מיין זוהן און איך האָב דאָס רעכט צו בעשליסען וואָס דו זאָלסט זיין. איך האָב בעשלאָסען אז דו זאָלסט נישט ווייסען אז דו ביזט אַ איד.

— פון חדשים צוריק האָבען מיר פערשיעדענע צופאַלען צוגעגרייט איך זאָל זיין גליקליך וואָס איך בין אַ איד — האָט דע־

ראָנדאָ איהר געזאָגט. זיין געגנערשאַפט צו איהר האָט זיך ווידער אויפגעוועקט אין איהם, ער האָט איהם שטאַרק אָנגעריהרט. — עס וואָלט שטענדיג בעסער געווען ווען איך וואָלט געוואוסט ווער איך בין. איך בין שטענדיג געווען געגען בעהאַלטען זאַכען וואָס דאַכ־טען זיך אַז זיי זיינען אַ שאַנד, עס איז נישט קיין חרפה צו האָבען אידישע עלטערען. אַ שאַנד איז דאָס צו בעהאַלטען...

—זאָגסטו אַז עס איז אַ שאַנד וואָס איך האָב געמאַכט אַ סוד פון דעם — האָט זי געזאָגט מיט כעס — קיין שאַנד אַרט מיך נישט. איך האָב נישט קיין אורזאַך זיך צו שעהמען. איך האָב זיך בעפרייט פון די אידישע שמאַטעס, איך האָב אַוועקגעוואָרפען די נאַרישע שפּראַך וואָס די אידען רעדען אומעטום און ווערען אויסגעלאַכט פון אַלע מענשען, כאָטש מיר זעהען אוים פונקט ווי זיי. איך האָב דיך בעפרייט פון די אידישע אָבגעזונדערטקייט וואָס שאַדט אַזוי פיעל די אידען. איך שעהם זיך נישט וואָס איך האָב דאָס געטהאָן. איך האָב דיר נאָר געטהאָן אַ טובה מיט דעם.

— טאָ פאַרוואָס האָסטו אויפגעדעקט דאָס געהיימנים איצט? פאַרוואָס האָסטו איצט נאָך מיר געשיקט און אויסגעזאָגט אַז איך בין אַ איד? — האָט ער זי געפרעגט פערביטערט, ווי איינער וואָס עס פערדריסט איהם שטאַרק וואָס מען האָט בעליידיגט זיין פאָלק און זיינע עלטערען.

— פאַרוואָס? אָ, פאַרוואָס? — האָט זי געזאָגט און אויפ־געהויבען זיך פון אָרט און גענומען שפּרייזען איבער'ן צימער. דער־נאָך האָט זי זיך אָבגעשטעלט לעבען איהם, ער האָט זיך אויך אויפ־געשטעלט און זי האָט ווייטער גערעדט:

— איך קען דאָס נישט דערקלעהרען. איך קען נאָר זאָגען דאָס וואָס איז. איך האָב איצט נישט ליעבער מיין פאָטער'ס רעליגיאָן פונקט ווי פריהער. איידער איך האָב דאָס צווייטע מאָהל חתונה געהאַט בין איך געווען אַ באַפּטיסקע. איך בין געוואָרען די זעלבע ווי די מענשען צווישען וועלכע איך האָב געלעבט. איך האָב גע־האַט דאָס רעכט צו טהאָן אַזוי. איך בין דאָך נישט געווען קיין קוה מיטצוגעהן מיט דער סטאַדע וואו זי איז געבוירען, עס האָט מיר נישט באַנג געטהאָן. נאָר איצט... דאָ איז זי גאַנץ נאָהענט צו איהם צוגעגאַנגען און געשוויגען אַ ווייל. באַלד האָט זי זיך אָבגערוקט

און געבליבען שטעהן און עס איז קענטיג געװעזן אז זי שטארקט זיך, זי װיל נישט אלץ ארויסרעדען, זי קען זיך אָבער נישט איינהאלטען, זי רעדט אלס װאָס איז אויף איהר הארץ און זי האָט געזאָגט:

— דאָס איז צוליעב מיין קראנקהייט. איך װייס, איך בין גע־פעהרליך קראנק. מעהר װי אַ יאָהר װי דאָס האָט זיך אָנגעהויבען. דו זעהסט מיינע גרויע האָר, מיין איינגעפאלען פּנים אלץ איז גע־קומען אזוי גיך. טיילמאָל בין איך אין טויט־שרעק, איך שרעק זיך, היינט װעט װיעדער אזוי זיין, היינט ביינאכט. אלץ װאָס איך האָב געלעבט, מיין לעבען, מיין שטרעבען פערשװינדט פון מיר, אפילו מיינע קינדער יאָהרען, מיין חתונה, מיין פאָטער'ס טויט — אלץ פערשװינדט. און איין גרויסער שרעק בעפאלט מיך, איך װייס דעמאָלט נישט פון לעבען און נישט פון טויט. און דאָס װאָס דער טאטע מיינער האָט אָנגערופען „גערעכטיגקייט" דאָס ליגט װי אַ גרויסע קראפט איבער מיר, דאָס פּייניגט מיר שרעקליך. איך װיל א י ה ם צופריעדען שטעלען. איך קען נישט שטארבען איידער איך װעל נישט האָבען איהם צופריעדען געשטעלט. איך האָב בע־האלטען דאָס װאָס איז געװעזן זיין אייגענס. איך האָב עס געװאָלט פערברענען דאָס אידישקייט און האָב עס נישט געקענט. איך דאנק גאָט װאָס איך האָב עס נישט פערברענט.

אַ מידע און אַן אויסגעמאטערטע האָט זי זיך צוריק אראָבגע־לאָזען אויפ'ן קישען. דעראָנדא איז שטארק געריהרט געװעזן אז ער האָט געזעהן װי שטארק זי ליידט און ער האָט פערלוירען דעם גאנ־צען כעס אויף איהר. ער איז צוגעגאנגען און װייך געזאָגט:

— רוה זיך אוים היינטיגע נאכט. דאָס איבריגע װעסטו מיר דערצעהלען מאָרגען.

— ניין — האָט זי געזאָגט פעסט — איך װעל אין אלץ זיך מתודה זיין, אַז איך האָב שוין אָנגעהויבען. אז איך פיהל זיך לייכ־טער פליהט אלץ אװעק, מיין שרעק פערשװינדט און איך פיהל זיך רוהיגער. איך װייס אָבער אַז דאָס װעט נישט לאנג אָנהאלטען. מיין שרעק װעט באלד קומען צוריק און איך װעל װערען אזוי הילפ־לאָז און זיך נישט מעהר קענען געגענשטעלען. שטענדיג האָב איך ליעב געהאַט קעמפּפען און געגען שטעלען זיך געגען אלע, איצט טהו איך עס אויך אָפט, רעד אזעלכעס װי דו האָסט געהערט, איך קען עס

אָבער מעהר נישט, דעמאָלט ווען די שרעק בעפאַלט מיך. דו אַליין האָסט מיך אויך אַזוי וועה געטהאָן... נאָר וואָס וועל איך בעהאַל־טען פון דיר? קיינער קען מיך נישט בעשולדיגען, דו זאָגס דאָך, אַז דו ביזט גליקליך וואָס דו ביזט אַ איד. יוסף קלונימים האָט מיך שטענדיג געפייניגט און געזאָגט אַז דו ביזט אַ ריכטיגער ענגלענ־דער, האַלסט זיך גרויס און שטאָלץ, אַ איד איז דיר מיאוס אין די אויגען און דו ווילסט זיך נישט צוריהרען צו איהם. הלואי וואָלט דאָס אַזוי געווען! — האָט זי אויסגעשריען נישט וויסענדיג אַליין שוין וואָס זי רעדט.

— ווער איז יוסף קלונימים? — האָט דעראָנדאַ זי געפרעגט און זיך דערמאָנט אָן דעם אידען וואָס ער האָט געטראָפען אין פראַנקפורטער שוהל וואָס אַז ער איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם אָנגעריהרט, איז יענער אַנטלאָפען פון איהם.

— נאָר די נקמה האָט איהם צוריקגעבראַכט פון מזרח ער זאָל דיך זעהן און מיך קענען פייניגען. ער איז געווען מיין פאָטער׳ס חבר, ער האָט געוואוסט אַז דיין טאַטע איז געשטאָרבען און איינמאָל מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, ער איז דאָס געקומען פון ארץ ישראל, איז ער געקומען צו מיר און מיך געפרעגט אויף דיר. איך האָב איהם געזאָגט אַז דו ביזט געשטאָרבען, איך האָב געוואָלט אַז דו זאָלסט זיין טויט פאַר אַלע אידען. ווען איך וואָלט איהם געווען גע־זאָגט אַז דו לעבסט וואָלט ער מיר געשטערט אין אַלע מיינע פּלענער. ער וואָלט געוואָלט זיין מיין פאָטער׳ס פערטרעטער און מיך גע־צוואונגען טהאָן אַנדערש ווי איך האָב געוואָלט. האָב איך דען גע־קענט אַנדערש זאָגען נאָר אַז דו ביזט שוין געשטאָרבען? עס איז דאָך אַלץ שוין געווען געטהאָן. ווען איך זאָל איהם געווען דערצעהלען דעם אמת, וואָלט געווען אַ סקאַנדאַל, ער וואָלט מיך געוואָלט בע־זיגען. איך בין דעמאָלט זעהר שטאַרק געווען און איך וואָלט שטאַרק געקעמפּפט באַטש דער קאַמפּף וואָלט געווען זעהר שווער. איך האָב אָבער בעשלאָסען נישט צו קריעגען זיך. ער האָט מיר געגלויבט און האָט מיך געבעטען איך זאָל איהם געבען דאָס קעסטיל וואָס מיין טאַטע האָט איבערגעלאָזט און אָנגעזאָגט מיר מיט דיין טאַטע אַז מיר זאָלען דאָס איבערגעבען אונזער עלטסטען זוהן. איך

האָב געוואוסט וואָס אין דעם קעסטיל געפינט זיך . דאָרט איז געוועזן דאָס וואָס האָט מיך שטענדיג געפּייניגט און קיין רוה נישט געגע־בען. פיעל מאָל האָב איך דאָס קעסטיל געוואָלט פערברענען מיט די אַלע פּאַפּירען אינוויינינג. אַז דיין טאַטע איז געשטאָרבען האָב איך עס אייך געוואָלט טהאָן, דאָס הארץ האָט מיך אָבער נישט דערלאָזט צו דעם. איך האָב געפיהלט אַז איך וועל בעליידיגען מיין פאָטער אַז איך וועל דאָס פערברענען. עס איז דאָך געמיין פון אַ מענשען ווען ער פערברענט יענעמס געדאַנקען. איך האָב קיינמאָל נישט געטהאָן אַזעלכעס וואָס זאָל זיין געמיין פאַר מיר, די אידען זאָגען גאָר אַז דאָס איז געמיין און מיאוס. איך האָב אים אוועקגעגעבען דאָס קעסטיל, ער איז שטאַרק טרויעריג געוועזן און האָט געזאָגט צו מיר אַז איך וועל נאָך אַמאָל חתונה האָבען און האָ־בען אַ זוהן זאָל איך איהם איבערגעבען דאָס קעסטיל און דערפילען דעם פערלאַנג פון מיין טויטען פאָטער. איך האָב געשוויגען ווען ער האָט דאָס מיר געזאָגט, ווייל איך האָב נישט געגלויבט אַז איך וועל נאָך אַמאָל חתונה האָבען, פּונקט ווי איך האָב נישט געגלויבט אַז עס וועט קומען אַ צייט און איך וועל זיין אַזוי אומגליקליך ווי איך בין איצט...

זי האָט אויפגעהערט רעדען, ווידער זיך אַראָבגעלאָזט אויפ׳ן קישען אויסגעשטעלט איהרע אויגען אין דער ווייטקייט ווי זי וואָלט געזעהן עפּעס פערבאָרגענעס און בעהאַלטענעס און אַז זי האָט ווידער אָנגעהויבען רעדען האָט איהר שטימע אַזוי וויינענדיג גע־קלונגען :

— מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק האָט יוסף קלונימים דיך גע־זעהן אין אַ שוהל אין פראַנקפורט. ער האָט דיך אויך געזעהן אריינ־געהן אין האָטעל און ער איז אַריין און געפרעגט דיין נאָמען. אויסער איהם האָט קיין מענש פון דיין נאָמען גאָר נישט געקענט וויסען וועגען מיר.

— איז דאָס נישט מיין ריכטיגער נאָמען ? — האָט דעראָנדא פערביטערט אויסגערופען, עס האָט איהם פערדראָסען וואָס די מוטער האָט אפילו זיין ריכטיגען נאָמען פון איהם בעהאַלטען.

— אָ, זעהר ריכטיג. דיין ריכטיגער נאָמען — האָט די מוטער

געזאָגט גלייכגילטיג — די אידען האָבען דאָך שטענדיג געביטען זייערע נעמען. מיין פאָטער'ס משפּחה האָט זיך גערופען חאַריזי. מיין מאַן האָט אויך געהייסען חאַריזי. אַז איך בין געוועזען אַ זינגע־רין האָב איך איבערגעמאַכט דעם נאָמען אויף אַלחאַריז. אַ טהייל אָבער פון מיין פאָטערס פאַמיליע האָבען געהייסען דעראָנדאַ. דער טהייל איז שוין אָבער אין גאַנצען אויסגעשטאָרבען און אַז איך האָב געזוכט אַ נאָמען פאַר דיר האָט סער הוגאָ מאַלינדזשער געזאָגט עס זאָל זיין אַ פרעמדער נאָמען, האָב איך מיך דערמאָנט אַן „דעראָנדאַ". יוסף קלונימים האָט אָבער פון מיין פאָטער שטענדיג געהערט וועגען דעם, און אַז זיי האָבען איהם אין האָטעל געזאָגט דיין נאָמען האָט ער אָנגעהויבען פערדעכטיגען אַז דאָס ביזטו מיין קינד. ער האָט אָנגעהויבען פערדעכטיגען ווער וויים וואָס איך האָב אָבגעטהאָן מיט דיר. ער האָט אויסגעפונען וואו איך וואוין און איז געקומען נאָך רוסלאַנד מיך זעהן. ער האָט מיך געפונען קראַנק און צובראָכען. ער איז צוריקגעקומען מיט אַ ווייסען קאָפּ, שטאַרק אין כעס. ער האָט צו מיר אזוי שאַרף גערעדט; ער האָט געזאָגט, אַז איך וועל שטאַרבען אַ פאַלשע און אַ רויבערין, פאַלש צו מיין פאָטער און אַ רויבערין פון מיין אייגען קינד. ער האָט זיך געקריעגט מיט מיר וואָס איך האָב פאַרבאָרגען פון דיר דיינע ריכטיגע עלטערן און דיך געלאָזט ערציהען ווי אַן ענגלענדער. נו, עס איז דאָך אַלץ אמת. מיט צוואַנציג יאָהר צוריק וואָלט איך געזאָגט, אַז איך האָב ריכטיג געטהאָן, איך האָב אַ רעכט דערויף. איצט קען איך אָבער אזוי ניט זאָגען; איך האָב מעהר קיין כח ניט. גאָט איז מיט מיין פאָטער. יוסף קלונימוס ווערטער זיינען געווען ווי גיפט פאַר מיין קראַנק הארץ. מיין פאָטערס ווערטער האָבען מיך אויף נישט אָבגעלאָזט, האָבען מיך געפּייניגט און געמאַטערט. איצט, אַז איך וועל אַלץ דערצעהלען דיר, וועל דיר אַלץ איבערגעבען, קענען זיי דאָך פון מיר מעהר גאָר נישט פערלאַנגען. איך קען אָבער נישט ליעב האָבען די מענשען, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געליעבט. איז דען נישט גענוג, וואָס איך האָב פאַרלאָרען דאָס לעבען, וואָס איך האָב אזוי ליעב געהאַט?

די לעצטע ווערטער האָט זי גערעדט שטיל. עס האָט אָבער אויסגעזעהן, ווי זי האַלט זיך איין נישט צו שרייען. זי האָט

אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אויסגעשטרעקט די הענד ווי אין א תפלה. דעראָנדאַ האָט שטארק רחמנות בעקומען אויף איהר. ער האָט פארגעסען, אז זי האָט איהם ערשט נישט לאנג פערשטויסען פון זיך, איהם מיט זיין גרויסע ליעבע וואָס ער האָט איהר פאָרגע־ליינגט. ער האָט איהר אלץ מוחל געווען און האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויף די קניע פאר איהר, אָנגענומען איהר ווייכע, קליינע האנד און זי געבעטען :

— מאמע, בערוהיג זיך, מאמע...

זי האָט איהם נישט אָבגעשטויסען פון זיך, האָט איהם דער־לאנגטביידע הענד, ער זאָל זיי דריקען, איהרע אויגען זיינען גע־וואָרען פול טרעהרען. זי האָט געכאפּט איהר טיכעל און גענומען ווישען די אויגען. דערנאָך האָט זי אָנגעשפּארט איהר באק אויף זיין שטערן און אויסגעמיטען איהם צו קוקען אין די אויגען.

— איז אונמעגליך, אז איך זאָל קענען זיין לעבען דיר און דיך טרייסטען ? — האָט דעראָנדאַ געזאָגט פול מיט רחמות און האָט געוואָלט אלץ אוועקווארפען נור געהן העלפען זיין מוטער.

— ניין, עס איז אונמעגליך — האָט זי געענטפערט, אויפ־הויבענדיג איהר קאָפּ און ארויסגענומען איהר האנד פון זיינע, ווי זי וואָלט זיך געבעטען ביי איהם, ער זאָל אוועקגעהן — איך האָב א מאן און פינף קינדער. קיינער פון זיי ווייסט נישט פון דיר קיין זאך.

דאָס האָט דעראָנדאַ שרעקליך וועה געטהאָן. ער האָט גע־שוויגען, זיך אויפגעשטעלט און אוועק אביסעל פון ווייטענס.

— ווילסט וויסען פארוואָס איך האָב נאָך אמאָל חתונה גע־האט — האָט זי ווייטער דערצעהלט — איך האָב געהאט בעשלאָ־סען נאָך אמאָל נישט חתונה צו האָבען. איך האָב געוואָלט זיין פריי און צו לעבען נאָר פאר מיין קונסט. איך האָב זיך צושיידעט מיט דיר. איך בין נישט געווען צוגעבונדען צו קיין זאך, האָב קיין עול נישט געהאט. ניין יאָהר צייט בין איך געווען ווי א קעניגין. איך האָב הנאה געהאט פון דעם לעבען, נאָך וועלכען איך האָב אזוי געבענקט. נאָר פּלוצלונג איז מיך עפּעס בעפאלען. איך האָב אָנ־געהויבען פערגעסען אלץ וואָס איך האָב געוואוסט. איך האָב אָנ־געהויבען זינגען שוואך. מען האָט דאָס מיר געזאָגט, אן אנדער

פרוי האָט פאַרנומען מיין פּלאַץ. איך האָב נישט געקענט פער־טראָגען די שרעק אַז איך וועל ארונטער פון סצענע. עס איז אַזוי שרעקליך געווען פאַר מיר. — זי איז אויפגעשפּרונגען און אָנגע־כאַפּט דעם קאָפּ מיט ביידע הענד, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט בע־שיצען פון אַן אונגליק — און דאָס האָט מיך געבראַכט דערצו, איך זאָל נאָך אַמאָל חתונה האָבען. איך האָב געמאַכט דעם אָנ־שטעל, אַז איך וויל בעסער זיין די פרוי פון אַ רוסישען גרויספירשט, איידער די גרעסטע זינגערין אין אייראָפּאַ. איך האָב אַלעמען גע־מאַכט אַזוי גלויבען. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, ווייל איך האָב געפיהלט, אַז מיין גרויסקייט גליטשט זיך אַוועק פון מיר, פּונקט ווי איך פיהל, אַז איך גייע איצט שטאַרבען. איך האָב נישט געוואָלט וואַרטען, ביז מענשען וועלען זאָגען אויף מיר: „אָ, זי וואָלט בעסער אויפגעהערט זינגען"...

זי האָט זיך ווידער ארונטערגעלאָזט אויף איהר זיץ און געקוקט אויפ'ן טונקעלען הימעל און ווייטער גערעדט:

— איך האָב באַלד חרטה געהאַט. עס איז געווען אַ נאַריש־בעשלום. דאָס וואָס איך האָב געזונגען שוואַך איז נאָר געווען צייטווייליג צוליעב מיין קראַנקהייט. איך בין באַלד געזונד גע־וואָרען. איך האָב חרטה געהאַט. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. איך האָב שוין נישט געקענט געהן צוריק. אַלץ האָט מיר געשטערט — אַלץ.

אַ נייער טרויער און צער האָט איהר פּנים ארומגענומען. דע־ראָנדאַ האָט שוין נישט פערלאַנגט פון איהר, זי זאָל מיט דעם איבעריגען צוּוואַרטען אויף מאָרגען, טאָמער וועט דאָס רעדען איהר שאַטען; ער האָט געזעהן, אַז דאָס רעדען איז נאָך אַ היילונג און אַ טרויסט פאַר איהר פערביטערט האַרץ. זי רעדט אַראָפּ איה־רע צרות און עס ווערט איהר לייכטער. ער איז געשטאַנען און האָט געשוויגען, געקוקט אויף איהר. זי האָט גאָר פערגעסען, אַז זי שווייגט אַ שטיק צייט און ער וואַרט זי זאָל ווייטער רעדען. זי איז געלעגען און ארויסגעקוקט אין דרויסען ווי די זון לאָזט זיך אַרונטער, ווערט קלענער און קלענער; באַלד וועט ווערען אין גאַנצען פינסטער. און פּלוצלונג האָט זי זיך געווענדעט צו איהם און געזאָגט:

— איך קען איצט נישט מעהר רעדען.

זי האָט איהם דערלאַנגט די האנד און פּלוצלונג צוריק גע־כאַפּט און געזאָגט:

— וואַרט! ווי אַזוי וויים איך, אז איך וועל דיך נאָך אַמאָל קענען זעהן! איך קען נישט ליידען, אז מען זאָל מיך אָנקוקען, ווען איך בין קראַנק.

זי האָט ארויסגענומען א בייטעלע און ארויסנעהמענדיג א בריעף, האָט זי געזאָגט:

— דאָס איז אדרעסירט צו א באַנק הויז אין מאַינץ, געה דאָרט אהין נאָך דיין זיידענס קעסטעל, דאָס איז א בריעף, גע־שריעבען פון יוסף קלוגימוס. אויב ער איז נישט דאָרט, וועט מען אויך טהאָן זיין פערלאַנג.

אז ער האָט געהאט גענומען דעם בריעף, האָט זי נאָך ווייכער געזאָגט צו איהם:

— קום אהער, שטעל זיך אויף די קניע און איך וועל דיר גע־בען א קוש.

ער האָט געפאָלגט. זי האָט געהאַלטען זיין קאָפּ אין איהרע הענד און איהם געקושט אין שטערען.

— דו זעהסט, אז איך האָב שוין קיין לעבען נישט מעהר אין מיר, איך זאָל דיך קענען ליעב האָבען — האָט זי שטיל געמור־מעלט — עס איז אָבער דאָ א גרויס פערמעגען פאַר דיר. סער הוגא מאַלענדזשער האָט דאָס געהיט פאַר דיר. איך האָב דיר אוועקגעגעבען דיין פאָטערס גאַנץ פערמעגען; קיינער קען מיך נישט בעשולדיגען, אז איך האָב עפּעס פון דיר אוועקגערויבט.

— ווען דו וואָלסט עפּעס געדאַרפט, וואָלט איך שטענדיג געארבייט פאַר דיר — האָט דעראָנדא געזאָגט, פיהלענדיג, אז זיי־נע חלומות וועגען זיין מוטער, ווי אזוי זי וועט שטענדיג זיין מיט איהם, צושווימען זיך און וועלען קיינמאָל זיך נישט אומקעהרען.

— איך דאַרף גאָר נישט אַזעלכעס, וואָס א מענש מיט זיין ארבייט קען עס מיר געבען — האָט זי געענטפערט, האַלטענדיג זיין קאָפּ אין איהרע הענד און שטאַרק איינקוקענדיג זיך אין זיין פּנים. נאָר איצט האָב איך צופריעדענגעשטעלט מיין טאַטען—איך האָב געטהאָן זיין ווילען, ער וועט מיך שוין נישט מעהר פּייניגען, אנ־

שטאָט איהם וועל איך זיך דערמאָנען אָן דיין פּנים, אין דיין יונג, ליעב פּנים.

— אָבער דו וועסט דאָך מיר נאָך אַמאָל זעהן — האָט דע־ראָנדאַ געפרעגט נייגעריג.

— יאָ, אפשר, ווארט, לאָז מיך איצט אליין.

## 40טער קאַפּיטעל.

צומאָרגענס האָט דעראָנדאַ געקראָגען אַ גרויסען בריעף, בע־שריעבען פיער גרויסע בויגענס, פון האַנס מייריק.

— מיין טהייערער דעראָנדאַ :—

„אַלס ענטפער אויף דיין שרייבען וועגען די בעוועגונג אין איטאַליען און דיין אַלגעמיינער בליק אויף דער וועלט, קען איך דיר זאָגען, אז די צייט וועט אַלץ בעווייזען.

„איך האָב געהאַט אַ האָפנונג, אז רייכע לייט וועלען קומען און קויפען מיינע בילדער, נאָר מיינע פריינד האָבען מיר צור־שטערט די האָפנונג, זיי זאָגען, אז עס זיינען נישטאָ קיין נאַראָנים אויף דער וועלט, וואָס זאָלען וועלען מיינע בילדער קויפען... זיי האָבען אַזוי אַרום צוגערויבט ביי מיר דעם אָרימען מאָלער, די איינציגע טרויסט אין מיין לעבען.

„ דאָך אָבער, האָף איך נאָך אַלץ, אז אַ קונסט־ליעבהאָבער וועט קומען און אָבקויפען מיינע בילדער פון בערעניקאַ און מיך אָב־גילטען.

„ליעבער פריינד - מיר איז אין אָנפאַנג געווען אומעטיג אָהן דיר. איך האָב אָבער אויסגעפונען אַ נייעם חבר. דאָס איז אונ־זער אידישער נביא, מרדכי. איך האָב איהם שטאַרק ליעב. ער האַלט אויך פון מיר. איך וועל מאָלען זיין בילד. ווען ער וואָלט נאָר געקענט מיך מאַכען פאַר אַ איד, וואָלט איך דאָס געוואָרען. ער איז איינער פון די וואונדערבאַרסטע מענשען אויף אונזער וועלט, ער, דער אידישער נביא. ווען איך געה אַוועק פון איהם געפין איך אויס, אז איך האָב אַ נייעם זיך דערוואוסט. איך בעוואונדער איהם אַזוי, ער האָט דאָך אַזוי שטאַרק ליעב זיין פאָלק, אַ פייער־דיגע ליעבע ברענט אין זיין הארצען צו זיינע ברידער; ער איז טריי

זיין תורה, היט אָב די מצוות; ער איז אָבער נישט פון דעם סאָרט, וואָס, אז זיי הערען דעם נאָמען קריסט—שפייען זיי אוים. ער איז אויך ניט מיט דער מיינונג, אז גאָט וועט אמאָל אַלע אידען טהיילען דעם „לויתן", נאָר די גוים וועלען שטעהן און צוקיקען, וועלען גאָר נישט בעקומען צו עסען און וועלען שלינגען דאָס שפייעכץ פון מויל פאר הונגער.

„ איך זאָג דיר דעם אמת, אז ווען איך האָב דיר געהערט רעדען וועגען מרדכי'ן האָב איך זיך אפילו נישט גוט איינגעהערט. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז דו טרייבסט איבער, ווייל דו פערטהיידיגסט א געיאָגטען אידען. איצט אָבער, ווען איך האָב זיך מיט איהם בעקענט און גערעדט מיט איהם,—און איך רעד מיט איהם זעהר פיעל — האָב איך אויסגעפונען, אז ער איז א זעלטענער דענקער מיט זעהר טיעפע געדאנקען און קיינעמס רייד קענען, ווי קלוג זיי זאָלען נישט זיין, איהם אָבשפארען אויף א האָר.

„נאָר ווייל ער איז א איד איז ער אזוי פעהיג; ער האָט א גרויסען גייסט, ווי די גאַנצע וועלט. פיעל מאָל דאכט זיך מיר, אז מיין גאַנץ דענקען און שרייבען איז ווי א טראָפּען אין ים אנטקעגען איהם. ער איז דער אויסלייזער, דער ריכטיגער גואל, נישט איך ! איך בין דאָך אזוי אָרים, אזוי קליין, און ער איז מיין לעהרער, מיין וועג־ווייזער. איך פערלאָז זיך אין גאַנצען אויף איהם. ווי אמת און ריכטיג איז זיין מיינונג, וואָס ער זאָגט, אז אויב מיר געפינען אַן עהרליכען קלוגען קריסט, בעשטעהט ער פון דריי טהייל איד. אַלע דענקער, פון אַלע צייטען, לעבען נאָר א דאנק דעם אידישען גייסט.

„דאָס אַלץ איז אזוי אמת אין מיינע אויגען און געפעהלט מיר אזוי שטארק דערפאר, ווייל איך וויל דערמיט בעווייזען מירא'ן, אז איך בין כמעט א איד...

„יאָ, איך, האנס מייריק, האָב ענדליך אויסגעפונען, אז איך מוז מיין הארץ אראָפּרעדען פאר איהר און איהר דערצעהלען, ווי שטארק איך ליעב זי.

„ווען איך וואָלט זיך נישט געפיהלט אזוי גליקליך אין איהר געגענוואַרט, וואָלט איך שוין געפאַלען צו איהרע פים און זי גע־

בעטען, זי זאָל מיר אָפּען זאָגען צו זי וויל, אז איך זאָל מיין מח צושפּאַלטען אָן די שטיינער...

„עס איז אָבער נישטאָ נאָך א מענש אויף דער וועלט, וואָס זאָל קענען אזוי וואַרטען און האָפען, ווי איך. איך זאָג איהר דאָס נישט, ווייל איך האָב מורא, איך זאָל נישט הערען ווי מיין האָפ־נונג איז אומזיסט. איך האָב מורא, אז זי וועט מיר געבען א ביטערן ענטפער און איך וועל רעדען אין גאַנצען א דערשלאָגענער.

„שטיל און פערבאָרגען איז מיין האָפנונג אויף איהר. דו האָסט עס נישט בעמערקט, אָבער איך האָף, אז מיין האָפנונג וועט פערווירקליכט ווערען. דאָס אידישע מיידעל וועט מיך אויסקלייבען, פּונקט ווי איך האָב זי אויסגעקליבען.

„ איך האָב נישט געגלויבט, אז מרדכי וועט מיט מיר זיך טרויסטען, אנשטאַט דיר. ער האָט אָבער נאָך א טרויסט. דאָס אינגעל יעקב קאָהן קומט גאַנץ אָפט צו איהם. איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען דאָס ליעבע בילד פון מרדכי'ס בעגעגעניש מיט דעם אינגעל. דאָס גרעסטע פערגעניגען איז געווען פאַר מיר צו זעהן, ווי דער גרויסער נביא נעהמט דאָס אידישע אינגעל צו זיך אויף די קניע און זיין פּנים לייכט אויף פאַר פרייד. ער איז אין גאַנצען פול פרייד מיט איהם. ער לערענט דאָס אינגעל העברעאיש; איך פערשטעה נישט דאָס לשון, איך זעה אָבער זייער פרייד, ווען זיי רעדען די היילינע שפּראַך.

„דאָס אינגעלע בעגעהט זיך גאַנץ גוט מיט מיר. ער רעדט אָבער צו מיר, ווי א הער צו זיין דיענער. געפינט אַלע מאָל אין מיר אַנדערע חסרונות. ער רעדט ווי אַן אַלטער, ווי א דערוואַקסענער. אזוי אָבער ווי מירא קומט אריין, בייט ער זיך גלייך איבער, ווערט צוריק א קינד, יונג און פריש. ער האָט זי שטאַרק ליעב. ער האָט האָט אָבער אויך זעהר ליעב מרדכי'ן און אז ער ברענגט מיט זיך מיט קאַרשען, גיט ער מרדכי'ן אויף עטליכע, זיך פּאַקט ער אָן א פולען מויל, נאָר מרדכי'ן גיט ער א צוויי־דריי.

„די אידען זיינען זעהר קלוג און ווען מען זאָל האַלטען פון זיי ווי איך האַלט פון דאָס אינגעל יעקב, איז נאָר א וואונדער, וואָס מיר אַלע קריסטען זיינען שוין לאַנג נישט קנעכט ביי אידען.

„איין אידיש מיידעל איז דאָ אויף דער וועלט, וואָס איך

װאָלט געװאָלט װערען איהר קנעכט. איך װײס אָבער נישט, װאָס מיט איהר איז די לעצטע צייט געװאָרען. זי זעהט אויס שלעכט, געהט אַרום אומעטיג; אַנדערש נישט, נאָר עס טהוט איהר װעה, װאָס מרדכי װערט ערגער פון טאָג צו טאָג. זי האָט דאָך איהם אַזוי שטאַרק ליעב. אַ סך מאָל האָב איך שוין צו גאָט געבעטען, הלואי װאָלט איך אויף זיין אָרט געװעזען; איך װאָלט געװעזען איהר ברודער, װאָס האַלט ביים שטאַרבען. זי װאָלט דאָך מיך אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט.

„זאָלסט אָבער װיסען, אַז ביי אונז איז זעהר פרעהליך. רעקס גאַסקאָין איז געקומען, ער לערענט אין אוניװערזיטעט פאַר אַדװאָ־קאַט. ער װאוינט נישט װייט פון אונז. פאַר די לעצטע צװיי װאָ־כען איז דאָ ביי איהם אַ גאַסט, זיין שעהנע שװעסטער. איך האָב זיי אַריינגעפיהרט צו אונז, בעקענט מיט די מאַמע און מיינע שװעס־טער און זיי האָבען דערצעהלט, אַז ליידי גראַנדקאָרט, גװענדאָלין האַרליאַט איז זייער שװעסטערקינד. אין אָנפאַנג איז דאָס געװעזען פאַר מיר אַ גרויסע איבעראַשונג. ליידי גראַנדקאָרט איז זייער קרובה! מיר האָבען גערעדט װעגען זיי, װעגען סער מאַלענזשער. מירא איז אויך אַריינגעקומען און מיר האָבען אַלע געשמועסט.

„יאָ, איך האָב דיר פערגעסען צו זאָגען: גאַסקאָין פאַרבעט מיך צו זיך, סער הוגאָ האָט מיך איינגעלאַדען צו קומען אין זיין זומער װאוינונג און מאָלען זיינע דריי טעכטער. גאָט זאָל איהם בענשען פאַר דעם. ער הייסט מיך נאָר מאָלען פאָרטרעטען. דאָס קען איך גוט, זאָגט ער. ער איז געװעזען ביי מיר אין הויז און גע־זעהן מיין אַרבייט. ער איז זעהר אַ גוטער מענש. איך װײס, אַז דאָס אַלץ, װאָס ער טהוט פאַר מיר, איז נאָר װייל ער האָט דיך שטאַרק ליעב און איך בין דאָך דיין פריינד.

„איך האָב פערגעניגען צו רעדען מיט איהם. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ליידי גראַנדקאָרט מיט'ן מאַן זיינען אַװעקגעפאָהע־רען אויפ'ן מיטעל־לענדישען ים. װער װײס, דו קענסט זיך נאָך צופעליג מיט איהר בעגעגענען און האָבען דיינע לאַנגע געשפּרעכען מיט איהר.

„די קלעזמערס האָבען געמאַכט אַ גרויסען באַל פאַר זייער אַװעקפאָהרען פון לאָנדאָן און דער אָװענד איז געװעזען איינער פון

די זעלטענסטע, וואָס איך האָב ווען געזעהן. זיי זיינען דאָך אַזעל־כע וואוילע מענשען, זיי האָבען מירא׳ן געגעבען פיעל מתנות און צוגעטהיילט דעם גרעסטען כבוד.

„אַז דו וועסט זיך אומקעהרען אין צייט און קומען צו סער מאַלענזשער, ווען איך וועל נאָך זיין ביי איהם, וועל איך האָבען גרויס פערגעניגען פון דעם. איך פאָהר דאָך טאַקי צו סער הוגא מאַלענ־זשער. איך וועל אָבער פון צייט צו צייט צופאָהרען אין שטאָדט אריין און צוגעהן צו די מענשען, ביי וועלכע איך געפין דאָס גן־עדן. אָ, איך האָב שוין געמאַכט אַ סך פּאָרשריט אין דער העברעאישער שפּראַך, איך קען שוין עטליכע ווערטער, נאָר אויב מירא זאָל דאָס פערלאַנגען פון מיר, וואָלט איך זי גרינדליך אויסגעלערענט. מירא פערלאַנגט דאָס אָבער נישט פון מיר... איך וויל אָבער מיך טרויס־טען, אַז מיין האָפנונג וועט דאָך פערווירקליכט ווערען.

דיין געטרייער,

„האַנס מייריק“.

ווען דעראָנדאַ וואָלט אַזאַ בריעף געוועזען ערהאַלטען מיט עטלי־כע מאָנאַטען צוריק, וואָלט ער שטאַרק צוטומעלט געוואָרען און וואָלט אַזוי לייכט זיך נישט בערוהיגט. עס וואָלט איהם פערדראָ־סען, וואָס האַנס טראַכט וועגען אַ ליעבע, וואָס איז אונמעגליך, זי זאָל פערווירקליכט ווערען. איצט אָבער אַז מירא איז ארויס פון די מייריק׳ס הויז און ער אליין וויים שוין ווער ער איז און ווער זיינע עלטערן זיינען געוועזען, האָט אַלץ אַנדערש אויסגעקוקט אין זיינע אויגען און ער האָט זיך נישט געשראָקען פאַר דעם.

דעראָנדאַ איז געזעסען אַ גאַנצען טאָג ביי זיך אין צימער. די מוטער האָט ניט געשיקט נאָך איהם, האָט ער אַ סך געטראַכט וועגען דער געשיכטע און איינגעזעהן, אַז האַנס׳ען וועט קיין בייז נישט געשעהן, אפילו ווען ער וועט ענטוישט ווערען. ער וועט זיך בערוהיגען. אָ, ער וויים אַליין, אַז דאָס איז אונמעגליך, האָט דע־ראָנדאַ געזאָגט צו זיך, ער האָט קיין שום האָפנונג נישט. ער האָט נאָר ליעב ארומצוטראָגען זיך מיט פאַנטאַזיעס. איך האָב איהם גע־וואָרנט, האָב איהם געזאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט נאַריש מאַכען. אָרימער האַנס! ווילסט נישט פאָלגען, וועסטו האָבען אביסעל עגמת נפש, שאַדען וועט דאָס אָבער דיר נישט.

ער האָט זיך בעפרייט פון דעם שווערען איינדרוק, וואָס דער בריעף האָט אין אָנפאנג אויף איהם געמאכט. דאָס וואָס גווענדאָ־לין מיט גראַנדקארטען זיינען אוועק אויפ׳ן ים, האָט איהם אויך אויסגעוויזען איינפאך. גראנדקארטען׳ען האָט זיך צוגעגעסען צו זיין אין לאָנדאָן, ער איז אויך אייפערזיכטיג צו איהם, איז ער אוועק, דאָס איז גאָרנישט.

איין זאך אָבער האָט איהם פערשאפט א סך זאָרג. האנס שרייבט, אז מירא זעהט אויס שלעכט, געהט ארום טרויעריג און אומעטיג. דאָס האָט איהם אויפגעציטערט. ווער וויים, וואָס דאָרט איז ? אפשר איז עפּעס אין דער נייער וואוינונג געשעהן, אָדער טאָמער האָט מרדכי איהר אַלץ דערצעהלט, וואָס ער האָט פער־לאנגט פון איהם, אז ער זאָל איהם העלפען אויסלייזען דאָס אידישע פאָלק און מירא׳ן דאכט זיך, אז נישט אויס ליעבע האָט ער זיך צוגעבונדען צו מרדכי׳ן, נאָר אויס רחמנות. און ווער וויים, אפשר מיינט זי, אז איך בין נישט צופריעדען מיט דעם, וואָס איך טהו מיט מרדכי׳ן, נאָר איך טהו דאָס ווייל איך קען זיך נישט העלפען?

ער האָט אייגענטליך קיין טעות נישט געהאט. מירא האָט טאקי צער געהאט, טראכטענדיג, אז דאָס גוטס וואָס דעראָנדא טהוט אָן זיי, איז נאָר אויס רחמנות. זי איז פון קינדהייט אויף געוועהנט געווען, אז מענשען זאָלען אויף איהר רחמנות האָבען און זי האָט דאָס נישט ליעב געהאט.

דעראָנדא האָט איהר גוט פערשטאנען, ווייל זיין לאגע איז דאָך אויך שטענדיג געווען א רחמנות׳דיגע, א פרעמדער האָט דאָך איהם אויפגעצויגען.

ער האָט אָבער א טעות געהאט מיט זיין מורא, אז מרדכי האָט איהר דערצעהלט וועגען זיין פּלאַן. מרדכי האָט געשוויגען און אויסער מיט דעראָנדאַ׳ן האָט ער קיינעם קיין וואָרט נישט גע־רעדט וועגען דעם. צו הייליג איז איהם דער געדאנק געווען, ער זאָל וועגען איהם פיעל רעדען. מרדכי האָט אויך בעמערקט, אז דע־ראָנדאָ האָט עגמת נפש, ווען ער רעדט וועגען זיינע עלטערען האָט ער געשוויגען און קיין וואָרט אויפ׳ן מויל נישט געבראכט, פּונקט ווי ער האָט פערבאָרגען דעם סוד, וועגען עזרא קאָהן׳ס שוועסטער

און נישט געוואָלט דערצעהלען דעראָנדאַ'ן ווען ער האָט אויף איהר געפרעגט.

— עזרא, וואָס איז דאָס — האָט מירא איין מאָל געפרעגט איהר ברודער — איך רעד צו הערר דעראָנדאַ פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ איד, איך בעציה זיך אין גאַנצען צו איהם, ווי ער וואָלט געווען אַ איד.

ער האָט געשמייכעלט וועגען איהר רוהיגקייט און געזאָגט:

— איך דענק עס איז דערפאַר, ווייל ער בעגעהט זיך מיט אונז ווי ער וואָלט געווען אונזער'ס אַ ברודער. ער האָט אָבער נישט ליעב ווען מען מאַכט אַן אונטערשיעד צווישען אידען און קריסטען.

— ער האָט קיינמאָל נישט געלעבט צוזאַמען מיט זיינע על־טערן, אַזוי האָט מיר האַנס דערצעהלט — האָט זי געזאָגט, וועלכע־דיג שטאַרק וויסען צו עס איז אמת.

— זוך נישט געוואָהר צו ווערען אַזעלכע זאַכען פון הערר האַנס — האָט ער איהר איינפאַך געזאָגט און אַרויפגעלייגט זיין האַנד אויף איהרע לאָקען — אויב דניאל דעראָנדאַ וויל, אַז מיר זאָלען עפּעס וויסען, וועט ער אַליין אונז דערצעהלען.

מירא האָט זיך פערשעהמט, פּונקט ווי דעראָנדאַ האָט זיך פערשעהמט ווען מרדכי האָט איהם נישט געוואָלט דערצעהלען וועגען דער פערלאָרענער טאָכטער ביי דער אַלטער פרוי קאָהן. דאָס וואָס זי האָט זיך פערשעהמט דורך איהר ברודער, האָט איהר פער־שאַפט שטאָלץ.

— איך זעה נישט נאָך אַזאַ גרויסען מאַן, ווי מיין ברודער איז — האָט זי געזאָגט צו פרוי מיירידק, ווען זי איז איינמאָל אריין צו איהר און זי געטראָפען אַליין אין הויז — עס איז שווער צו טראַכ־טען, אַז ער געהערט צו די זעלבע וועלט, אויף וועלכער עס געפינען זיך דער סאָרט מענשען, צווישען וועלכע איך האָב אַמאָל געלעבט. איך האָב אייך אַמאָל געזאָגט, אַז זיי האָבען געמאַכט דאָס לעבען ווי אין אַ משוגעים הויז. ווען איך בין אָבער מיט מיין ברודער עזרא ברענגט ער מיך צום געדאַנק, אַז זיין לעבען איז אַזוי גוט, אַזוי גרויס, נישט קוקענדיג וואָס ער האָט אַזוי פיעל געליטען. ער איז נישט ווי איך, וואָס האָב מיר געוואָלט דאָס לעבען נעהמען, ווייל איך האָב אַ שטיקעל צייט געליטען און אויך נישט אַזוי פיעל.

זיין נשמה איז אַזוי גרויס, אַז עס איז אונמעגליך אַז ער זאָל ווע־לען שטאַרבען, ווי איך האָב געוואָלט. ווען איך זיץ מיט איהם פיהל איך זיך אַזוי גוט, אַזוי פריש, פונקט ווי נעכטען, ווען איך בין אַהיים געגאַנגען דורך דעם פּאַרק. עס האָט נאָר וואָס געהאַט גערעגענט אַ קליין רעגענדעל און די זון האָט אַזוי הערליך געשיינט אויפ'ן גראָז און די בלומען. די הימלען און די גאַנצע וועלט איז געווען אַזוי שעהן, אַז מיין גאַנצע זאָרג איז פערשוואונדען און איך בין געוואָרען פול מיט האָפנונג און גלויבען.

ווי דאָס קול פון אַ טויב האָט מעלאַנכאָליש מירא'ס שטימע גע־קלונגען, ווען זי האָט דאָס גערעדט. פרוי מייהיק האָט זיך גוט איינגעקוקט אין איהר און בעמערקט אַז מירא טראָגט עפּעס אָן אומעט אין איהר הארץ. מירא האָט דערווייל אויסגעטהאָן איהר הוט און זיך אוועקגעזעצט אַנטקעגען איבער איהר, פערלייגט איין האַנד אויף דער אַנדערער און געזעסען רוהיג. פרוי מייריק האָט אָבער געזעהן, אַז מירא בעהאַלט עפּעס פון איהר, נישט אומזיסט האָט זי געזאָגט, דאָס די זון־שיין האָט פערטריבען איהר זאָרג...

— האָסט עפּעס עגמת נפש, מיין טהייערע? — האָט פרוי מיי־ריק זי געפרעגט און אוועקגעלייגט איהר האַנד־ארבייט.

אַ מינוט האָט מירא געשוויגען און דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— איך בין צו אָפּט גרייט צו רעדען וועגען מיינע עגמת־נפש'ן. עס איז נישט ריכטיג, אַז איך זאָל בעלעסטיגען מענשען מיט מיין צער, אויסער ווען דאָס קען עפּעס העלפען. אפשר בין איך צו האַסטיג און שרעק זיך צו פיעל.

— אָ, מיין קינד, מוטערס זיינען בעשאַפען אויסצוהערען דעם צער פון זייערע קינדער. זיי זאָלען זיי קענען העלפען — האָט פרוי מייריק גזאָגט — איז עס ווייל דו האָסט וועניג מוזיק לעקציעס און דו האָסט מורא, אַז דו וועסט זיי ביים ענדע סיזאָן אין גאַנצען פערלירען? דער ערפאָלג קומט נישט אויף אַמאָל.

פרוי מייריק האָט געוואוסט, אַז נישט דאָס איז די אורזאַך, וואָס מירא איז אומעטיג, עס וועט אָבער מאַכען מעגליך, אַז מירא זאָל איהר דערצעהלען דעם אמת.

— ניין, נישט דאָס — האָט מירא געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין — איך בין אָביסעל געווען ענטטוישט, וואָס אַזוי פיעל

דאַמען האָבען מיר צוגעזאָגט געבען לעקציעס און איך הער מעהר פון זיי קיין וואָרט נישט. איך האָף אָבער נאָך יום טוב צו ווערען א לעהרערין אין א שוהלע. אויסער דעם ווייסט איהר דאָך, אז איך בין איצט אזוי רייך ווי א פּרינצעסין. איך האָב נאָך נישט געריהרט די הונדערט פונט, וואָס פרוי קלעזמער האָט מיר געגעבען. איך האָב נישט מורא, אז מיין ברודער עזרא וועט זיך אין עפּעס נויטיגען און איך זאָל איהם נישט קענען געבען. דעראָנדאַ האָט געזאָגט, אז דער גרעסטער כבוד אין זיין לעבען וועט זיין, אז מיין ברודער וועט זיך וועלען טהיילען מיט איהם אין אַלעמען. אָ, ניין! נישט עזרא און נישט איך האָבען נישט קיין דאגה וועגען עסען און קליידונג.

— עס איז דאָך אָבער דאָ אַן אַנדער זאָרג אין דיין הארץ— האָט פרוי מייריק מיט מיטלייד געזאָגט — א זאָרג וואָס קען צושטערען דיין גליק ? טראַכט נישט וועגען קיין בייז, אויסער דעמאָלט, ווען דו קענסט עס שוין רוהיג אויסמיידען. שרעק אַליין איז גאָרנישט, אויסער אז מען זאָל זיך דערמיט קענען בעשיצען פון בייזען. דו קענסט זיך אָבער נישט בעשיצען געגען אזעלכע זאַכען, וואָס דיר דאַכט זיך. זיי וועלען אפשר געשעהן. זעהסטו עפּעס איין מעהר ווי מיט א חודש צוריק ?

— יאָ — האָט זי געענטפערט — איך בעהאַלט דאָס פון עזרא'ן. איך האָב איהם נישט געקענט דערצעהלען. ענטשולדיגט מיר, וואָס איך זאָג עס אייך. איך בין איצט אזוי דערשראָקען וואָס שפּעטער וועט זיין. שוין פינף טאָג ווי איך שרעק זיך. איך בין זיכער, אז איך האָב געזעהן מיין פאָטער.

פרוי מייריק האָט זיך דערשראָקען און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע קרעפטען זי זאָל זיך נישט ארויסכאַפּען מיט א שאַרף וואָרט וועגען דעם אונבעקאַנטען מענשען.

— דורך דעם יאָהר צייט וואָס איך האָב איהר נישט געזעהן האָט ער זיך שטאַרק געביטען — האָט מירא ווייטער גערעדט — ער איז שוין דעמאָלט ווען איך בין אַנטלאָפען פון איהם געוועזן געעלטערט. איהר געדענקט ווי איך האָב אייך דערצעהלט ווי ער פלעגט אָפט וויינען. ער איז שטענדיג געוועזן אויפגערעגט. אָט

האָט ער געוויינט און אָט איז ער געווען פרעהליך איך האָב דאָס דערצעהלט מיין ברודער און ער האָט געזאָגט, אז מיט אַלע קאָר־טען שפּיעלער איז אזוי. און איצט, איין רגע נאָר האָב איך איהם געזעהן. זיין פּנים איז נאָך דאַרער און מעהר איינגעפאַלען, זיין קליידונג איז אַלט און אָבגעלאָזען. ער איז געגאַנגען מיט נאָך איינעם וואָס האָט נאָך אַז ערגער׳ן אויסזעהן געהאַט. זיי זיינען נאָכגעלאָפען אַן אמניבוס.

— נו, מיין קינד, איך האָף אַז ער האָט דיך נישט געזעהן.

— ניין, איך בין נאָר וואָס ארויסגעגאַנגען פון די רייטמאָנד׳ס און איך האָב געוואָלט אריבער געהן דעם „מארבעל ארק“. באַלד איז ער אריין אין אמניבוס און פערשוואונדען. עס איז געווען א שרעקליכער מאָמענט פאַר מיר. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען ווי מיין אמאָליג לעבען האָט זיך אומגעקעהרט און עס איז נאָך ערגער ווי שטענדיג. איך קען זיך נישט העלפען אָבער איך האָב געפיהלט אזוי גוט ווען איך האָב געזעהן אז ער האָט מיך נישט בעמערקט. איצט טהוט מיר וועה וואָס איך האָב אזוי געפיהלט. וואָס וועט דען ווערען פון איהם איצט? און ווען ער וואָלט געהאַט א טאָכ־טער וואָס וואָלט אויף גאָר נישט געקוקט און געווען מיט איהם וואָלט זי איהם אפשר אויסגעהיט פון בייזען? די פערשיעדענע געדאַנקען פון צער און צופריעדענהייט האָבען נאָך אזוי געפּייניגט און געמאַטערט, איך האָב איינפאַך קיין כח נישט געהאַט. איך וויים נישט ווי אזוי איך האָב צוגערופען א קאַרעטע. איך געדענק נאָר אַז איך האָב פעסט בעשלאָסען עזרא׳ן קיין וואָרט נישט צו דערצעהלען, ער טאָר גאָר נישט וויסען.

— האָסט מורא זאָלסט איהם נישט וועה טהאָן? — האָט פרוי מייריק געפרעגט אַז זי האָט געזעהן דאָס מירא שווייגט.

— יאָ און נאָך פאַר עפּעס — האָט מירא גערעדט אזוי צוריק־געהאַלטען ווי זי וואָלט געוואויגען און געמאָסטען יעדער וואָרט וואָס זי געהט זאָגען — איך וועל אייך זאָגען, קיינעם אויסער אייך קען איך נישט דערצעהלען. איך וואָלט עס זאָגאַר מיין מאַמע נישט געקענט דערצעהלען. איך שעהם זיך מיט מיין טאַטע און פאַר עזרא׳ן וועל איך זיך מיט איהם נאָך מעהר שעהמען, מעהר

ווי פאַר דער גאַנצער וועלט. ער האָט פערלאַנגט פון מיר איך זאָל איהם אַלץ דערצעהלען וועגען טאַטע און איך האָב דאָס געטהאָן. עס טהוט מיר אָבער וועה וואָס עזרא וויים דאָס אַלץ וועגען טאַטע. און איהר וועט מיר גלויבען אַז ווען איך גיב אַ טראַכט אַז דער טאַטע וועט קומען זאָרג איך נישט וועגען זיך נאָר וועגען עזרא'ן, וואָס וועל איך דעמאָלט טהאָן ווען ער וועט קוקען עזרא'ן אין פּנים אריין און עזרא וועט זיך גאָר נישט קענען העלפען? דאָס איז דער אמת. איך וויים נישט צו איך בין גערעכט מיט מיינע געפיהלען, איך קען אָבער נישט העלפען אַז איך טראַכט, איך וואָלט אַלץ געטהאָן שטילערהייט נאָר מרדכי זאָל נישט וויסען אַז דער טאַטע איז דאָ.

— זעה, טראַכט נישט אַזוי, מירא — האָט פרוי מייריק האַסטיג געזאָגט — דאָס וואָלט געווען געפעהרליך, עס וואָלט געווען נישט ריכטיג. דאַרפסט נישט האָבען אַזעלכע סודות.

— דאַרף איך איצט דערצעהלען עזרא'ן אַז איך האָב געזעהן דעם טאַטע? — האָט מירא געפרעגט.

— ניין — האָט פרוי מייריק געענטפערט — איך וויים נישט צי דאָס איז נויטיג. דיין טאַטע קען זיין איז שוין אַוועק, מיר וויסען דאָך נישט צי ער איז געקומען נאָך לאָנדאָן צוליעב דיר. מעגליך אַז דו וועסט איהם נאָך אַמאָל שוין נישט זעהן, אַזוי אַרום וועט דיין ברודער פערשפּאָרען אַן אומזיסטיגען עגמת נפש. מוזט אָבער מיר צוזאָגען אַז טאָמער וועט דיך דער טאַטע זעהן זאָלסטו אונז גלייך לאָזען וויסען, זאָג עס מיר צו מירא, שווער מיר, איך האָב אַ רעכט אויף דעם אַזוי צו פערלאַנגען.

אַ ווייל'ע האָט מירא געשוויגען, זי האָט צוגעבויגען איהר קאָפּ און געגעבען איהר האַנד צו פרוי מייריק און געזאָגט:

— אויב איהר פערלאַנגט דאָס זאָג איך צו דאָס צו טהאָן. איך וועל טראָגען מיין חרפּה, איך בין געוועהנט מיט דער וועהטאָג. מעהר טהוט מיר אָבער וועה ווען איך טראַכט אַז ער וועט זיך בעגעגענען מיט עזרא'ן. און מיר זיינען זיינע קינדער, דער טאַטע איז אַמאָל געווען אַזוי יונג ווי מיר זיינען און די מאַמע מיינע האָט איהם ליעב געהאַט. אוי, איך קען דאָס נישט איבערטראָגען ווען איך דענק וועגען דעם! עס טהוט מיר אַזוי שרעקליך וועה.

מירא האָט נישט געוויינט, זי האָט זיך אויסגעלערנט צו בעד

הערשען ווי אונגליקליך זי איז נישט געווען. איהר קול האָט נאָר אזוי וועהטאָגדיג געקלונגען, אז מען האָט לייכט געקענט זעהן איהר גרויס צער.

פרוי מייריק האָט געהאט גרויס רחמנות אויף איהר, זי האָט זי אָבער קלאָר נישט פערשטאנען, ווי קען זי נאָר רחמנות האָבען אויף אזא טאטע? מירא׳ס צוזאָג אז זי וועט איהר דערצעהלען האָט זי אָבער בערוהיגט א ביסעל.

דאָס איז געווען די איינציגע אורזאַך צוליעב וואָס זי איז געווען אזוי צוטראָגען און טרויעריג און האנס האָט דאָס געלאָזט וויסען דעראָנדא׳ן. זי אַליין האָט קיין אנדערע אורזאַך נישט געוואוסט. ווען זי וואָלט זיך אָבער שטארק פערטראכט אין זיך וואָלט זי אויסגעפינען אז עפּעס נייעס קומט אין איהר פּאַר. עפּעס ווי א חלום איז עס פּלוצלונג געקומען.

פון דעם טאָג אָן ווען גווענדאָלין איז צו איהר געקומען און זי איינגעלאַדען צו דעם באַנקעט און זי געבעטען זינגען ביי איהר איז עפּעס אַן ענדערונג אין איהר פאַרגעקומען. דאָס הארץ האָט איהר געזאָגט אז נישט צוליעב דעם איז גווענדאָלין צו איהר געקומען, נאָר זי אויספרעגען אויף דעראָנדא׳ן. מירא האָט געשוויגען האָט קיינעם נישט דערצעהלט קיין וואָרט וועגען דער גאַנצער געשיכטע, זי האָט אָבער א היבשע ביסעל געטראַכט וועגען דעם, די אויגען האָבען זיך איהר געעפענט און זי האָט געזעהן א סך זאַכען וואָס פריהער האָט זי נישט געהאט געזעהן.

זי האָט מעהר אָנגעהויבען טראַכטען פון דעראָנדא׳ן, ער איז א גרויסער אריסטאָקראַט, גווענדאָלין איז א רייכע ליידי, ווי קומט זי צו גווענדאָלינען? גווענדאָלין פּאַסט זיך גיכער צו דעראָנדא׳ן איידער זי... דאָס האָט איהר שטארק וועה געטהאָן. זי האָט אַליין קלאָר נישט געוואוסט פאַר וואָס עס טהוט איהר וועה. בין איך דען איין מענש אויף דער וועלט וואָס נאָר מיר זאָל ער טהאָן גוטס? האָט זי זיך אַליין געפרעגט, ער איז געווען גוט צו מענשען נאָך איידער ער האָט מיך געפונען און ער וועט דאָס זיין שפּעטער אויך. און ווער וויים וואָס עס זיינען זיינע בעציהונגען צו עזרא׳ן, אפשר איז די גאַנצע פריינדשאַפט נישט מעהר ווי א צופאַל?

דער געדאַנק האָט זי נישט אָבגעלאָזט, זי האָט אָבער נישט געוואוסט ווי אזוי דער געדאַנק קומט צו איהר איינגעצען.

איהר איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלען אז דעראָנדאַ האָט זי ליעב, פרוי מייריק און די טעכטער האָבען אויך קיין מינוט נישט געטראַכט וועגען אזא זאך. נישט מעהר ער האָט זי געראַטעוועט פון טויט און איז איהר בעשיצער. זיי האָט גאָר אויפ׳ן געדאַנק נישט געקענט קומען אז א פייער האָט זיין האַרץ אָנגעצונדען און ער האָט זי יאָ ליעב. אָ, ניין, זיי קענען איהם נישט בעשולדיגען אז דאָס וואָס ער טהוט איהר אזוי פיעל גוטס איז נישט אוים בלויז מענשליכקייט און גוטסקייט, נאָר אז ער איז איינפאַך אין איהר פערליעבט.

זיי זיינען געווען עהרליכע און נאאיווע, די מייריק׳ס, זייער ריהיגקייט און נאאיוויטעט האָבען אָבער מירא׳ן אינגאַנצען צוטו־מעלט און זי האָט אָנגעהויבען דענקען גאָר אַנדערש. און געקומען איז דאָס פון א קליינעם צופאַל.

דאָס איז געווען ווען אננא גאַסקאָין האָט גערעדט וועגען גווענ־דאָלינ׳ען. דער וויזיט איז געמאַכט געוואָרען אז זי זאָל זעהן מירא׳ן. די דריי מיידלעך זיינען געווען אין דער היים מיט זייער מוטער. די זעקס פרויען האָבען זיך גוט צורעדט. אז קיין מענער האָבען זיי נישט געשטערט... אננא האָט זיך געפיהלט גאַנץ היימיש מיט די מייריק׳ס טעכטער, זי האָט זיי פערגעטערט זעהענדיג אז זיי זיינען פיעל געלערנטער פון איהר, אז מירא איז אויך געווען מיט זיי זיינען די יונגע מיידלעך אלע געזעסען ביי טהעע־טיש און גערעדט.

— הער אונזער סורפּרייז — האָט קייטי געזאָגט צו מירא׳ן — מיר האָבען גערעדט וועגען דעראָנדאַ׳ן און די מאַלינדזשערס און פריילין גאַסקאָין קען זי זעהן גוט.

— איך האָב נאָר געהערט פון זיי — האָט אננא געזאָגט רויטלענדיג זיך אין גאַנצען פאַר דער שעהנער אידישקע וואָס זי האָט דערזעהן — איך האָב זיי קיינמאָל נישט געזעהן. נאָר מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק האָט מיין שוועסטערקינד חתונה געהאַט מיט סער הוגאָ׳ס פּלימעניק, סער גראַנדקאָרט וואָס האָט געוואָהנט נישט ווייט פון אונז.

— נאַ! — האָט מאַב אַ פּאַטש געטהאָן מיט די הענד — עפּעס וועט מוזען דאָ ווערען נייעס! לײדי גראַנדקאָרט, די בעריהמטע פירשטין, איז אייער שוועסטערקינד?

— אַ, יאָ, איך בין געווען איינע פון די „כלה מיידלעך" אויף איהר חתונה — האָט אַננאַ געזאָגט — איהר מאַמע און מיין מאַמע זיינען שוועסטער. מיין מוהמע איז פאָהריגען יאָהר געווען פיעל רייכער, זי און מיין מאַמע האָבען זייער גאַנץ פערמעגען פערלאָרען. דער טאַטע איז אַ גלח, ווייסט איהר דאָך, מאַכט עס אונז ווייניג וואָס אויס, מיר האָבען גאָר נישט קיין קאַרעטע און מאַכען נישט קיין בעלער, איך בין נאָך צופרידענער דערמיט. עס איז אָבער זעהר שלעכט געווען פאַר מיין אָרימע מומע דאַווילאַ. זי האָט נישט געקענט וואָהנען מיט אונז, זי האָט דאָך פיער טעכטער אויסער גווענדאָלין. אַז גווענדאָלין האָט חתונה געהאַט איז די מוהמע אויך פערזאָרגט, גראַנדקאָרט איז דאָך זעהר רייך.

— אַז מען געפינט אוים משפּחה איז זעהר גוט — האָט מאַב זיך אָנגערופען — איך פיהל אַז עפּעס וואונדערבאַרעס וועט פון דעם אַרויסקומען איך וויים אָבער נישט וואָס.

— מיין טהייער מאַב — האָט עמי געזאָגט — עס איז גאָר קיין וואונדער נישט אַזעלכע זאַכען טרעפען זיך אַלע טאָג.

— האָט איהר געזעהן הערר דעראָנדאַ? — האָט מאַב ווייטער געפרעגט — בעקענט זיך מיט איהם.

— ניין, איך האָב איהם קיינמאָל נישט געזעהן — האָט אַננאַ געזאָגט — ער איז אָבער געווען אין דיפּלאָי איידער גווענדאָלין האָט חתונה געהאַט, איך האָב געהערט ווי די מוהמע האָט גערעדט וועגען איהם מיט'ן טאַטען'ן. זי האָט אויך דאָס זעלבע געזאָגט וועגען איהם וואָס איהר, נאָר נישט אַזוי פיעל. זי האָט געזאָגט אַז ער וואוינט ביי סער הוגאָ מאַלינדזשער און ער איז אַ זעלטענער מענש. ביי אונז אין פּעניקאַט רעדט מען וועגען יעדען נייען מענשען זעהר פיעל, זיי קומען אַזוי זעלטען. איך געדענק אָבער אַז איך האָב געפרעגט גווענדאָלינען, וואָס זי דענקט וועגען דעראָנדאַ'ן, האָט זי געזאָגט:

— זאָלסט קיינעם נישט דערצעהלען איך דענק אַז ער האָט שווארצע האָר...

זי האָט שטענדיג ליעב געהאַט אַזוי צו רעדען מיט אונז. זי איז געווען פול מיט לעבען. אָ, איך האָב זיך זעהר פיעל אָנגעהערט פון איהם, דאָס איז אַ דאַנק וואָס רעקס און האַנס האָבען מיך מיט איך בעקאַנט.

— מיר זיינען זעהר צופרידען, עס וואָלט געווען אַ וואונדער ווען איידער איהר זייט צו אונז געקומען וואָלט איהר נישט געווען געהערט פון הערר דעראָנדאַ, נישט אַזוי, מירא? — האָט פרוי מייריק געזאָגט.

מירא האָט געשמייכעלט, זי האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט.

— מיין זוהן זאָגט אַז פרוי גראַנדקאָרט איז אַ פירשטין — האָט פרוי מייריק ווייטער גערעדט — ער האַלט זי פאַר אַ זעלטענע שענהייט.

— יאָ, גווענדאָלין איז שטענדיג געווען אַ שענהייט, אַלע מענער האָבען זיך פערליעבט אין איהר — האָט אַננאַ געזאָגט — איך האָב געהאַט רחמנות אויף זיי, זיי זיינען געוואָרען אונגליקליך.

— ווי געפעהלט אייך עפּעס דער גליקליכער גראַנדקאָרט?

— האָט פרוי מייריק געפרעגט.

— דער טאַטע האָט געווירקט זי זאָל מיט איהם חתונה האָבען און די מוהמע זאָגט אַז ער איז זעהר אַ גוטער מענש — האָט זי געענטפערט — ווען נישט וואָלט איך איהם נישט געהאַלטען פאַר אַזאַ גוטען, ער איז גיכער אַ שטאָלצער און פיעל ווייניגער לעבען ווי גווענדאָלין. איך האָב געדענקט אַז אַ אינגערער און מיט מעהר לעבען וואָלט איהר מעהר געפּאַסט, נאָר אַז מען האָט אַ ברודער מיינט מען אַז ער איז דער בעסטער.

— איהר וואַרט נאָר ביז איהר וועט זעהן הערר דעראָנדאַ — האָט מאַב איהר געזאָגט — קיין ברודער קען זיך נישט פערגלייכען מיט איהם.

— אָ, אונזערע ברידער מעגען נעהן חתונה האָבען שוין, הערר דעראָנאַ'ן וועט קיין מיידעל נישט בעקומען, נישטאָ אַזאַ מיידעל וואָס זאָל איהם ווערט זיין — האָט קעטי געזאָגט.

— קיין פרוי טאָר גאָרנישט פערלאַנגען איהם פאַר אַ מאַן, איך וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געוואָלט — האָט מאַב געזאָגט — עס וואָלט געווען מאָדנע צו טראַכטען אַז ער האָט בעקומען אַ רעכ־

נונג פון שניידער ווי אונזער האַנס, ווער קען דאָס טראַכטען אַז דעראָנדאַ וועט חתונה האָבען?

— איך האָב יאָ געטראַכט פון דעם — האָט קעטי געזאָגט — איך האָב געמאַכט אַ צייכנונג פון אַ חתן מיט אַ כלה, האָב איך דעם חתן געצייכענט ווי דעראָנדאַ זעהט אויס און זוכענדיג אַ פּנים פון אַ כלה האָב איך נישט געפונען.

— האָסט געדאַרפט האָבען געזעהן ליידי גראַנדקאָרט — האָט די מוטער געזאָגט — האַנס זאָגט אַז זי און דעראָנדאַ פּאַסען זיך זעהר ווען זיי שטעהען איינער לעבען אַנדערען. יאָ, מיראַ, דו קענסט דאָך זי, ווי אַזוי געפעלט זי דיר?

— אָ, ליידי גראַנדקאָרט — האָט מיראַ געזאָגט וועהרענדיג אַביסעל בלייך — זי איז אַ הויכע און האָט בלאָנדע האָר.

פרוי מייריק האָט זיך איינגעקוקט אין מיראַ'ן און געזעהן ווי זי האָט זיך פּלוצלינג געביטען, האָט זי זיך געטראַכט אַז גווענדאָלין מוז זי האָבען מיט עפּעס בעליידיגט.

— איהר ווייסט — האָט זי געזאָגט צו אננאַ'ן — ליידי גראַנדקאָרט האָט געזאָלט נעהמען לעקציעס ביי מיראַ'ן. פיעלע דאַמען האָבען געזאָגט אַז זיי ועלען נעהמען לעקציעס און שפּע־טער האָבען זיי קיין צייט נישט. אונזערע רייכע דאַמען האָבען דאָך צופיעל אַרבייט.

די פרויען האָבען ווייטער געשמועסט. מיראַ האָט אָבער קיין אַנטהייל נישט גענומען און געפיהלט ווי זי האָט עפּעס אַ שטאַרקען וועהטאָג, און ווי זי האָט געהערט ווי מען דערצעהלט ווי אַזוי דע־ראָנדאַ און גווענדאָלין פּאַסען זיך איינער צום אַנדערען האָט זי איינגעזעהן אַז דאָס וואָס זי האָט פריהער וועגען זיי ביידע געדענקט איז טאַקי גאַנץ ריכטיג. און אַז די בלאָנדע גווענדאָלין איז שטאַרק צוגעבונדען צו איהם, צו דעראָנדאַ'ן. די וועהטאָג האָט אפילו נישט אויפגעהערט שפּעטער ווען קיינער האָט שוין וועגען איהם נישט גערעדט.

אין אבענד, איז מיראַ געזעסען לעבען איהר ברודער מרדכי'ן. ער איז גאַנץ שוואַך געווען און זי האָט געזאָגט אָנשפּאַרענדיג איהר באַק אויף זיין אַקסעל:

— עזרא, שאַדט נישט דיין ליעבע צו דעראָנדאַ'ן דאָס וואָס

אזא לאנגע צייט האָסטו איהם נישט געקענט און ער געפינט זיך צווישען מענשען וואָס זיינען אזוי אנדערש פון דיר?

— ניין, זיכער ניט — האָט מרדכי רוהיג געזאָגט — איך בין נאָך צופריעדען, ער האָט געלערנט דאָס וואָס איך האָב נישט געלערנט. ער איז אַן ענגלישער פון קאָפּ ביז די פיס. איך האָב איהם זעהר פיעל צו געבען, ווען מיר זיינען פערשיעדענע, דאָס איז א ברכה און פריינדשאַפט...

מירא האָט געשוויגען און זיך פערטראַכט.

— יאָ, דו וואָלסט אָבער נישט געקענט איבערטראָגען ווען דיין בעסטער גוטער פריינד זאָל דענקען פונקט פערקעהרט ווי דו און ער זאָל דיך פערלאָזען. ווי אזוי קענסטו דאָס איבערטראָגען, ווי אזוי? — האָט מירא געפרעגט.

— איך טראָג עס טאַקי נישט לייכט איבער — האָט ער מיט א מיטלייד שמייכעל געענטפערט — ער וועט מיך אָבער קיינמאָל נישט פערלאָזען.

מירא האָט געשוויגען און געטראַכט וועגען דעם אונטערשיעד וואָס איז צווישען איהר און איהר ברודער, מיט וואָס איז ער גרעסער פון איהר? און טראַכטענדיג איז זי געקומען צום בעשלוס אז ער האָט א פיעל העכערען גייסט פאר איהר, ער איז קלוגער און בעסער. פאַרוואָס איז זי אזוי אונרוהיג אין דער צייט ווען מרדכי איז אזוי רוהיג זי האָט זיך אזוי שטאַרק געשראָקען, אז זי האָט אויפגע־הערט לאַכען, דאָס פּנים איז געוועזן פול אימה, איהר ליעבע שטימע האָט אויך שוין נישט אזוי גוט געקלונגען און אז האנס האָט דאָס בעמערקט האָט ער דאָס גלייך געשריבען דעראָנדאַ'ן.

מירא אליין איז אויף זיך אין כעס געוואָרען, וואָס זי איז אזוי צוטראָגען און זי האָט איינמאָל א זאָג געטהאָן צו דעם ברודער:

— עזרא, זאָל איך דיר זאָגען וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען מיר און דיר? דו ביזט ווי א פרישער קוואַל וואַסער וואָס איז רוהיג און זיכער און איך ווי א ביסעלע וואַסער אויפ'ן קאָפּ פון א בלום, דער ווינד גיט א בלאָז און דאָס וואַסער גיסט זיך אויס.

— וואָס שרעקט דיך דען? — האָט מרדכי געפרעגט.

בייזע געדאַנקען — האָט זי געזאָגט — געדאַנקען וואָס קומען

אזוי גיך און דערשרעקען מיך, שלעכטע מענשען, שלעכטע זאכען, זיי וועלען דאָך שטערען אונזער לעבען!...

— מיר מוזען נעהמען אונזער טהייל מירא, עס איז אונז בעשערט. ווער זאָל דען ליידען פאַר אונז?

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס מירא האָט זיך בעקלאָגט פאַר מרדכי'ן און עס איז איהר שוין גענוג שלעכט געווען.

## 41טער קאַפּיטעל.

צומאָרגענס האָט דעראָנדא נישט געזעהן זיך מיט דער מוטער. זי האָט איהם געלאָזט וויסען אַז זי פיהלט זיך נישט מיט אַלעמען און זי קען איהם נישט זעהן. אויפ'ן דריטען טאָג האָט ער בעקומען פון איהר אַ צעטעלע מיט די פּאָר ווערטער: „היינט פאָהר איך אוועק, קום זאָפאָרט ווענסטו מיך זעהן.“

ער איז אַריין אין זעלבען צימער, עס איז אָבער געווען פיעל טונקעלער, איינגאַנצען פערהאַנגען מיט פאָרהאַנגען. די גרויס־פירשטין איז נישט געווען אין צימער, זי איז אָבער באַלד אריינגעקומען, אָנגעטהאָן אין אַ מאָרגען־ראָק פון טייערען זייד פון אָראַנזש פאַרב, דער קאָפּ פערהילט אין אַ שווארצע זיידענע הילע ביז איבער די פּלייצעס אַז נאָר די נאַקעטע ארעמס האָבען זיך ארויסגעזעהן.

איהר פנים האָט ארויסגעשיינט פון דער טונקעלקייט שטאָלץ און פעסט, די אויגען האָבען געלויכטען און אַלץ אין איהר איז געווען אזוי שעהן, און קעניגליך און פול צויבער, אַז מען האָט געקענט מיינען אַז זי איז אַ צויבערין...

זי האָט איהם ארומגענומען מיט ביידע הענט ארום האַלז און געקושט אין ביידע באַקען, באַלד האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן דיוואַן און געקוקט אַזוי שטאָלץ און רוהיג. עס איז גאָרנישט קענטיג געווען אויף איהר אַז מיט צוויי טעג צוריק איז זי געווען אזוי צוטראָגען און אויפגערעגט. זי האָט איהם געהייסען זיך זעצען. ער האָט געפאָלגט און זיך געזעצט נעבען איהר און געזאָגט:

— דו ביזט פיעל בעסער, האָף איך?

— יאָ, איך פיהל זיך פיעל לייכטער און בעסער. ווילסט מיך

נאָך עפּעס פרעגען? — האָט זי איהם געזאָגט אין אַ טאָן מעהר פון אַ קעניגין איידער ווי אַ מוטער.

— קען איך געפינען דאָס הויז וואו דו האָסט געלעבט מיט'ן זיידע אין גענוא? — האָט ער זי געפרעגט.

— ניין — האָט זי געענטפערט — דאָס הויז איז איינגעוואָר־פען געוואָרען, ועסט עס מעהר נישט געפינען. נאָר דו וועסט אַלץ אויסגעפינען וועגען אונזער פאַמיליע, וואו מיין פאָטער האָט אין פערשיעדענע צייטען געוואוינט, דאָס אַלץ וועסטו געוואָהר ווע־רען פון די פּאַפּירען אין קעסטיל, וועסט דאָרט בעסער אויסגעפינען ווי איך קען דיר דערצעהלען. מיין טאַטע, האָב איך דיר געזאָגט, איז געווען אַ דאָקטאָר, מיין מאַמע איז ארויסגעקומען פון די מאַר־טירערס. איך האָב די געשיכטעס געננוג געהערט, איך האָב זיי אָבער מיר אין קאָפּ נישט אריין גענומען. דו וועסט דאָס אַלץ אויסגעפינען. איך בין ביי זיי געבוירען געוואָרען געגען מיין ווילען. איך האָב זיי פערלאָזען אזוי גיך ווי איך האָב נאָר געקענט.

דעראָנדא האָט זיך בעמיהט צו בעהאַלטען זיין צער וואָס ער האָט געהאַט פון איהרע רייד און געזאָגט:

— איך וואָלט נאָך געוואָלט הערען עפּעס פון דיר, נאָר אזעל־כעס וואָס דו אַליין ווילסט מיך דערצעהלען.

— איך דענק אז איך האָב דיר אַלץ דערצעהלט, אַלץ וואָס דו האָסט געקענט פרעגען — האָט זי קאַלט געזאָגט.

עס איז קענטיג געווען אז אַלע איהרע געפיהלען האָט זי אריינ־געגעבען אין יענעם שמועס מיט צוויי טעג צוריק און מעהר איז ביי איהר שוין גאָר נישט געבליבען, זי האָט צו זיך געהאַט געזאָגט:

— איך האָב אַלץ געטהאָן וואָס איך האָב געדאַרפט. איך האָב זיך וועגען אַלעם מתודה געווען. נאָך אַמאָל איבערזאָגען דאָס אַלעם וועל איך שוין ניט. איך מוז זיך אויסהיטען פון אויפרע־גונג.

און דערפאַר האָט זי זיך היינט אזוי שטאָלץ און קאַלט געהאַל־טען מיט איהם.

פאַר דעראָנדא'ן איז אָבער איהר האַלטונג געווען זעהר שרעק־ליך, עס האָט איהם פיעל צער פערשאַפט. ער האָט איצט דער־זעהן ווי ענטטוישט ער איז אין זיין האָפנונג, אַ גאַנץ לעבען האָט

ער געהאָפט און געבענקט צו זעהן זיין מאמע און איצט אז ער זעהט זי — ווי פרעמד און ווי ווייט זי איז פון איהם. און דאָס גאנצע רחמנות וואָס זי האָט געדארפט האָבען אויף איהם, די גאנצע ליעבע האָט זיך אין זיין הארץ צוזאמענגעקליבען און מיט א ציטעריגער שטימע האָט ער איהר געזאָגט"

— מיר געהען זיך איצט צושיידען און איך וועל דיר קיינמאָל ניט זיין קיין זוהן מעהר...

— עס איז בעסער אזוי — האָט זי אביסעל ווייכער גערעדט — ווען דו וואָלסט איצט געקענט זיין מיט מיר אַלס מיין זוהן, וואָלסטו אויך געהאַט צו שווערע פליכטען. דו וואָלסט מיך נישט ליעב געהאַט, לייקען דאָס נישט, איך וויים דעם אמת, דיר געפעלט נישט וואָס איך האָב געטהאָן. דו ביזט אין כעס אויף מיר. דו מיינסט אז איך האָב ביי דיר עפּעס אוועקגערויבט, דו ביזט אויף דיין זיידע'ס זייט, דו האַלטסט מיט איהם, וועסט שטענדיג האָבען א בייז הארץ אויף מיר.

דעראָנדא האָט געשוויגען, ער האָט זיך אויפגעהויבען. נישט קענענדיג מעהר איינזיצען, זי האָט געקוקט אויף איהם מיט פערעהרונג און געזאָגט:

— ביזט נישט גערעכט, וואָס דו ביזט אויף מיר אין כעס. עס איז דיר איצט א סך בעסער, ווייל איך האָב אזוי געהאַנדעלט. זאָג מיר וואָס דענקסטו צו טהאָן?

— וואָס מיינסטו, שוין איצט, אָדער וואָס איך וועל טהאָן אין דער צוקונפט? — האָט ער זי געפרעגט.

— וואָס פאר אַן ענדערונג וועט מאכען מיין ענטדעקען דיר דעם סוד פון דיין געבוירען?

אָ, זעהר גרויסע ענדערונגען — האָט דעראָנדא הויך געזאָגט — איך וויים ניט צו עס איז נאָך דאָ א זאך אויף דער וועלט, וואָס וואָלט געקענט מיר אזוי פערענדערען.

— וואָס ווילסטו דען טהאָן? — האָט זי שארף געפרעגט — ווילסט ווערען דאָס זעלבע וואָס דיין זיידע, ווילסט זיין דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, דו זאָלסט זיין, ווילסט ווערען א איד ווי ער?

— דאָס איז אונמעגליך, מיין בילדונג איז געווען נישט קיין אידישע און עס איז זעהר שווער, איך זאָל זי קענען אָבווישען איינ־

גאַנצען. די ליעבע וואָס איך האָב צו די קריסטען, וועט ניט קע־
נען פערשווינדען פון מיין הארץ — האָט ער ווי געשריען — איך
האַלט אָבער באַר מיין פליכט, איך פיהל אז איך מוז זיך פעראיי־
ניגען מיט מיין פאָלק, פון וועלכען איך קום ארויס, און אז איך
וועל זעהן אז איך קען עפּעס טהאָן אַ ארבייט פאַר מיין פאָלק,
וועל איך עס טהאָן מיט מיין נשמה און מיין גאַנץ לעבען.

זי האָט אויף איהם שטאַרק געקוקט, פול מיט וואונדער, ער האָט
די אויגען נישט צוגענומען און גלייך געקוקט אויף איהר. זי האָט
זיך צו איהם צוגעבויגען און געזאָגט:

— דו ליעבסט אַ אידיש מיידעל!

דעראָנדא איז רויט געוואָרען און געזאָגט:

— נישט צוליעב אַזעלכע זאַכען וועל איך ווערען אַ איד.

— איך ווייס בעסער, איך האָב געזעהן שוין, וואָס מענער
זיינען — האָט זי געזאָגט — זאָג מיר דעם אמת, זי איז אַזאַ אידיש
מיידעל, וואָס וואָלט נישט געוואָלט חתונה האָבען נאָר מיט אַ איד.
עס איז דאָ עטליכע אַזעלכע אידישע מיידלאַך — האָט זי געזאָגט
מיט פעראַכטונג.

דעראָנדא האָט איהר געוואָלט שאַרף ענטפערען און איהר
וועה טהאָן, וואָס זי איז אַזוי זיכער מיט זיך, אַז זי איז גערעכט.
ער האָט אָבער קלאָר נישט געוואוסט וואָס זי מיינט מיט איהר
פראַגע און ער האָט געשוויגען.

— דו ליעבסט איהר ווי דיין טאַטע האָט מיך ליעב געהאַט,
זי ציהט דיך צו זיך פונקט ווי איך האָב דיין פאָטער צו מיר צו־
געצווינגען — האָט זי צוגעגעבען.

איהרע רייד האָבען איהם שטאַרק געריהרט, ער האָט געקוקט
אויף איהר אַזוי ווייך און ליעב און זי האָט איינגעזעהן אַז זי האָט
געטראָפען, האָט זי ווייטער גערעדט:

— איך האָב איהם אָבער געפיהרט אויף אַן אַנדערען וועג,
און איצט נעהמט דיין זיידע נקמה אָן מיר.

— מאַמע — האָט דעראָנדא איהר געזאָגט שטרענג — לאָמיר
נישט אַזוי רעדען, איך גיב צו אַז איך האָב פּראָפּיטירט אַ סך פון
דער ערציהונג, וואָס דו האָסט פאַר מיר אויסגעקליבען. איך וועל
דאָס אייביג געדענקען אַז דו האָסט געמיינט מיר צו טהאָן אַ טובה

מיט דעם. דו וואָלסט געווים פיעל בעסער געווען געטהאָן, ווען איך וואָלט ערצויגען געוואָרען אַלס איד, עס האָט מיר אָבער געהאָלפען איך זאָל אַ סך לערנען און האָבען פיעל ליעבע פאַר אַלע מענשען אויף דער וועלט. איצט אַז דו האָסט מיר אָבגעגעבען מיין ירושה, דו האָסט מיך אומגעקעהרט צו מיין פאָלק, איצט האָסטו פעררינכט דאָס אומרעכט, מיין פאָלק וועט נישט זיין געריובט פון מיר און איך נישט פון מיין פאָלק, קענסט נישט איינזעהן, אַז דאָס איז גוט אזוי?

זי האָט איהם שטאַרק אָנגעקוקט און זיך איינגעהערט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט ווייטער געזאָגט:

— דו האָסט געזאָגט, אַז אַלץ וואָס דו האָסט געטהאָן פאַר מיר האָסטו געמיינט מיין טובה, פערשטעה אַז דער זיידע האָט אויך נאָר געוואָלט דיין טובה.

— ניין, נישט פאַר מיין טובה האָט ער זיך געזאָרגט — האָט זי גע'טענה'ט — ער האָט געטראַכט פון מיר נאָר ווי פון אַן אינ־סטרומענט, וואָס ער קאָן טהאָן מיט איהם וואָס ער וויל. ווייל איך האָב געוואָלט עפּעס אַנדערש, האָט ער מיך געפּייניגט און גע־מאַטערט. אויב דאָס איז אמת און גערעכט אַזוי, זאָג איך, אַז איך האָב דאָס פיינט. אויב גאָט האָט פערלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל אומקעהרען דאָס, וואָס איך האָב פון אימיצען צוגערויבט, האָב איך דאָך דאָס געטהאָן, וואָס נאָך קען מען פון מיר פערלאַנגען? דו זעהסט דאָך, אַז דאָס וואָס מיין טאַטע האָט געוואָלט איז מקוים געוואָרען. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל זיין אייניקעל זאָל זיין אַ טרייער און גוטער איד. יעדער איד, האָט ער געזאָגט, דאַרף האָ־פען אַז פון איהם וועט אַרויסקומען משיח...

זי האָט די אויגען האַלב געשלאָסען און גערעדט די לעצטע ווערטער, ווי זי וואָלט זיי אימיצען נאָכגעזאָגט.

— האָט דאָס דער זיידע געזאָגט — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, יאָ, און דו וועסט זיי געפינען געשריבענערהייט, איך האָב זיי געוואָלט פערברענען — האָט זי שטאַרק בייז געזאָגט, זי האָט זיך אָבער בערוהיגט און צוגעגעבען שטילער — דו ווילסט איך זאָל ליעב האָבען דאָס וואָס איך האָב פיינט געהאַט פון קינד־ווייז אויף, דאָס קען קיינמאָל נישט זיין. וואָס קומט מיר אָבער

אַרויס פון דעם? זיין יאָך ליגט מיר אויף מיין קאָפּ, צו איך וויל דאָס, אָדער נישט, דו ביזט דאָס אייניקעל וואָס ער האָט געוואָלט האָבען, דו רעדסט ווי אַלע מענער, דו האַלטסט דיך פאַר קלוג. וואָס מיינסטו מיט דעם אַלעם?

זי האָט גערעדט מיט אַזוי פיעל פעראַכטונג און בייזקייט. אַז דאָס האָט דעראַנדאַ'ן אָנגעצונדען און מיט אַלע קרעפטען האָט ער זיך איינגעהאַלטען זיך צו בעהערשען און ער האָט געזאָגט:

— מאַמע, זאָג ניט אַז איך האַלט זיך פאַר אַ גרויסען חכם. מיר גפינען זיך צווישען גרויסע שוועריגקייטען. איך זעה נישט קיין אַנדער אויסוועג, נאָר ווי צו זיין אמת'דיג און עהרליך, דו ביזט געוועזען שטאַרק און פעסט, דיין טאַטענס האָפנונג איז אָבער נאָך שטאַרקער געוועזען, ער האָט דיר געגלויבט, דו האָסט איהם געזאָגט, אַז דו וועסט טהאָן וואָס ער וויל און האָסט עס נישט געטהאָן, איז אָבער זיין האָפנונג געוועזען שטאַרקער פון אַלעם אין דער וועלט, דו ווייסט דאָס נישט, דו זעהסט דאָס נישט, צוליעב דעם האָסטו מיך פערטריבען פון דיר ווען איך בין געוועזען אַ קינד, און פערטרייבסט מיך אויך איצט, איך בין דאָך דיין זוהן, און זעהסט, איך בין גע־גען דיין ווילען דאָס אייניקעל פון מיין זיידע, וועלכען דו האָסט געוואָלט אָבווישען פון דער וועלט...

זי האָט געקוקט אויף איהם פערוואונדערט, פול דרך ארץ און געזאָגט:

— זעץ זיך צוריק לעבען מיר.

ער האָט געפאָלגט, האָט זיך אַוועקגעזעצט, זי האָט אַרויפ־געלעגט איהר האַנד אויף זיין פּלייצע און געזאָגט:

— דו בעשולדיגסט מיך, נו, איך האָב פערלאָרען, דו ביזט אויף מיר אין כעס, ווייל איך פערטרייב דיך פון מיר. וואָס קענסטו אָבער טהאָן פאַר מיר? דיין מאַמע איז אַ צובראָכענע פרוי. ביזט אין כעס, וואָס איך האָב זיך געשיידט פון דיר? איך האָב געהאַט גענוג פריי אָהן דיר. איצט ביזטו געקומען צו מיר און איך האָב קיין פרייד פאַר דיר. האָסטו דעם אידישען נקמה־גייסט אין דיר? קענסטו מיר נישט מוחל זיין? וועסטו זיין צופריעדען אַז דו וועסט דענקען אַז איך בין געשטראָפט דערפאַר, וואָס איך בין נישט געוועזן אַ אידישע מאַמע צו דיר?

— ווי אַזוי קענסטו מיך גאָר פרעגען אַזאַ פראַגע? — האָט ער נאָך שאַרפער גערעדט — האָב איך דיך דען נישט געבעטען, אַז איך זאָל כאָטש איצט קענען זיין דיין זוהן? מיין וועהטאָג איז, וואָס דו האָסט מיך געמאַכט הילפלאָז אום דיר זאָל זיין גוט. איך וואָלט אַ סך פון מיין לעבען אוועקגעבען אַז דיר זאָל זיין גוט.

— דאַרפסט גאָר נישט אוועקגעבען — האָט זי געזאָגט — זיי דיר גליקליך, לאָמיך דענקען, אַז דו ביזט גליקליך, אַז איך האָב דיר קיין בייז נישט געטהאָן, דו האָסט קיין אורזאַך מיך נישט צו פערדאַמען. דאַרפסט פיהלען צו מיר דאָס זעלבע, וואָס מען פיהלט פאַר געשטאָרבענע, מען זאָגט נאָך זיי קדיש און מען בעט גאָט פאַר זייער נשמה... דו דאַרפסט בעטען, אַז איך זאָל ניט ליידען, אַז איך זאָל נישט זיין געשטראָפט. איך וועל בעסער וועלען זעהן דיין געזיכט, איידער צו זעהן דאָס געזיכט פון דיין זיידען אַזוי אָפט אין חלום. אויב דו דענקסט אַז קדיש וועט מיר העלפען, זאָג נאָך מיר, זאָג קדיש נאָך דיין מאַמע. דו וועסט זיך שטעלען צווישען מיר און די פערשטאָרבענע... ווען דו טראַכסט וועגען מיר, טראַכט ווי איך וואָלט דיר געווען אַ טרייע מוטער און דו מיר אַ טרייער זוהן...

זי איז געוועזן שטאַרק אויפגערעגט, ווען זי האָט גערעדט. איהר האַנד האָט געציטערט אויף זיין אַקסעל, אַזאַ טיעפער צער און געבעט איז געוועזן אין איהרע רייד. ער האָט גענומען איהר קאָפּ און געדריקט צו זיינעם און זיי האָבען ביידע געשוויגען, זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און שטאַרק געזיפצט, דעראָנדא האָט געפיהלט, אַז באַלד וועט ער זיך שיידען מיט איהר אויף אייביג, זי האָט זיך אויך אַנדערש דערפיהלט און זי האָט גיך אַ זאָג געטהאָן:

— איז זי אַ שעהנע?

— ווער? — האָט דעראָנדא געפרעגט, ווערענדיג אינגאַנצען רויט.

— דאָס מיידעל, וואָס דו האָסט ליעב.

ער האָט נישט געהאַט קיין געלעגענהייט אַ טראַכט צו טהאָן און געענטפערט:

— יאָ.

— נישט אַמביציעז?

— ניין, איך דענק אַז נישט.

— נישט קיין איינגעשפּאַרטע?

— איך מיין, אַז איהר נאַטור איז נישט קיין עקשון'דיגע און זי פערלאַנגט נישט קיין אונמעגליכעס — האָט ער איהר געזאָגט.

— זעהט זי אויס ווי די מיידעל? — האָט זי אַרויסגענומען אַ קליין בילדעל איינגעפּאַסט אין בריליאַנטען און איהם געוויזען. עס איז געווען איהר בילד אַלס יונגע מיידעל און אַז דעראָנדאַ האָט געקוקט אויף דעם מיט דרך ארץ און טרויער אין איינעם, האָט זי געזאָגט:

— האָב איך נישט געהאַט קיין רעכט צו וועלען זיין עפּעס מעהר ווי אַ טאָכטער און אַ מאַמע? מיין שטימע און מיין טאַלאַנט זיינען געווען פּונקט אַזוי ווי מיין פּנים. ווען אַפילו איך האָב געהאַנדעלט שלעכט, גיב צו אַז איך האָב געהאַט דאָס רעכט צו וועלען זיין אַן אַרטיסטקע, נישט קוקענדיג, וואָס מיין טאַטע איז געווען נעגען דעם. איך בין דאָך געווען געבוירען צו זיין אַ קינסט־לערין!

— איך גיב צו אַז דו האָסט געהאַט אַ רעכט — האָט דעראָנדאַ געזאָגט, קוקענדיג פון בילדעל אויף איהר פּנים און פון איהר אויפ'ן בילדעל, וואָס ביידע זיינען אַזוי וואונדער שעהן געווען, אַז קיין מאָהלער אויף דער וועלט וואָלט דאָס נישט געקאָנט אַזוי שעהן אויסמאָהלען.

— ווילסט האָבען דאָס בילד? — האָט זי איהם העפליך גע־פרעגט. אויב דאָס מיידעל, וואָס דו ליעבסט איז אַ גוט מיידעל, לערן זי אַז זי זאָל טראַכטען גוטס פון מיר...

איך וועל זיין זעהר צופריעדען מיט'ן בילד — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — איך בין אָבער נישט זיכער אַז דאָס מיידעל, וואָס איך האָב ליעב האָט מיך אויך ליעב. איך האָב איהר גאָר נישט גע־זאָגט וועגען דעם.

— ווער איז זי און וואָס איז זי? — האָט זי געפרעגט און עס איז מעהר געווען אַ באַפעהל איידער אַ פראַגע.

— זי איז אויפגעצויגען געוואָרען צו זיין אַ זינגערין אויף דער ביהנע — האָט דעראָנדאַ געזאָגט אונצופרידען — איהר פאָ־טער האָט זי גאַנץ פריה צוגענומען פון איהר מוטער, איהר לעבען

איז געווען אונגליקליך, זי איז זעהר יונג, צוואַנציג יאָהר אַלט אינגאַנצען, איהר פאַטער האָט זי געוואָלט פיהרען אויף אַ שלעכטען וועג, ער האָט געוואָלט זי זאָל פיינט האָבען אידען, זי זאָל אָבער מיט איהר גאַנצער נשמה געבליבען טריי איהר מוטער און איהר פאָלק.

— אָ, פונקט ווי דו! זי איז צוגעבונדען צו די אידען, כאָטש זי ווייסט גאָרנישט פון זיי — האָט זי געזאָגט שפּאָטיש — איז זי שטאָלץ מיט איהר קינסטלערישען לעבען, איז איהר זינגען עפּעס ווערט?

— זי זינגט אויסגעצייכענט, נאָר נישט גוט פאַר דער ביהנע. מיר דאַכט זיך אַז דאָס קינסטלער־לעבען האָט זיך איהר פער׳מיאוס׳ט.

— אַזוי, איז זי דאָך פּאַסענד פאַר דיר. סער הוגאָ האָט מיר דערצעהלט, אַז דו ביזט געווען שרעקליך דאַגעגען צו ווערען אַ זינגער. איך זעה אויך אַז דו וועסט נישט זיין אַזוי אונטערטעניג דיין פרוי ווי דיין פאָטער איז מיר געווען...

— איך זאָג נאָך אַמאָל — האָט ער געזאָגט קלאָר — אַז איך בין גאָרנישט זיכער צו זי ליעבט מיך אויך, איך ווייס נישט צו מיר וועלען חתונה האָבען. עס קען זיין, אַז אַ סך שלעכטס וואַרט פאַר מיר. איך בין גרייט אויף אַלעס. איך האָב אין אַלגעמיין קנאַפּע האָפנונג אַז מיר וועט גוט זיין. וועט מיר גוט זיין, איז אַ דאַנק גאָט פאַר דעם. אויב נישט, בין איך גרייט אויף אַלעס.

— פיהלסטו טאַקע אַזוי? — האָט זי געפרעגט און אַרויפגעלעגט איהר האַנד אויף זיינע אַקסלען, זי האָט געקוקט אויף איהם, גערעדט געלאַסען און געזאָגט:

— אָרים קינד... ווי וואָלסטו אויסגעזעהן אַז איך וואָלט דיך געווען געהאַלטען לעבען מיר?... וואָלסטו אויך דעמאָלט זיך געקעהרט צו די זאַכען, וואָס איך האָב אַזוי פיינט... וואָלטען מיר זיך געקריעגט?... דיין זיידע וואָלט דאָך געלעבט אין דיר... דו וואָלסט מיין לעבען געווען פערביטערט...

— איך דענק אַז מיין ליעבע וואָלט אויסגעמיטען אַלע קריגערייען צווישען אונז — האָט דעראָנדא אַלץ טרויעריגער גערעדט — עס וואָלט נישט געשטערט דיין גליק, דו וואָלסט נאָך גליקליכער געווען.

— נישט דאַמאָלט, נישט דאַמאָלט... איך האָב דאָס דאַמאָלט נישט געוואָלט... איך וואָלט אפשר איצט געווען גליקליך מיט דיר... האָט זי מעלאַנכאָליש געזאָגט — אויב איך וואָלט נאָר געקענט זיין מיט עפּעס גליקליך.

— דו ליעבסט דאָך געוויס דיינע אַנדערע קינדער און זיי האָבען דיך ליעב — האָט דעראָנדאַ אַזוי נייגעריג געפרעגט.

— אָ, יאָ, — האָט זי געענטפערט גלייכגילטיג און פערלייגט די הענד — נאָר... איך בין אָבער אַזאַ פרוי, וואָס קאָן נישט ליעב האָבען... עס איז דער ריינער אמת. ליעב צו האָבען איז אַ בעזונדערער טאַלאַנט, וואָס מען ווערט געבוירען מיט דעם, און איך בעזיץ דאָס נישט. אַנדערע האָבען מיך געליעבט און איך האָב נאָר געמאַכט זיך ווי איך האָב זיי אויך ליעב, איך קען דאָס אָבער נישט. איך וויים וואָס די ליעבע מאַכט פון די מענער און פרויען, זיי ווערען פערשקלאַפט, איך האָב קיין מאָל נישט געוואָלט זיין פערשקלאַפט, מענער זיינען געווען מיינע שקלאַפען.

— איך דענק, אַז דער מאַן, וואָס איז געווען דער שקלאַף, איז געווען דער גליקליכער—האָט דעראָנדאַ געזאָגט מיט מיטגעפיהל צו איהרע ליידען.

— אפשר. נאָר איך בין געווען גליקליך. פאַר עטליכע יאָהר בין איך געווען גליקליך. ווען איך וואָלט נישט מורא געהאַט פאַר דורכפאַל וואָלט איך אַ לענגערע צייט געווען גליקליך. איך האָב געמאַכט אַ טעות. עס איז אַלץ אריבער. יאָ, אַן אַנדער לעבען! מענשען מיינען אַז דאָס אַנדערע לעבען הויבט זיך אָן אויף יענער זייט קבר. איך לעב נאָך און בין שוין אין דעם אַנדערען לעבען...

זי האָט אויפגעהויבען הויך איהרע הענד און פערמאַכט די אויגען און געזעדט שטיל און זי האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט טאַקע געווען געקומען צוריק פון יענער וועלט.

דעראָנדאַ האָט זיך נישט געקאָנט בעהערשען מעהר און אַ שטאַרקער זיפץ האָט זיך פון זיין הארץ ארויסגעריסען, זי האָט די אויגען געעפענט, ארויפגעלעגט די הענד אויף איהם און געזאָגט:

— זיי געזונד, מיין קינד, זיי געזונד, מיר וועלען שוין נישט מעהר הערען איינער פון אַנדערען, קוש מיך, מיין קינד. ער האָט

ארומגענומען איהר האלז מיטביידע הענד און זיי האָבען זיך צו־קושט.

דעראָנדאַ האָט נישט געוואוסט ווי אזוי ער איז ארוים פון צי־מער. ער האָט זיך דערפיהלט ווי ער איז מיט אמאָל פיעל עלטער געוואָרען, זיין גאנצע פאנטאזיע וועגען זיין מאמע איז צושווימען געוואָרען און דאָס וואָס ער האָט איצט געזעהן האָט איהם אזוי פיעל צער פערשאפט.

## 42טעם קאפיטעל.

גאנץ אָפט טרעפט אז א מענש זינדיגט זעהר פיעל און מיט אמאָל עפענען זיך זיינע אויגען און ער דערזעהט דעם אמת, טהוט תשובה און בלייבט עהרליך און ריין פאר גאָט. אמאָל אָבער פאסירט אז א זינדיגער מענש וויל תשובה טאָן, פעררעכטען זיינע מעשים און ער קען דאָס נישט, ער געהט אַלץ ווייטער און ווייטער אויפ׳ן שלעכטען וועג געגען זיין אייגענעם ווילען, ווערט נאָך ערגער פון טאָג צו טאָג און וואָס מעהר ער וויל תשובה טאָן, אַלץ מעהר ווערט ער אין זינד אריינגעצויגען.

גראנדקאָרט האָט מיטגענומען גווענדאָלין אויף דער רייזע אויפ׳ן ים, ווייל ער האָט זיך געטראכט אזוי, איך וועל אויספרו־בען און זעהן וויפיעל איך קען זי בעהערשען און אז זי וועט זעהן אז איך בין שטארקער פאר איהר וועט זי פערלירען דעם מוטה און שוין קיינמאָל זיך נישט געגענשטעלען מיינע פערלאנגען.

גראנדקאָרט האָט ליעב געהאט צו פאָהרען וואָכען לאנג אויף דער שיף, זיצען א גאנצען טאָג פאר זיך און טראכטען און ניט די וועלט זאָל וויסען פון איהם און ניט ער זאָל וויסען פון דער וועלט.

איז ער געזעסען פאר זיך אין שיף, געקוקט אין הימעל, געהאלטען אין איין טראכטען און קיינער האָט איהם נישט גע־שטערט.

ער האָט געהאלטען אז ער איז גאנץ גערעכט, וואָס ער האָט גווענדאָלינען פון לאָנדאָן אוועקגענומען, אזוי ארום וועט ער אויס־מיידען אַלדאָס בייז. נישט צוליעב אייפערזוכט האָט ער זי אוועק־

געפֿיהרט, איז ער ביי זיך געווען זיכער. ער איז נישט דער מענש וואָס זאָל זיין אייפערזיכטיג. נאָר אז ער האָט געזעהן אז זי לאָזט זיך אוועק אויף נישט קיין גוטען וועג, זי בעגעהט זיך אזוי קינ־דעריש מיט דעראָנדאָ'ן, זי האַלט אזוי פיעל פון איהם און ער איז דאָך איהר מאַן, ער איז דאָך קלוגער פאר איהר, איז ער פערפליכטעט מאכען א סוף מיט איהרע נארישע, קינדערשע פיהרעכצען. ער איז זיכער געווען, אז נאָר א דאנק זיין שאַרפזיניגקייט איז איהם געלונגען צו צושטערען זייערע פלענער. זי האָט דאָך געוויס גע־לאָזט רופען דעראָנדאָ'ן צו זיך, נו, איז ער געקומען אומגעריכטער־הייד און אלץ צו נישט געמאכט.

אז ער האָט א רעכט זי צו פיהרען ווי ער וויל, נישט ווי זי וויל, אין דעם האָט ער גאָר נישט געצווייפעלט. זי האָט דאָך פיעל מעהר פון איהם ווי ער פון איהר. זי האָט אזוי פיעל רייכקייט און וואוילטאָג און א גרויסען נאָמען — און ער? מעג ער דאָך האָבען כאָטש א דעה אויף איהר. זי האָט דאָך אייגענטליך ניט חתונה געהאט מיט איהם ווייל זי האָט איהם ליעב געהאט, ניין, נעגען איהר ווילען האָט זי דאָס געטהאָן, זי האָט זאָגאר געוואוסט אלע זיינע געהיימניסען, אז ער האָט א פרוי און קינדער, וואָס קען זי דען פון איהם פאָדערען.

גווענדאָלין האָט דאָס פערשטאנען אז ער טראכט אזוי און האַלט אז ער איז גערעכט אין אלע זיינע שרעקליכע האנדלונגען נעגען איהר. זי האָט אייגענטליך אויך געהאט א שטארקען ווילען יענעם צו בעהערשען, נאָר אזוי ווי קיין זאך איז דאָך נישט אייביג, האָט זי איינגעזעהן אז ביז איצט האָט זי געהאנדעלט זעהר ניט גוט און זי דארף אלץ פערבעסערען.

די שיף איז געגאנגען רוהיג אויפ'ן ים און זי איז געזעסען אליין און געטראכט אז דאָס איז א תפיסה, אן איינזאמער אינזעל, וואו קיין מענשען זיינען נישטאָ און מען האָט זי פערשפּארט אויפ'ן גאנצען לעבען דאָ צו זיצען. זי האָט זיך פערקויפט פאר געלד צו איהר מאַן. ער האָט געהאַלטען וואָרט, ער האָט אלץ בעצאָהלט, ער האָט נאָך מעהר געלד געגעבען ווי זי האָט געוואָלט. ער צאָהלט דאָך איהר מוטער מעהר ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. נאָר צו־זאמען מיט דעם וואָס זי האָט זיך צו איהם פערקויפט האָט זי איהר

נשמה און ליעבע איהם פערקויפט און ער טהוט מיט איהר וואָס איהר גלוסט, ער פיהרט זי דאָרט וואו ער וויל און קיינער קען איהם קיין דעה נישט זאָגען און נישט שטערען אין זיין ווילען. זי האָט אייגענטליך נישט אויף וואָס זיך צו בעקלאָגען. די שיף איז זעהר אַ שעהנע, איהר קאַבינעט און אַלץ ארום איהר איז אזוי רייך און וואונדערבאר, די מאטראָזען זיינען זעהר שעהנע מענשען, איהר שונא לאַש איז אויך נישטאָ. זי האָט שטענדיג ליעב געהאַט צו פאָהרען אויפ'ן ים. זי איז קיין מאָל נישט קראַנק געוואָרען אויף דער ים־קראַנקהייט ווען זי איז נאָר געפאָהרען. זי האָט ליעב גע־האַט זיך צוצוקוקען צו יעדער קלייניגקייט אויף דער שיף, ווי די מאטראָזען ארבייטען און ווי דער קאפיטאַן גיט ארוים זיינע בעפעהלע. דער ווינט איז אויך געוועזען אַ שטילער און אַן אנגע־נעהמער, און זי וואָלט געווים געדארפט זיין צופרידען מיט דעם אַלעם.

און דאָך איז זי אזוי אונגליקליך געוועזען, אַז זי האָט דערזעהן גראַנדקאָרטען פון וויטענס, האָט זי נאָר איין וואונש געהאַט, אַז ער זאָל נישט צוגעהן צו איהר... זי האָט איהם שרעקליך פיינט געהאַט און נישט געקאָנט פערטראָגען.

האָט גראַנדקאָרט געוואוסט דאָס אַלעס וואָס עס טהוט זיך אין איהר הארץ? ער האָט זיכער פערשטאַנען אַז זי האָט איהם נישט ליעב און גאַנץ אָפט האַסט זי איהם. אָבער וואָס האָט דאָס איהם געאַרט? נישט איהר ליעבע דאַרף ער און איהר פיינדשאַפט איז איהם ניט אָנגעגאַנגען. גענוג איז אַז ער האָט זי געקויפט און ער הערשט איבער איהר און טהוט מיט איהר וואָס איהם געפעלט. דאָס אַלעס האָט ער געוואוסט און זיכער געוועזען, איין זאַך איז איהם אָבער נישט איינגעפאַלען אַז ער איז איהר אזוי מיאוס, אַז זי קאָן אין זיין געזיכט נישט קוקען און איהר איינציגע פרייד איז אַז זי זעהט איהם נישט. דאָס האָט איהם נישט געקענט איינפאַלען ווייל ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז אַ פרוי זאָל איהם נישט קענען פערטראָגען. ער האָט אין זיך געהאַט אַ סך עהנלי־כעס צו גווענדאָלינען, ער האָט פיינט געהאַט מענשען און זיי גע־רופען „בהמות", „פערד", „אָקסען", ער האָט איהר גוט פערשטאַ־נען, וואָס זי האָט נישט געקאָנט פערטראָגען לאַש'ן. יענער איז

אַ קנעכט, אָבער איהם זאָל זי נישט קאָנען פערטראָגען? ער, לאָרד גראַנדקאָרט, זאָל זיין ווי אַ שפּין אין איהרע אויגען? ניין, דאָס איז איהם אויפ'ן זין נישט געקומען. ער איז דאָך לאָרד גראַנדקאָרט!

קיין מענש האָט נישט בעמערקט וואָס צווישען מאַן און ווייב קומט פאָר, נישט די נייע דיענסט, וואָס ער האָט אויף דער שיף מיטגענומען, נישט זיין אַלטער דיענער, קיין איין מאַטראָז האָט אויך גאָרנישט באַמערקט, אַז זיי לעבען שלעכט צווישען זיך. פערקעהרט, אַלע האָבען געזעהן, אַז זיי לעבען רוהיג און צופריעדען ווי זיי וואָלטען זיך שטאַרק ליעב געהאַט איינס דאָס אַנדערע. דאָס וואָס גראַנדקאָרט האָט אַזוי ווענייג גערעדט מיט איהר האָבען די מאַטראָזען אָנגענומען פאַר ריכטיג, אַלע אַריסטאָקראַטען פיהרען זיך אַזוי. ער האָט זיך אויך געהיט נישט צו זאָגען אַ וויץ, טאָמער וועט גווענדאָלין בלייבען זיצען שטיל און נישט לאַכען, וועט עס זיין אַ חרפּה פאַר איהם, דאָס אייגענע ווייב האָט נישט קיין פערגעניגען פון זיינע וויצען... ער האָט זיך אויך נישט געטשעפּעט צו איהר, ווענדיג פערמיידען קריגערייען פאַר מענשען. ער איז נאָך גרייט געווען יעדע מינוט איהר העלפען, דערלאַנגען וואָס זי דאַרף, נאָך איידער זי זאָגט עפּעס וועגען דעם, „מענשען זאָלען זעהן ווי געטריי ער איז איהר. זי האָט אַלץ צוגענומען שטיל. מענשען זאָלען נישט בעמערקען קיין זאַך און זאָלען מיינען אַז אַלץ איז אין בעסטען אָרדנונג.

איין טאָג האָט גראַנדקאָרט אַרויסגענומען דעם טעלעסקאָפּ און געזאָגט:

— אָ, זעהסט, דאָרט איז אַ פּלאַנטאַציע פון צוקער רויהען נעבען דעם גרויסען פעלז, וואָלסטו עס געוואָלט זעהן?

— אָ, אָי, ביטע — האָט גווענדאָלין געזאָגט. זי האָט זיך אויפגעהויבען און צוגעגאַנגען צו איהם און געקוקט אויף דער פּלאַנטאַציע, כאָטש עס איז איהר אין קאָפּ ניט געלעגען, ער האָט פעררויכערט אַ ציגאַר און געגאַנגען שפּאַצירען אהין און צוריק. אַמאָל האָט ער איהר אָנגעוויזען אויף אַ שיף וואָס איז אָנגעקומען פון ווייטען, אָדער אויף אַ מחנה ים־פויגעל. אָפט האָט ער זיך אוועקגעזעצט אין ווינקעל און מיט האַלב פערמאַכטע אויגען געקוקט

אויף גווענדאָלין און זי האָט אויסגעזעהן אין זיינע אויגען ווי איינע פון די זאכען וואָס ער האָט זיך מיטגענומען אויפ'ן וועג.

גווענדאָלין האָט דערפיהלט אַז ער קוקט אויף איהר האָט זי דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזען און זיך געהיט נישט צו קוקען אויף איהם. אַז זיי האָבען זיך אװעקגעזעצט ביים טיש עסען האָט ער איהר געקענט זאָגען אַז די פּרוכטען זיינען שוין קאַליע און מען דאַרף זעהן קריגען פרישע. און ער האָט געזעהן דאָס זי טרינקט נישט קיין וויין, האָט ער געפרעגט אויב זי וויל אַנדערען וויין. זי האָט פערשטאַנען אַז אַזאַ דאַמע ווי זי איז מוז ענטפערען העפליך און רוהיג, האָט זי טאַקי אַזוי געטהאָן.

גראַנדקאָרט האָט שטאַרק הנאה געהאַט זעהענדיג ווי ער בע־הערשט זי אויף שריט און טריט, ער פיהרט זי מיט זיך ווי אַ גע־פאַנגענע און זי איז ווי שטום, עפּענט קוים איהר מויל און זי קען איהם קיין ביין וואָרט נישט זאָגען, ער איז נאָך מעהר צופריעדען געווען וויסענדיג אַז טיעף אין הארצען קאָכט ביי איהר, עס קאָסט איהר אַ סך געזונד, נאָר זי קאָן זיך נישט העלפען.

גווענדאָלין האָט קיין זאַך נישט געזעהן און נישט געהערט. וועגען קיין זאַך האָט זי נישט געטראַכט. נאָר ער אַליין. גראַנד־קאָרט איז געשטאַנען פאַר איהרע אויגען, אין שלאָף און וואַכענ־דיגערהייט. זי האָט איהם געזעהן ווי אַ בייזען שטן, אַ טייוועל, וואָס פּייניגט זי אַזוי שרעקליך אויף שריט און טריט.

זיצענדיג אַזוי פערטראַכט האָט זי זיך דערמאָנט אַז עס קען נאָך זיין זי זאָל האָבען אַ קינד און דאָס האָט זי שטאַרק איבער־געשראָקען. ניין, דאָס טאָר נישט געשעהן. זי וועט מיט דעם איהרע זינד נאָך ערגער מאַכען. איהר איינציגע טרויסט און האָפ־נונג אין איהר אונגליקליך לעבען איז געווען אַז זי וועט קיינמאָל קיין קינדער פון איהם נישט האָבען. און נאָך איין געדאַנק איז איהר אין קאָפּ אַריינגעקומען און האָט איהר נישט אָבגעלאָזט. זי האָט געוואָלט אַז אַן אונגליק זאָל מיט זיי געשעהן... דעמאָלט וועט זי זיין רוהיג...

טאָג און נאַכט האָט זי אָנגעהויבען צו טראַכטען ווי אַזוי צו קענען נעהמען נקמה פון איהם, דאָס האָט אָבער איהרע צרות נישט

פערלייכטערט, האָט נאָך פערגרעסערט איהרע ליידען, געשראָקען זי יעדע רגע און זי האָט קיין מנוחה נישט געהאַט.

פאַר דער לעצטער צייט, אַז זי האָט געטראַכט וועגען עפּעס, האָט זי זיך געפרעגט וואָס דעראָנדאַ וועט זאָגען אויף דעם? וועט עס איהם געפעלען, אָדער נישט? און זי האָט שוין געפונען עפּעס אַן עצה ווי אַזוי זיך צו בערוהיגען האָט זי באַלד זיך אַ פרעג געטהאָן: — און וואָס וועט דעראָנדאַ זאָגען? וועט ער מיך ניט פעראַכטען איבער דעם? אפשר וועט ער מיך פאַר דעם שוין קיינמאָל נישט וועלען זעהן?...

זי האָט איינגעזעהן אַז אַזוי ווי גראַנדקאָרט הערשט איבער איהר קערפּער, אַזוי הערשט דעראָנדאַ איבער איהר נשמה, איבער איהר גייסט, און טאָמער פערלאָזט זי דעראָנדאַ, ער וועט זי מעהר נישט וועלען זעהן, וועט דאָס זיין איהר לעצטער טאָג אויף דער וועלט. ווארום זי האָט דאָך קיינעם נישט אויף דער וועלט נאָר דעראָנדאַ'ן אַליין.

און וואָס מעהר זי האָט געטראַכט צו נעהמען נקמה אין גראַנדקאָרטען, אַלץ מעהר האָט דעראָנדאַ'ס געזיכט געשוועבט פאַר איהרע אויגען און זי איז אַלץ מעהר אויפגערעגט געוואָרען.

זי איז געוואָרען שטאַרק אונרוהיג און וואו זי האָט די אויגען אָנגעשטעלט אויף יעדע זאַך וואָס זי האָט געקוקט, האָט זי געזעהן דאָס טויטע געזיכט פון גראַנדקאָרטען, ווי ער איז טויט בלאַס און ער געהט איהר נאָך אפילו נאָך דעם טויט און לאָזט זי נישט אָב. זי האָט זיך אַזוי דערשראָקען אַז זי איז שיער געשטאָרבען פאַר מורא און זי האָט זיך דערמאָנט וואָס דעראָנדאַ האָט איהר אַמאָל געזאָגט:

— זאָל דער שרעק ווערען אַ היטער פאַר אייך, זאָל אייך אָבהיטען פון טהאָן בייז. האַלט אייערע זינד פאַר אייערע אויגען און דאָס וועט אייך ברענגען תשובה צו טהאָן, האָבען חרטה... שטאַרקט זיך, האָט מורא און איהר וועט מעהר נישט טהאָן קיין שלעכטס...

און אַזוי איז דאָס טאַקע געוועזן. פון איין זייט האָט אַבייזער געדאַנק זי פערפאָלגט, זי זאָל בעגעהן אַ מאָרד און פון דער אַנדערער זייט האָט זי שטאַרק מורא געהאַט, פאַר'ן ווינד האָט זי געציטערט.

און דורך דער מורא האָט זי פערטריבען דעם בייזען געדאַנק ווע־גען מאָרד און זי האָט זיך בעמיהט פערטרייבען די בייזע געדאַנקען פון זיך מיט אַלע קרעפטען.

אין א שטילע תפלה, אָהן ווערטער, נאָר א געשריי פון טיעפען הארצען, ווען גראַנדקאָרט איז געשלאָפען און דער ים איז געווען שטורמיש, האָט געשליידערט די שיף און בעשפריצט זי מיט די גרויסע וואלען האָט זי צו גאָט געבעטען, זי האָט אין איהר געבעט קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר איהר הארץ האָט זיך געריסען גע־האָלפען צו ווערען.

און אז זי האָט געהאָפט געהאָלפען צו ווערען האָט זי געוואוסט אז איהר הילף וועט קומען נאָר דורך דעראָנדאַ'ן. זי האָט זיין געזיכט געזעהן שטענדיג, זיינע רייד האָבען איהר געקלונגען אין די אויערען, ווי ער רעדט צו איהר אזוי הארציג, פול מיט רחמנות און אַלע בייזע געדאַנקען וועגען א מאָרד זיינען אוועק, און ריינע, גוטע געדאַנקען זיינען אין איהר קאָפּ געקומען. זי האָט א סך גע־וויינט ביי נאַכט אויף איהר געלעגער. די טרעהרען האָבען איהרע ליידען פערלייכטערט און זי האָט צו זיך געזאָגט:

— „קיין זאך וועט מיך נישט ארען, אויב איך וועל זיך נאָר קענען האַלטען שטארק און פעסט און נישט טהאָן קיין בייז...“

אזוי זיינען געגאַנגען די טעג. לייכטע אנגענעהמע ווינטען האָבען די שיף געטראָגען פון די באַלעריק אינזלען צו סארדאַניען, דערנאָך צו קאָרסיקא. ארום איז געווען שטיל און רוהיג, נאָר גווענדאָלינען איז געווען זעהר ביטער.

— ווי לאַנג וועלען מיר זיך אזוי שיפען? — האָט זי איהם אמאָל א פרעג געטהאָן. זיי זיינען דאמאָלט געווען ביי איאַקאָ, נאָהענט ביים ברעג, און דאָס האָט איהר געגעבען מוטה איהם צו פרעגען:

— וואָס נאָך האָבען מיר דען צו טהאָן? — האָט ער געזאָגט — איך בין נישט מיעד. איך זעה נישט איין פאר וואָס מיר זאָלען נישט מאַכען א לענגערע רייזע? אויפ'ן ים איז פיעל לייכטער און וועניגער צרות זיינען דאָ פאראַן. וואו ווילסטו דען געהן? איך בין שוין קראַנק פון די אויסלענדישע שטעדט. אונזער דאָרף

רייִלאַנדס ווע‌לען מיר נאָך געגוג האָבען. וואָלסט בעסער געוואָלט זיין אין רייִלאַנדס?

— אָ, ניין — האָט גווענדאָלין גלייכגילטיג געזאָגט, פיהלענ־דיג אַז אומעטום איז שלעכט ווען זי מיט איהם זיינען נאָר צוזאַבען — איך האָב נאָר געוואָלט וויסען ווי לאַנג דאָס פאָהרען וועט דיר אַזוי געפעלען.

— איך האָב ליעבער שיפען זיך ווי אַלץ אין דער וועלט — האָט ער איהר געענטפערט — לעצטען יאָהר האָב איך גאָר נישט געררייזט. איך דענק אַז דו הויבסט אָן מיעד צו ווערען. פרויען זיינען אַזוי קאַפּריזנע, זיי ווילען נאָר אַז מען זאָל אַלץ טהאָן ווי זיי ווילט זיך.

— אָ, טייערער, ניין — האָט זי מיט פעראַכטונג געזאָגט — איך האָב קיינמאָל נישט דערוואַרט אַז דו זאָלסט אויפגעבען דיינע פּלענער צוליעב מיר.

— פאַרוואָס זאָל איך עס דען טהאָן? — האָט ער זי געפרעגט און גענומען אַ פּאָמעראַנץ פון טיש.

זי האָט אָבגעמאַכט ביי זיך צו פאָהרען גאַנץ לאַנג, אַזוי לאַנג ווי איהם וועט זיך גלוסטען, אָהן אַ סוף. צומאָרגענס איז אָבער געווען אַ שרעקליכער שטורם. זי איז צום ערשטען מאָל קראַנק געוואָרען און ער איז אַריין צו איהר אין קאַבינעט און געזאָגט:

— דער טייוועל האָט דאָס געאַרבייט ביינאַכט. דער קאַפּיטאַן זאָגט אַז מיר וועלען מוזען זיך אָפּשטעלען ביי גענוא פאַר אַ וואָך צייט ביז מען וועט פעררי‌כטען די שיף.

— אַרט דיך דאָס? — האָט זי אַ בלאַסע איהם געפרעגט.

— זיכער. ווער וויל דאָס זיך לאָזען קאָכען פון דער זון אין גענוא?

— עס וועט זיין אַ שטיקעל איבערבייט — האָט זי נישט פאַרזיכטיג זיך אַרויסגעכאַפּט.

— איך וויל נישט קיין איבערבייט. אויסערדעם, די שטאָדט איז אַ שרעקליכע, איך ליעב זי נישט. מען קען נישט פאָהרען אויף איהרע וועגען. איך וועל זיך סיי ווי שיפען די גאַנצע צייט, בעסער ווי צו זיצען אין אַ פערפלוכטען האָטעל.

זי האָט דערזעהן אַ האָפנונג, אַז זי וועט אויף עטליכע שעה

אין טאָג זיין פריי פון איהם, ער וועט זי נישט מיטנעהמען איצט שיפען זיך און זי וועט זיין אַליין אין שטאָדט. זי האָט אויפגעשיינט פאר פרייד און פערטראָגען געוואָרען אין פאנטאזיעס, אָט איז איהר איינגעפאלען, אז זי וועט אנטלויפען פון איהם און מעהר זיין פּנים קיינמאָל נישט אָנקוקען. באלד האָט זי אָבער איינגעזעהן, אז דאָס איז נישט דער ריכטיגער וועג, אזוי וועט זי זיך נישט בעפרייען פון איהם. איהר הילף וועט קומען אויף אַנ'אַנדער וועג. זי ווייס, זאָגאר נישט ווי אזוי זי וועט זיך פון איהם בעפרייען, אָבער זי וועט איהם פּטור ווערען, א צופאל וועט טרעפען און זי וועט גע־האָלפען ווערען.

זי איז פול געוואָרען מיט פרייד, טראַכטענדיג וועגען דעם. זי האָט אויסגעזעהן ווי א געפאנגענער, וואָס זיצט אין תפיסה און האָפט אז א גרויסער שטורם ווינד וועט קומען און איינוואַרפען די ווענט פון תפיסה און ער וועט ווערען פריי... ער וועט פערשפּאָרען טראַכטען וועגען דערמאָרדען די תפיסה וועכטער און אנטלויפען...

די האָפנונג בעפרייט צו ווערען פון איהם האָט זי געשטארקט און צוגעגעבען מוטה, גראַנדקאָרט האָט דאָס בעמערקט און פער־שטאנען וואָס ביי איהר אין הארץ קומט פאָר. א גאנצע נאַכט האָט זי נישט געקענט איינשלאָפען, אזוי פרעהליך איז זי געווען. זי האָט שוין נישט געהאט קיין בייזע געדאנקען, זי האָט נישט מעהר געזעהן קיין שרעקענדיגע בילדער און דאָס הארץ האָט איהר געזאָגט אז איהר הילף איז נאָהענט, באלד וועט זי אויסגעלייזט ווערען. אז דער שטורם ווינד האָט איהר דאָך געהאָלפען און זי ווערט פּטור פון די געפייניגטע רייזע אויפ'ן ים, וועט זי שוין אינגאנצען געהאָל־פען ווערען... און ווי א קראַנקער וואָס האָט וואָכען לאנג קיין עסען אין מויל אריין נישט גענומען און ווערענדיג געזונד הויבט איהר אָן הונגערען, אזוי האָט זי געבענקט נאָך דער הילף, זי זאָל קומען וואָס גיכער...

אין דער פריה אז די מאַטראָזען האָבען פערוואָרפען דעם אַנ־קער ביים ברעג פון גענוא האָבען זיי זי אויפגעוועקט פון שלאָף און פון איהרע זיסע חלומות וואָס זי האָט גע'חלום'ט.

אז זי איז פאַרטאָג איינגעשלאָפען האָט זיך איהר גע'חלום'ט

דאָס זי איז אַנטלאָפען פון גראַנדקאָרטען און זי שטעהט און רעדט מיט דעראָנאַ׳ן...

אין אַ שעה ארום האָט גווענדאָלין געזעהן דעראָנדאַ׳ן אָבער נישט אין חלום נאָר טאַקע אויף דער וואהר. ווען זי און גראַנד־קאָרט זיינען ארויף אויף די שטיגען אין האָטעל „איטאַליע“ האָט זי דערזעהן דעראָנדאַ׳ן.

דעראָנדאַ איז צוטומעלט געוואָרען אַז ער האָט איהר דערזעהן. ער האָט זיך צוריקגערוקט פאַר אַ מינוט איידער ער האָט דעם הוט ארונטערגענומען זיי צו בעגריסען. ער האָט געפיהלט אַז ער קען איצט צו זיי נישט צוגעהן, ער האָט זיך דערמאָנט וואָס עס איז צווי־שען זיי פאָרגעקומען ערשט נישט לאַנג און ער איז נישט זיכער גע־ווען צו גראַנדקאָרט וועט גאָר רעדען צו איהם, אַז ער וועט צו צוגעהן.

ווען דעראָנדאַ וואָלט געוואוסט וואָס ביי גראַנדקאָרט׳ן אין הארץ טוט זיך אָפּ וואָלט ער געזעהן אַז ער האָט קיין טעות נישט. גראַנדקאָרט האָט שטאַרק געוואָלט וויסען ווי אַזוי פּלוצלונג קומט דעראָנדאַ נאָך גענוא. ער האָט געוואָלט וויסען ווי אַזוי גווענדאָ־לין האָט געהאַט די געלעגענהייט צו בעשטעלען דעראָנדאַ׳ן צו קו־מען אין גענוא, אַז זיי זאָלען זיך קענען זעהן און רעדען אין געהיים. נאָר איידער ער איז נאָך אריין אין צימער האָט ער איינגעזעהן אַז עס איז אַ גרוים נארישקייט וואָס ער דענקט אַז גווענדאָלין האָט דעראָנדאַ׳ן ארויסגערופען אהער. ער איז אייגענטליך נישט געווען קיין היציגער מענש, ער האָט ליעב געהאַט יעדע זאַך גוט אויסצו־רעכענען און ער איז זיכער געווען אַז גווענדאָלין האָט אין לאָנדאָן נישט געשריבען דעראָנדאַ׳ן אַז זי פאָהרט אוועק אויפ׳ן ים. זי האָט איהם אויך נישט געשריבען פון מארסעל און בארצעלאָנא, ניין, זי האָט איהם נישט ארויסגערופען קומען אין גענוא, זי האָט דאָך דאָס פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט וויסען אַז זיי וועלען זיין אין גענוא, זיי האָבען דאָך גאָרנישט געזאָלט דאָ זיין, ווען נישט דער שטורם ווינד וואָס האָט די שיף געשעדיגט. און דעראָנדאַ איז דאָך נישט קיין פויגעל, ער זאָל קענען נאָך פליהען פון איין אָרט צום אַנדערען און קומען אומעטום צו דער רגע וואו זיי קומען.

ער האָט איינגעזעהן אַז ער האָט אומזיסט בעשולדיגט דע־

ראָנדא׳ן און גווענדאָלינ׳ן. ער איז אָבער דאָך געווען שטארק צו־טומעלט און צורודערט און האָט זעהר שטארק געוואָלט וויסען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

דעראָנדא איז דאָך אין געגוא, ער האָט דאָך איהם אליין גע־זעהן, און אויב עס איז טאקע נאָר בלויז א צופאל, וואָס העלפט דאָס? מיט וואָס איז עס לייכטער? גוועגדאָלין איז דאָך אזוי גליקליך וואָס זי האָט איהם דערזעהן. ער האָט קיין אנדערע זאָך נישט געטראכט, נאָר אז זיי ביידע האָבען געמאכט א בונט אנטקעג־גען איהם און דער צופאל שפיעלט זיי צו און העלפט זיי מיט אין זייערע פלענער וועגען איהם. עס האָט איהם שטארק פערדראָסען און פון אלע זיינע געדאנקען האָט ער געוואוסט אז די איינע איז די ריכטיגסטע אז אזוי נאָר ווי ער וועט זיך אוועקדרעהען אויף א מי־נוט וועט זי לויפען זעהן דעראָנדא׳ן.

אז זיי זיינען געזעסען ביים טיש און געטרונקען קאווע האָט גראנדקאָרט זיך שטארק צוגעקוקט צו איהם און בעמערקט, ווי זי זעהט גאָר אנדערש אויס. דאָס פנים שיינט איהר אינגאנצען, די אויגען לייכטען, זי איז פרעהליך, רעדט א סך פאר פרייד, שוין לאנג, לאנג האָט ער זי אזוי נישט געזעהן.

נישט קוקענדיג וואָס זי האָט אזוי פיעל געליטען האָט דאָס נישט געשאדט איהר שעהנקייט אויף א האָר, זי איז איצט נאָך שעהנער געווען ווי אלס מיידעל, זי איז געווען פערטראכט, קלוגער און מעהר איבערגעלעבט און דאָס האָט איהר מעהר חן צוגעגעבען.

אז זי האָט געהאט אויסגעטרונקען די קאווע האָט זי זיך אויפ־געשטעלט און ארומגענומען איהר האלז מיט ביידע הענד. די פינ־גער זיינען געווען בעזעצט מיט בריליאנטען און דימאנטען און זי האָט גאָר נישט בעהאלטען איהר פרייד פון גראָנדקאָרטען. זי האָט געקוקט אויך אויף איהם פריינדליכער. פונקט ווי א מאן וואָס וויל אוועקגעהן פון הויז פערברייננגען אויף א באָל, איז ער צוגעלאָזען צו זיין ווייב און קינדער פאר׳ן אוועקגעהן, און ווי א הונט וואָס דער־שמעקט פריהער אז זיין בעל־הבית קלייבט זיך אוועקגעהן און ער לויפט נאָך פריהער צו דער טהיר, אזוי האָט גראנדקאָרט אלץ דער־שמעקט פאָראויס.

— איך בעט דיך, קלינג אָן, און אז דער דיענער גיבט וועט

קומען, זאָג איהם ער זאָל צוגרייטען מיטאג פאַר אונז אויף דריי אַ זייגער — האָט ער געזאָגט, אויפהויבענדיג זיך און פעררויכערט אַ ציגאַר. ער האָט גענומען דעם הוט און צוגעגעבען — איך געה שיקען אגנים'ען צו געפינען אַ שיפעל פאַר אונזביידע. איך וויל אַ שיפעל וואָס איך זאָל קענען פיהרען און דו זאָלסט מיר צוהעלפען. עס איז זעהר אנגענעהם צו שיפען זיך אין די היינטיגע אָבענדען, דאָס איז דאָס לייכטסטע וואָס מיר קענען טהאָן.

גווענדאָלין האָט אויפגעציטערט, נישט בלויז דורך דער ענט־דעקונג, אז איהר גאַנצע האָפנונג איז געווען אומזיסט, נאָר דאָס וואָס זי האָט בעשלאָסען זי ניט אָבצולאָזען אויף אַ מינוט. ער וויל זי נאָר פייניגען און אונטערדריקען. זי זיצט דאָך אָבער איצט נישט אויפ'ן שיף, האָט זי זיך געטראַכט. דאָ וועט זי זיך זאַגאַר קריעגען מיט איהם און נישט נאָכגעבען זיין פערלאַנג. איהר גאַנצע פרייד איז אָבער געווען פערשוואונדען.

— איך וואָלט בעסער נישט געוואָלט זיך שיפען — האָט זי געזאָגט — נעהם דיר מיט עמיצען אַנדערש.

— גאַנץ גוט, אויב דו געהסט ניט מיטשיפען זיך, וועל איך אויך נישט געהן. מיר וועלען דאָ זיצען אַזוי לאַנג ביז מיר וועלען דערשטיקט ווערען פאַר היץ און פאַרטיג — האָט ער געזאָגט.

— איך קען נישט פאַרטראָגען שיפען זיך אין אַ לאָדקע — האָט זי בייז געזאָגט.

— איך הער דאָס צום ערשטען מאָל — האָט ער געזאָגט שפּאָ־טיש — נאָר אַז דו ווילסט נישט וועלען מיר זיצען אין דער היים.

ער האָט צוריק אַוועקגעלייגט דעם הוט, אָנגעצונדען דעם ציגאַר און אָנגעהויבען געהן אויף און אָב איבער'ן צימער. אַ מינוט האָט ער זיך אָבגעשטעלט ביים פענסטער און ארויסגעקוקט. גווענ־דאָלין איז שטאַרק פערביטערט געווען און זי האָט בעשלאָסען זיך איינשפּאַרען איצט און פאַר קיין פאַל איהם נישט נאָכגעבען, מעג געשעהן וואָס עס וויל. זי איז זיכער געווען אז גראַנדקאָרט וועט אָהן איהר נישט ארויסטרעטען פון הויז אויף אַ מינוט, ער וועט זי אויף אַ סעקונדע זאַגאַר פון די אויגען נישט אָפּלאָזען. נו, דאָס איז פערפאַלען, אויב ער פייניגט זי, זאָל ער זי כאָטש נישט פייניגען נאָר ווי ער וויל, זאָל זי אויך עפּעס האָבען אַ דעה. ער וועט מוזען

זיצען מיט איהר אין הויז און זאָל נישט טאָרען אָפּטרעטען פון איהר אויף אַ רגע.

זי האָט געשוויגען און קיין וואָרט ניט גערעדט. זי האָט זיך אויפגעהויבען און איז אריין אין שלאָף־צימער און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל, זיפצענדיג אַזוי שווער, זי האָט נישט געוואוסט וואָס איהר סוף וועט זיין. איין זאַך האָט זי אָבער געזעהן, אַז איהר אונגליק ליעגט ווידער אויף איהר קאָפּ, און טאָמער האָט זי געהאָפּט אויף אַ מינוט האָבען רוה, לאָזט מען זי נישט.

באַלד איז גראַנדקאָרט אריין אָנגעטהאָן אין הוט. ער האָט איהר אָבער באַלד אַרונטערגענומען און זיך אַוועקגעזעצט געגענאיבער איהר און געזאָגט:

— האָסט זיך שוין בעטראַכט, אָדער דו ביזט נאָך אַלץ איינגע׳עקשן׳ט? דו פאַרשאַפסט מיר זעהר פיעל אונאַנגענעמליכקייט.

— פאַר וואָס ווילסטו מיר פערשאַפען אונאַנגענעהמליכקייטען?

— האָט גווענדאָלין געפרעגט הילפלאָז און דערפיהלט ווי די טרעהרען קומען איהר אין די אויגען.

— איך בעט דיך, זיי אַזוי גוט און זאָג מיר אויף וואָס דו האָסט זיך צו בעקלאָגען? — האָט ער געזאָגט און געקוקט איהר אין די אויגען—איז עס מיט דעם וואָס איך בלייב אין הויז ווען דו בלייבסט?

— זי האָט איהם נישט געקענט ענטפערען. איהם זאָגען דעם אמת, האָט זי ניט געזעהן קיין מעגליכקייט. פאַר גרויס אויפרעגונג האָט זי אָנגעהויבען שטאַרק וויינען, די טרעהרען האָבען זיך איהר געגאָסען אָהן אויפהער, אַזאַ זאַך האָט זי נאָך קיינמאָל אין זיין געגענוואָרט ניט געטאָן.

— איך האָף אַז דאָס איז גוט פאַר דיר — האָט גראַנדקאָרט איהר געזאָגט — איך קען דיר אָבער זאָגען אַז דאָס איז זעהר אונאַנגענעהם. דער טייוועל וויים וואָס די פרויען מיינען מיט דעם! איך וויים ניט! דו ווילסט אַזוי אַרום גרייכען דאָס וואָס עס גלוסט זיך דיר. איך זעה אַז מיר וועלען מוזען זיצען דאָ פערמאַכט, אַנשטאַט וואָס מיר וואָלטען געקענט האָבען אַן אַנגענעהמע רייזע אויפ׳ן וואַסער.

לאָמיר שוין געהן צו דער שיף — האָט זי געזאָגט אויפגערעגט

— אפשר וועלען מיר דערטרונקען ווערען... האָט זי זיך נאָך שטאַר־קער צואוויינט.

די מאָדנע בענעהמונג איהרע וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקע שייכות מיט דעראָנדאַ'ן האָט גראַנדקאָרט'ען נאָך מעהר זיכער גע־מאַכט אין זיין מיינונג וועגען זייביידען. ער האָט צוגערוקט זיין שטוהל הארט לעבען איהר און שטיל געזאָגט:

— דו זיי נאָר רוהיג און הער וואָס איך וועל דיר זאָגען, וועסט זיצען רוהיג?

גווענדאָלין האָט דערפיהלט ווי ער וואָלט זי פער'כשוף'ט, זי האָט אויפגעהערט צו וויינען, האָט האַלב פערמאַכט די אויגען, פער־לייגט איין האנד אויף דער אַנדערער און געוועזן גרייט צו הערען.

— לאָמיר זיך איינס דאָס אַנדערע פערשטעהן — האָט גראַנד־קאָרד געזאָגט — איך ווייס גאַנץ גוט וואָס די שטיק בעדייטען. אויב אָבער דו מיינסט אז איך וועל דיך לאָזען מאַכען אַ נאַר פון מיר, שלאָג דיר בעסער דעם געדאַנק אַרויס פון קאָפּ. וואָס פאַר אַ גוטעם דערוואַרט דיך אויב דו וועסט דיך נישט אויפפיהרען ווי עס פּאַסט פאַר מיין פרוי? מעהר ווי חרפּה און שאַנד דערוואַרט דיך נישט. און וואָס אַנבעלאַנגט דעראָנדאַ'ן האַלט ער זיך גאַנץ ווייט פון דיר...

— עס איז אַלץ אַ ליגען — האָט זי ביטער געזאָגט — דו ווייסט גאָר ניט וואָס איך טראַכט און דענק. איך ווייס גוט וועגען די שאַנד וואָס דערוואַרט מיך. דו לאָז מיך בעסער רעדען מיט דעם וואָס איך וויל, עס וועט זיין פיעל בעסער פאַר דיר. — דאָס וועסטו מיר ערלויבען צו בעשליסען — האָט ער געזאָגט אויפהויבענדיג זיך, איז אַוועק צום פענסטער און זיך אַוועקגעשטעלט שפּיעלען מיט'ן בער־דיל, ווי ער וואָלט פאַר עפּעס געוואַרט.

איהרע רייד האָבען אויף איהר אַליין געמאַכט אַ שטאַרקע וויר־קונג, און זי האָט געמיינט, אז זיי האָבען געמאַכט די זעלבע וויר־קונג אויך אויף איהם. אין אמת'ן האָט עס איהם גאָר ניט געהאַרט. ער האָט זיך ניט געשראָקען פאַר דעם וואָס שפּעטער וועט זיין, ער איז נאָר זיכער געוועזן אז ער בעהערשט איהר. זי איז זיין שקלאַף און ער קאָן טהאָן מיט איהר וואָס ער וויל. ער האָט זיך געטראַכט אז נאָר איין יאָהר זאָל אדורך געהן וועט זי זעהן אז זי איז שוואַך

און הילפלאָז אנטקעגען איהם און זי וועט אין גאנצען בויגען איהר שטאָלץ.

ער איז אלץ געשטאַנען לעבען פענסטער, נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט, גוועגדאָלין איז געזעסען אויפ'ן שטוהל און געזעהן אז זי האָט נישט קיין אויסוועג, א בייזער טייוועל האָט זי אין זיינע הענד אריינגענומען און פייניגט זי און מאַטערט זי שרעקליך און ער וועט זי שטענדיג אזוי פייניגען.

— וואָס האָסטו בעשלאָסען? האָט ער זי א פרעג געטאָן — וואָס זאָל איך הייסען טאָן?

אָ, לאָמיר זיך געהן שיפען — האָט זי געזאָגט. זי האָט גע־קוקט אויף די ווענד פון איהר צימער ווי אויף ווענד פון א תפיסה און אז זי וועט ניט פריי ווערען פון דער תפיסה אזוי לאַנג ווי דער שרעקליכער מענש וועט לעבען, ער וועט זי בעהערשען און געוועל־טיגען אויף איהר. ווי מיט גליהענדע נאָדלען האָבען זיינע רייד זי געברענט און געשטאָכען, זי האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפען.

ער האָט בעשטעלט א שיפעל. זי איז נאָך פארמיטאג אוועק־געגאַנגען מיט איהם צום ברעג זעהן דאָס שיפעל. ער האָט זיך בע־רוהיגט און איז צופרידען געוועזען צו זעהן ווי פיעל מאַטראָזען שטעהן און בעקוקען מיט פערוואונדערונג אויף דער ווייסער יאכט שיף וואָס דער ענגלישער לאָרד גראַנדקאָרט האָט.

דאָס האָט מען טאַקע צוגעפיהרט זיין שיף, מען זאָל זי קענען פעררעכטען. ער איז זיכער געווען אז ער וועט גוט פיהרען זיין שי־פעל וואָס ער האָט געדונגען, ער איז דאָך אַן ענגלענדער, ענגלענדער קענען גוט פאָהרען אויפ'ן ים. גוועגדאָלין האָט געזעהן ווי ער איז צופרידען וואָס ער וועט קענען בעווייזען זיינע קונצען אלס שיפער און נאָך דערצו וואָס זי מוז מיטגעהן מיט איהם.

פינף אזייגער נאָכמיטאג, זיינען זיי ווידער צוגעקומען צום ברעג גרייט אריינצוזעצען זיך אין שיפעל. אלע וואָס זיינען גע־שטאַנען ארום האָבען זיי בעוואונדערט. זיי האָבען אזוי שעהן אויסגעזעהן, ווייס ווי מילך, שטאָלץ און זיכער. ער איז געגאַנגען אָנגעטהאָן אין א געפּאַסטען ראָק און זיינע פעסטע מוסקולען האָבען זיך אזוי שטארק ארויסגעזעהן אז גוועגדאָלין האָט אויסגעזעהן ווי א וואונדער שעהנע סטאַטוע.

עטליכע צושויער האָבען געפּרואווט זיי געבען עצות, טאָמער וועט זיך בייטען דאָס וועטער, עס וועט ווערען אַ שטורם ווינט, אַז זיי דאַרפען זיין פאָרזיכטיג, ער האָט זיי אָבער אַזוי געענטפערט אַז זיי האָבען פערשטאַנען, אַז זייערע עצות זיינען נאַריש, זיי דאַר־פען זיך ניט מישען אין יענעמ׳ס געשעפטען, ער ווייס אַלץ בעסער ווי זיי.

גווענדאָלין האָט זיך געהאַלטען לעבען איהם ווי פריהער. איהר פּנים איז געווען קאַלט און רוהיג. אַ געדאַנק אָט זיך ווידער אריינ־געכאַפּט צו איהר, דער געדאַנק וואָס האָט זי נישט אָפּגעלאָזען פאַר דער לעצטער צייט, זי האָט ניט מורא געהאַט טאָמער וועט געשעהן אַן אונגליק, זי האָט זיך נאָר געשראָקען פאַר איהר געדאַנק. איהר האַס צו גראַנדקאָטען איז געווען אין איהר אַזוי גרויס ביז משוגעת און דאָס משוגעת האָט זי ניט געלאָזט רוהען אויף אַ מינוט.

זיי זיינען אריין אין שיפעל. זי האָט זיך אוועקגעזעצט ביים „טילער“, און האָט געהערט זיינע בעפעהלען ווי מען דאַרף פערקי־רעווען דאָס שיפעל, זי איז שטאַרק אונגעדולדיג געוואָרען און עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען ווי זי וואָלט געגאַנגען אויפ׳ן שלאַכט פעלד פון וואַנען זי וויל זיך אַזוי ראַטעווען... זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעראָנדאָ׳ן און ער איז געוואָרען איהר האָפנונג און טרייסט, זי איז זיכער געווען אַז אַזוי לאַנג ווי זי איז דאָ וועט דעראָנדאָ ניט אוועקפאָהרען, ווייל ער ווייס אַז זי דאַרף איהם האָבען, אַז זי וואַרט אויף זיין הילף.

די האָפנונג האָט זי געשטאַרקט און זי האָט געוואָלט פערטריי־בען איהרע בייזע געדאַנקען, זי האָט זיך אָבער ניט געקענט העל־פען, ווי בייזע טייוואָלים האָבען די געדאַנקען זי געפּייניגט און זי האָט זיך אַזוי געשראָקען אַז נאָך היינט וועט זי אויספיהרען איהר שרעקליכען פּלאַן.

אַ שטיל, רוהיג ווינטעל האָט געטראָגען דאָס שיפעל, קליינע וואָלקענס האָבען זיך בעוויזען און אָנגעהויבען פאַרדעקען די זון. די זון האָט אָנגעהויבען אונטערגעהן און אַ ליעבע און אַנגענעהמע ליכטיגקייט האָט זיך געגאָסען איבער׳ן וואַסער. דער ים איז געווען בעדעקט מיט שיפען, די זעגעל בוימער האָבען זיך ארויסגעשפּאַרט ביז׳ן הימעל, קלענערע און גרעסערע, זיי זיינען אַלץ ווייטער און

ווייטער אַריין אין מיטען ים. די שטאָדט איז געוואָרען קלענער, קוים וואָס זי האָט זיך געזעהן, שפּעטער האָבען זיי נאָר די הויכע בערג געזעהן. עס איז געווען רוהיג און שטיל אַרום און אַרום, ווי אויף אַן איינזאַמען אינזעל. גווענדאָלין האָט נאָכגעלאָזען איהרע הענד און אַ זיפץ געטהאָן און שטיל געבעטען.

— גאָט העלף מיר!...

— וואָס איז? — האָט גראַנדקאָרט זי געפרעגט ניט פערשטעהענדיג וואָס זי האָט געזאָגט.

— אָ, גאָרנישט — האָט זי געענטפערט און זיך אויפגעכאַפּט פון איהר פערגעסענהייט, אין וועלכען זי איז ערשט געווען אַריינגעפאַלען און ווידער גענומען אַרבייטען ביים טילער.

— איז דאָס ניט קיין פערגניגען — האָט זי געענטפערט.

— גיסט שוין צו אַז קיין בעסערס האָבען מיר ניט געקענט טהאָן היינט? — האָט ער זי ווייטער געפרעגט.

— ניין, עפּעס בעסערס האָבען מיר טאַקע ניט געקענט טאָן — האָט זי געזאָגט ווי משוגע — איך דענק אַז מיר דאַרפען זיך שטענדיג שיפען, אייביג ווי די טייוואָלים אַרומפליהען אויפ'ן ים...

גראַנדקאָרט האָט זי דורכגענומען מיט זיינע שמאָלע בליקען און געזאָגט:

אויב דו ווילסט, קענען מיר מאָרגען פאָהרען נאָך ספּעציא, מען וועט אונז קענען צושיקען די שיף אַהין.

— ניין, איך וויל נישט, איך דאַרף ניט בעסער ווי דאָס שיפעל — האָט זי געזאָגט.

— זעהר גוט, מאָרגען וועלען מיר זיך ווידער שיפען — האָט ער געזאָגט — מיר מוזען זיך אָבער איצט אומקעהרען, לאָמיך אויסדרעהען דאָס שיפעל...

## 43טער קאַפּיטעל.

ווען דעראָנדאַ האָט געטראָפען גווענדאָלינען און גראַנדקאָרטען אויף די שטיגען, איז ער שטאַרק צוטומעלט געוואָרען, ער האָט דעמאָלט בעקומען אַ צעטעלע פון זיין מוטער ער זאָל זי קומען זעהן דאָס צווייטע מאָל.

צוויי שעה שפּעטער, נאָך דעם ווי ער האָט זיך צושיידט מיט איהר און ער האָט געוואוסט, אַז זי איז שוין אוועק פון האָטעל און געפאָהרען אהיים האָט ער געזעהן אַז ער האָט דאָ שוין גאָרניט וואָס צו טאָן, נאָר ער דאַרף גלייך פאָהרען נאָך מאַינץ, איבערצוגעבען דעם בריעף פון אסף קלינימוס און אָבצונעמען דאָס קעסטעל מיט די פּאַפּירען וואָס זיין זיידע האָט פאַר איהם איבערגעלאָזען.

ער האָט אָבער ניט געקענט זיך גלייך אויפהויבען און פאָהרען. נייע געדאַנקען האָבען זיין הארץ פערנומען און ניט געלאָזט אוועק־פאָהרען, ער האָט זיך געפיהלט ווי מען וואָלט איהם געבונדען די הענד מיט די פיס. ווידער אַמאָל זיינען די בילדער פון זיין לעבען פערביי געגאַנגען זיינע אויגען, דאָס הארץ איז איהם אויסגעגאַנגען פאַר וועהטאָג און צער, זעהענדיג ווי זיין האָפנונג אויף זיין מאַמע איז אזוי צושווימען געוואָרען, ער האָט ניט קיין מאַמע, אַזעלכע ווי ער האָט זיך פון קינדוויים אויף פאָרגעשטעלט, אזא מאַמע האָט ער ניט און וועט ניט האָבען...

ער איז געזעסען אַליין ביי זיך אין האָטעל צימער און האָט זיך דערמאָנט אַלץ וואָס ער האָט איבערגעלעבט, האָט ער בעקומען רחמנות אויף זיך אַליין, פאַרוואָס איז ער אַזוי אונגליקליך? פאַר־וואָס איז ער אַנדערש ווי די גאַנצע וועלט? פאַרוואָס האָט ער קיין מאַמע ניט, ווי אַלע מענשען האָבען? ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און זיך שטאַרק צוואויינט...

ער האָט געוויינט און געטראַכט וויפיעל נייעס ער האָט זיך דערוואוסט. וויפיעל ענדערונגען אין זיין יונגען לעבען איז שוין פאָרגעקומען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פאַלק פון וועלכען ער איז ארויסגעקומען און פון וועלכען ער האָט ביז היינט ניט געוואוסט.

עס האָט זיך איהם געדאַכט אַז ער איז ווי אַ מענש, וואָס געהט אין וועג, עס איז פינסטער, ער בלאָנדזשעט און געהט איבער די פרעמדע מענשען, ווייטע, פרעמדע, אַזוי געהט ער מיט זיי די גאַנצע פינסטערע נאַכט און אין דער פריה, ווען עס ווערט ליכטיג, דערזעהט ער זיין טעות, ער איז גאָר געגאַנגען מיט פרעמדע מענשען און זיינע אייגענע זיינען אַזוי ווייט פון איהם אוועק...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין זיידען, די מוטער'ס פאָטער, גע־טראַכט פון איהם און געקלערט וואָס פאַרא מענש ער איז געווען און

ער האָט איינגעזעהן, אַז ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער מענש, אַ פעסטער און אַ שטאָלצער. ער האָט איינגעזעהן אַז ער איז שטאַרק עהנליך צו זיין זיידען, ער האָט זיך דערמאָנט אָן מרדכי'ן און מירא'ן און זיי האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט ווי גוטע מלאכים פון הימעל, וואָס געהען צו צו איהם, נעמען איהם אַרום מיט רחמנות און ליעבע, דריקען איהר צו זייער האַרץ, עס זאָל איהם זיין גוט און ער זאָל זיך בערוהיגען פון זיינע גרויסע ליידען וואָס ער האָט איבערגעלעבט.

דעראָנדא האָט זיך טאַקע שטענדיג געקענט בעהערשען, זיין האַרץ האָט אָבער אַזוי געצאַפּעלט זיך אין איהם פון דעם אַלעם וואָס ער האָט ערשט איבערגעלעבט.

אַז ער האָט דערהערט אַ קלונג וואָס דאָס איז געווען אַ צייכען פאַר איהם, ער זאָל זיך גרייטען צו דער באַהן וואָס ער האָט געוואָלט נעהמען נאָך מאַינץ, האָט ער שוין געוואָלט נעהמען פּאַקען און טאַקי אין אַ שעה אַרום אַוועקפאָהרען, ער האָט דאָס אָבער ניט געקענט טאָן, די הענד האָבען זיך איהם ניט געקענט ריהרען צום פּאַקען. דער קאָפּ איז געווען איהם פול מיט געדאַנקען, אָט איז ער אין מאַינץ און קריגט דאָס קעסטעל מיט די פּאַפּירען, נאָך וועלכע ער בענקט אַזוי און וויל אַזוי וויסען וואָס דאָרט איז געשריבען. זיין גאַנץ לעבען איז דאָרט פערבאָרגען, האָט ער געפיהלט, אין די פּאַ־פּירען, און אָט האָט איהם דער געדאַנק געטראָגען נאָך לאָנדאָן וואו די מענשען וואָס זיינען איהם אַזוי טייער געפינען זיך. אויסער דעם האָט ער געפיהלט אַז ער טאָר נאָך ניט אַוועקפאָהרען פון גענוא. פאַרוואָס ער טאָר ניט, האָט ער ניט געוואוסט, ער האָט נאָר גע־פיהלט, אַז עפּעס בינדעט איהם און האַלט איהם צו, ער זאָל ניט אַוועקפאָהרען, ער האָט אייגענטליך ניט געזאָגט אַז ער וועט בלייבען איבער נאַכט ווייל עס איז פרייטאָג, און געהן אין שוהל אַריין דאַ־ווענען וואו זיינע עלטערן זיינען געגאַנגען... ער האָט אויך ניט געטראַכט אַז ער וועט אפשר נאָך אַמאָל זעהן די גראַנדקאָרט'ס. דאָס האָט ער ביי זיך ניט בעשלאָסען אָפּען, נאָר ווי אין חלום זיי־נען דאָס געווען די אורזאַכען צוליעב וואָס ער האָט ניט געקענט באַלד אַוועקפאָהרען.

ער איז געבליבען זיצען אויף זיין אָרט, ניט גענומען פּאַקען און אויך ניט געהייסען זיך דערלאַנגען קיין רעכענונג וואָס ער איז שול־

דיג אין האָטעל, נאָר די געדאַנקען האָבען איהם געטראָגען אין שוהל אריין און ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אז די אידען אין גענוא זיינען די זעלבע אידען וואָס האָבען געלעבט אין זיין זיידען'ס צייטען, ער האָט געהערט ווי אין חלום, ווי זיין דאַוונען, זיי דאַוונען אויף העברעאיש, זיי האָבען זיך ניט געביטען די אידען אויף קיין האָר ניט, ניט קוקענדיג וואָס מען האָט זיי געטריבען פון איין לאַנד אין אנדערען, די אידען זיינען ווי אַ קאָרענדיל וואָס עס איז ניט קיין אונטערשיעד וואו מען פערזייהט דאָס, אומעטום בלייבט דאָס דאָס זעלבע.

פלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט אָן גוועגדאָלינען און פערשטאַנען אז איהר איז זעהר שלעכט און ער וועט ניט זיין גערעכט אויב ער וועט אוועקפאָהרען ניט האָבענדיג זי פריהער געזעהן און אויסגערעדט מיט איהר אַ פאָר ווערטער, עטליכע טרייסט ווערטער וואָס זאָלען זי בערוהיגען מוז ער איהר זאָגען, ער וועט זיך ניט רעכענען צו גראַנדקאָרט וועט איהם גוט אויפנעהמען אָדער ניט, ער וויל ניט קיין כבוד פון איהם, ער וויל נאָר פערלייכטערען גוועגדאָלין'ס ביטערע ליידען.

און אז ער האָט בעשלאָסען ניט צו פאָהרען, האָט ער זיך אוועקגעזעצט עסען. ער האָט אָבער קיין טעם ניט געפיהלט אין עסען און ניט געוואוסט וואָס ער נעהמט אין מויל אריין, האָט ער טאַקי געלאָזט דאָס עסען אין מיטען שטעהן און ארויס אין דרויסען, ער האָט געוואָלט גלייך געהן אין שוהל אריין צום דאַוונען.

אין קאָרידאָר האָט ער געפערעגט ביי אַ דיענער צו לאָרד גראַנדקאָרט איז נאָך דאָ אין האָטעל און אין וואָסערען נומער זיי וואוינען, דער דיענער האָט איהם געזאָגט אז זיי זיינען נאָך דאָ, דעם נומער וואָס זיי האַלטען און אז זיי זיינען אוועק אויף אַ שיפעל אין ים.

דעראָנדאַ איז אוועק אין שוהל און ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט זעהן דאָס בילד וואָס האָט איהם שטענדיג צוגעצויגען, אין שוהל האָט ער דערזעהן אַ סך אידען זאָגען די תפלות גיך און שנעל פון געוואוינהייט, און עס האָט איהם וועה געטהאָן וואָס זיי זאָגען דאָס ניט מיט דעם גאַנצען הארצען. ערשט איצט האָט ער פערשטאַנען וואָס פאַר אַ גרויסער מענש זיין זיידע איז געווען. טאַקי

אַזוי ווי זיין מוטער האָט איהם דערצעהלט, און ווער וויים אויב זיין זיידע איז ניט געווען איין איינציגער אויסנאַהם צווישען זיינע איבריגע ברידער אידען, פּונקט ווי מרדכי וואָס איז אויך אַן אויס־נאַהם פון אַלע אידען?

אָבער אַלע גרויסע מענשען זיינען דאָך געווען אויסנאַהמען! אַלע גרויסע לעהרער, פיהרער, אַלע נביאים זיינען געווען אויסנאַה־מען, דאָס פאָלק איז פּראָסט, ווייסען גאָר ניט, נאָר די גרויסע מענ־שען מוזען זיי ערשט קומען און לערנען, און ניט אַזוי לייכט וויל דאָס פאָלק לערנען, עס קומט אַן זעהר שווער זייערע לעהרער ביז זיי ווילען צו הערען.

דעראָנדאַ איז געשטאַנען אין שוהל און ניט געקענט פּרעטראַגען ווי גיך די אידען דאַווענען, עפּעס ווי זיי וואָלטען וואָס שנעלער גע־וואָלט איבערגעקומען, ער האָט זיך דערמאָנט אַן גווענדאָלינען און געקראַגען רחמנות אויף איהר און בעשלאָסען צוצוגעהן צום ברעג און זעהן זי דאָרט צו געפינען.

דעראָנדאַ האָט שטענדיג ליעב געהאַט דעם ים און דעם ברעג, איז ער גלייך אַרויס פון שוהל אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער און גע־זעהן אַז ער וועט נאָך דאַרפען וואַרטען פאַר זיי ביים ברעג, ביז זיי וועלען צוריקקומען פון זייער רייזע און דעמאָלט וועט ער צוגעהן צו זיי שמועסען מיט זיי און מיטגעהן, ניט קוקענדיג וואָס גראַנד־קאָרטען וועט דאָס פּערדריסען.

די זון איז שוין געווען אינגאַנצען אונטערגעגאַנגען, אַ קליין ביסעל ליכטיגקייט האָט זיך נאָך צושפּרייט איבער'ן וואַסער. אַ לייכטער ווינטעל האָט געבלאָזען און דעראָנדאַ האָט געלאָסען צוגע־שפּאַצירט צום ברעג.

ער האָט געטראָפען דעם ברעג שוואַרץ פון מענשען, אַלע זייי־נען געשטאַנען און האָבען געקוקט אויף אַ קליין שיפעל וואָס האָט זיך גיך געטראָגען צום ברעג און צוויי מאַטראָזען זיינען געזעסען איג־ווייניג און געיאָגט מיט אַלע קרעפטען וואָס גיכער צו דעם ברעג צו צוקומען.

דער טומעל איז געווען זעהר גרויס. אַלע האָבען גערעדט און געשפּאַרט זיך. דעראָנדאַ האָט זיי ניט געוואָלט פרעגען וואָס דאָ איז, ער האָט בעסער בעשלאָסען צו שטעהן און צוקוקען וואָס דאָ איז.

ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער און געזעהן ווי די מענשען האַלטען טעלעסקאָפּען און קוקען אויפ'ן שיפעל. ער האָט געהערט ווי זיי זאָגען, אז אין שיפעל ליעגט א דערטרונקענער, אנדערע האָבען געזאָגט אז דאָס איז דער ענגלישער לאָרד וואָס איז מיט'ן ווייב געפאָהרען אין שיפעל. ניין, דאָס איז די ליידי דערטרונקען געוואָרען, האָבען אנדערע געזאָגט.

אזוי האָבען זיי זיך געשפּאַרט און דעראָנדאָ האָט דאָס געהערט און האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, ער האָט זיך שוין פאַרגעשטעלט די ערגסטע שרעקענס בילדער, ער האָט ניט געקענט איינשטעהן, ער האָט גאָר געציטערט אויב גווענדאָלין האָט זיך טאָקי דערטרונקען...

עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און דאָס שיפעל איז צוגעקומען צום ברעג. דעראָנדאָ האָט געזעהן ווי גווענדאָלין וויל זיך אויפהויבען פון דעם פּאַק קליידער וואָס איז געלעגען אויף איהר, דאָס האָבען די מאַטראָזען זי צוגעדעקט, זי איז געוועזן בלאַס ווי די וואַנד און אויסגעזעהן ווי א טויטער אונטער דער שוואַרצער צודעק, זי האָט געציטערט אין גאַנצען, פון איהרע האָר האָט זיך געגאָסען וואַסער, זי האָט ברייט געעפענט איהרע אויגען און זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטען און זי האָט זיך געפיהלט ווי א גנב וואָס מען כאַפּט ביי דער האַנד און באַלד וועט מען זי שליסען אין קייטען און אוועקפיהרען אין טורמע...

איין מאַטראָז איז גלייך אַרויסגעשפּרונגען אויפ'ן ברעג, דאָס וואַסער האָט גערונען פון איהם און ער איז אוועק צו זיך אין ביידעל.

דעראָנדאָ האָט געוואָלט צוגעהן צום שיפעל, האָבען די מאַטראָזען איהם אָבער ניט צוגעלאָזען. ער האָט א קוק געטאָן אויף גווענדאָלין און געזעהן ווי זי קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען ווי א משוגענע וואָס האָט מורא מען זאָל איהר ניט טאָן קיין בייז.

די מאַטראָזען האָבען זי אָנגענומען מיט זייערע גראָבע הענד, אַרויסגענומען פון שיפעל און אוועקגעשטעלט אויפ'ן ברעג. די קליידער זיינען איהר געווען צוגעקלעבט צו דעם לייב און האָבען איהר געשטערט אין געהן.

פּלוצלונג האָט זי דרזעהן דעראָנדאָ'ן און דאָס האָט זי ניט איבערראַשט, זי האָט עפּעס דערוואַרט אז ער זאָל דאָ זיין, זי האָט

זיך אַרויסגעריסען פון די מאַטראַזען, אויסגעשטרעקט איהרע הענד צו דעראָנדאַ׳ן און שוואַך געזאָגט:

— עס איז געשעהן, עס איז געשעהן, ער איז טויט!

— שאַ, זייט שטיל, בערוהיגט זיך — האָט ער איהר געזאָגט און צו די מאַטראָזען וואָס האָבען זי געהאַלטען האָט ער זיך גע־ווענדעט, זאָגענדיג:

— איך בין איהר מאַן׳ס משפחה. נעהמט זי וואָס שנעלער אין האָטעל „איטאַליא“ און איך וועל שוין זעהן עפּעס טאָן וועגען אַלעם איבעריגע.

ער איז נאָך געבליבען צו הערען פון צווייטען מאַטראָז וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, ווי אַזוי דאָס אונגליק איז געשעהן.

דער מאַטראָז האָט איהם דערצעהלט אַז גראַנדקאָרט איז אריינ־געפאַלען אין וואַסער און מען קען איהם ניט געפינען, זיין שיפעל שווימט אויפ׳ן וואַסער לײדיג. ער האָט דערצעהלט אַז ער און זיין פריינד, דער צווייטער מאַטראָז האָבען דערהערט אַ געוואַלד האָבען זיי געכאַפּט זייער שיפעל און צוגעפאָהרען צו דעם אָרט פון וואַנען דאָס געשריי האָט זיך געטראָגען, און אַז זיי זיינען צוגעקומען האָ־בען זיי געזעהן ווי די דאַמע האָט זיך געוואָרפען אין ים אריין אָנ־כאַפּען איהר מאַן וואָס איז אַריינגעפאַלען. עס איז זיי געלונגען זי אָנכאַפּען פאַר׳ן קלייד און אַרויסנעהמען פון ים אַ לעבעדיגע, זי איז אָבער גוט שוואַך.

דעראָנדאַ איז גיך אַוועק אין האָטעל און געזעהן אַז זי זאָל קריגען די בעסטע מעדיצינישע הילף. באַלד איז ער אַרויס פון הויז און אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו זיין פעטער, סער הוגאָ מאַ־לינדזשער און צו גאַסקאָין, גווענדאָלין׳ס פעטער, און זיי אָנגעזאָגט וואָס פאַר אַן אונגליק עס האָט געטראָפען. ער האָט געבעטען גאַס־קאָין׳ען ער זאָל דאָס באַלד איבערגעבען גווענדאָלין׳ס מוטער, ווייל גווענדאָלין האָט פאַר איהם זיך באַקלאָגט דאָס גראַנדקאָרט לאָזט זי ניט האָבען די מוטער לעבען זיך און זי האָט איהם געזאָגט, אַז אויב זי וועט זיין אין אַן אונגליק וועט די מוטער זיין איהר איינ־ציגע טרייסט.

## 44טער קאַפּיטעל

דעראָנדאַ האָט זיך ביי נאַכט ניט אויסגעטאָן, ער האָט זיך ניט געוואָלט לייגען שלאָפען, טאָמער וועט זי איהם רופען צו זיך.

איידער מען האָט זי אויסגעטאָן און געלעגט אין בעט אריין האָט זי געבעטען מען זאָל אריינפיהרען דעראָנדאַ׳ן, זי וויל איהם זעהן. ער איז גלייך אריינגעקומען, און זי האָט גערעדט צו איהם אַזוי גיך און שנעל און ער האָט איהר געמוזט צושווערען אַז באַלד אין דער פריה וועט ער אריינגעהן צו איהר.

זי האָט זיך באַלד בערוהיגט און געלעגען שטיל. דעראָנדאַ האָט אָבער מורא געהאַט, עס זאָל זיך ניט מאַכען עפּעס אַן ענדע־רונג און זי וועט בעקומען היץ און רעדען אַזעלכעס וואָס מען דאַרף ניט. ער האָט געוואוסט אַז זי איז שטאַרק אויפגערעגט, ווער ווייס צו וועט זי ניט נאָך זעהן די גאַנצע געשיכטע אין חלום און וועט זיך איבערשרעקען און רעדען עפּעס וואָס קען איהר שאַדען.

ער האָט דערפאַר אָנגעזאָגט איהר דיענסט אַז ער וועט אויף זיין אַ גאַנצע נאַכט און טאָמער וועט זי בעמערקען אַז גווענדאָלין בע־קומט היץ זאָל זי איהם גלייך ארויסרופען. אין האָטעל האָט ער געזאָגט אַז ער איז איהר מאַן׳ס קרוב און איז פערפליכטעט זיך זאָרגען וועגען איהר ביז איהרע קרובים פון ענגלאַנד וועלען קומען.

גראַנדקאָרט׳ס אַלטער דיענער האָט דעראָנדאַ׳ן גוט געקענט און ער האָט בעשטעטיגט אַז עס איז טאַקי ריכטיג אַזוי ווי דעראָנדאַ זאָגט.

אַז עס איז טאָג געוואָרען און מען האָט איהם ניט גערופען האָט ער פערשטאַנען אַז זי פיהלט זיך בעסער, האָט ער זיך איבערגעצ־טאָן, אָבגעוואַשען זיך און געוואַרט אַז מען זאָל איהם אריינרופען צו איהר.

ער איז דערווייל געוואָהר געוואָרען אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט זי מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, זי איז אָבער געווען רוהיג און גאָר־ניט זיך געשראָקען. ערשט אין דער פריה איז זי איינגעשלאָפען. ער האָט זיך שטאַרק בעוואונדערט וואָס זי איז אַזוי שטאַרק, אַז אין אַזאַ אונגליק האַלט זי זיך פעסט און רוהיג.

ער האָט איינגעזעהן אַז נאָר אַ דאַנק איהר בעהערשען זיך איז זי ניט אַריינגעפאַלען אין אַ היץ קראַנקהייט.

אַז ער אַליין האָט געטראַכט וועגען דעם אונגליק האָט ער גע־פיהלט אַז עס טהוט איהם ניט אַזוי שטאַרק וועה. און ער האָט זיך בעשולדיגט אַז אַ דאַנק דעם וואָס ער האָט די לעצטע פּאָר טעג אי־בערגעלעבט איז ער געוואָרען אַזוי פאַרהאַרטעוועט און פיהלט שוין ניט אַזוי פיעל רחמנות צו אונגליקליכע ווי ער פלעגט שטענדיג אַזוי שטאַרק פיהלען.

ער האָט בעשלאָסען גווענדאָלינען אויך ניט אַרויסצווייזען אַזוי פיעל רחמנות. ער וועט אַריינקומען און רוהיג אויספרעגען זי וואָס דאָ איז געשעהן און ווייטער ניט.

ער איז דערווייל צוגעגאַנגען צום ברעג און געוואָלט געוואָהר ווערען פון די מאַטראָזען אַלע איינצעלהייטען. זיי האָבען איהם דערצעהלט אַז דאָס שיפעל אין וועלכען גראַנדקאָרט איז געפאָהרען האָבען זיי נאָך אַ גאַנצע נאַכט אַרומשווימען געפונען און אַז זיי האָבען עס געבראַכט צום ברעג. זיי האָבען איהם אויך דערצעהלט אַז דאָס וואָס גראַנדקאָרט איז דערטרונקען געוואָרען איז געשעהן דעמאָלט ווען ער האָט געוואָלט אויסדרעהען דאָס שיפעל. ער איז דורך אַ שלעכטער בעוועגונג אַריינגעפאַלען אין וואַסער, און ווייל ער האָט ניט געקענט שווימען איז ער אַרונטער צום אָבגרונד. זיי האָבען אויך געזאָגט אַז פריהער האָבען זיי גאָר ניט בעמערקט, נאָר פּלוצלונג האָבען זיי דערהערט אַ געוואַלד, האָבען זיי זיך אומגע־קוקט און געזעהן ווי די דאַמע האָט זיך אויפגעשטעלט, געמאַכט אַ געוואַלד און אַריינגעוואָרפען זיך אין וואַסער אַריין, דעמאָלט זיי־נען זיי צוגעקומען גאַנץ גיך און קוים זי אָנגעכאַפּט פאַר׳ן קלייד.

אַז דעראָנדאַ איז צוריקגעקומען אין האָטעל, האָט מען איהם איבערגעגעבען אַז גווענדאָלין האָט זיך שוין אויפגעהויבען פון בעט און זי וויל איהם זעהן.

מען האָט איהם אַריינגעפיהרט אין אַ צימער וואָס איז געווען שטאַרק פערהאַנגען און די זון האָט ניט אַריינגעשיינט. זי איז גע־זעסען איינגעהילט אין אַ ווייסען שאַל און אונגעדולדיג געקוקט צו דער טהיר.

איהרע האָר זיינען געווען אין אָרדנונג. די לאָקען האָבען אַראָב־

געהאַנגען אַזוי שעהן, די „בלויע שטערענדלאַך" האָט זי געטראָגען אין די אויגען און דאָס האָט איהר זעהר געפּאַסט.

זי האָט זיך אויפגעהויבען און געשטאַנען גלייך אין ווייסען שאַל איינגעהילט, איהר פּנים און האַלז זיינען אויך ניט וועניגער ווייס געווען, נאָר אונטער די אויגען האָט זי געהאַט רויטליכע צייכענס, זי האָט געהאַלטען אָפען דאָס מויל, ווי זי וואָלט זיך געגרייט רעדען פאַר איהרע ריכטער, און זי איז אַזוי הילפלאָז.

דעראָנדאַ האָט געקוקט אויף איהר און דערפיהלט אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַ שאָטען פון יענעם מיידעל וואָס האָט געהייסען גווענדאָלין האַרליט און איז געשטאַנען לעבען שפּיעל טיש אין ליב־ראָן. יענע איז געווען אַזאַ שטאָלצע, אַזאַ פעסטע און איהרע אויגען האָבען געפלאַקערט...

אַז ער האָט דערזעהן די אונגליקליכע פרוי איז ער געוואָרען פול רחמנות אויף איהר און זייער בעקאַנטשאַפט פאַר דער גאַנצער צייט האָט זיך איהם ווידער דערמאָנט און ער האָט געזאָגט:

— איך בעט אייך, זעצט זיך אוועק, שטעהט ניט.

זי האָט געפאָלגט און זיך צוריקגעזעצט אויפ'ן שטוהל.

— וועט איהר זיך זעצען לעבען מיר? — האָט זי געבעטען — איך וויל רעדען זעהר שטיל.

זי איז געזעסען אין אַ גרויסען אָרם־שטוהל, ער האָט גענומען אַ קלענערען שטוהל און זיך אַוועקגעזעצט האַרט לעבען איהר.

זי האָט אויסגעדרעהט איהר בלאַס פּנים צו איהם און גערעדט זעהר שטיל, קוים וואָס ער האָט געהערט.

— איהר ווייסט, איך בין אַ זינדיגע פרוי.

ער איז געוואָרען שטאַרק בלאַס און געזאָגט:

— איך ווייס גאָר ניט...

ער האָט מעהר ניט געקענט רעדען.

— ער איז טויט — האָט זי שטיל און שאַרף געזאָגט — יאָ, — האָט ער געזאָגט מיט אַ דערשטיקטער שטימע און געוואָרט זי זאָל ווייטער רעדען.

— זיין פּנים וועט מיך שוין מעהר ניט זעהן אויפ'ן וואַסער — האָט זי ווייטער גערעדט און צוזאַמענגעדריקט ביידע הענד.

— ניין.

— קיינער וועט עס מעהר ניט זעהן נאָר איך. דאָס טויטע פּנים, איך וועל עס שטענדיג זעהן...

זי האָט דאָס גערעדט אַזוי אויפגערעגט און ווילענדיג זיך בע־הערשען און פערטרייבען איהר שרעק. זי האָט אַוועקגענומען איהרע אויגען פון דראַנדאַ'ן און געקוקט אויף דער ערד.

טוט זי דאָס אַזוי פאַר גרויס שרעק אָדער זי איז גלאַט צומישט געוואָרען. האָט דראַנדאַ געטראַכט און ער האָט געהאָפּט אַז זי איז ניט אַזוי פיעל שולדיג אין דעם ווי ער האָט אין אָנפאַנג געדענקט.

ער איז זיכער געווען אַז זי האָט איהם גערופען צו זיך, זי זאָל זיך מתודה זיין פאַר איהם אויף איהר פערברעכען און דאָס האַרץ האָט איהם אַזוי געשראָקען צו דערהערען דעם אמת פון איהר מויל... ער האָט שוין בעסער געוואָלט זי זאָל שווייגען און גאָרניט דערצעה־לען, און באַלד איז איהם איינגעפאַלען, אַז עס איז בעסער זי זאָל איהם אַלץ אויסזאָגען, קיין איין וואָרט זאָל זי ניט בעהאַלטען. און דאָך האָט ער געציטערט אַז די שווערע משא וואָס זי וועט איצט פון איהר ארונטער נעהמען זאָל ניט פאַלען אויף זיין אייגען האַרץ און דריקען עס אַזוי שווער. און אייביג וועט עס איהם פּייניגען און מאַטערען. און ער וועט זיך ניט קענען העלפען. אין דער מינוט האָט זי אָנגעהויבען גיך רעדען קוקענדיג אויף איהם.

— איהר וועט דאָך מיר ניט הייסען דערצעהלען אַלעס פאַר דער גאַנצער וועלט? איהר זאָגט דאָך ניט אַז מיין חרפּה דאַרף אויפ־געדעקט ווערען פאַר אַלע מענשען? איך קען דאָס ניט טאָן. ווען איך וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט איך עס ניט געקענט איבערטראָגען, מיין מאַמע טאָר עס ניט וויסען, אפילו נאָך מיין טויט. זי טאָר עס ניט וויסען. אייך מוז איך אָבער יאָ דערצעהלען, אַלעס וועל איך אייך דערצעהלען, איהר זאָגט דאָך אָבער ניט אַז איך מוז עס נאָך אימיצען דערצעהלען.

— איך קען אייך אין דעם גאָרניט זאָגען. ווייל איך ווייס דאָך גאָרניט — האָט ער אומעטיג געזאָגט — איך קען אייך נאָר זאָגען אַז איך בין גרייט אייך צו העלפען.

— איך האָב אייך באַלד אין אָנפאַנג, אַזוי ווי עס איז מיר נאָר מעגליך געווען, האָב איך אייך געזאָגט, אַז איך האָב מורא פאַר זיך אַליין — האָט זי געזאָגט און איהר קול איז געווען פול געבעט. דע־

ראָנדראָ האָט איהר ניט געקענט קוקען אין פּנים אריין, ער האָט נאָר געהערט וואָס זי רעדט, און זי האָט צוגעגעבען — איך האָב געפיהלט אַ גרויסען האַס אין מיר און דער האַס האָט געאַרבייט אין מיין האַרץ ווי אַ טייוועל צו טאָן בייז. אַלץ וואָס איך האָב נאָר געקענט טאָן זיך צו בעפרייען פון איהם איז מיר אויפ׳ן געדאַנק געקומען, און מיר איז נאָך ערגער געוואָרען, אַלץ איז געוואָרען ערגער און ערגער. און צוליעב דעם האָב איך אייך אין לאָנדאָן געבעטען צו קומען צו מיר. איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען אַלדאָס בייזע וואָס איז אין מיר. איך האָב עס געוואָלט טאָן, און האָב ניט געקענט. ע ר איז אינמיטען אָנגעקומען.

אַ מינוט האָט זי געשוויגען און געציטערט אין גאַנצען און באַלד ווייטער גערעדט:

— איצט וועל איך אייך אַלעם דערצעהלען. דענקט איהר אַז אַ פרוי וואָס האָט געוויינט און געקלאָגט, צו גאָט געבעטען און געקעמפּט מיט אַלע כחות זיך צו ראַטעווען פון בייזען קען ווערען אַ מערדערין?

— גרויסער גאָט! — האָט דעראָנדאַ אויסגעשריען אַ צומיש־טער — פּייניגט מיך ניט אומזיסט. איהר האָט איהם ניט ערמאָר־דעט. איהר האָט איהם ניט ערמאָרדעט. איהר האָט זיך דאָך אריינגעוואָרפען אין וואַסער ווייל איהר האָט געוואָלט איהם ראַ־טעווען. דאָס איבריגע וועט איהר מיר שפּעטער דערצעהלען. זיין טויט איז געווען אַ צופאַל וואָס איהר האָט ניט געקענט פערמיידען.

— פערלירט ניט אייער געדולד מיט מיר — האָט זי איהם גע־בעטען.

איהר ציטערדיג קול ווי פון אַ קראַנק קינד וואָס בעט זיך ביי דער מאַמען אויף זיין לעבען, האָט איהם שטאַרק געריהרט און ער האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבען און געקוקט צו איהר און זי האָט ווידער אָנגעהויבען רעדען:

— איהר האָט געזאָגט, שטענדיג פלעגט איהר זאָגען, אַז איהר פיהלט מעהר מיט די מענשען וואָס האָבען געזינדיגט און האָבען חרטה, איהר האָט געזאָגט אַז זיי קענען ווערען בעסער. ווען איהר וואָלט מיר דאָס ניט געזאָגט וואָלט מיין לעבען פיעל ערגער געווען, איך געדענק אַלץ וואָס איהר האָט מיט מיר גערעדט. און אין דער

לצטער מינוט האָב איך אויך אַלץ געדענקט. און דאָס איז געווען די אורזאַך וואָס... נאָר אויב איהר קענט ניט פערטראָגען אַז איך זאָל אייך אַלץ דערצעהלען און אויב איהר וועט זיך אָבקעהרען פון מיר און מיך פערלאָזען, וואָס זאָל איך איצט טאָן? בין איך איצט דען ערגער ווי דעמאָלט ווען איהר האָט מיך געפונען און געוואָלט מאַכען בעסער? אַלדאָס בייז וואָס איך האָב געטאָן איז אין מיר דעמאָלט געווען נאָך מעהר און מעהר, איך וואָלט נאָך ערגער געוואָרען ווען איהר וואָלט ניט געווען געקומען און געדולדיג מיך געלערענט ווי צו פיהרען זיך. און איצט וועט איהר מיך פערלאָזען?

איהרע הענד וואָס זי האָט פריהער אַזוי צוזאַמענגעדריקט האָבען זיך איצט אַזוי הילפלאָז און שוואַך ארונטערגעלאָזען אויף די הענטלאַך פון שטוהל. זי איז געבליבען זיצען מיט אַן אָפען מויל כאָטש זי האָט שוין ניט גערעדט, דעראָנדאַ האָט איהר ניט געקענט ענטפערען. ער האָט אוועקגענומען דאָס געזיכט און געשוויגען. באַלד האָט ער זי אָנגענומען פאַר דער האַנד ווי קינדער איידער זיי געהן שפּאַצירען און ער האָט איהר געזאָגט:

— איך וועל אייך ניט פערלאָזען...

אַז ער האָט דאָס געזאָגט האָט ער זיך געפיהלט פּונקט ווי מען וואָלט פאַר איהם אוועק געלייגט אַ ניט בעשריבען פּאַפּיר און מען הייסט זיך איהם אונטערשרייבען אַז ער וועט טאָן אַלעס וואָס מען וועט פון איהם פערלאַנגען, ער שרייבט אונטער ניט וויסענדיג וואָס מען מען וועט פון איהם פאָדערען און ווי שווער עס וועט פאַר איהם זיין דאָס אויסצופיהרען.

זיי זיינען ביידע געזעסען שטיל, ער האָט ניט געקוקט אויף איהר און געווען אַזוי טרויעריג און וואָלט אימיצער אריינגעקומען אין דער מינוט וואָלט ער לייכט דערקענט וואָס צווישען זיי ביידע איז ערשט פאָרגעקומען.

דאָס וואָס דעראָנדאַ האָט זי אָנגענומען פאַר'ן האַנד האָט זי געשטאַרקט און געגעבען אַ נייע האָפנונג. קיינער איז נאָך ניט אַזוי גוט געווען צו איהר און זי האָט דערפיהלט אַז דעראָנדאַ וועט איהר שטענדיג זיין געטריי, זי איז זיכער מיט איהם, ער וועט זי ניט פערלאָזען. זי האָט אויפגעלעבט און האָט איהם אַלעס געוואָלט דערצעהלען, זי איז אָבער ניט געווען רוהיג גענוג אַז זי זאָל קענען

אַלעם דערצעהלען געלאַסען און זי האָט גערעדט וואָס עס איז איהר אין מויל אַריינגעקומען.

— אַ סך געדאַנקען זיינען מיר איינגעפאַלען, זיי זיינען אָבער אַלע אַזוי שווערע געווען, איך האָב געקעמפט געגען די בייזע געדאַנ־קען... איך האָב דערזעהן זיין טויט געזיכט... שוין לאַנג לאַנג צוריק האָב איך זיין טויט פּנים געזעהן... איך האָב געוואָלט אַז ער זאָל שטאַרבען... און יעצט שרעקט מיך אַזוי זיין טויט... צוויי ווילענס האָבען שטענדיג געקעמפט אין מיר... איך האָב איהם געוואָלט דער־הרג'ענען... אַזוי שטאַרק איז דער ווילען געווען אין מיר, איך האָב געדורשט נאָך זיין בלוט... און נאָך איידער דאָס איז געשעהן האָב איך געפיהלט אַז איך בין שלעכט, אַז איך בעגעה אַ זינד מיט דעם וואָס איך טראַכט נאָר אַזוי... איך האָב געוואוסט אַז דאָס וועט מיך מאַכען פאַר אַ בייזען טייוועל... און עס איז געשעהן. עס איז געקומען...

זי איז אַנטשוויגען געוואָרען אַ ווײַלע ווי זי זאָל עפּעס פערגעס־סען און זי וויל זיך דערמאָנען, און ווייטער גערעדט:

— וועגען דעם אַלעם האָב איך שוין געטראַכט ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל מיט אייך גערעדט ביי סער הוגאָ מאַלענדזשער אין ווינטער פּאַלאַץ. איך האָב שוין דאַמאָלט עפּעס געהאַט געטאָן, איך האָב עס אייך ניט געקענט דערצעהלען. עס איז געווען דאָס איינציגע וואָס איך האָב אויסגעפיהרט וואָס איך האָט געטראַכט וועגען דעם. מיינע געדאַנקען האָבען מיר ניט אָפּגעלאָזען, האָבען מיך געפּייניגט ווי בייזע חלומות. און אַלץ איז טאַקי ניט מעהר געווען ווי הוילע פאַנטאַזיעס. נאָר איינס האָב איך יאָ געטאָן, איך בין דעמאָלט געווען אין ראָלאַנדס. איך האָב דאָרט געזעהן עפּעס וואָס איך האָב שטאַרק געוואָלט האָבען... עס ליעגט בעהאַלטען צווישען מיינע זאַכען... עס איז שמאָל און שאַרף... עס ליעגט אין אַ זילבערען שיידעל... איך האָב עס פערשלאָסען אין מיין שלאָף־צימער... דער מח איז מיר שיער צוגאַנגען טראַכטענדיג וואָס איך וועל מיט דעם טהאָן. גאַנץ אָפט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז איך האָב עס אַוועק געלייגט אונטער מיין קישען... איך האָב עס אָבער ניט געטהאָן... איך האָב זאָגאַר קיינמאָל ניט געקוקט אויף דעם. איך האָב ניט געקענט צוגעהן צו דער שאַנק און זי אויפעפענען....

א בעזונדערען שליסעל האָב איך געהאַט צו דעם... מיט עטליכע טעג צוריק, ווען מיר זיינען געווען אויף דער שיף האָב איך דעם שליסעל געוואָרפען אין וואַסער אריין... איך האָב איהם ניט גע־וואָלט האַלטען ביי מיר, איך האָב געוואָלט פּטור ווערען פון דעם שליסעל...

אָבער אזוי ווי איך האָב דעם שליסעל אריינגעוואָרפען אין וואַ־סער, האָב איך שיון אָנגעהויבען טראַכטען ווי אזוי איך וועל קענען אויפעפענען די שאַנק וואו דאָס שאַרפע מעסער איז בעהאַלטען... און אז איך האָב דערהערט אז מיר וועלען שטעהן עטליכע טעג אין גענוא, האָב איך געהאַט בעשלאָסען שטילערהייט צו רופען א שלאָ־סער און לאָזען עפענען די שאַנק...

נאָר ווי מיר זיינען אָנגעקומען אין גענוא און ארויפגעגאַנגען אויף די שטיגען האָב איך פּלוצלונג אייך דערזעהן. איך האָב באַלד געוואָלט מיט אייך זיך זעהן און אייך אַלץ דערצעהלען דאָס אַלץ וואָס איך האָב אייך אין לאָנדאָן ניט געקענט זאָגען. איך האָב אייך זאָגאַר וועגען מעסער געוואָלט דערצעהלען. ער האָט מיך אָבער געצוואונגען איך זאָל זיך שיפען מיט איהם...

זי האָט זיך שטאַרק צואוויינט און צוריקגעפאַלען אין שטוהל. דאָס האָט זי דאָס ערשטע מאָל געוויינט פאַר דעראָנדאָ'ן. ער האָט ניט געקוקט אויף איהר און געזאָגט:

— דאָס אַלעס איז דאָך אָבער געבליבען ניט מעהר ווי א פאַנ־טאַזיע. איהר האָט דאָך נאָר געטראַכט וועגען דעם. איהר האָט דאָך דאָס בייזע אין אייך בעהערשט.

גווענדאָלין האָט געשוויגען. די טרעהרען זיינען געלאָפען אי־בער איהרע באַקען. זי האָט ארויסגענומען איהר טיכעל און זיי אָבגעווישט. זי האָט זיך געשטאַרקט און צובייגענדיג זיך צו איהם האָט זי שטיל געזאָגט:

— ניין, ניין! איך וועל אייך אַלץ דערצעהלען דעם אמת, פּונקט ווי גאָט אַליין ווייסט איהם. איך וועל אייך ניט זאָגען קיין ליגען... איך וועל אייך זאָגען דעם ריינעם אמת! וואָס דען זאָל איך טהאָן? איך האָב שטענדיג געדיינקט אז איך קען ניט זיין שלעכט. שלעכטע מענשען האָב איך קיין מאָל ניט געקענט פערשטעהן. איך בין אָבער אויך שלעכט געוואָרען. איך האָב אָנגעהויבען בעקומען

שלעכטע פערלאַנגען און אַלץ איז געוואָרען אַ שטראָף פאַר מיר; עס האָט מיך געפּייניגט און געמאַטערט. דאָס ליכט פון טאָג איז געווען אַ שטראָף פאַר מיר. איהר ווייסט פאַרוואָס, איך האָב ניט געדאַרפט חתונה האָבען... מיין חתונה איז געווען דער אָנפאַנג פון אַלדאָס בייז אין מיר. איך האָב מיט דעם עמיצען אַנדערן וועה געטהאָן. איך האָב געבראָכען מיין צוזאָג. איך האָב געהאָפּט צו האָבען פערגעניגען און עס איז געוואָרען אַ שטראָף פאַר מיר, איך האָב אָנגעהויבען שרעקליך ליידען. איך האָב געוואָלט געווינען דורכדעם וואָס אַן אַנדערער וועט פערשפּיעלען. איהר געדענקט דאָך דעמאָלט ביים שפּיעל־טיש? דאָס געלד האָט געברענט אין מיר. איך האָב זיך אפילו ניט געקענט בעקלאָגען. עס האָט אויס־געזעהן ווי איך וואָלט גאָט געבעטען אז יענער זאָל ווערען אונגליק־ליך און דורך דעם זאָל קומען מיין גליק... איך האָב טאַקי געהאַט געוואונען...

איך האָב דאָס אַלץ געוואוסט. איך האָב געוואוסט אַז איך בין שולדיג. פאָהרענדיג אויפ'ן ים און ליגענדיג אויף מיין געלעגער האָב איך געפיהלט אז דאָס וואָס איך האָב געטהאָן ווייסט די גאַנצע וועלט, קיין זאַך איז ניט פערבאָרגען! און אויב קיינער אחוץ מיר ווייסט דאָס ניט, ווייסט עס אָבער גאָט. עס האָט מיך אַזוי געפּיי־ניגט און געמאַטערט, עס האָט מיר קיין רוה ניט געגעבען. מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי אַלע בעשולדיגען מיך, נאָר איהר איינער ניט. שטענדיג האָב איך געגלויבט אז איהר ווילט ניט איך זאָל ליידען, איהר וועט זיך אויך בעמיהען איך זאָל ווערען בעסער ווי איך בין. און טראַכטענדיג דאָס האָט מיר געהאָלפען אַלץ איבערצוטראָגען. איהר וועט דאָך איצט ניט בייטען אייער מיינונג? איהר וועט דאָך ניט וועלען איך זאָל ליידען?

זי האָט זיך ווידער שטאַרק צואוויינט.

— זאָל גאָט היטען! — האָט דעראָנדאַ געענטפערט.

עס האָט איהם שטאַרק וועה געטהאָן צו הערען וויפיעל זי האָט זיך אָנגעליטען, ער האָט אָבער ניט געוואַגט וועגען אַלעם אויסצופרע־גען, זעהענדיג ווי שטאַרק זי ליידט, און אויסערדעם איז זי דאָך אַזוי שטאַרק צוטראָגען, אַז זי קען ניט מאַכען קיין אונטערשיעד פון דעם וואָס זי האָט נאָר געטראַכט ביז דאָס וואָס זי האָט טאַקי

געטהאָן — און דערפאַר האָט ער טאַקי בעשלאָסען זי לאָזען רעדען ווי זי וויל און איהר גאָר ניט שטערען מיט קיין פראַגען.

— דאָס אַלעס איז פאַר מיר אַזוי שרעקליך געווען, ווען ער האָט מיך געצוואונגען אַריינצוזעצען זיך מיט איהם אין שיפעל אויפ'ן ים, ווייל ווען איך האָב אייך דערזעהן איז דאָס געווען אַן אונערוואַרטעטע פרייד פאַר מיר. איך האָב געדענקט איך וועל אייך אַלץ קענען דערצעהלען. און ווען איך וואָלט שוין אייך געווען דער־צעהלט, וואָלט מיר פיעל לייכטער געוואָרען. איך וואָלט אַזוי פיעל ניט געליטען. איך האָב אַזוי געהאָפט אויף דעם. מיין האַס צו איהם איז די לעצטע טעג נאָך שטאַרקער געוואָרען, עס האָט ניט געהאָלפען, ניט מיין וויינען, ניט מיין קעמפען. דער בייזער געדאַנק אַ סוף צו מאַכען מיט איהם האָט מיך נאָך שטאַרקער בעהערשט. און אַז איך בין ענטוישט געוואָרען, איך האָב אייך ניט געקענט זעהן און געמוזט געהן צום שיפעל, האָט דאָס בייזע בלוט אין מיר זיך נאָך מעהר אָנגעצונדען און איך האָב מיך פאַר קיין פאַל ניט געקענט בעפרייען פון דעם. אָ, ווי לאַנג עס זעהט אויס די צייט ביי מיר פון דער מינוט וואָס איך בין אריין אין שיפעל! איך וואָלט דע מאָלט מיין גאַנץ לעבען אָבגעגעבען, איך זאָל איהם קענען אומ־ברייננען, איך זאָל איהם קענען פערשלינגען אויף טויט.

אַ פייערדיגער האַס האָט געברענט אין איהר ווען זי האָט דאָס גערעדט, אַ מינוט האָט זי געשוויגען און מיט נאָך מעהר צאָרן גע־זאָגט:

— ווען ער וואָלט איצט ווייטער דאָ געווען מיט מיר, וואָס וואָלט איך געקענט טאָן? איך וואָלט איהם מעהר ניט געקענט זעהן און איך קען ניט פערטראָגען זיין טויט געזיכט. איך בין געווען אַ שוואַכלינג, איך האָב געדאַרפט פון איהם אוועקגעהן, בעסער געהן בעטלען איידער צו זיין מיט איהם און אַזוי פיעל געפייניגט ווערען. איך האָב אָבער פון איהם ניט געקענט אוועקגעהן, גאַנץ אָפט האָב איך מורא געהאַט אַז ער וועט מיך דער'הרג'ענען ווען איך וועל איהם ניט פאָלגען. איצט אָבער לאָזט מיך זיין טויט פנים ניט רוהען...

זי האָט פלוצלונג נאָכגעלאָזען דעראָנדא'ס האנד, האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעשטרעקט איהר הענד און געזאָגט:

— איך בין געווען אַ שרעקליכע פרוי! וואָס קען איך איצט

טאָן אויסער וויינען און בעטען הילף? איך זינק, שטאַרב... שטאַרב... קיינער ועט דיר ניט העלפען וועסט פערזינקען אין דער טיפעניש פון וואסער, עס איז דאָרט אזוי פינסטער... קיינער האָט ניט קיין רחמנות... איך בין א פערלאָזענע!...

זי איז צוריקגעפאַלען אין שטוהל און אָנגעהויבען שטאַרק וויינען, זי האָט אפילו דעראַנדאַ'ן געהאט פערגעסען. ער איז גע־ווען אין גאַנצען דערשלאָגען און צוטומעלט. ער האָט איצט גע־זעהן, דאָס ער האָט געהאַט א טעות, וואָס ער האָט געמיינט אַז די לעצט געשעהעניש מיט זיין מוטער האָט זיין הארץ פערהארטעוועט און ער קען שוין קיין רחמנות ניט האָבען אויף קיינעם. אָ, דאָס איז געווען א טעות. זיין הארץ איז איהם צוגאַנגען פאר רחמנות אויף דער אונגליקליכער גווענדאָלין, נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען האָט ער אזא רחמנות ניט געפיהלט אויף א מענשען, ער האָט זיך דער־מאָנט ווי זי האָט אויסגעזעהן אַלס יונגע מיידעל, זי איז געווען לוס־טיג און לעבעדיג, פול פרייד, איצט איז דאָך א שרעק וואָס פון איהר איז געוואָרען! אין דער מינוט האָט זיך איהם געדאכט אַז קיין פרייד און גליק איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, פאר איהם איז אויך מעהר קיין פרייד און קיין גליק ניטאָ, דאָס איינציגע וואָס איהם איז געבליבען איז דאָס ביסעלע רחמנות אויף איהר... דאָס איז זיין איינציגע פרייד.

אַז זי האָט גערעדט איז ער אויפגעשפּרונגען פון שטוהל און זעהענדיג אַז דאָס אַלעס וואָס זי רעדט אַראָפּ פון הארצען טוט זי ווי זי וואָלט גערעדט צו גאָט, ניט ווי א מענש וואָלט דאָ געווען און געהערט און ניט וויסענדיג וואָס ער טוט האָט ער זיך אויסגעדרעהט פון איהר און אָבגערוקט זיך פון איהר זעהר אויפגערעגט.

עס איז שטיל געוואָרען אין צימער. גווענדאָלין האָט אייגענט־ליך געזעהן אַז ער האָט זיך אָבגערוקט פון איהר, נאָר זי האָט דאָס דערפיהלט, ער האָט זיך גלייך אויסגעדרעהט און געוואָלט צוגעהן צו איהר האָט ער בעמערקט, ווי זי האַלט די אויגען אזוי אויפגעריי־סען, דאָס מויל אָפען און איהר געזיכט איז פול געבעט, אַז עס איז אונמעגליך איהר אָבצוזאָגען. וואָס זי בעט האָט זי ניט געזאָגט, ער איז דאָך ווייט פון איהר, ער האָט זיך דאָך אָבגערוקט פון איהר, האָט ער זי טאַקי פערלאָזט....

נאָר אָט האָט ער ווידער געקוקט אויף איהר מיט פול רחמנות, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— איך ווייס אז איהר זייט זינדיג, איך טאָר אייך אָבער ניט פערלאָזען, איך מוז אייך העלפען....

ער איז צוריק צוגעגאַנגען צו איהר, אַוועקגעזעצט זיך לעבען איהר, ער האָט אָבער ניט געקוקט אין איהר געזיכט און אויך ניט אָנגענומען פאַר׳ן האנד.

גווענדאָלין האָט א קוק געטאָן אויף איהם און געזעהן ווי טרויעריג ער איז, האָט זי פערגעסען איהרע אייגענע צרות און געזאָגט:

— איך מאַך אייך אונגליקליך.

— אָ! — האָט ער אינסטינקטיוו אויסגעשריען, ער האָט זיך א מינוט געהאַט דערשראָקען, ער האָט זיך אָבער בעהערשט און געזאָגט:

— דאָס איז ניט די פראַגע צו איך בין דורך דעם גליקליך אָדער אונגליקליך. וואָס איך וויל איצט טאָן איז דאָס וואָס קען אייך צום בעסטען העלפען, זאָגט מיר אַלעס וואָס איהר פיהלט, עס וועט אייך דורך דעם ווערען לייכטער.

ווי גוט און אָנגענעהם די ווערטער זיינען געווען, האָבען זיי אָבער ניט דערנעהנטערט ביידע איינער צום אַנדערען, נאָר נאָך מעהר דערווייטערט. גווענדאָלין האָט געזעהן אז ער האָט רחמנות אויף איהר און זי האָט דערפיהלט אז ער איז פיעל בעסער פאַר איהר, פיעל גרעסער. און דאָס האָט זי דערשלאָגען און זי האָט זיך שטאַרק געשעהמט. זי האָט געוואָלט פאַלען צו זיינע פיס און קניהען פאַר איהם. נאָר זי האָט דאָס עפּעס ניט געוואָלט. זי האָט אויך געוואָלט רעדען צו איהם נאָר זי אָט ניט געקענט עפענען דאָס מויל, דעראָנדא האָט געזעהן אז זי זיצט אַלץ שטיל האָט ער איהר געזאָגט:

— איהר זייט אפשר צו מיעד זאָל איך יעצט אַוועקגעהן און קומען שפּעטער ווען איהר וועט וועלען?

— ניין! ניין! — האָט זי געזאָגט, די שרעק אז ער געהט אַוועק און וועט זי פערלאָזען האָט איהר געגעבען קראַפט צו רעדען און זי האָט היים געזאָגט:

—איך וויל אייך דערצעהלען וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען אין שיפעל. איך בין געווען שרעקליך אויפגערעגט, וואָס ער האָט

מיך געצוואונגען זיך שיפען, איך בין דאָרט געזעסען ווי א שקלאף. מיר זיינען אוועק פון ברעג, ווייט אריין אין מיטען ים... עס איז געווען שטיל ארום און ארום... מיר האָבען ניט געקוקט איינס אויף דאָס אנדערע, ער האָט מיך נאָר געהייסען אַלעמאָל עפּעס טאָן. די זון האָט מיר דעם קאָפּ געברענט און איך האָב זיך פון אָרט ניט געקענט ריהרען, געזעסען ווי א געפאנגענע און א געבונדענע, איך האָב מיך דערמאָנט ווי אַלס קינד האָב איך געחלום'ט אוועקצופאָהרען אויפ'ן ים און אראָבלאָזען זיך אויף א ווייטען אינזעל, ערגיץ אין עק וועלט, איך זאָל ניט זיין דאָרט געצוואונגען צו זיין מיט די מענשען וואָס איך קען ניט פערטראָגען. איך האָב מיין שטיף־פאָטער ניט געקענט פערטראָגען. און איצט, האָב איך מיר געטראכט איז מיט מיר פונקט פערקעהרט, איך פאָהר טאקי אויף א שיף, איך וועל אָבער מיין ציעל קיינמאָל ניט דערגרייכען, צום ווייטען אינזעל ווער ווייס צו איך וועל אמאָל אָנקומען... און ער איז שטענדיג מיט מיר, ער וואָס איך קען איהם אזוי ניט פערטראָגען, ער לאָזט מיך ניט אָב און איך קען זיך ניט העלפען... און ווייל איך האָב זיך גע־פיהלט אזוי הילפלאָז, הילפלאָזער ווי שטענדיג, איז מיין האס צו איהם נאָך שטארקער געוואָרען און די בייזע געדאנקען האָבען מיך ווייטער אָנגעהויבען פייניגען... איך מוז עס טאָן... איך מוז... דאָס ערגסטע...

איך האָב געהאט א שרעקליכען פּלאַן... איך אַליין האָב אָבער ניט געוואָלט שטארבען... איך האָב געציטערט מיר זאָלען ביידע ניט דערטרונקען ווערען... ווען עס וואָלט געקענט עפּעס העלפען וואָלט איך גאָט געבעטען אז אן אונגליק זאָל קומען, נאָר אויף איהם אַליין זאָל דאָס אונגליק פאַלען. איך זאָל ניט ליידען... איך האָב געבעטען אז ער זאָל פערשווינדען ווערען פון מיינע אויגען און איך זאָל איהם מעהר ניט זעהן... איך האָב ניט געזעהן ווי אזוי איך קען איהם דאָרט ערמאָרדען... אין מיין הארץ האָב איך איהם שוין געהאט ערמאָרדעט...

א מינוט האָט זי געשוויגען פאר גרויסע ליידען פון איהע ער־אינערונגען. זי האָט זיך אָבער געשטארקט און גערעדט ווייטער:

— איך האָב געפיהלט אז איך ווער ערגער און ערגער. איך האָב מיך דערמאָנט אָן אייערע רייד וואָס איהר האָט מיר אמאָל

געזאָגט, אַז איך זאָל ציטערען פאַר ווערען ערגער און זאָל מעהר חרטה האָבען, מעהר חרטה... ווי מיט פייער געשריעבען האָבען אייערע ווערטער געלעבט פאַר מיינע אויגען... איך האָב דערפיהלט אַז מיט דעם וואָס איך וועל נאָך מעהר זינדיגען וועל איך ווערען אַנדערש ווי איהר זייט... שטענדיג ווען איך האָב געוואָלט טאָן שלעכטס האָב איך מיך אין אייערע ווערטער דערמאָנט און האָב ניט געזינדיגט... איצט האָב איך אָבער געפיהלט אַז זיי וועלען מיר שוין אויך ניט העלפען, ווייל דאָס בייזע אין מיר האָט אַזוי שטאַרק געפלאַקערט ווי דאָס פייער פון גיהנם...

איך האָב נאָכגעלאָזט דעם „טעלער" און געזאָגט:

— „גאָט העלף מיר!..."

איך האָב אָבער באַלד עס געמוזט צוריק נעהמען. אין מיין הארץ האָט אָבער געקאָכט און געברענט דאָס בייזע בלוט... עס איז געוואָרען פינסטער אַרום מיר, איך האָב אָבער גאָר ניט געזעהן... ער האָט אויסגעדרעהט דעם זעגעל, דער ווינד האָט א בלאָז געטאָן, ער האָט זיך אויסגעגליטשט... און איך האָב גאָר ניט געוואוסט, איך האָב נאָר געזעהן אַז מיין תפילה איז אָנגענומען געוואָרען, עס איז געשעהן!...

זי האָט גערעדט געשווינדער און נאָך מעהר שטילער:

— איך האָב איהם דערזעהן ווי ער טרינקט זיך און מיין הארץ האָט א צאַפּעל געטאָן...איהר דענקט אַז איך האָב זיך ניט געריהרט פון אָרט... איך האָב פעסט פערהאַלטען מיינע הענד, איך האָב זיך זאָגאַר געשראָקען טאָמער וועט ער צוריק קומען אין שיפעל... און ער האָט זיך טאַקי באַלד בעוויזען אויפ'ן וואַסער, ניט ווייט פון מיר, דאָס שיפעל איז אָבער דערווייל אַוועקגעשוואומען... „דעם שטריק! דעם שטריק!" האָט ער געשריען ניט מיט זיין שטימע, איך הער איצט נאָך די געשרייען... איך האָב זיך אַראָפּגעבויגען צום שטריק, איך האָב זיך ניט געקענט העלפען, ער קען דאָך גוט שווימען און ער וועט דאָך סיי ווי צוריק קומען אין שיפעל, צו איך וויל, צו איך וויל ניט... איך האָב זיך אַזוי געשראָקען פאַר איהם... אין דער מינוט איז ער אָבער ווידער אַרונטער אין וואַסער און איך האָב נאָך אַלץ געהאַלטען דעם שטריק אין האַנד... ער איז נאָך אַמאָל אַרויפגעקומען, זיין געזיכט האָט זיך געוויזען אויפ'ן וואַסער, ער

האָט געשריען צו מיר... איך האָב פערהאַלטען מיין האַנד און מיין הארץ האָט געשריען „שטאַרב!"... ער איז ארונטער אין וואַסער... איך האָב געפיהלט אַז עס איז געשעהן, איך בין זינדיג... איך בין אַ פערלוירענע... איך האָב געהאַלטען דעם שטריק אין מיין האַנד, איך וויים ניט וואָס איך האָב דעמאָלט געטראַכט... איך האָב גע־וואָלט אנטלויפען פון זיך אליין... איך וואָלט איהם אין דער מינוט יאָ געוועזען געראַטעוועט... איך האָב געוואָלט אַנטלויפען פון מיין פערברעכען... איך בין אריין געשפּרונגען אין וואסער און געפאַלען לעבען איהם... זיין טויט געזיכט, דאָס טויטע פּנים... איך האָב שוין ניט געקענט פעררריכטען... אָט דאָס האָט געטראָפען, דאָס האָב איך געטאָן. איהר ווייסט איצט אַלץ, מען קען עס קיינמאָל ניט פער־ריכטען...

זי איז צוריק געפאַלען אין שטוהל, מיעד און צובראָכען, דע־ראָנדאַ האָט דערפיהלט בעסער, עס איז איהם לייכטער געוואָרען, ער האָט זיך פריהער געהאַט געשראָקען ווען זי האָט איהם געזאָגט אַז זי איז אַ זינדיגע פרוי, אַז זי האָט איהם דערטרונקען מיט איהרע אייגענע הענד. איצט האָט ער אָבער געזעהן אַז זי האָט שטאַרק געקעמפט און ניט געוואָלט בעגעהן קיין פערברעכען און אויך אַז זי האָט נאָר געזינדיגט מיט'ן געדאַנק, איהרע הענד זיינען אָבער ריין פון פערברעכען. עס האָט איהם אָבער וועה געטאָן וואָס זי האָט זאָגאַר אין געדאַנק אליין אַזוי געזינדיגט. ער האָט געפּרובט זי פערענטפערען אַז זי טרייבט איבער, זי האָט גאָר אַזוי שלעכט ניט געדענקט. ער האָט אויך געזעהן אַז איהר חרטה איז זעהר גרויס און אַז פון איצט אָן און ווייטער געהט זי שוין אויפ'ן גוטען וועג, זי וועט שוין ניט טראַכטען פון קיין בייז און דערפאַר טרייבט זי איבער איהרע אייגענע זינד, ווייל זי וויל ווערען בעסער און בעסער.

ער האָט ניט געפּרובט זי טרייסטען און בערוהיגען, ווייל ער האָט געטראַכט, בעסער זאָל זי וואָס מעהר חרטה האָבען וועט זי אַלץ בעסער ווערען. איהר חרטה וועט זיין אַ היילונג, אַ רפואה פאַר איהר נשמה און פאַר איהר לעבען.

און אויב ער האָט איהר עפּעס צו זאָגען איז אויך ניט איצט די צייט פאַר דעם. ער וועט דאָס טאָן אַן אַנדערש מאָל, ער וועט זיך בעטראַכטען און איבערלייגען וואָס ער זאָל מיט איהר רעדען.

און טאָמער וואָלט ער איצט געוואָלט איהר עפּעס זאָגען, קען ער אויך ניט עפּעס אַנדערש געפינען צו איהר צו רעדען, נאָר אַז דאָס איז שוין פערפאַלען, קיינער קען ניט אַנדערש מאַכען, מען קען דאָס ניט פערריכטען מעהר. זאָל עס שוין זיין אַזוי ווי עס איז, און איהר לעבען וועט איצט ווערען אַנדערש.

ער האָט אָבער געשוויגען און דאָס אויך ניט געזאָגט, ווייל ער איז געווען שטאַרק צוטומעלט. ער האָט פון אָרט זיך ניט געריהרט, ער האָט ניט געוואוסט ווי לאַנג ער האָט געשוויגען, און האָט אַלץ געטראַכט. ער האָט זיך אומגעקוקט אויף איהר און דערזעהן אַז זי זיצט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפ׳ן שטוהל. האַלט פערמאַכט די אויגען און זי זעהט אויס ווי אַ בלאָנדזשענדער הירש אין דער מדבר, וואָס אַ שטורם ווינד איז איהם בעפאַלען און טרייבט איהם. זי איז אַזוי מיעד און אויסגעמאַטערט, זי קען זיך פון אָרט ניט אויפהויבען, זי ווייס ניט וואָס אָנצוהויבען צו טאָן. ער איז צו איהר צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעשטעלט לעבען איהר. זי האָט דערהערט זיינע טריט און געעפענט די אויגען, זי האָט אָבער געציטערט מיט איהר גאַנצען קערפּער.

— איהר מוזט זיך איצט אויסרוהען. זעהט רוהט זיך אויס, שלאָפט זיך אויס — האָט ער איהר געזאָגט — וועל איך אייך אפשר קענען זעהן היינטיגען אָוונד, אָדער מאָרגען, ווען איהר וועט זיך האָבען אויסגערוהט. לאָמיר איצט מעהר גאָר ניט רעדען.

די טרעהרען זיינען איהר געקומען אין די אויגען, זי האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדען, זי האָט נאָר געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אַז זי וועט איהם פאָלגען.

ער האָט געקלונגען נאָך דער דיענסט און איהר אָנגעזאָגט אַז זי זאָל זעהן גוועגדאָלין, זאָל זיך אויסרוהען און אַרויס פון צימער.

## 45טער קאַפּיטעל

אין אָבענד האָט זי ווידער געשיקט איהם רופען. עס איז געווען באַלד אַ מעת לעת ווי מען האָט זי אַרויסגעצויגען פון וואַסער. זי איז געזעסען לעבען פענסטער און אַרויסגעקוקט צום ים. די פענסטער זיינען געווען אָפען, די פאָרהאַנגען אויפגעהויבען. זי

איז אָבער ניט געווען אַזוי צוטומעלט און דערשראָקען ווי פריהער, נאָר א טיעפער טרויער איז געלעגען אויף איהר פּנים, א טרויער וואָס האָט אַזוי שטאַרק וועה געטאָן.

אַז זי האָט דערזעהן דעראָדאָ׳ן אריינקומען האָט זי א ציטער געטאָן, זי האָט איהם ניט דערלאַנגט די האַנד און געזאָגט:

— ווי לאַנג עס זעהט אויס ביי מיר די צייט! וועט איהר זיך זעצען לעבען מיר א ביסעל?

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבען איהר און געוואַרט, זי זאָל אָנהויבען רעדען. ער האָט בעמערקט אַז זי האָט איהם עפּעס צו זאָגען. זי האָט אָבער אַלץ געהאַלטען אין ארויסקוקען אין דרויסען, אָט האָט זי אביסעל אויסגעדרעהט דעם פּנים צו איהם און זי האָט אויסגעדריקט אַזוי פיעל זאָרג. ער האָט אַוועקגעקוקט, זי זאָל קענען לייכטער רעדען און זי האָט זיך געבעטען ביי איהם:

— איהר וועט דאָך ניט זאָגען אַז נאָך עמיצער דאַרף דאָס וויסען?

— זיכער ניט — האָט ער געזאָגט — עס קאָן דאָך גאָר ניט העלפען.

זי האָט געשוויגען א ווײַלע און געזאָגט:

— ווען איך וואָלט אָבער ניט געהאַט דעם מערדערישען פערלאַנג, יענעם מאָמענט, ווען איך וואָלט איהם צוגעוואָרפען דעם שטריק, וואָלט איך איהם אפשר געווען געקענט ראַטעווען?

— ניין, איך דענק אַז ניט — האָט דעראָנדאָ געלאַסען געזאָגט — ער האָט דאָך געקענט שווימען, נאָר דער קראַמף האָט איהם אָנגעכאַפּט. מיט אייער גאַנצער שנעלקייט און גאַנצער ארבייט וואָלט אונמעגליך געווען איהר זאָלט איהם קענען ראַטעווען. און דאָס וואָס איהר האָט געהאַט דעם מערדערישען געדאַנק אין זין האָט אויך גאָר ניט געענדערט די לאַגע. עס קאָן אייך נאָר פּייניגען און מאַטערען, איהר קענט האָבען גרויס חרטה אויף דעם. מיט דעם געדאַנק אַליין דער׳הרג׳עט מען אָבער קיינעם ניט. א בייזער געדאַנק ברענגט טאַקי אַמאָל צו דעם אַז דאָס בייזע ווערט געטאָן דורך עמיצען אַנדערש פריהער אָדער שפּעטער, עס איז אָבער אויך גוט מיט דעם וואָס א דאַנק דעם ווערט מען בעסער, מען וויל ווערען בעסער.

— איך וויל קיינעם ניט בעראַבעווען. עס זיינען דאָ מענשען, וועלכע איך האָב געקענט בעראַבעווען, איך וועל עס אָבער ניט טאָן, זיי וועלען האָבען אַלץ, זיי וועלען האָבען דאָס, וואָס זיי קומט. איך האָב דאָס געוואוסט אַ צייט פריהער איידער מיר זיינען אוועקגע־פאָהרען פון לאָנדאָן. איהר פערדעכטיגט דאָך מיך ניט, אַז צוליעב אַ ירושה האָב איך דאָס געטאָן? — האָט זי איהם געפרעגט.

— איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט וועגען דעם — האָט ער איהר געענטפערט — איך בין געווען צו שטאַרק פערנומען מיט אַנדערע זאַכען.

— איהר ווייסט אודאי ניט די געשיכטע וואָס דאָ איז פאָרגע־קומען — האָט זי געזאָגט בעמיהענדיג זיך צו בעהערשען דעם עקעל וואָס די געשיכטע רופט ביי איהר אַרויס — עס איז געווען אַן אַנ־דערע פרוי וואָס ער האָט געדאַרפט מיט איהר חתונה האָבען. איך האָב דאָס געוואוסט און איהר געזאָגט אַז איך וויל איהר ניט שטע־רען. איך בין דעמאָלט אַנטלאָפען פון איהם, עס איז געווען ווען איהר האָט מיך געזעהן דאָס ערשטע מאָל אין ליבראַן. מיר זיינען אָבער שרעקליך פעראַרימט געוואָרען, איך האָב זיך געפונען אין אַ שרעקליכע לאַגע און בין געוואָרען אַזוי דערשלאָגען און פעראַרטע־וועט. איך האָב דעמאָלט בעשלאָסען צו טאָן ווי מיר געפעהלט אום אונזער לאַגע צו פערבעסערען. עס איז אָבער אַלץ געוואָרען אַנ־דערש. עס איז געוואָרען אַזוי שרעקליך, און די בייזע און שלעכטע געדאַנקען האָבען מיך אָנגעהויבען פערפאָלגען. און אַזוי איז דאָס אַלץ געשעהן. איך האָב אייך געזאָגט, איך שרעק זיך פאַר זיך אַליין. איך האָב אייך געפאָלגט, געטאָן וואָס איהר האָט מיך גע־הייסען. מיין שרעק האָב איך געמאַכט פאַר מיין היטער אַנטקעגען דאָס שלעכטע אין מיין האַרץ. איך האָב געטראַכט וואָס עס וועט זיין, אַז... איך האָב מורא געהאַט פאַר'ן טאָג און האָב געבעטען אַז עס זאָל זיין אייביג נאַכט... איצט אין דער פינסטער זעה איך דעם טויט.. ווען איהר וואָלט ניט געוואוסט וויפיעל איך האָב געליטען, וואָלט איהר... אָבער וואָס העלפט מיר איצט דאָס אַלץ?... איין זאַך בלייבט מיר איבער, קיינער זאָל פון דעם אַלעם ניט וויסען, אָרימע מאַמע מיינע, זי איז קיין מאָל ניט געווען גליקליך...

א ווײַלע האָט זי ווידער געשוויגען און מיט א פערשטיקטע שטימע פון געוויין האָט זי ווייטער געזאָגט:

— איהר קענט שוין מעהר ניט קוקען אויף מיר... איהר האָלט אז איך בין צו פיעל זינדיג, אז איך קען שוין קיינמאָל ניט ווערען בעסער, איך קען שוין מעהר גאָר ניט ווערטה זיין, איך וועל שוין אייביג זיין זינדיג...

די לעצטע ווערטער האָט זי ניט געקענט ענדיגען פאר געוויין.

דעראָנדאָ'ס הארץ איז געווען צובראָכען אויף שטיקער פאר צער, ער האָט אויסגעדרעהט זיין פּנים צו איהר בעטענדיג געזיכט און געזאָגט:

— איך גלויב אז איצט וועט איהר ווערען בעסער, ווי איהר זייט ווען עס איז געוועזן. איהר וועט אזוי גוט און ווערטה צו פיהרען א לעבען וואָס וועט זיין א ברכה פון גאָט. קיין בייז בלייבט ניט אין מענשען'ס הארץ אויסער דאָס וואָס ער אליין וויל עס האָבען. איהר בעמיהט זיך דאָך צו זיין גוט און איהר וועט זיין גוט.

— איהר זייט געווען מיין מלאך, דורך אייך האָב איך זיך גענומען אויסבעסערען, און איהר טאָרט מיך איצט ניט פערלאָזען — האָט זי געזאָגט קוקענדיג אויף איהם מיט אזוי פיעל געבעט — איך וועל אייך שטענדיג פאָלגען, וועל אלץ טאָן ווי איהר וועט מיך הייסען, איהר טאָרט מיך אָבער ניט פערלאָזען, איהר מוזט זיין נאָהענט לעבען מיר. ווען איך וואָלט אייך שטענדיג געווען געהאַט לעבען מיר און וואָלט אייך אלץ געוועזן געקענט דערצעהלען וואָלט איך גאָר אַן אנדער מענש געווען. איהר וועט מיך ניט פערלאָזען?

— איך וועל אייך קיינמאָל ניט פערלאָזען און קען אייך ניט פערלאָזען — האָט ער געענטפערט, אזוי ווייך, פול סימפּאַטיע אזוי אז זי האָט נאָך מעהר נאָהנטקייט געפיהלט אין זיינע רייד ווי ער האָט טאַקי ריכטיג געמיינט. אין דער מינוט האָט ער זיך דערשראָקען, זי זאָל ניט פערלאַנגען פון איהם צופיעל, וואָס ער וועט ניט קענען דערפיהלען, עס האָט איהם שוין באַנג געטהאָן וואָס ער האָט איהר געגעבען צו שטאַרקע האָפנונג און טראַכטענדיג א ווײַלע האָט ער געזאָגט:

— איך דערוואַרט סער הוגאָ מאַלענדזשער זאָל קומען אהער צום שפּעטסטען מאָרגען אבענד, איך דענק אויך אז פרוי דא ווילאָ,

אייער מוטער וועט אויך באַלד קומען. איהר דאָ זיין וועט זיין דאָס בעסטע פאַר אייך וואָס עס קען נאָר זיין, איהר וועט איהר אויך קענען איבערגעבען וואָס עס איז נויטיג און פערשפּאָרען איהר עגמת נפש.

— יאָ, יאָ, איך וועל זעהן אַזוי צו טאָן, איהר וועט דאָך ניט אוועקפאָהרען?

— ניט פריהער ווי סער הוגאָ מאַלענדזשער וועט קומען.

— מיר וועלען אַלע פאָהרען נאָך ענגלאַנד, יאָ?

— אַזוי גיך ווי מעגליך — האָט ער איהר געענטפערט, ניט וועלענדיג רעדען וועגען אַלע איינצעלהייטען.

גווענדאָלין האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער. אויף איהר געזיכט איז קענטיג געווען אַז נייע געדאַנקען פילען איצט אָן איהר האַרץ. נייע געפיהלען, אַ נייע לעבען פיהלט זי איצט אין זיך. די זון האָט אָנגעהויבען אונטערגעהן, זיך אַרונטער געלאָזען נידריגער און נידריגער. דעראָנדא האָט זי בעטראַכט און עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען אַז זי איז ווי אַ פרוי וואָס האָט גע'חלש'ט און איז נאָר וואָס צוריק געקומען צום לעבען.

— איהר וועט איצט זיין שטענדיג ביי סער הוגאָ מאַלענדזשער? האָט זי איהם געפרעגט קוקענדיג גלייך אויף איהם — איהר וועט זיין אין ווינטער־פּלאַץ אָדער אין דיפּלאָ?

— איך ווייס נאָך ניט וואו איך וועל וואוינען — האָט ער איהר געזאָגט און רויט געוואָרען. אָן זיין רויט ווערען האָט זי דערפיהלט אַז זי איז געווען איבער געאיילט מיט איהר איצטיגען געשפּרעך און זי האָט שוין געשוויגען. אין אַ מינוט אַרום האָט זי ווייטער אָנגעהויבען רעדען קוקענדיג אָן אַ זייט:

— עס איז מיר איצט אונמעגליך צו קלערען ווי אַזוי מיין לעבען איינצואָרדענען, איך גלויב אַז פאַר מיר וואָלט גלייכער געווען, איך זאָל זיין אָרים און מוזען אַרבייטען.

— דאָס וועט מען זעהן מיט דער צייט — האָט ער איהר געזאָגט — אַז איהר וועט זיין צווישען אייערע פריינד און אייגענע וועט איהר דעמאָלט וויסען וואָס צו טאָן. זעהט נאָר זיך צו בערוהיגען, צו קומען צו זיך נאָך איידער...

ער האָט אָבגעהאַקט אין מיטען און ניט געענדיגט און זי האָט געזאָגט:

— נאָך איידער מיין מאַמע קומט. יאָ, איך מוז זיך האָבען שטאַרק געביטען, איך האָב זאָגאַר קיין קוק ניט געטאָן ווי איך זעה אויס. וואָלט איהר מיך דערקענט ווען איהר וואָלט מיך איצט דער־זעהן? וואָלט איהר מיך דערקענט פאַר די זעלבע וואָס איהר האָט געזעהן אין ליבראַן?

— יאָ, איך וואָלט אייך דערקענט — האָט ער טרויעריג גע־זאָגט — די אויסערליכע ענדערונג איז ניט אַזוי גרויס. איך וואָלט באַלד אייך דערקענט, איך וואָלט נאָר פערשטאַנען אַז איהר האָט איבערגעלעבט אַ גרויס אונגליק.

— זאָגט נאָר ניט אַז עס וואָלט בעסער געווען ווען איהר וואָלט מיך אײנגאַנצען ניט געווען בעגעגענט, טוט דאָס ניט — האָט זי זיך געבעטען ביי איהם מיט טרעהרען אין די אויגען.

— עס וואָלט געווען אַ פערברעכען ווען איך וואָלט דאָס גע־זאָלט זאָגען — האָט ער זי בערוהיגט — מיר מוזען טאָן אונזער פליכט יעדעס מאָל ווען עס קומט די צייט פון דעם, און ניט נאָר דעמאָלט ווען אונז גלוסט זיך. ווען מיר וואָלט געזאָלט איינפאַלען אַזאַ נאַרישקייט וואָלט איך שוין בעסער געזאָגט, ווי גוט וואָלט געווען ווען איך וואָלט אייך פון דעם אַלעם געקענט אויסהיטען.

— איהר האָט מיך אויסגעהיט איך זאָל ניט ווערען ערגער — האָט זי געזאָגט וויינענדיג — ווען ניט איהר וואָלט איך פיעל ערגער געווען. ווען איהר זאָלט ניט געווען זיין אַזאַ גוטער וואָלט איך גע־ווען שרעקליך זינדיג.

— פאַר מיר איז גלייכער איך זאָל איצט אַוועקגעהן — האָט ער געזאָגט, זייענדיג שטאַרק גערירט פון איהרע רייד — געדענקט זשע, וואָס מיר האָבען גערעדט, בערוהיגט זיך, קומט צו זיך נאָך איידער די קרובים וועלען קומען.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, זי האָט איהם דערלאַנגט איהר האַנד און געקוקט אַזוי פערזאָרגט. אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען איז זי געפאַלען אויף איהרע קניה און זיך שטאַרק צואווײנט, זי האָט געזעהן ווי ווייט זיי זיינען איינער פון אַנדערען. זי האָט זיך גע־

פיהלט ווי אַ זינדיגע וואָס מען האָט זי פערטריבען פון דעם נאָ־הענטסטען און טייערסטען אין איהר לעבען.

אין אַזאַ לאַגע האָט מען זי שפּעטער געפונען אויף דער פּאָד־לאָגע אַ פער'חלש'טע פון פיעל וויינען, קיינער האָט זיך ניט גע־וואונדערט, אָט האָט זי דאָך מיט איהרע אייגענע אויגען געזעהן ווי איהר מאַן איז דערטרונקען געוואָרען...

## 46טער קאַפּיטעל

ניט מעהר ווי איין יאָהר צייט איז אוועק זייט גווענדאָלין האַרליט איז געקומען אויף יאַגד אין לאָרד בראַנקענשאָ'ס וועלדער ביז דער לעצטער געשעהעניש. און ווי אַנדערש איז זי איצט געווען, וויפיעל האָט זי דורך דעם איינעם יאָהר איבערגעלעבט.

זי איז דעמאָלט געווען אַ יונגע, לוסטיגע און פרעהליכע מיי־דעל, פול מיט לעבען. זי האָט זיך געהאַלטען אַזוי שטאָלץ מיט אַלע אַרומיגע, זי האָט אַלעמען געפאַנגען און בעצויבערט מיט איהר שעהנקייט און גרויס חן, און איצט מיט איין יאָהר שפּעטער איז זי געלעגען אין געוואָ'ר האָטעל אַ צובראָכענע און אַ דערשלאָגענע, קיין צייכען איז איהר פון אַמאָליגען שטאָלץ ניט איבערגעבליבען.

איהרע קרובים האָבען אָבער קנאַפּ דערקענט וואָס פון איהר איז געוואָרען. ביי זיי איז זי געבליבען אַלץ די אייגענע גווענדאָלין.

ביי איהר פעטער גאַסקאָין איז אַלץ אָנגעגאַנגען ווי שטענדיג. ער האָט נאָך געוואוינט אין זעלבען הויז מיט'ן זעלבען גאָרטען אַרום. בלומען זיינען נאָך אַלץ געוואַקסען אין גאָרטען. ער האָט נאָך אַלץ געדיענט אין זיין געמיינדע אַלס גלח און שטילערהייט גע־שריבען ביכער.

גאַסקאָין איז געווען גאַנץ שטאָלץ מיט זיין זוהן רעקס. ער האָט געהאַלטען אַז ער וועט זיין איינער פון די גרעסטע מענשע אין ענג־לאַנד, ער וועט ווערען אַ גרויסער ריכטער. רעקס האָט געהאַלטען אין איין לערנען און שטרעבען, און פון צייט צו צייט זיך דערמאָנען אין זיין ליעבע צו גווענדאָלינען. פרוי גאַסקאָין איז געווען פער־נומען מיט'ן געדאַנק וואָס פאַר אַ כלה רעקס וועט קריגען און די יונגע אַנאַ גאַסקאָין איז אויך געבליבען די אייגענע אַנאַ פון אַמאָל.

וואָס האָט זיי געקענט איינפאַלען אַז גווענדאָלין האָט אַזוי פיעל שרעקליכעס איבערגעלעבט? זיי האָבען גאָר ניט געטראַכט וועגען דעם.

— עס טהוט דיר ניט באַנג וואָס דו לעהרענסט זיך זיין אַן אַדוואָקאַט? — האָט גאַסקאָין געפרעגט זיין זוהן.

— דאָס איז דאָס בעסטע וואָס איך האָב מיר געקענט ווינשען — האָט ער געזאָגט צופרידען — איך וויל ווערען אַן ערשטקלאַסיגער ריכטער און פערפאַסען אַ געזעץ־בוך. איך האָב ליעב דאָס געזעץ און אנדערע זאָלען זיך אָבגעבען מיט מוזיק...

— יאָ, מיין קינד — האָט גאַסקאָין געזאָגט — אַזוי איז גוט. אַ מענש האָט נאָר דעמאָלט ערפאָלג ווען ער פיהלט אַז זיין פּראָפעסיאָן איז די בעסטע אין דער וועלט.

— רעקס וועט זיין אַ בעריהמטער מאַן, נאַנסי, איך בין זיכער אין דעם — האָט ער געזאָגט צו זיין ווייב.

און אַזוי האָט די פאַמיליע פערבראַכט גליקליך און פרעהליך. וואָס האָט זיי געקענט איינפאַלען, אַז גווענדאָלין איז אַזוי שלעכט?

און אַזוי רוהיג און צופריעדען האָט אויך געלעבט פאַני דאַווילאַ, גוועגדאָלין'ס מוטער מיט איהרע טעכטער. פאַני דאַווילאַ האָט זיך נאָך אַ ביסעל געעלטערט אָבער ווייטער האָט איהר דאָך גאָרניט געפעהלט. איהרע טעכטער האָבען זיך גאָר געפיהלט גליקליך, גוועגדאָלין איז דאָך ניט געווען מיט זיי און זיי האָבען פערשפּאָרט צרות.

רעקס און אַנאַ פלעגען גאַנץ אָפט קומען צו זייער מוהמע דאַווילאָ, די מיידלעך דאַווילאָו'ס האָבען אַנאַ'ן זעהר ליעב געהאַט, זיי זיינען געזעסען לעבען אָפענעם פענסטער, דער גאָרטען האָט אַריינגעשמעקט און אַנאַ האָט זיי דערצעהלט וואָס זי האָט אַלץ געזעהן אין לאָנדאָן און זי האָט דאָך אַזוי פיעל זיך אָנגעזעהן.

די מיידלעך האָבען געוואָלט וויסען ווי אַזוי גוועגדאָלין וואוינט, וואָס זי טהוט, ווי אַזוי זי פערברענגט איהר צייט און ווי מען האַלט פון איהר אין לאָנדאָן. זיי האָבען זי אויך געפרעגט אויף דער יאַכט־שיף אין וועלכע גוועגדאָלין מיט גראַנדקאָרטען זיינען אַוועקגעפאָהרען. דאָס האָט אַנאַ גאָר ניט געוואוסט, זי האָט זי לעצטענס פאַר איהר רייזע ניט געזעהן מעהר. זיי האָט זיך דאָס זעהר גע־

וואָלט וויסען מיט אַלע איינצעלהייטען, ווייל גוועגדאָלין האָט פאַר׳ן אוועקפאָהרען געשריעבען אַ בריעף דער מוטער, פון מאַרסעל האָט זי אויך נאָך געשריבען און געזאָגט אַז זי האָפּט גוט צו פערברייננגען אויף דער רייזע, נאָר זיי זאָלען ניט זיין אונרוהיג אַז זי וועט זייער וועניג שרייבען.

זיי האָבען געלייענט אין די צייטונגען וועגען דער נייער יאכט־שיף וואָס „לאָרד גראַנדקאָרט" האָט זיך אויסגעבויט. די מיידלעך זיינען שטאַרק צופרידען געוועזען מיט דעם גליק וואָס האָט זייער שוועסטער געטראָפען.

נאָר אַז רעקס איז געוועזען אין שטוב האָט קיינער ניט דערמאָנט גוועגדאָלין׳ס נאָמען, אַזוי האָט מען אָנגעזאָגט, זייט רעקס איז ענטוישט געוואָרען אין זיין ליעבע.

איין טאָג ווען רעקס איז געוועזען מיט זיי, האָבען זיי דאָך ניט געקענט רעדען וועגען גוועגדאָלינען און אַנאַ האָט זיי דערצעהלט וועגען די מייריק׳ס און זייערע אידישע פריינד. פאַר די מיידלעך איז דאָס געוועזען אַ גרויס וואונדער, זיי האָבען טאַקי געלעזען אין די ביכער וועגען אידען, עס האָט זיך זיי אָבער ניט געגלויבט אַז אידען זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט...

זיי האָבען געמיינט אַז די אידען זיינען מאָדנע בעשעפענישען אנדערש ווי אַלע מענשען, מערי די גאָווערנאַנטקע האָט ניט גע־קענט פערשטעהן ווי אַזוי מען קען גאָר רעדען מיט מיראַ׳ן און איהר ברודער, זיי זיינען דאָך אידען...

— איך קען ניט פערטראָגען די אידען — האָט עלים געזאָגט.

— געהט שוין געהט, איהר זייט דאָך נאַריש — האָט די אַלטע דאווילאַ זיי געזאָגט — אין לאָנדאָן און פּאַריז זיינען דאָ רייכע אידען זיינען זיי גאָר ניט אנדערש פון די קריסטליכע אַריסטאָקראַ־טען, די אָרימע אידען זיינען נאָר שרעקליך...

— רעדט מיראַ פּונקט אַזוי ווי מיר? האָט איזאַבעל גע־פרעגט. — מען דערקענט אודאי באַלד אַז זי איז אַ אידישקע, ווי?

רעקס האָט אויך ניט צו שטאַרק ליעב געהאַט אידען, ער האָט אויף זיי געהאַט אַ בייז הארץ נאָך פון גימנאַזיום. דער לעהרער האָט איהם געפרעגט וועגען די „אַלטע" אידען און ער האָט ניט גע־וואוסט, איז ער פון דעמאָלט אָן אויף זיי אין כעס... ער האָט בע־

שטעטיגט זייערע אַלע רייד וועגען די אידען און נאָך אויסגעטראַכט שווידערליכע געשיכטעס וועגען זיי. אַנאַ האָט דאָס שוין ניט געקענט ליידען און געזאָגט די מיידלעך, אַז רעקס וויצעלט זיך דאָס אַזוי, קיין איין וואָרט וואָס ער זאָגט וועגען די אידען איז אמת.

און ווי זיי זיצען אַזוי און רעדען האָט מען אַריינגעבראַכט אַ בריעף פאַר דער אַלטער דאַווילאַ, גאַסקאָין האָט איהר געשיקט דעם בריעף מיט אַ טעלעגראַמע וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון אויסלאַנד.

פאַני דאַווילאַ האָט געלייענט דעם בריעף מיט די טעלעגראַמע איינמאָל נאָך אַמאָל, אַלע האָבען געשוויגען און געקוקט אַזוי דערשראָקען, זי האָט דערזעהן זייער שרעק האָט זי וויינענדיג געזאָגט:

— קינדער, הערר גראַנדקאָרט... זי האָט אַ צייט ניט געקענט רעדען ענדליך האָט זי אַרויסגעזאָגט — הערר גראַנדקאָרט איז דערטרונקען געוואָרען!

רעקס איז אויפגעשפרונגען אַ דערשראָקענער, ווי אַ דונער וואָלט אַריין אין הויז, אַנאַ האָט זיך אויך שטאַרק דערשראָקען און דאָס ערשטע אַ קוק געטאָן אויפ'ן ברודער. די אַלטע האָט געלייענט דעם בריעף און רעקס האָט ענדליך זיך אָנגערופען:

— קען איך עפּעס טהאָן, מוהמע? ווילסט אפשר עפּעס שיקען זאָגען מיין טאַטע, וועל איך געהן...

— יאָ, מיין קינד, זאָג איהם, אַז באַלד בין איך גרייט. ער איז אַזאַ גוטער. ער שרייבט מיר אַז ער וועט מיט מיר מיטפאָהרען נאָך גענוא, ער קומט אַהער האַלב נאָך זעקס. עלים העלף מיר זיך גרייטען צו דער רייזע. גווענדאָלין לעבט, זי איז געווים קראַנק, מיין אָרים קינד. אוי, זי איז זיכער קראַנק. רעקס, טהייערער רעקס און אַנאַ געהט אַהיים צום טאַטען און זאָגט איהם אַז איך וועל זיין גרייט, קיין איין מינוט וועל איך ניט וואַרטען, איך פאָהר באַלד, גאָט זאָל איהם בענטשען וואָס ער איז אויך גרייט צו פאָהרען, טאָג און נאַכט וועל איך פאָהרען אָהן אָפּרוה ביז מיר וועלען אָנקומען.

רעקס און אַנאַ זיינען גלייך אַרויס און אַוועק געשווינד אַהיים. אויפ'ן גאַנצען וועג האָבען זיי געשוויגען, אַנאַ האָט אָבער שטאַרק געציטערט אַז רעקס' וועהטאָג האָט זיך אָנגעהויבען אויפס ניי... רעקס האָט זיך אויך געפיהלט זעהר שלעכט, בייזע, אונהערליכע

גערעקען האָבען איהם גענומען פייניגען, ער האָט זיי געוואָלט פער־טרייבען, ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפען און געזאָגט צו אנאַ'ן:

— אנאַ'לע, געה זאָג אַלץ דעם טאַטע, אז ער וועט מיך דאַר־פען, וועסטו מיך רופען, איך וועל זיין אין גאָרטען, עטליכע מינוט וויל איך דאָ זיין.

גאָרנישט קיין פיינע געדאַנקען זיינען רעקס'ן אין זין אריין. ער האָט דערהערט אז גראַנדקאָרט איז דערטרונקען געוואָרען און גוועגדאָלין איז ווידער פריי און דאָס האָט איהם הנאה געטאָן... ניט נאָר האָט ער קיין צער ניט געהאַט דערפון, נאָר ער האָט זיך נאָר געפרעהט דערמיט... ער האָט זיך זאָגאַר ניט גענאַרט, ער האָט זיך געטראַכט, גראַנדקאָרט האָט איהר איבערגעלאָזט אַ גרויס פער־מעגען און די שעהנסטע און רייכסטע יונגע לייט וועלען זיך איצט שדכ'ענען צו איהר, אויף איהם וועט זי זיך סיי ווי ניט אומקוקען. דעמאָלט, ווען זי איז געווען אַן אָרים מיידעל האָט זי געלאַכט פון איהם, היינט נאָך איצט?

די געדאַנקען האָבען איהם געוואָרפען ווי אין אַ בייזען פיבער. עס האָט איהם געקלונגען אין די אויערען ווי מיליאָנען גלעקער און ער האָט זיך ניט געקענט העלפען. דורך דעם יאָהר האָט ער אזוי פיעל געליטען, עס איז איהם אזוי שווער אָנגעקומען ביז ער האָט זי פערגעסען און איצט איז ער ווידער אונגליקליך, אזא קליינע נייעס האָט זיין רוה צושטערט. ער איז דאָך שוין געווען אין גאַנצען בע־רוהיגט, האָט געלערענט און שטודירט און איצט? איצט האָט ער געבלאָנדזשעט אין גאָרטען, זיך געדרעהט צווישען די בוימער צו־מישט און צוטומעלט און זיך געטראַכט:

„אָ, זי וועט מיך קיינמאָל ניט ליעב האָבען, איך וועל זי קיינ־מאָל ניט קענען דערגרייכען. איך עקזיסטיר פאַר איהר ניט און וועל קיינמאָל ניט עקזיסטירען, איך בין דאָך אזוי אָרים און וועל אזוי פערבלייבען ביז מיין גרויען עלטער. אָבער וואָס אַרט דאָס מיך? ניט זי וועט מיך וועלען און ניט איך וועל זיך ביי איהר שטאַרק בעטען... אָבער גאָט מיינער, עס איז דאָך·אַ גרויס פער־ברעכען אזוי גאָר צו טראַכטען איצט! ניט בעסער ווי יענע באַנ־דיטען וואָס קומען אויפ'ן שלאַכטפעלד און ציהען אָפּ די טויטע...

אָבער איך וועל דאָך מיט זיין טויט סיי ווי גאָר ניט געווינען... פאַרוואָס זאָל איך זיך ניט קענען האַלטען רוהיג? פאַרוואָס זאָל דער טאַטע מיינען אַז איך קען זיך קיין אָרט שוין ניט געפינען און אויסמיידען מיט מיר צו רעדען וועגען דער גאַנצער געשיכטע?...

טראַכטענדיג אַזוי האָט ער זיך געשטאַרקט און גיך צוגעגאַנגען אין הויז אַריין. אין טהיר האָט ער געזעהן ווי דער פאָטער שטעהט איבער אַ קאַסטען און פּאַקט.

— טאַטע, קען איך דיר עפּעס העלפען? — האָט רעקס געזאָגט מיט קוראַזש און דער פאָטער האָט איהם דורכגענומען מיט זיינע אויגען.

— יאָ, מיין זוהן, אַז איך וועל אוועקפאָהרען זאָלסטו זיך אָבגעבען מיט מיין קאָרעספּאָנדענץ, זאָלסט ענטפערען אויף די נויטיגע בריעף און זאָלסט מיר שרייבען וועגען אַלעס. דיימאַק וועט דערווייל אָפּריכטען דאָס גאָטס־דינסט אין קירכע און דו וועסט זיין מיט דער מאַמע, זאָלסט כאָטש זיין יעדען טאָג ביי דער מאַמע, ביז איך וועל צוריק קומען.

— וועסט זיך דאָרט ניט לאַנג זאַמען, דענק איך — האָט רעקס געזאָגט און גענומען העלפען איינפּאַקען — וועסט אודאי גווענדאָלינען אהער ברייִנגען נאָך ענגלאַנד?

פאַר דעם גאַנצען יאָהר האָט ער צום ערשטען מאָל גערעדט וועגען גווענדאָלינען און גאַסקאָין איז שטאַרק צופרידען געוועזען פון דעם.

— דאָס ווייס איך נאָך ניט — האָט ער רוהיג געענטפערט — מעגליך אַז די מוהמע וועט דאָרט איבערבלייבען און איך וועל אַהיים קומען גאָר גיך. פון דער טעלעגראַמע ווייסען מיר דאָך אייגענטליך זעהר ווייניג. אַ צוואה מוז ער האָבען איבערגעלאָזט אַ גאַנץ גוטע פאַר איהר און אפשר וועט זי האָבען אַ קינד, וועט זיין אַ יורש. איך בין זיכער אַז גווענדאָלין וועט האָבען גענוג אויף צו לעבען זעהר שעהן.

— עס מוז זיין פאַר איהר זעהר שרעקליך, איך דענק אַז ער איז געוועזען זעהר אַ גוטער מאַן — האָט רעקס געזאָגט.

— קיין צווייפעל ניט — האָט גאַסקאָין זיכער געזאָגט — זעהר געצעהלטע מענשען וואָלטען זיך אַזוי גוט געפיהרט ווי ער.

רעקס האָט קיינמאָל ניט געהאַט געזעהן גראַנדקאָרטען, ער האָט קיינמאָל קיין וואָרט וועגען איהם ניט גערעדט און ער האָט אויך ניט געוואוסט אַז גווענדאָלין איז אַנטלאָפען פון איהם נאָך ליבראָן. ער האָט נאָר געוואוסט אַז גראַנדקאָרט האָט זיך אין איהר פערליעבט און זיך שטאַרק געבעטען ביי איהר זי זאָל מיט איהם חתונה האָבען. ער האָט אויך געוואוסט אַז גראַנדקאָרט האָט אַ סך גוטס געטאָן מיט זיין מוהמע דאווילא און די מיידלעך.

אייגענטליך איז דאָ גאָר ניטאָ וואָס צו בעוואונדערען — האָט ער זיך געטראַכט, ער אַליין וואָלט דאָס, אויך געטאָן און אפשר נאָך מעהר, ווען ער וואָלט נאָר געקענט. ער האָט געהאַלטען אַז גראַנדקאָרט איז געווען אַ וואוילער און גילקליכער מענש ביז דאָס אונגליך האָט פּאַסירט און ער איז דערטרונקען געוואָרען.

איין זאַך האָט זיך איהם שטאַרק געוואָלט וויסען, און דאָס איז אויב גווענדאָלין האָט ליעב געהאַט גראַנדקאָרטען? האָט זי נאָר איהם, רעק׳סען, צוריקגעוויזען אָדער זי האָט קיין מאַן ניט געליעבט אין איהר לעבען און אויך ניט איהר מאַן?

## 47טער קאַפּיטעל

סער הוגאָ מאַלינדזשער איז ניט אַזוי גיך געקומען אין גענוא, דעראָנדאַ האָט געוואַרט עטליכע טעג, ער האָט ניט געוואָלט אַוועקפאָהרען איידער ער האָט איהם געזעהן.

ניט בלויז וועגען גראַנדקאָרטען האָט ער געוואָלט רעדען מיט איהם נאָר טאַקי מעהר נאָך וועגען זיך און זיין מוטער. ער האָט וועגען זיין בעגעגעניש מיט זיין מוטער ניט געוואָלט איהם שרייבען נאָר רעדען מיט איהם אַליין.

אויפ׳ן פינפטען טאָג האָט ער בעקומען אַ טעלעגראַמע פון סער הוגאָ מאַלינדזשער אַז ער קומט האַלב נאָך אַכט אין אבענד, ער איז אַוועק צום וואַקזאַל איהם אָבוואַרטען און האָט אַזוי אונגעדולדיג געוואַרט אויף דעם אַלטען, ער זאָל שוין וואָס גיכער קומען און זיך זעהן מיט איהם, ער האָט סער הוגאָ׳ן זעהר ליעב געהאַט, ער האָט פּאָראויס געפיהלט אַז דאָס וועט דערפרעהען סער הוגאָ׳ן

וואָס גראַנדקאָרט ירשנ׳ט איהם ניט און אז זיינע טעכטער וועלען אַלעס בעקומען נאָך זיין טויט.

דעראָנדאַ האָט דערווייל געטראַכט וועגען דעם אַלעס וואָס סער הוגאָ מאַלענדזשער האָט געטאָן מיט איהם, ער האָט איהם אויפ־געצויגען פון קינד וויים אויף און עס האָט איהם פערדראָסען אויף איהם וואָס ער האָט געהאָלפען זיין מוטער בעהאַלטען פאַר איהם אז ער איז אַ איד. איז ער גערעכט געווען וואָס ער האָט דאָס געטאָן? האָט ער געמעגט צוהעלפען אַ פרוי בעגעהן אַ פאַלשקייט נעגען איהר אייגען קינד?

דעראָנדאַ האָט איהם געפּרובט פּערענטפּערען, אז סער הוגאָ מאַלענדזשער האָט קיין בייז ניט געמיינט, ער האָט געדענקט אז ער טוט איהם אַ טובה. איהם, דאָס אידישע אינגעלע וואָס ער נעהמט איהם איין הויז אריין און דערציהט איהם אַלס אַן ענגלענדער, אַן ענגלישער אַריסטאָקראַט, ער האָט דאָך טאַקי אַנדערש ניט געקענט טאָן, די מוטער אַליין האָט זיך דאָך בעהאַלטען פון איהם און פער־באָרגען פון איהם זיין פאָלק, און זי איז דאָס גאַנצע לעבען איהם געבליבען אַ פרעמדע. ער האָט איהם אזוי פערענטפערט ווייל ער איז שטאַרק צוגעבונדען געוואָרען צו איהם און האָט איהם שטאַרק ליעב געהאַט, און כאָטש ער האָט זיך דערמאָנט וויפיעל ער האָט געליטען אַלס קינד און אינגעל און שפּעטער גרויסערהייט ניט ווי־סענדיג ווער זיין טאַטע־מאַמע זיינען געווען האָט ער דאָך סער הוגאָ׳ן ניט בעשולדיגט, וויסענדיג אז ער האָט קיין בייז ניט גע־מיינט, ער האָט נאָך געמיינט, אז ער טוט איהם גוטס. גאַנץ אָפט טרעפט איין מענש טוט דעם צווייטען אַ טובה און עס קומט אַרויס פון דעם אַ רעה, אָבער דער בעל טובה איז דאָך גאָר ניט שולדיג.

אז דעראָנדאַ האָט דערזעהן דעם אַלטען מאַלענדזשער אַרויס־געהן פון באַהן, האָט ער נאָך מעהר איהם ליעב בעקומען און ער איז גיך צו איהם צוגעלאָפען.

—נו, דאַני? — האָט סער הוגאָ מאַלענדזשער איהם געפרעגט דריקענדיג אזוי וואַרים זיין האַנד, ער האָט מעהר ניט געקענט רע־דען אין דער מינוט פאַר פרייד וואָס ער האָט איהם דערזעהן.

ער האָט צוגערופען זיין דיענער און איהם געהייסען אַכטונג

געבען אויף די זאכען און דעראָנדא׳ן האָט ער פאָרגעלייגט צו געהן צופוס צום האָטעל, ווייל די לופט איז זעהר גוט.

— איך האָב זיך ניט געיאָגט אין דער רייזע — האָט ער איהם געזאָגט אז זיי זיינען ארויס אויפ׳ן גאס — און פיהל זיך זעהר גוט, איך האָב זיך ניט געאיילט, איך האָב זיך פריהער גוט בעטראַכט וואָס צו טאָן. איך האָב געזעהן דיין בריעף, וואָס מאכט עפּעס די אלמנה?

— זי בעסערט זיך — האָט דעראָנדא געענטפערט — עס זעהט אויס אז זי איז איבערגעקומען די קראנקהייט וואָס עס איז איהר פאָרגעשטאַנען צוליעב איהר שרעקליכער אויפרעגונג. מיט צוויי טעג צוריק זיינען איהר מוטער און פעטער געקומען און מען גיט אויף איהר גוט אכטונג.

— איז דאָ א האָפנונג אז זי זאָל האָבען א קינד?

— פון דעם וואָס הערר גאַסקאָין האָט מיר דערצעהלט ווייזט אויס, אז ניט. ער האָט געפרעגט צו זי וועט כאָטש קענען האָבען די ירושה אזוי לאַנג ווי זי וועט לעבען.

— עס טוט איהר דאַכט זיך ניט צופיהל וועה דאָס וואָס זי האָט דעם מאַן פערלוירען? — האָט סער הוגאָ מאַלענדזשער געפרעגט דעראָנדא׳ן גוט זיך איינקוקענדיג אויף איהם.

— דער פּלוצלונגער טויט האָט זי שטארק דערשלאָגען — האָט דעראָנדא אויסגעמיטען א קלאָרען ענטפער.

— איך וואָלט געוואָלט וויסען צו ער האָט איהר אמאָל געזאָגט וואָס ער פערשרייבט איהר ירושה. — האָט סער הוגאָ געפרעגט.

— איהר ווייסט דען יאָ? — האָט דעראָנדא געפרעגט.

— יאָ, איך וויים — האָט סער הוגאָ גיך געענטפערט — גאָט אין הימעל! אויב זי זאָל ניט האָבען קיין קינד, האָט ער אלץ פערשריבען אויף א אינגעל וואָס ער האָט פון א פרוי גלאַשער. דו ווייסט גאָרניט וועגען דער גאַנצען געשיכטע, דענקט איך, די גלאַשער איז געוועזן זיינס א געהיימע פרוי פאר א שעהן ביסעל יאָהרען. ער האָט נאָך דריי עלטערע קינדער — מיידלעך. דאָס אינגעל וועט איבערנעמען זיין פאָטער׳ס נאָמען און טיטעל. ער הייסט הענלי מאַלענדזשער־גראַנדקאָרט. דער נאָמען מאַלענדזשער וועט איהם גאָרניט נוצען. קען איך דיר זאָגען און איך בין מיט דעם גליקליך.

נאָר דאָס יונגע הינטעל וועט האָבע מעהר ווי גענוג פאַר זיינע פּער־צעהן יאָהר און ער האָט זיכער ניט געדאַרפט צונעמען פון מיר פופ־ציג טויזענד פונט פאַר דיפּלאָ, אויף וועלכען ער האָט קיין רעכט ניט געהאַט. די יונגע שעהנהייט, די אלמנה, וועט אויסקומען צו לעבען מיט אָרימע צוויי טויזענד א יאָהר אין הויז אין גיידסמיר, א הויז וואָס וועט זיין א קאַטארגע פאַר איהר, אויב זי וועט דאָרט וועלען וואוינען. דעם אינגעל'ס מוטער האָט דאָך דאָרט א סך יאָה־רען געוואוינט. גראַנדקאָרט'ס נאָמען עקעלט מיך און איך זעה ניט איין צוליעב דעם וואָס ער איז דערטרונקען געוואָרען דאַרף איך אָנ־דערש דענקען וועגען איהם. ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבען אזא ריכטיגע זאַך ניט געטאָן ווי דאָס לעצטע וואָס ער איז געשטאָרבען...

— לויט מיין מיינונג האָט ער געטאָן א פערברעכען וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט גווענדאָלינען אָבער ניט מיט דעם וואָס ער האָט פערשריבען זיין פערמעגען אויף זיין זוהן — האָט דראָנדאַ שארף געזאָגט.

איך האָב גאָרניט געגען דעם וואָס ער לאָזט איבער זיין פער־מעגען זיין אינגעל — האָט סער הוגאָ מאַלענדזשער געזאָגט — נאָר אז ער האָט חתונה געהאַט מיט גווענדאָלינען האָט ער איהר גע־דארפט לאָזען א פערמעגען אז זי זאָל קענען האָבען אלעס וואָס זי וועט דארפען, אזא לעבען אין וועלכען ער האָט זי אריינגעפיהרט. ער האָט איהר געדאַרפט לאָזען 5 טויזענד פונט א יאָהר און די לאָנ־דאָנער הויז, אזוי וואָלט איך געהאַנדעלט. איך דענקט אז נאָר דער־פאַר וואָס איהר מוטער איז געווען אזוי אָרים און האָט ניט געהאַט אויף לעבען, האָבען זיי זיך פריהער ניט אויסגערעדט און איבערגע־לאָזען אלעס פאַר איהם, ער זאָל בעזאָרגען שוין נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאַט. דער קלוגסטער מענש זינדיגט ווען ער האַלט אין שרייבען א צואה, מיין פאָטער האָט אויך אזוי געטאָן, נאָך דערצו אזא מאַן ווי גראַנדקאָרט מיט זיין טיראַניש האַרץ, עס איז קלאָר, ער האָט זי פשוט געוואָלט בערויבען אין פאַל אז זי וועט ניט האָבען קיין קינדער.

— ווען עס וואָלט געווען אַנדערש, זי וואָלט יאָ געהאַט קינ־דער, וואָלט דאָך געווען פערקעהרט, וואָלטען דאָך יענע אונגעזעצ־

ליבע קינדער גאָרניט בעקומען — האָט דראָנדאָ געזאָגט מיט פער־אכטונג.

— ריכטיג האָט סער הוגאָ צוגעגעבען — זיי וואָלטען דאַן בע־קומען דאָס הויז אין גיידסמיר און די צוויי טויזענד פונט אַ יאָהר. דאָס ערגסטע איז אָבער וואָס ער האָט מיך געמאַכט פאַר דעם אַפּו־טרפּוס, נאָר דערפאַר וואָס ער איז געווען דער זוהן פון מיין איינ־ציגען ברודער קען איך זיך ניט אָפּזאָגען. איך וועל זיין זעהר צו־פרידען אויב איך וועל די אלמנה קענען עפּעס העלפען. לאַש זאָגט אַז גווענדאָלין האָט געוואוסט וועגען זיין פרוי און קינדער און אויך פון דער צואה, ער האָט אויך געזאָגט אַז קיין צו גוט לעבען איז צווי־שען זיי ביידע ניט געווען, איך דענק אָבער אַז דו ווייסט פיעל מעהר וועגען דעם, האַ, דאַני?

סער הוגאָ האָט איצט זיך ניט געוויצעלט, נאָר אויס פריינד־ליכען אינטערעס אין דער אלמנה. דראָנדאָ האָט געזעהן אַז ער קען ניט בעהאַלטען פון איהם דעם אמת און ער האָט צוגעגעבען.

— געוויס, זי איז ניט געווען גליקליך. זיי זיינען ניט געווען קיין פּאַסענד פּאָר. נאָר וואָס געהער זיך דער ירושה דאַכט זיך מיר, פון די שמועסען וואָס איך האָב געהאַט מיט איהר, וועט זי זיין גאַנץ צופרידען.

— אויב אַזוי איז זי ניט גלייך צו די פרויען, דאָס קען איך דיר זאָגען — האָט סער הוגאָ געזאָגט — ווי עס איז, זי איז, זעהט אויס, אַן אויסנאַהם אַ פרוי, עפּעס זייט איהר ביידע גלייך, האַ?... אַז די שרעקליכע טעלעגראַמע איז אָנגעקומען, איז דאָס ערשטע וואָס ליידי מאַלענדזשער האָט געזאָגט איז געווען „ווי מאָדנע דאָס איז! דניאל שיקט די טעלעגראַמע!" מיט מיר האָט אַמאָל אויך אַן עהנ־ליכע געשיכטע פּאַסירט. איך בין געווען אַמאָל אין אַן אויסלענדי־שען האָטעל און דאָרט איז געווען אַ דאַמע וועמען דער מאַן האָט איבערגעלאָזט אָהן אַ גראָשען געלד. אַז איך האָב דאָס דערהערט און בין איהר געגאַנגען העלפען. האָב איך דערזעהן אַז זי איז מיינס אַמאָליגע געליעבטע וואָס איז געווען נאַריש גענוג און האָט חתונה געהאַט מיט אַן עסטרייכישען באַראָן. דאָס אַלעס איז ניט מעהר געווען ווי אַ צופאַל, פּונקט ווי מיט דיר, דו ביזט געקומען

וועגען עפּעס אַנדערש אַהער, אין גענוא, און האָסט גאָר זיי געטראָ־
פען דאָ.

א היבשע ווײַלע האָבען זיי בײַדע געשוויגען, סער הוגאָ האָט
אָנגעהויבען רעדען מיט איהם וועגען גראַנדקאָרט'ן, ווײַל דאָס איז
געווען דאָס לײַכטסטע וואָס זיי האָבען געקענט רעדען צווישען זיך
גלײַך בײַם בעגעגענען זיך. זיי האָבען אָבער בײַדע געפיהלט אַז
עס וועט זיי ניט לײַכטער ווערען ביז זיי וועלען ניט רעדען וועגען
אַלעם וואָס איז ערשט פאָרגעקומען אין די לעצטע טעג.

דעראָנדאָ האָט געפיהלט אַז דער בריעף וואָס ער האָט געשרי־
בען צו זײַן פעטער נאָך זײַן בעגעגעניש מיט זײַן מוטער האָט ניט
נאָר איהם דערנעהנטערט צו איהם נאָר גאָר דערווײַטערט, דערפאַר
האָט ער געוואַרט אַז דער אַלטער זאָל אָנהויבען פריהער רעדען
וועגען דעם.

ווען זיי זײַנען פערבײַגעגאַנגען דעם פּאַרט האָט סער הוגאָ
איהם גוט בעטראַכט און אין אַן ערנסטען טאָן איהם געפרעגט:

— וואָס איז געווען די הויפּט זאַך וואָס דו, דאָני, ביזט גע־
קומען נאָך גענוא? איך האָף אַז דו האָסט ניט געהאַט קיין צער
פון דעם וואָס דו האָסט זיך דערוואוסט? דו זעהסט ניט איין
אַז דו דאַרפסט ענדערען דײַן לעבען, האַ? דו ווייסט, דײַן גליק
איז מיר שטענדיג וויכטיג צו וויסען, עס אינטערעסירט מיך.

— פאַר אײַער גוטסקייט צו מיר — האָט דעראָנדאָ גע־
זאָגט — האָב איך דאָס גרעסטע צוטרויען צו אײַך, איך קען אײַך
אָבער אײַער פראַגע ניט ענטפערען מיט אַן אײַנפאַכען „יאָ“ אָדער
„ניין“. א סך פון דעם וואָס איך האָב געהערט וועגען מײַן פער־
גאַנגענהייט האָט מיר פיעל צער פערשאַפט. עס איז פאַר מיר
געווען א גרויסער וועהטאָג צו טרעפען זיך מיט מײַן מאַמע און
זיך גלײַך שיידען מיט איהר, ווי איך בין געווען געצוואונגען צו
טאָן. איך האָב אָבער קיין צער ניט געהאַט, פערקעהרט, איך בין
נאָך דאַנקבאַר וואָס איך האָב זיך דערוואוסט ווער מײַנע עלטערען
זײַנען געווען. וואָס אַנבעלאַנגט ענדערונגען וועט צו אײַך קיין
ענדערונג ניט זײַן א דאַנק אײַער פאָטערליכע ליעבע וואָס איהר
האָט מיר אַרויסגעוויזען. נאָר דערווייסענדיג זיך אַז איך בין גע־
בוירען געוואָרען א איד וועט געוויס האָבען אַן אײַנפלוס אויף

מיין לעבען, איך קען אייך אָבער איצט גאָר ניט זאָגען וועגען דעם.

די לעצטע ווערטער האָט דעראָנדאָ גערעדט אַזוי ערנסט און זיכער. ער האָט געוואוסט אַז ער איז גאָר אַן אַנדער מענש ווי סער הוגאָ און אַז זיין לעבען וועט זיך זעהר פיעל ענדערען, עו האָט אַלעם איהם געוואָלט ערקלעהרען ברייטער און טיעפער, ער זאָל איהם גוט פערשטעהן.

סער הוגאָ האָט איהם אַ ווײלע אָנגעקוקט און באַלד אַוועקגענומען די אויגען און געגאַנגען ווייטער ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט, ער האָט פיעל געטראַכט איבער דעם אַלעם וואָס ער האָט געהערט פון דעראָנדאָ און דערנאָך זיך אָנגערופען:

— דאַני, איך האָב שטענדיג דערוואַרט עפּעס גרויסעס פאַר דיר, נאָר, גאָט אין הימעל, זאָלסט נאָר ניט איבערטרייבען צופיעל. איך קען שטענדיג אויסהערען יענעם'ס מיינונג כאָטש איך בין ניט איינשטימיג מיט איהם. איך לייד אָבער ניט אַז מען מאַכט זיך משוגע. אין די היינטיגע צייטען טאָר מען ניט פּראָוועו קיין ווילדע שטיק. זאָלסט מיך ניט שלעכט פערשטעהן, איך מיין ניט אַז דו וועסט זיך אויפפיהרען ווילד, איך האָב נאָר מורא אַז עפּעס אַ משוגענער זאָל דיך ניט פערפיהרען. דו האָסט ליעב יענעם צו טהאָן טובות און אויס רחמנות קענסטו אַריינפאַלען. איך וועל דיר אָבער אין קיין זאַך ניט שטערען און אויב דו וועסט דאַרפען געלד, האָב איך פאַר דיר זעכצעהן טויזענד פונט, וואָס פון די פּראָצענט האָסטו געלעבט ביז איצט. איצט אַז איך בין געקומען, דענק איך אַז דו ווילסט ווי צום גיכסטען צוריקפאָהרען נאָך ענגלאַנד?

— צום ערשטען מוז איך פאָהרען נאָך מאַינץ, אָבצונעהמען אַ קעסטעל וואָס מיין זיידע האָט מיר געלאָזען אַ ירושה און אפשר וועל איך דאָרט זעהן זיין חבר — האָט דעראָנדאָ געזאָגט — און כאָטש דאָס קעסטעל איז דאָרט אָבגעלעגען פיר גאַנצע צוואַנציג יאָהר, בין איך שטאַרק אונגעדולדיג וואָס גיכער עס אָבצונעהמען, ווי איך וואָלט מורא געהאַט עס זאָל ניט פערלאָרען געהן. אפשר שרעק איך זיך אַזוי, ווייל איך בין דאָ פערבליבען עטליכע טעג נאָך מיין מאַמעס אַוועקפאָהרען אַנשטאַט וואָס איך האָב באַלד געדאַרפט צופאָהרען. איצט טהוט מיר ניט באַנג וואָס איך בין

דאָ געבליבען, ווען איך וואָלט אַוועקגעפאָהרען וואָלט מאַדאַם גראַנדקאָרט ניט געהאַט די ערשטע צייט קיין בעקאַנטען מענשען לעבען זיך.

— יאַ, יאַ, איך האָף אַז דו וועסט ניט שטעלען העכער אַ טויטען אידען פון אַ לעבעדיגען קריסטין — האָט סער הוגאָ זיך געפּרואווט וויצלען, וועלענדיג בעהאַלטען זיין פערדרום אויף דעראָנדאַ'ס לעצטע ווערטער.

דעראָנדאַ איז רויט געוואָרען און קוים וואָס ער האָט זיך איינגעהאַלטען איהם צו ענטפערען שאַרף. זיי זיינען פּונקט אָנגעקומען צו דעם האָטעל „איטאַליאַ“.

## 48טער קאַפּיטעל.

אַז דעראָנדאַ האָט אָבגעגעבען דעם בריעף אין באַנקהויז אויף „שוסטער שטראַסע“, אין מאַינץ און זיך געפרעגט אויף יוסף קלונימוס, האָט מען איהם גלייך אריינגעפיהרט אין אַ צימער וואו ביי אַ טיש מיט אַ פּאַק בריעף איז געזעסען דער אַלטער איד מיט דער ווייסער באָרד וועלכען ער האָט פאַר אַ יאָהרען געטראָפען אין דער פראַנקפורטער שוהל.

ער איז געגאַנגען אָנגעטהאָן אין זיין הוט, אין דעם זעלבען אַלטען הוט וואָס ער האָט געטראָגען אין פראַנקפורט. לעבען איהם איז געלעגען אַ רייזע טאַש און אַן אויבער מאַנטעל.

אַזוי ווי דעראָנדאַ איז אריין האָט ער זיך אויפגעשטעלט, ער האָט זיך אָבער פון אָרט ניט געריהרט און אויך ניט דערלאַנגט איהם די האַנד. ער האָט איהם דורכגענומען מיט זיינע קליינע שאַרפע אויגען וואָס האָבען ווי שוואַרצע דיאַמענטען אַרויסגעלויכטען פון זיין געלבליך פּנים און ווייסער באָרד און געזאָגט אין דייטש:

— גוט. איצט זוכט איהר מיך, יונגערמאַן.

— יאַ, איך זוך אייך און בין אייך דאַנקבאַר, אַלס דעם פריינד פון מיין זיידע, האָט דעראָנדאַ געזאָגט — איך בין אייך אויך דאַנקבאַר וואָס איהר האָט זיך אַזוי פיעל בעמיהט פאַר מיר.

דעראָנדא האָט גערעדט אין זיין געוועהנליכען, אנגענעהמען טאָן וואָס האָט יעדען איינעם צוגעצויגען צו זיך.

קלונימוס האָט איהם דערלאַנגט די האנד און געפרעגט:

— איהר זייט אַלזאָ שוין ניט מעהר אין כעס, וואָס איהר זייט נאָך מעהר ווי אַן ענגלענדער?

— פערקעהרט, איך דאַנק אייך זעהר וואָס איהר האָט געהאָלפען מיר אויפדעקען דאָס געהיימניס און איך זאָל ניט מעהר לעבען אין אונוויסענהייט, ניט צו וויסען ווער מיינע עלטערען זיינען געווען, איך דאַנק אייך אויך פאַר דעם וואָס איהר האָט אָפּגעהיט דאָס קעסטעל וואָס מיין זיידע האָט מיר איבערגעלאָזען.

— זעצט זיך, זעצט זיך — האָט קלונימוס געזאָגט גיך און זיך אַוועקגעזעצט צוריק, אָנווייזענדיג דעראָנדא'ן אויף אַ שטוהל. — ער האָט אַרונטערגענומען זיין הוט און דעראָנדא האָט דערזעהן זיין ווייסען קאָפּ האָר. ער האָט זיך געגלעט די ווייסע באָרד און עטליכע מינוט דורכגענומען דעראָנדא'ן מיט זיינע שאַרפע אויגען. דעראָנדא איז געזעסען און געוואַרט, און זיין הארץ האָט אַזוי געצאַפּעלט און זיך געוואָרפען אין איהם. ער האָט אויף אַ רגע ניט פערגעסען אַז דער אַלטער איז געווען זיין זיידענס געטרייער חבר. און ער איז דאָך געווען זיין זיידענס האָפנונג, אויף איהם. זיין אייניקעל האָט ער זיינע אַלע האָפנונגען געלייגט און איהם האָט ער געלאָזען זיינע שריפטען אַ ירושה, ער וועט זיי באַלד בעקומען... ערשט איצט האָט דעראָנדא דערפיהלט ווי דאָס בלוט פון זיינע עלטערען פליסט אין איהם, ער איז אַזוי פרעהליך און גליקליך געווען דערמיט. דער אַלטער קלונימוס האָט דערקענט אַז דעראָנדא איז גליקליך און ער האָט דערזעהן אַז זיין פערשטאָרבענער חבר האָט איצט בעקומען זיין ריכטיגען יורש, וואָס וועט טהאָן זיין פערלאַנג און אויסלייזען זיין גרויסע האָפנונג...

קלונימוס האָט איהם געזאָגט אין העברעאיש די תפילה: „אַזוי ווי דו ביזט געווען מיט אונזערע עלטערען זאָלסטו, ליעבער גאָט זיין מיט אונז“.

ער האָט געשוויגען אַ ווייַלע און דערנאָך האָט ער געזאָגט צו דעראָנדא'ן: „יונגערמאַן, איך בין צופרידען וואָס איהר האָט מיך געטראָפען אין דער היים און איהר זייט געקומען אין צייט און איך

זעה אין אייך דעם געשטאַלט פון אייער זיידען, מיין גוטען חבר ווען ער איז געווען נאָך יונג. עס פרעהט מיך וואָס איהר זייט איצט ניט מעהר דערוויטערט פון אייער פאָלק, איהר שוידערט שוין ניט מעהר ווען אַ איד בעריהרט אייך. איהר זייט איצט געקומען און מיט אַ הארץ פול דאַנקבאַרקייט וואָס איהר ווייסט אַז איהר זייט אַ איד, איהר זייט געקומען אָבנעהמען די ירושה וואָס מען האָט ביי אייך געוואָלט אַוועקרויבען. איהר זייט געקומען און מיט אייער גאַנצער נשמה גרייט צו דערקלערען אַז איהר זייט דאָס אייניקעל פון דניאל חאריזי. איז עס ניט אַזוי?

— יאַ, זיכער — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — נאָר איהר זאָלט וויסען אַז איך האָב קיינמאָל ניט געקוקט שלעכט אויף קיין איד נאָר דערפאַר אליין וואָס ער איז אַ איד. דאָס וואָס איך האָב גע־ציטערט ווען איהר זייט צו מיר צוגעקומען אין שוהל אין פראַנק־פורט איז ניט געווען, ווייל איהר, אַ איד, זייט צו מיר צוגעקומען נאָר ווייל איך האָב ניט געקענט אייך ענטפערען אַז איך וויים ניט וואו מיין מאַמע איז...

— אַ זינד! אַ זינד! — האָט קלונימוס געזאָגט אויפהויבענ־דיג זיין האַנד און פערשליסענדיג די אויגען — אַ רויבעריי פון אונזער פאָלקס קינדער, האָט מען מיט אייך געטהאָן פונקט ווי די רוימער האָבען אַוועקגערויבט אידישע זיהן און טעכטער. איך האָב עס אָבער געשטערט. ווען דניאל חאריזי עליו השלום אַז ער איז נאָך געווען גאַנץ יונג, מיט מיר אין איינע יאָהרען, האָבען מיר ביידע געשלאָסען פריינדשאַפט און זיך געשוואָרען אייביגע טריי־הייט. ער האָט מיר געזאָגט דאָס מיר זאָלען זיך האַלטען צוזאַמען ווי מיר וואָלטען געווען קינדער פון איין מוטער. ער האָט שטענ־דיג ליעב געהאַט זיך צו פאַרבינדען מיט אַ שבועה און יעדע זאַך וואָס ער האָט געוואָלט טהאָן האָט ער זיך אַ נדר געטהאָן פריהער אויסצופיהרען. מיר זיינען שטענדיג געווען צוגעבונדען איינס צו דאָס אַנדערע. און ווען מיר זיינען זאָגאַר געווען ווייט איינער פון אַנדערען, זיינען מיר זיך אויך געטריי געווען און געדענקט אונזער פריינדשאַפט. ווען ער איז געשטאָרבען האָבען זיי איהם געוואָלט בערויבען, מיך האָבען זיי אָבער ניט געקענט אַוועקרויבען. איך האָב געראַטעוועט דאָס וואָס ער האָט איבערגעלאָזען פאַר זיין יורש.

איך האָב אויך צוריק געבראכט צו איהם דעם יורש וואָס זיי האָבען געהאט אוועקגערויבט פון איהם, ווארט צו, איך וועל אייך באַלד אריינברייגגען דאָס קעסטעל.

קלונימוס איז ארויס פון צימער און אין עטליכע מינוט איז ער צוריקגעקומען און אַ דינער האָט אריינגעטראָגען דאָס קעסטעל. ער האָט ארונטערגענומען די לעדערנע צודעק, אוועקגעשטעלט דאָס קעסטעל און איז ארויס. דאָס קעסטעל איז געווען ניט גרויס אָבער זעהר שווער און שעהן אויסגעארבייט.

קלונימוס האָט זיך אוועקגעזעצט און געזאָגט:

— דאָס איז עס און אָט איז דער שליסעל. גיט גוט אכטונג אויף דעם, היט עס אָב, איך גלויב אז איהר זייט אַ פּאַרזיכטיגער מענש.

ער האָט איהם דאָס איבערגעגעבען און געערעדט אין אַזאַ טאָן און געקוקט אויף איהם מיט אַ בליק פון אַן אַלטען וואָס איז נאָך ניט גאַנץ זיכער מיט דעם יונגען מאַן, צו ער וועט דאָס קענען אָבהיטען.

— איך וועל דאָס אָבהיטען מעהר ווי די טהייערסטע זאכען אויף דער וועלט — האָט דעראָנדאַ געזאָגט מיט אַ שמייכעל און אריינגעלעגט דעם שליסעל אין קעשענע — איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהאט אַ זאַך וואָס זאָל מיר זיין אַזוי טהייער ווי דאָס קעס־טעל, עס גיט מיר אַזוי פיעל האָפנונג, איך וועל קיינמאָל ניט פער־געסען אַז דאָס האָב איך אייך צו פערדאנקען. האָט איהר צייט מיר צו דערצעהלען מעהרערעס פון מיין זיידען? אפשר שטער א׳ך אייך?

— זייט נאָך דאָ אַ ביסעל, אין אַ שעה מיט אכצעהן מינוט ארום פאָהר איך נאָך טריעסט — האָט קלונימוס געזאָגט קוקענדיג אויף זיין זייגער — מיינע קינדער ווארטען פאַר מיר. ווילט איהר אַז איך זאָל אייך בעקענען מיט זיי? זיי וועלען זיך פרעהען צו זעהן מיין פריינד׳ס אייניקעל. זיי וואוינען דאָ, זיי לעבען גאַנץ רייך כאָטש איך האָב געוואַנדערט מיין גאַנץ לעבען.

— איך וועל זיין זעהר צופרידען זיך צו בעקענען מיט זיי — האָט דעראָנדאַ געזאָגט. — נאָר אַן אַנדערש מאָל. צוליעב וויכטיגע אורזאכען מוז איך גיך צוריק פאָהרען נאָך ענגלאַנד, מיינע פריינד אין ענגלאַנד דארפען מיך זעהר נויטיג האָבען. איך האָב זיי שוין

לאַנג ניט געזעהן. איך וועל אָבער קומען ספּעציעל נאָך אַמאָל נאָך מאינץ צו בעקענען זיך מיט אייער פאַמיליע.

— גוט. ווער ווייס אָבער צו איהר וועט מיך נאָך אָנטרעפען. איך בין שוין אַ זיעבעציגער, פאָהר כסדר ארום, טראָג די תכריכים מיט זיך. מיינע קינדער און מיינע אייניקלעך זיינען אָבער שטענ־דיג דאָ. איצט זיינען די צייטען גאָר אַנדערע פון אַמאָל ווען מען האָט די אידען געברענט אויפ'ן פייער ווייל זיי האָבען זיך ניט גע־וואָלט שמד'ן. איצט זיינען מיר רייך און דייטשלאַנד האָט פון אונז זעהר פיעל, זיי לערנען ביי אונז, נאָר אָפטמאָל פערגעסען די אי־דען זייער פאָלק. יונגער מאַן, ווייסט איהר גאָרניט די געשיכטע פון אייער פאָלק?

— איך ווייס יאָ — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — לעצטענס, ווען איך האָב נאָך גאָרנישט געוואוסט פון מיין פערגאַנגענהייט איז מיר אויסגעקומען צו לערנען די אידישע געשיכטע און קיין זאַך האָט מיך ניט אַזוי פיעל אינטערעסירט ווי דאָס. איך האָב זיך צוגעגרייט ניט וויסענדיג, צו קענען פערשטעהן מיין זיידען.

דעראָנדאַ האָט מיט אַ כיון גערעדט וועגען זיין זיידען, קלו־נימוס זאָל איהם עפּעס דערצעהלען וועגען איהם און ניט רעדען גלאַט אין דער וועלט אריין. ער האָט טאַקי געטראָפען אין ציעל.

— איהר וואָלט אפשר געוועזן אַזאַ מענש ווי אייער זיידע ווען אייער ערציהונג וואָלט געוועזן אַ אידישע — האָט קלונימוס גע־זאָגט — איהר זעהט אויס פּונקט ווי ער. איהר זייט אָבער דאָך אַביסעל אַנדערש פון איהם. ער האָט געהאַט אַן אייזערנעם ווילען, דאָס האָט מען דערקענט אויף זיין געזיכט, מיט'ן ערשטען בליק האָט ער יעדען בעהערשט. ווען ער איז נאָך גאַנץ יונג געוועזן האָט ער שוין געהאַט אַ גרויסען קנייטש אויפ'ן שטערען און דאָס האָט איהר נאָך ניט. דניאל חאַריזי האָט שטענדיג געזאָגט, אַז עס איז בעסער צו האָבען אַ קרומען ווילען נאָר אַ שטאַרקען, איידער אַ גליי־כען נאָר אַ שוואַכען און שרעקענדען, בעסער צו האָבען אַ זיכערען פיינד איידער אַן אונזיכערען פריינד, בעסער האָבען אַ פאַלשען גלויבען איידער גאָרניט צו גלויבען. וואָס ער האָט אַממייסטען גע־האסט איז גלייכגילטיגקייט, איך קען אייך ניט דערקלעהרען פאַר וואָס ער האָט אַזוי געזאָגט.

— און דאָך איז ער געווען אַ געבילדעטער מאַן — האָט דע־ראָנדא געפרעגט.

— צו ער איז געווען געבילדעט? — האָט קלונימוס געשמיר־כעלט — פון קינדוויים אויף האָט ער געהאַלטען אין איין לערנען, ווי אַ וואָרצעל וואָס קען ניט לעבען אָהן וואַסער אַזוי האָט ער ניט געקענט זיין אָהן לערנען, גאַנץ יונג האָט ער זיך גענומען צו מעדי־צין, ער איז אויסגעפאָהרען די גאַנצע וועלט, אַ פערמעגען האָט ער אויסגעברענגט אויף דעם, ווייל ער האָט געוואָלט מעהר קענען און וויסען. ער איז געקומען צו דעם בעשלוס אַז נאָר דעמאָלט וועט דעם מענשען זיין גוט, ווען אַלע מענשען וועלען זיך פערבינדען און פער־ברידערען, יעדער מעג זיך לעבען מיט זיין פאָלק. אַלע פעלקער דאַרפען אָבער לעבען גוט צווישען זיך, ווי ברידער. דאָס הארץ האָט איהם שטאַרק וועה געטאָן זעהענדיג ווי די אידען זיינען צושפּרייט אויף אַלע עקען וועלט, ווי אַזוי, האָט ער געטענה'ט וועט מען אַמאָל זיי קענען צוזאַמענברייינגען, זיי זאָלען זיין איין פאָלק!

מיר האָבען אָפט געלערענט צוזאַמען. ער האָט אָבער פיעל מעהר געקענט און געוואוסט פון מיר. מיר זיינען ניט געווען גלייך איינער צום אַנדערען, ער האָט געהאַט אַ בעסערען קאָפּ און איך האָב איהם שטענדיג געפאָלגט. איין וועג האָבען מיר געהאַט פאַר זיך. מיר זיינען געווען טרייע אידען, געדאַנקט גאָט וואָס מיר זייי־נען אידען. קיין זאַך האָט זיך ביי מיר ניט געביטען אויסער דאָס וואָס איך בין אַלט און גרוי געוואָרען. חאַריזי האָט שטענדיג גע־לערענט און געוואָלט וויסען צו די אידען וועלען נאָך אַמאָל זיין אַ פאָלק צוריק אויפ'ן אייגענעם לאַנד. איך האָב אָבער וועגען דעם ניט געטראַכט. איך האָב געדאַנקט גאָט וואָס מיר לעבען זיך רוהיג אין גלות. נאָך איידער מיר זיינען פערטריבען געוואָרען פון ארץ ישראל זיינען דאָך שוין אידען אַוועקגעפאָהרען אין אַנדערע לענ־דער, האָב איך געזאָגט, אַז אַזוי איז שוין די אידישע נאַטור, שטענ־דיג אַרומפאָהרען פון לאַנד צו לאַנד. חאַריזי איז מיט דעם ניט צופרידען געווען, אָבער מיר זיינען זיך געווען גוטע און איבערגע־בענע חברים און איך האָב איהם צוגעשוואָרען העלפען אויספיה־רען זיין פערלאַנג און איהר זעהט, איך האָב געהאַלטען מיין שבועה.

קלונימוס האָט זיך אויפגעשטעלט. דעראָנדאָ האָט זיך אויך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— האַלטענדיג אייער שבועה צו מיין זיידע האָט איהר מיך אומגעקעהרט צו מיין פאָלק און געגעבען גערעכטיגקייט צו די בע־רויבטע, עס וואָלט געווען אַ גזלה ווען איך וואָלט ניט געוואוסט פון דער ירושה וואָס מען האָט פאַר מיר איבערגעלאָזט. איך דאַנק אייך מיט מיין גאַנצער נשמה.

— איהר זייט ווערט צו זיין אַן אייניקעל אייער זיידענס, יונגער מאַן — האָט קלונימוס געזאָגט — וואָס איז אייער בעשעפ־טיגונג?

די פראַגע איז געווען אַזוי אונערוואַרטעט און דעראָנדאָ האָט זיך צוריקגעהאַלטען צו זאָגען אַז ער איז אַן אַדוואָקאַט.

— איך קען ניט זאָגען אַז איך האָב עפּעס אַ בעשעפטיגונג — האָט ער געענטפערט.

— זעהט, קלייבט זיך אויס אַ בעשעפטיגונג, אַ איד מוז זיין ענערגיש און אַרבייטסזאַם. איהר וועט זיך רופען אַ איד און האַל־טען זיך אין אידישען גלויבען? — האָט קלונימוס געפרעגט אַרויפ־לייגענדיג זיין האַנד אויף דעראָנדאָ'ן און געקוקט שאַרף אין זיינע אויגען.

— געוויס וועל איך זיך רופען „איד" — האָט דעראָנדאָ גע־זאָגט קלאָר, וועהרענדיג אַביסעל בלאַס אונטער קלונימוס שאַרפען בליקען — איך וועל אָבער ניט זאָגען אַז איך וועל טהאָן יעדע קליי־ניגקייט ווי מיינע עלטערען האָבען געטהאָן. די אידען האָבען זיך שטענדיג געביטען אונטער די אומשטענדען. איך פערשטעה אָבער גוט מיין זיידענס רייד אַז די פעלקער זאָלען זיין פערבונדען און דאָך זאָל יעדער לעבען מיט זיין אמונה און מיט זיין פאָלק. איך האַלט דאָס פאַר מיין ערשטע און גרעסטע פליכט אין מיין לעבען מיטצו־העלפען אַז אונזער פאָלק זאָל ווערען צוריק אַ פאָלק ווי אַמאָל און מיט לייטען גלייך. איך וועל מיין גאַנצעס לעבען אַוועק שענקען דערפאַר, דאָס וועט זיין מיין בעשעפטיגונג...

דעראָנדאָ האָט איצט גערעדט פיעל מעהר וויפיעל ער האָט אייגענטליך געוואָלט רעדען און ער האָט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געבענקט נאָך דעם.

— איהר זייט דניאל חאריזי'ס אייניקעל! — האָט קלונימוס געזאָגט פרעהליך — איהר טראַכט ווי ער, איהר זייט זיין ריכטיג אייניקעל! ער האָט איהם געבענשט מיט די ברכה פון די כהנים:

— יברכך ד' וישמרך, יאר ד' פניו אליך ויחנך, ישא ד' פניו אליך, וישם לך שלום־

מיט דער ברכה האָבען זיי זיך צושיידט. אז דעראָנדא איז אָנגעקומען אין לאָנדאָן איז דעמאָלט דער אַלטער קלונימוס געזעסען אויף אַ שיף און געפאָהרען אויף זיינע רייזעס און געקוקט אזוי צו־פרידען אויף די לייכטענדע שטערען אין הימעל...

## 49טער קאַפּיטעל

די נייעס אז גראַנדקאָרט איז דערטרונקען געוואָרען האָט ניט נאָר אָנגעמאַכט אַ טומעל אין פעניקאַט און רעקס גאַסקאָין איז אַ דערציטערטער געוואָרען, עס האָט נאָך אין הויז אריינגעבראַכט צורודערונג.

האַנס מייריק האָט אַלע טאָג געבראַכט די „טאַימס" פאַר זיין מוטער. די אַלטע מיסעס מייריק האָט געלייענט די צייטונג פון אָנפאַנג ביז ענדע. אַלע נייעסען, אַנאָנסען, ווער עס איז געשטאָר־בען, ווער עס האָט חתונה געהאַט, אַלץ האָט זי געלייענט. „נאָר אזוי, ווען מען לייענט אַלץ, קען מען וויסען וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך", האָט זי געזאָגט.

איינמאָל איז האַנס אַהיים געקומען מיט די צייטונג, דאָס איז געווען אַ מיטוואָך, ער האָט אָפּגעפּאַסט די צייט ווען מירא איז געקו־מען געבען מאַב'ן אַ לעסאָן, ער איז אריין שטאַרק אויפגערעגט, אַ וואָרף געטהאָן די צייטונג און ניט געלאָזען מאַב'ן זינגען.

מירא און מאַב האָבען זיך דערשראָקען און מאַב האָט אַ געשריי געטהאָן: — אוי, אוי, אוי, האַנס וואָס מאַכסטו אזא טומעל?

— וואָס פאַר אַ נייעס איז געשעהן? — האָט די מוטער גע־פרעגט — עפּעס אַ מלחמה? אין איטאַליען?

— יאָ, איך האָב אַ נייעס פון איטאַליען — האָט ער געזאָגט און עס איז קענטיג געווען אז עס איז ניט קיין פרעהליכע נייעס נאָר ער האָט הנאה פון דעם.

— כאָטש ניט קיין שלעכטע נייעס? — האָט די אַלטע אַ פרעג געטהאָן דערשראָקען, זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעראָנדאַ'ן. מירא'ן האָט פון דעם זעלבען געדאַנק דאָס האַרץ אָנגעהויבען קלאַפּען פאַר שרעק.

— ניט קיין שלעכטע נייעס פאַר אונזערע פריינד— האָט ער גיך געזאָגט — גיכער אַ גליקליכע נייעס, דענק איך. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט אז אַ מענש זאָל אַזוי שטאַרבען אין צייט ווי דער, איך וואונדער זיך נאָר וואָס איך לעב נאָך.

— אָ, האַנס — האָט מאַב פערלוירען דעם געדולד — וואָס האָט געטראָפען?

— פירשט אַלפאַנזאָ איז דערטרונקען געוואָרען און די פירשטין לעבט, דאָס אַלץ — האָט האַנס געזאָגט און געוויזען די צייטונג זיין מוטער — נאָר מעהר נייעס איז דאָס וואָס דעראָנדאַ איז דער־מאָלט געווען מיט זיי אין איין האָטעל אין גענוא, ער האָט געזעהן ווי די פישער האָבען זי געראַטעוועט, זיי האָבען זי פון וואַסער אַרויסגעצויגען פּונקט אין דער ריכטיגער צייט. די מאַטראָזען האָ־בען זי געזעהן נאָך שפּרינגען איהר מאַן אין ים אריין, דאָס איז גראַד ניט זעהר קלוג געווען פון דער פירשטין וואָס זי איז געשפּרונ־גען אין ים אריין, אָבער דעראָנדאַ איז אַ גליקליכער מענש וואָס ער איז דאָרט געווען, ער האָט אויף איהר אַכטונג געגעבען.

מירא האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויפ'ן שטוהל, האָט פערמאַכט די אויגען און פערלייגט די הענד. פרוי מייריק האָט דערלאַנגט די צייטונג מאַב'ן און געזאָגט:

— אָרימער מענש! זי מוז איהם האָבען שטאַרק ליעב געהאַט, אַז זי איז איהם נאָכגעשפּרונגען אין וואַסער אַריין.

— עס איז געווען אַן אונזין, זי איז אַביסעל משוגע געוועזען האָט זי דאָס געטהאָן — האָט האַנס זיך געוויצעלט און זיך אַוועק־געזעצט לעבען מירא'ן — ווער קען ליעבען אַן אייפערזיכטיגען מאַן? ער האָט דאָך איהר שטענדיג נאָכגעקוקט, קיינמאָל קיין אויג ניט אַרונטער גענומען פון איהר, אַזאַ קאַלטער און אַ געפרויר־רענער, גוט וואָס ער איז דערטרונקען געוואָרען, די פירשטין איז איצט פריי און וועט קענען חתונה האָבען מיט אַ מאַן וואָס האָט אַ

שעהנעם קאָפּ האָר און פייעריגע בליקען, זיי וועלען מיך געוויס בעטען אויף דער חתונה.

מירא האָט זיך אויפגעשטעלט, געקוקט בייז אויף האַנס'ן און ציטערענדיג אינגאַנצען האָט זי געזאָגט:

— הערר האַנס, איהר דאַרפט אזוי ניט רעדען, הערר דעראָנדא וואָלט ניט געוואָלט אז איהר זאָלט אזוי רעדען. פאַרוואָס זאָלט איהר זאָגען אז ער איז גליקליך, פאַרוואָס זאָלט איהר אזוי רעדען ווען עס האַנדעלט זיך וועגען לעבען און טויט? ווען פאַר איינעם איז דאָס לעבען און פאַר'ן צווייטען א טויט? ווי אזוי ווייסט איהר אז עס וואָלט געווען א גליק פאַר איהם ווען ער וואָלט ליעב געהאַט מאַדאַם גראַנדקאָרט? עס וואָלט אפשר געווען זעהר שלעכט פאַר איהם? זי וואָלט איהם צוגענומען פון מיין ברודער, איך ווייס, זי וואָלט איהם צוגענומען. הערר דעראָנדא וואָלט דאָס ניט אָנגערופען גליק ווען ער וואָלט צובראָכען מיין ברודער'ס האַרץ.

זיי האָבען זיך אַלע פערוואונדערט זעהענדיג ווי מירא זעהט אויס. איהרע אויגען האָבען געשפּריצט פייער און דאָס פּנים איז געווען שרעקליך בלאַס.

האַנס איז רויט געוואָרען און צוטומעלט געזאָגט:

— איך בין א נאַר און אַן אכזר, איך ציה צוריק אַלע מיינע ווערטער. איך וועל זיך אויפהענגען און געננג, גוט?

ער האָט זיך שטענדיג געוויצעלט ווען דאָס האַרץ האָט איהם זאָגאַר שטאַרק וועה געטהאָן.

מירא איז נאָך אַלץ געווען אין כעס. זי האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען, דאָס וואָס זי האָט איצט פון איהם געהערט האָט אָנגעצונדען א פייער אין איהר האַרץ. ווי א חיה וואָס איז שרעקליך פערוואונדעט און זי בייסט זיך אַליין פאַר וועהטאָג האָט זי די ווערטער גערעדט אום זי זאָל קענען איהר צער איבערטראָגען. זי האָט שוין אָבער געשוויגען. אוועקגעזעצט זיך צוריק לעבען פּיאַנאָ, געעפענט די נאָטען, ווי זי וואָלט געוואָלט ווייטער שפּיעלען.

מאַב האָט אָנגעהויבען רעדען און פרוי מייריק איז געזעסען א דערשלאָגענע ווי איהר זוהן:

— מירא איז גאַנץ גערעכט וואָס זי איז בייז אויף דיר, האַנס. דו רעדסט שטענדיג וועגען הערר דעראָנדא און מישט איהם אריין

דאָרט וואו מען דאַרף נישט. עס איז שרעקליך ווי דו וויצעלסט זיך איבער דעם וואָס דו זאָגסט ער וועט חתונה האָבען מיט ליידי גראַנדקאָרט. מענער האָבען שווארצע געדאַנקען — האָט מאַב געזאָגט מיט פערזאַכטונג.

— גאַנץ ריכטיג, מיין טהייערע — האָט האַנס געזאָגט און איז אוועק צום פענסטער.

— לאָמיר בעסער ווייטער אָנגעהן מיט דער לעקציע, מאַב, ביזט נאָך ניט פאַרטיג — האָט מירא געזאָגט אויך — ווילסטו זינגען אָדער איך זאָל דיר נאָכאַמאָל פאָרזינגען?

— זינגט איהר עס, איך בעט אייך — האָט מאַב געזאָגט צופרידען וואָס זיי רעדען שוין ניט וועגען דער גאַנצער געשיכטע.

ווען מירא האָט געזונגען דאָס ליעד „לאָז מיך וויינען", איהר קול האָט אזוי טרויעריג וועהטאָגדיג געקלונגען. האַנס האָט אויפגעהערט געהן אויף און אב. האָט זיך אוועקגעשטעלט לעבען אויוועהן און געהיט זיך ניט צו קוקען די מוטער אין די אויגען.

אז מירא האָט געענדיגט דאָס ליעד האָט זי זיך אויפגעהויבען און געזאָגט: — איך מוז געהן אהיים, עזרא וואַרט אויף מיר.

זי האָט דערלאַנגט די האַנד דער אלטער פרוי מייריק, זי האָט קיין וואָרט ניט גערעדט און ניט געקוקט איהר אין די אויגען, גאָר ניט ווי שטענדיג וואָס זי פלעגט פאַר'ן אוועקגעהן מיט איהר זיך צו־קושען.

פרוי מייריק האָט זיך אָבער ניט געקענט איינהאַלטען, זי האָט מירא'ן צוגעצויגען צו זיך און זי געקושט און געזאָגט:

— גאָט זאָל דיך בענשען, מיין טהייער קינד.

מירא האָט דערפיהלט אז זי האָט פערשאַפט עגמת נפש דער אלטער דערמיט וואָס זי האָט אזוי געבייזערט זיך אויף האַנס'ן, עס האָט איהר באַנג געטהאָן, זי האָט מורא געהאַט דאָס די אַלטע זאָל זי ניט בעשולדיגען אז זי איז שוין איצט געוואָרען גרויס ביי זיך און האָט פערגעסען דאָס גאַנצע גוטס וואָס זי האָט איהר געטהאָן, זי בעווייזט אז זי איז בעסער פון איהר זוהן, אָרענטליכער און קלוּ־גער. פרוי מייריק האָט א קוק געטאָן אויף מירא'ן און פערשטאַ־נען וואָס ביי איהר אין הארץ טוט זיך אָב.

האַנס האָט דערווייל גענומען זיין הוט און געוואָלט אַוועק גערן.

— האַנס, דו ווילסט דאָך ניט גערן איצט מיט מיראַ'ן אהיים ?

— האָט מאַב געזאָגט.

— איך וועל זי בעגלייטען, אויב זי וועט דאָס מיר ערלויבען

— האָט האַנס געזאָגט און געעפענט די טהיר.

מירא האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, זי איז אַרויס אין דרויסען, ער איז געגאַנגען לעבען איהר, זי האָט דאָך איהם ניט געזאָגט, ער זאָל זי לאָזען אליין.

האַנס האָט ערשט איצט דערזעהן אז ער האָט געהאַט אַ טעות, ער האָט געמיינט אז דעראָנדא איז פאַר מיראַ'ן נאָר איהר וואָהל־טהעטער, דער מלאך וואָס האָט זי געראַטעוועט פון טויט, ניט מעהר איצט האָט ער געזעהן אז זי האָט איהם ליעב, זי איז שטאַרק צוגע־בונדען צו איהם, מיט איהר גאַנץ לעבען. איצט האָט ער שוין ניט געזאָרגט אזוי וועגען זיך נאָר וועגען זייביידע, וועגען דעראָנדאַ'ן און מיראַ'ן. ער האָט געקענט שווערען אז צווישען דעראָנדאַ'ן און ליידי גראַנדקאָרט איז עפּעס דאָ אַזעלכעס וואָס ניט אזוי גרינג וועלען זיי קענען איבעררייסען. ער האָט דאָך שטענדיג נאָכגעקוקט דעראָנדאַ'ן, די שוועסטערען האָבען איהם אויך דערצעהלט וואָס אַנאַ גאַסקאָין האָט געזאָגט וועגען דעראָנדאַ'ן און גווענדאָלינ'ען. דאָס האָט איהם געמאַכט גלויבען אַז ניט נאָר האָט גווענדאָלין ליעב דעראָנדאַ'ן, נאָר אויך דעראָנדאַ האָט זי שטאַרק ליעב. ער פער־שטעלט זיך נאָר, מען זאָל ניט דערקענען. מען דערקענט עס זאָגאַר אויך, דעראָנדאַ ווערט בייז ווען מען רעדט פון איהם און גווענדאָ־לינ'ן. אַן אַנדערער אויף האַנס אָרט וואָלט מעהר ניט גערעדט וועגען דעם, ווען ער וואָלט געזעהן אז דאָס פערדריסט דעראָנדאַ'ן. האַנס אָבער האָט ליעב געהאַט זיך וויצלען און אזוי וויצלענדיג זיך האָט ער געדענקט, וועט ער געוואָהר ווערען וואָס צווישען זיי ביידע קומט פאָר.

אז צווישען דעראָנדאַ'ן און מיראַ'ן איז אויך עפּעס פאַראַן דאָס האָט ער ניט געגלויבט. ער האָט זי ניט ליעב, דעראָנדא, ניט מעהר ער וויל איהר לאַגע אויסבעסערען, העלפען איהר אז זי זאָל זיך איינאָרדנען און ניט דאַרפען אָנקומען צו מענשען. אויסער

דעם האָט דאָך דעראָנדאַ איהם אַליין געזאָגט אַז מירא וועט ניט חתונה האָבען מיט קיין גוי, וועט זי דאָך געוויס ניט חתונה האָבען מיט דעראָנדאַ'ן. האַנס איז געווען זיכער ווי אַלע איבעריגע בע־קאַנטע אַז דעראָנדאַ איז סער הוגאָ מאַלענדזשער'ס זוהן.

אַזוי האָט האַנס פריהער גערענקט. פּלוצלונג איז אָבער גראַנד־קאָרט דערטרונקען געוואָרען און, ער האָט זיך דערפרעהט, דעראָנדאַ וועט איצט אָהן קיין שטערונגען קענען חתונה האָבען מיט גווענדאָ־לינען, האָט ער אָבער באַלד דערזעהען ווי מירא האָט ליעב דעראָנ־דאַ'ן, זי האָט איהם ליעב ווי איהר לעבען. דאָס האָט איהם שטאַרק וועה געטהאָן, אי אויף זיך אַליין אי אויף מירא'ן.

איין טרייסט האָט ער געפונען, דענקענדיג אַז דעראָנדאַ האָט זי ניט ליעב. ווען דעראָנדאַ וואָלט זי אויך ליעב געהאַט וואָלט ער זעהר פיעל געליטען פאַר אייפערזיכט, נאָר אַזוי האָט ער נאָר רחמנות געהאַט אויף איהר און פאַראיבער געהאַט אויף דעראָנדאַ'ן וואָס ער האָט זי אויך ניט ליעב... און אַמאָל איז ער גראַד צופרי־דען געווען דערפון...

ער האָט שטאַרק געוואָלט זאָגען מירא'ן אַז עס טהוט איהם באַנג, וואָס ער האָט איהר פערשאַפט עגמת נפש, ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין קוראַזש דאָס מויל צו עפענען. ער האָט בעסער בעשלאָסען שווייגען, ווען מירא וועט זעהן אַז ער רעדט ניט, וועט זי פערשטעהן, אַז ער האָט חרטה אויף דער גאַנצער געשיכטע.

זיי זיינען דערוויילע צוגעקומען צו מירא'ס הויז. ער האָט איהר דערלאַנגט די האַנד און געקוקט מיט אויגען פול געבעט, ער האָט קוים געקענט אַרויסזאָגען „אַ גוטען טאָג". מירא האָט גלייך געקוקט אויף איהם און ער האָט דערקענט אַז זי איז שוין ניט מעהר בייז, זי האָט איהם ווייך אַ זאָג געטהאָן:

— איהר ווילט ניט אַריינגעהן צו מיין ברודער?

האַנס האָט אָנגענומען די ווערטער פאַר אַן אָפענע ענטשולדי־גונג. זי האָט איהם שוין אינגאַנצען פאַרגעבען און זי וועט דאָס קיינמאָל מעהר ניט גערענקען. ער האָט זי ניט געקענט, זי איז גע־וועהנט געווען צו פערשווייגען יעדע עולה און אונרעכט וואָס מען האָט איהר געטהאָן.

— גוט איך וועל אריינגעהן — האָט ער געזאָגט און איז איהר נאָכגעגאַנגען.

ער האָט איצט שוין פערגעסען אַלץ וואָס איז צווישען איהם און איהר פאָרגעקומען. ער האָט זיך זעהר גוט דערפיהלט און דאָס הארץ האָט איהם געזאָגט, אז ער קאָן האָפען אויף מירא'ן. זי וועט זעהן ווי טריי און איבערגעגעבען ער איז איהר און אז דעראָנדא'ן וועט זי ניט קענען דערגרייכען וועט זי איהם ליעב בעקומען.

דאָס וואָס זי איז אַ אידיש קינד, האָט ער געטראַכט, איז אויך ניט קיין שטערונג פאַר איהם. ער האָט זעהר פיעל מאָל געהערט ווי אידישע פרויען האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט צוליעב זייער רע־ליגיאָן און זיך פערליעבט אין קריסטען. די אידישע פרויען האָבען שטארק ליעב חתונה צו האָבען מיט קריסטען. האָט ער געגלויבט. מיט מירא'ן וועט אויך זיין דאָס זעלבע. אָט האָט זי דאָך ליעב דניאל דראָנדא'ן און אויב ער וואָלט געוואָלט וואָלט זי דאָך מיט איהם חתונה געהאט. באַטש ער איז ניט קיין איד, וואָס איז ער, האנס, ערגער?

און טראַכטענדיג אזוי האָט ער זיך דערפיהלט דער גליקליכס־טער מענש אויף דער וועלט.

זיי זיינען אריין אין הויז און מרדכי איז געזעסען אויפ'ן בעט און דאָס פנים האָט איהם געשיינט פאַר פרייד, ער האָט געלייענט אַ בריעף, האָט איהם גלייך פארמאכט צוריק, זיינע אויגען האָבען געלויכטען פאַר שמחה און זיינע דארע, איינגעפאַלענע באַקען האָ־בען געפלאַמט. ער האָט בעמערקט האנס'ען און זיך בעגריסט מיט איהם.

מירא איז צוגעגאַנגען צו איהם און ארומגענומען און געקושט און געקוקט אויפ'ן בריעף און כאָטש זי האָט געוואוסט אז ער איז אזוי פרעהליך צוליעב דעם בריעף האָט זי אָבער דאָך ניט געוואגט צו פרעגען פון ווענען ער האָט דעם בריעף בעקומען.

— אַ בריעף פון דניאל דעראָנדא — האָט מרדכי איהר געזאָגט. — אַ קורצער בריעף, ער שרייבט אז ער האָפט אין גיכען צוריקצו־קומען. אונערוואַרטעטע צופאַלען האָבען איהם פערהאַלטען. די נאַכריכט אז איך וועל איהם באַלד זעהן איז ווי אַ לייכטענדען

שטערען פאַר מיר. איהר מוזט אויך זעהר צופרידען זיין מיט איהם, האַנס, ווער איז דען נאָך אַזאַ פריינד ווי ער?

אַז האַנס האָט געגומען ענטפערען מרדכי׳ן איז מירא דערוויייל אַריין צו זיך אין צימער. דאָס האַרץ האָט אין איהר געשטורמט און געצאַפּעלט, זי האָט זיך אָבער איינגעהאַלטען פון וויינען און אויסשרייען. זי האָט אַראָבגענומען דעם הוט און אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ שטוהל און מיטביידע הענד זיך אָנגעהאַלטען פאַר די שלייפען, דער קאָפּ האָט איהר שטאַרק וועה געטהאָן. אַז זי האָט געזעהן אַז עס העלפט איהר ניט האָט זי זיך אָרומגעוואַשען מיט קאַלט וואַסער דעם שטערען, די אויגען און די האָר. זי האָט אָפּגעזיפצט און זיך דערפיהלט לייכטער, האָט זיך איבערגעטאָן די קליינע שיכלעך און אַריינגעגאַנגען צו מרדכי׳ן דערלאַנגען טהע.

עפּעס פון איהר אַמאָליגען לעבען האָט זיך אומגעקעהרט. זי איז געוועהנט געווען צו גערענקען אַז זי דאַרף שטודירען איהר ראָלע, געהן אין טעאַטער אויף פּראָבע און אָוועגד ביי אָוועגד זינגען און שפּיעלען אויף דער ביהנע, זי האָט געמוזט פערבאָרגען זיך פון איהר פאָטער, ער זאָל ניט וויסען וואָס ביי איהר אין האַרץ קומט פאָר. און וואָס מעהר זי פלעגט ליידען, און וואָס מעהר דאָס האַרץ האָט איהר וועה געטאָן אַלץ מעהר האָט זי זיך געדאַרפט פערשטע-לען, קיינער זאָל גאָר ניט בעמערקען.

און היינט איז אויך נאָר אויף איין מינוט ביי די מייריק׳ס אין הויז האָט זי געפּרואווט רעדען אָפען וואָס זי פיהלט, זי האָט אָבער באַלד זיך באַהערשט און געשוויגען. זי האָט זיך דערמאָנט אַז איהר מזל איז שוין אַזוי, זי מוז ליידען און עס איז בעסער פאַר איהר זי זאָל שווייגען.

נאָר וויפיעל זי האָט זיך פערשטעלט און בעהאַלטען איהר צער איז אָבער פאַר אַ מענש וואָס פאַרשטעהט גאַנץ לייכט געווען צו דערזעהן וואָס ביי איהר קומט פאָר און אַז איהר איצטיגע רוהיגקייט איז ניט מעהר ווי אַן אָנשטעל, עס איז ניט דאָס וואָס אַמאָל, ווען זי האָט געוואוינט ביי די מייריק׳ס אין הויז.

און וויילי מירא איז געוועהנט געווען צו ליידען איז זי ניט געווען צופיעל פערביטערט אַז זי האָט געזעהן דאָס איהר גליק פער-שווינדט שוין ווידער, זי האָט גאָר קיינמאָל ניט געגלויבט אַז איהר

וועט זיין גוט. זי האָט געגלויבט אַז דעראָנדאַ האָט ליעב גווענדאָ־לינען און ער וועט טאַקי מיט איהר חתונה האָבען. מען קען איהם ניט בעשולדיגען, האָט זי געטראַכט, אַז ער האָט זי דאָך ליעב. צו עס וועט איהם גוט זיין מיט איהר ווייס מען ניט, אָבער דאָס קען מען דאָך קיינמאָל ניט וויסען פאָראויס.

נאָך איין זאַך האָט זי געוואָלט אַז דאָס אַלעס זאָל ניט געשעהן אַזוי גיך, עס זאָל ניט פאָרקומען אַזוי לאַנג ווי איהר ברודער מרדכי עזרא לעבט, זי האָט אַפּילו גאָרניט געוואוסט, וואָס עס קומט פאָר, דאָס וואָס זי האָט יאָ געוואוסט האָט זי פערשטאַנען אַז דאָס וועט מרדכי'ן זעהר וועה טאָן.

„אַלעס וואָס איך האָב געלייענט און געלערענט, אַלעס וואָס איך האָב אָבגעשפּיעלט און געזונגען דאָס אַלעס איז אויף מיר איצט געקומען", האָט מירא זיך געטראַכט, איך לעב איבער אַלע צרות און ליידען וואָס איך האָב אַמאָל נאָר פאָרגעשטעלט אויף דער ביהנע. עס האָט זי אָבער מעהר פערדראָסען אויף דעם וואָס זי הערט אויף צו פערגעטערען דעראָנדאַ'ן ביי זיך אין הארצען ווען זי הויבט אָן פערגעסען די אַלע טובות וואָס ער האָט איהר געטאָן, אַ שרעקליכער כעס האָט געברענט אין איהר אויף גווענדאָלין וואָס יענע האָט דאָס גליק דעראָנדאַ זאָל זי ליעבען, און איהר ניט, כאָטש זי האָט גע־פּרואווט פערטרייבען דעם האס און זיך איינרעדען אַז זי האָט קיין רעכט ניט צו זיין בייז אויף איהר. צו וואָס האָט זי זיך איינגע־רעדט אַ נאַרישקייט אַז דעראָנדאַ האָט זי ליעב? ער איז ניט פאַר איהר, ער קומט ניט צו איהר, ער האָט איהר נאָר געטאָן אַ טובה ווי יעדער גוטער מענש און דאָס אַלעס.

און זי האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי דעראָנדאַ מיט גווענדאָלין האָבען חתונה האָט דאָס איהר אַזוי שרעקליך וועה געטאָן, אַז זי האָט דאָס ניט געקענט אויסהאַלטען. געגען איהר ווילען האָט זי גווענדאָלינען אָנגעהויבען שרעקליך פיינט האָבען, זי האָט איהר געעקעלט און זי געהאַלטען פאַר די ערגסטע אויף דער וועלט.

„אַלע אומגליקען און צרות האָב איך איבערגעטראָגען — האָט זי אָפט צומישט אויסגעשריען צו זיך אַליין — נאָר דאָס אומגליק, דאָס איז טויזענד מאָל ערגער פון אַלעס. ווי אַזוי וועל איך דאָס

איבערטראָגען, אַזאַ צער האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געהאַט, אַפילו ווען מען האָט מיך פון דער מאַמע אַוועקגעריבט...

דאָס האָט איהר קיין רוה ניט געגעבען ניט ביי טאָג און ניט ביי נאַכט און זי האָט צו גאָט געבעטען ער זאָל פערטרייבען פון איהר איהרע בייזע געדאַנקען.

די בייזע געדאַנקען זיינען דערהויפּט געקומען צו איהר נאָך אַ געשפּרעך וואָס מרדכי האָט געהאַט מיט איהר אין איין אָוונד. ער איז געווען דעמאָלט זעהר אונרוהיג וואָס דעראָנדאַ קומט ניט צוריק, האָט ער דאָס הארץ אויסגערעדט פאַר איהר. ער האָט איהר געזאָגט אַזוי:

— זעהסט, מירא, „שמע ישראל“ אין וועלכער תפילה מיר דריקען אויס אין אַ פּאָר ווערטער אַז מיר האָבען איין גאָט, דאָס איז דער יסוד פון אונזער גאַנצער תורה, אונזער תורה איז די גרעסטע תורה אין דער וועלט, אַלע אַנדערע האָבען פון אונז געלערענט, ווייל אַז אַ מענש גלויבט אין דעם איינציגען גאָט, גלויבט ער אַז יעדער מענש איז גלייך און איינער דעם אַנדערען דאַרף ליעב האָבען און טאָן גוטס. מירא דו זעהסט אונזער פאָלק איז געיאָגט און געפּלאָגט געוואָרען ווייל עס איז געווען בעזונדער פון אַלע פעלקער און זיך געהאַלטען צוזאַמען, מיר האָבען געשאַפען די תורה וואָס לערענט די מענשען זיך פעראייניגען און זיך האַלטען צוזאַמען פריינדליך. איך בין אַזוי גליקליך אַז דאָס וואָס איך האָב שטענדיג געוואָלט וועט דאָך ענדליך מקוים ווערען. מיין לעבען גיב איך אָפּ פאַר אַ קרבן פאַר דעם, מיין לעבען וועט ווערען אַ קוואַל פון ליעבע פאַר אַלע מענשען, האָסט מיך פערשטאַנען, מירא?

— אַ ביסעל — האָט מירא געענטפערט — איך בין אָבער ניט אַזוי קלוג דאָס צו פערשטעהן.

— און דאָך — האָט מרדכי שטרענג געזאָגט — זיינען די פרויען נאָר געבוירען ליעב צו האָבען און זאָגאַר ניט צו בעקומען צוריק די ליעבע. אין מדרש איז דאָ אַן ערצעהלונג מיט אַ אידיש מיידעל וואָס האָט ליעב געהאַט אַ גוי׳אישען קעניג אַזוי פיעל, אַזוי פיעל, דאָס זי האָט געטאָן אַזאַ זאַך, זי זאָל אריין אין געפענגניס, דאָרט האָט זי זיך געביטען מיט די קליידער מיט אַ פרוי, וואָס דער קעניג האָט ליעב געהאַט זעהר שטאַרק, אום מען זאָל ניט

טויטען די פרוי וואָס דער קעניג האָט ליעב געהאט, נאָר בעסער זאָל מען זי דער'הרג'ענען. זי האָט אזוי פיעל ליעב געהאט דעם קעניג, אז זי האָט געוואָלט דער קעניג זאָל זיין גליקליך מיט דער ליעבע וואָס ער האָט געפיהלט צו אַן אַנדער פרוי און ניט צו איהר. דאָס איז די העכסטע ליעבע, די אמת'ע און די ריינסטע, זיך אַליין מקריב צו זיין פאַר דעם וואָס מען האָט ליעב.

— ניין, עזרא, ניין — האָט מירא געזאָגט — דאָס איז ניט געוועזען די אורזאַך. זי האָט דאָס געטאָן אזוי, ווייל זי האָט געוואָלט אַז נאָך איהר טויט זאָל דער קעניג וויסען ווי שטאַרק זי האָט איהם ליעב געהאט און זי איז געוועזען פיעל בעסער ווי די צווייטע וואָס ער האָט יאָ ליעב געהאט. זי האָט געוואָלט זיעגען און דאָס האָט זי געבראַכט זי זאָל ברייגנען אויף זיך דעם טויט...

מרדכי האָט געשוויגען אַ ווײַלע און דערנאָך געזאָגט:

— אפשר איז דאָס אזוי, מירא, זי גלויבענדיג אַז דער קעניג וועט זיך קיין מאָל ניט דערוויסען פון דעם.

— דו קענסט דאָס אזוי דערקלערען אין דיינע געדאַנקען, עזרא, ווייל דו ביזט אַ גרויסער מענש און ווילסט דיר שטענדיג פאָרשטעלען דאָס גרעסטע און דאָס שעהנסטע אין דער וועלט וואָס עס קען נאָר אמאָל מעגליך זיין — האָט מירא געזאָגט— איך דענק אָבער אַז עס איז ניט אזוי געוועזען, זי מוז זיין געוועזען אייפערזיכ־טיג און האָט געוואָלט אַז זי זאָל פערנעהמען מעהר אָרט אין דעם קעניג'ס הארץ, און דערפאַר איז זי געגאַנגען אויף אַ זיכערען טויט.

— מיין שוועסטעריל, דו האָסט געלעזען צופיעל טעאַטער שטיק, וואו די שרייבער בעווייזען ניט קיין מענשען, נאָר טייוואָלים, אָהן נשמה און גוטע הערצער. דו אורטהיילסט דאָס אַלץ לויט די טעאַטער שטיקער און ניט ווי דיין אייגען הארץ פיהלט, דיין הארץ, וואָס איז פונקט ווי אונזער מאַמע'ס הארץ.

מירא האָט געשוויגען און קיין וואָרט ניט געענטפערט.

## 50טער קאַפּיטעל

דאָס פאַרוואָס מירא האָט אַזוי געציטערט און וואָס דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט איז געקומען און איהרע ליידען זיינען נאָך מעהר פערגרעסערט געוואָרען.

פערקירעווענדיג זיך איינמאָל פון נייטס־ברידזש נאָך איהר׳ס אַן אויפטריט אויף אַ וואָהלטהעטיגען קאָנצערט אין אַ רייך הויז, וואו זי איז רעקאָמענדירט געוואָרען פון קלעזמער׳ן און וואו עס זיינען געשטאַנען גרופּעס מענשען פון אויסענוועניג, צוצוקוקען ווי די רייכע געזעלשאַפט ועט זיך צוגעהן, האָט זי דערשפּירט ווי עמיצער געהט איהר נאָך טריט ביי טריט וואו זי געהט. זי איז זיכער געווען אַז ניט איהר שוואַרץ קלייד און שוואַרצר מאַנטעל האָט דאָס עמיצען צוגעצויגען ער זאָל איהר נאָכקוקען. אַ געדאַנק האָט דורכגעבליצט איהר מוח און זי האָט אויפגעציטערט. דאָס איז געווים איהר פאָטער. ער געהט איהר נאָך... זי האָט מורא געהאַט זיך אומקוקען און געציטערט ווי איינער וואָס טייוואָלים געהען איהם נאָך.

און נאָך וואָס אייגענטליך זאָל זי זיך אומקוקען? אויב עס איז דער פאָטער וועט ער זי שוין ניט אָפּלאָזען סיי ווי, ביז ער וועט זי ניט זעהן און רעדען מיט איהר. און צו וואָס זאָל זי זיך איילען? זאָל עס לענגער געדויערען, זאָל זי איהם אַזוי גיך ניט זעהן... איז זי געגאַנגען איהר וועג און געוואַרט וואָס דאָ וועט באַלד פאָרקומען. זי איז ניט געגאַנגען גיכער, ווייל זי האָט געוואוסט אַז דאָס וועט איהר גאָרניט העלפען. זי האָט געטראַכט וואָס זי וואָלט געטאָן, ווען זי וואָלט זיכער געווען אַז דאָס געהט איהר טאַקע נאָך איהר פאָטער.

עס האָט איהר באַנק געטאָן וואָס זי האָט צוגעזאָגט דער פרוי מייריק ניט צו בעהאַלטען קיין זאַך וואָס עס וועט פאָרקומען צווי־שען איהר און איהר פאָטער. זי האָט זיך געשראָקען פאַר מרדכי׳ן עס זאָל איהם ניט שאַדען און זי האָט געטראַכט וועגען אַן עצה אַז מרדכי זאָל זיך דאָס ניט דערוויסען פלוצלונג. און דערפאַר האָט

זי בעשלאָסען אַז איידער זי וועט אריין אין הויז, זאָל זי זיך אומ־קוקען, ער זאָל איהר ניט נאָכגעהן אליין אין שטוב אריין.

נאָר איידער זי האָט דעם קאָפּ אויסגעדרעהט, איז ווי זי איז נאָר צוגעקומען פאַר׳ן הויז, האָט זי איהם פּלוצלונג דערזעהען לעבען זיך. ער האָט זי אָנגענומען פאַר׳ן אָרעם און געזאָגט ווייך:

— מירא!

זי האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט, זיך ניט צוריקגעקעהרט, ווייל דאָס איז דאָך ניט געווען קיין איבעראַשונג פאַר איהר. זי איז זיכר געווען פריהער אַז דאָס איז ער. איהר געזיכט איז געווען שרעקליך, ווי זי וואָלט געקוקט אויף איהר תליון, און ער האָט גאָר געקוקט אויף איהר אַזוי גוט, ווי ער וואָלט געוואָלט דערוועקען ביי איהר רחמנות און מיטגעפיהל.

ער איז געווען שרעקליך בלאַס, דאָס פּנים אַזוי צוקנייטשט און איינגעפאַלען, דאָס שטענדיג שעהנע לעבעדיגע געזיכט איז געווען נישט ריין, פרעך און דאָך דערשלאָגען. ער איז ניט מעהר אַלט געווען ווי 57 יאָהר. אָנגעטאָן איז ער געגאַנגען שטאַרק אָרעם און אָפּגעלאָזען.

זי האָט דאָס דערזעהן האָט זי דערפיהלט אַ בושה און אַ חרפּה און רחמנות אינאיינעם. זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, פיהלענ־דיג אַז איצט האָט זי ניט ווער עס זאָל זי בעשיצען.

— דאָס ביזטו, טאַטע — האָט זי טרויעריג געזאָגט.

— פאַרוואָס, קינד מיינס, ביזטו אַנטלאָפען פון מיר? — האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען מיט אַ טאָן וואָס רופט אַרויס רחמנות, — וואָס האָסטו מורא געהאַט? דו האָסט דאָך גע־וואוסט אַז איך האָב דיך קיינמאָל ניט געצוואונגען טאָן אַזעלכעס וואָס דו האָסט ניט געוואָלט. עס איז געווען פאַר דיין אייגענער טובה וואָס איך האָב געבראָכען דעם קאָנטראַקט אין די פאָרשטאָדט. איך האָב געזעהן אַז דאָס פּלאַץ איז ניט פאַר דיר. דערפאַר האָסטו מיר בעצאָהלט וואָס דו האָסט מיך פערלאָזען און מיך געמאַכט צו שאַנדע. איך האָב געהאַט אַ פּלאַץ אין אַ פאָרשטאָדט אין דרעזדען. איך האָב דיר דאָס ניט דערצעהלט, ווייל איך האָב דיך געוואָלט איבעררעאַשען. דו האָסט מיך איבערגעלאָזט און מיר פערשאַפט חרפּות און בושות און איך האָב זיך נאָך געמוזט בעהאַל־

טען, ווייל איך האָב מורא געהאַט איך זאָל ניט ליידען וואָס איך קען ניט האַלטען דעם קאָנטראַקט. דאָס איז געוועזן פאַר מיר זעהר שווער איבערצוטראָגען נאָכדעם וואָס איך האָב אַלץ אין דער וועלט געטאָן און דיך געלאָזט אויסבילדען אַזוי, דו זאָלסט קענען זיין זעהר רייך און בעריהמט. וועלכער פאָטער איז געטרייער זיין טאָכטער ווי איך בין דיר געווען? דו ווייסט ווי איך האָב איבערגעטראָגען די ענטוישונג אין דיין שטימע און איך האָב זיך בעמיהט אַז עס זאָל זיין ווי אַם בעסטען. און ווען איך האָב שוין קיינעם ניט גע־האַט אויסער דיך אַליין און בין געווען רואינירט האָסטו מיך פּלוצ־לונג פערלאָזען. וועמען האָסטו דיין גאַנצע בילדונג צו פערדאַנקען אויב ניט מיר? און וואו זיינען דיינע געפיהלען וואָס דו האָסט צו מיר געדאַרפט פיהלען? דיך וואָלט ניט געאַרט ווען איך וואָלט אויסגעגאַנגען ערגעץ פון הונגער.

לפידות האָט געשוויגען. ניט ווייל ער האָט פאַר אויפרע־גונג ניט געקאָנט רעדען ווייטער, נאָר ווייל ער האָט דערפיהלט אַז דאָ פּאַסט זיך ער זאָל וויינען... האָט ער גענומען וויינען און מיט אַ געל זיידען טאַשען טיכעל זיך געווישט די טרעהרען.

עד האָט טאַקי זיכער געמיינט אַז מירא איז בעגאַנגען אַ פאַר־ברעכען וואָס זי האָט איהם איבערגעלאָזט און אַנטלאָפען. אַלע בייזע און שלעכטע מענשען געדענקען וואָס די אַנדערע, די גוטע, טהוען אַנטקעגען זיי. זייערע אייגענע זינד און פערברעכענס, דאָס געדענקען זיי קיינמאָל ניט.

מירא האָט זיך גשטאַרקט, ניט געקוקט וואָס ער זיפצט און וויינט, זי האָט איהם געוואָלט בעווייזען אַז מעהר קען ער זי שוין ניט אָפּנאַרען מיט זיינע אַקטיאָרסקע שטיק, און זי האָט איהם גע־ענטפערט אַזוי שאַרף וואָס זי האָט נאָך קיין מאָל אַזוי צו איהם ניט גערעדט:

— טאַטע, דו ווייסט גאַנץ גוט פאַרוואָס איך האָב דיך פער־לאָזען. איך האָב געהאַט אַן אורזאַכע דיר ניט צו געטרויען און ניט צו גלויבען, ווייל איך בין געווען זיכער אַז דו האָסט מיין מאַמע אָפּגענאַרט. ווען איך וואָלט דיר געקענט גלויבען און געטרויען, וואָלט איך געבליבען מיט דיר און געאַרבייט פאַר דיר.

מירא, איך האָב קיינמאָל ניט געוואָלט אָפּנאַרען דיין מאַמע —

האָט ער איהר געזאָגט און אוועקגענומען דאָס טיכעל פון די אויגען. ער האָט אָבער נאָך אַלץ גערעדט וויינענדיג — איך האָב געדיינקט דיך צוריקברייגגען צו איהר, די אומשטענדען האָבען מיר געשטערט דאָס צו טהאָן. שפּעטער האָב איך געהערט אַז זי איז געשטאָרבען. עס איז בעסער געווען פאַר דיר צו זיין מיט מיר, און דיין ברודער וואָלט זיך שוין געווען אַליין פערזאָרגט. איך האָב אין גאַנצען געאַרבייט נאָר פאַר דיר. די נייעס אַז דיין מאַמע איז געשטאָרבען האָב איך געהערט פון מיינעם אַ פריינד, וואָס האָט זיך אונטערגענומען טהאָן אַלץ פאַר מיר. איך האָב איהם געשיקט געלד אויף אַלע אויסגאַבען. עס קען אָבער גאַנץ מעגליך זיין אַז ער האָט מיר געשריעבען אַ ליגען, ער זאָל קענען אויסנאַרען פון מיר געלד — האָט ער געזאָגט, ווילענדיג איבערלאָזען אַ געלעגענהייט פאַר זיך, אַז ניט ער איז דער ליגנער, נאָר דער פריינד זיינער.

מירא האָט ניט געענטפערט. זי האָט איהם ניט געקענט אַרויסזאָגען דאָס וואָס זי האָט געפיהלט אַז זי גלויבט איהם קיין איין וואָרט ניט וואָס ער זאָגט. זי האָט איהם נאָר געגעבען אָנצוהערען אַז זי וויל ניט שטעהן מיט איהם דאָ, נאָר זיי זאָלען געהן ווייטער, זי האָט דאָס ניט געוואָלט, וויל מענשען קענען זיך נאָך אָפּשטעלען קוקען אויף זיי. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען. כאָטש זיי האָבען אָנגעהויבען געהן האָט דאָך יעדער זיך אָפּגעשטעלט קוקען אויף זיי. זיי זיינען געווען אַזוי אַנדערש איינער פון אַנדערען. מירא איז געווען אַזוי שעהן און אָנציהענד און ער האָט אויסגעזעהן ווי אַ טרעמפּ, געגאַנגען אָפּגעריסען און שמוציג, ער האָט געאַרבייט מיט די הענד און מיט די פיס, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ געהענדיג און ער האָט געזאָגט:

— מירא, ווי איך זעה האָסטו זיך גוט איינגעאָרדענט? דיר פעהלט גאָרניט, איא?

— גוטע פריינד וואָס האָבען מיך געפונען אין אַ צרה האָבען מיר געהאָלפען קריגען אַרבייט — האָט מירא געענטפערט, ניט וויסענדיג אַליין וואָס זי רעדט פאַר צוטומעלטקייט — איך גיב לעקציעס, איך זינג אין פּריוואַטע הייזער. איצט האָב איך ערשט געזונגען אויף אַ פּריוואַטען קאָנצערט. — זי האָט געשוויגען אַ ווייַלע און דערנאָך צוגעגעבען: —

— איך האָב דאָ גאַנץ גוטע פריינד וואָס ווייסען אַלעס וועגען מיר.

— דו וואָלסט זיך געשעהמט ווען זיי וואָלטען געזעהן דיין טאַטע אין אַזאַ לאַגע? קיין וואונדער ניט. איך בין געקומען נאָך ענגלאַנד אָהן קיין אויסזיכט אויסער דיך צו געפינען. איך בין געווען ווי משוגע. נאָר אַ פאָטער'ס הארץ גלויבט אָבער אין וואונדער, איך האָב געגלויבט אַז איך וועל דיך געפינען, מיין פאָטער־הארץ האָט מיך געצויגען אַהער און אַהין ביז איך האָב דיך געפונען. איך וואָלט זיך אפשר געווען געקענט גוט איינאָרדנען ווען איך וואָלט זיך געפיהלט אַז איך מוז דיך אויפזוכען און אַכטונג געבען אויף דיר, איך בין דאָך דיין פאָטער. עס האָט מיר וועה געטאָן צו בלייבען עלענד אויף דער עלטער און איך האָב מיר גע־טראַכט אַז מיין קליינע מיראַ וועט חרטה האָבען וואָס זי האָט פערלאָזען דעם טאַטע. אַ גאַנץ שווערען וועג האָב איך געהאַט, איך האָב ניט געוואוסט וואָס מיר שטעהט פאָר, צו איך וועל פער־דינען מיין ברויט אָדער ניט. אַזעלכע טאַלאַנטען ווי איך זיינען דאָ גאָרנישט ווערט. אַ מענש וואָס געהט מיט צוריסענע אַרבעל, אַז מען זעהט איהם דאָס פלייש אַרויס, גלויבט מען אין איהם ניט מעהר. מיט מיין אויסזעהן האָב איך קיין אַרבייט ניט געקענט בעקומען פאַר איין אַיינציגען שילינג האָב איך זיך געמוזט שטאַרק אַראָפּלאָזען און טאָן אַזעלכעס וואָס פאַסט מיר זיכער ניט.

מיראַ'ס שרעק איז געווען גענוג זי זאָל זיך פאָרשטעלען ווי איהר פאָטער איז געזונקען אַלץ נידריגער און נידריגער, און זי האָט געפיהלט אַז זי מוז זעהן אויסצומיידען, ער זאָל ניט ווערען נאָך ערגער. נאָר איידער זי האָט נאָך געקענט עפּעס ענטפערן אויף זיינע אַלע רייד האָט ער זי גיך אַ פרעג געטאָן:

— מיראַ, וואו וואוינסטו?

— דאָ, אויף דעם סקווער, מיר זיינען ניט ווייט פון הויז.

— אַ גדונגען הויז?

— יאָ.

— איז דאָ אימיצער וואָס גיט אַכטונג אויף דיר און איז גרייט דיך צו בעשיצען?

— יאָ — האָט מירא געענטפערט קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען — מיין ברודער.

זיינע אויגען האָבען א פינטעל געטאָן ווי א בליץ וואָלט פארביי זיי געפלויגען און ער קען ניט אויסהאַלטען דאָס ליכט, די אָקסלען האָבען ביי איהם א ציטער געטאָן, ער האָט זיך אָבער געשטארקט און געפרעגט:

— עזרא? ווי אַזוי האָסטו געוואוסט וואו ער איז? ווי אַזוי האָסטו איהם געפונען?

— דאָס וואָלט גענומען פיעל צייט צו דערצעהלען — האָט זי געזאָגט.

— מיר זיינען איצט ביי מיין טהיר. מיין ברודער וואָלט ניט געוואָלט אַז איך זאָל זי צומאַכען פאַר דיר...

מירא איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פון טהיר, זי האָט אָבער געהאַלטען איהר געזיכט אויסגעדרעהט צו איהר פאָטער, וואָס איז נאָך געשטאַנען אונטען. איהר הארץ האָט אָנגעהויבען שרעק־ליך קלאַפּען פארשטעלענדיג זיך וואָס דאָ וועט באַלד פאָרקומען אין עזרא'ס געגענוואַרט. זי האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן פאָטער ווענען זי פלעגט שטענדיג פאָלגען און אויך איצט טהוט זי זיין פערלאַנג און נעמט איהם צו זיך אין הויז אריין, זי האָט דערזעהן ווי טרויעריג און פערזאָרגט ער זעהט אויס, ער שטעהט פאַר דער טהיר, האָט מורא אריינצוגעהן און בעט זיך מען זאָל איהם אריינ־לאָזען האָט זי דערפיהלט א רחמנות, א גרויס וועהטאָג חרפה און חרטה אין איינעם, פארוואָס זי קען ניט ווי עס דארף זיין אָפּגעבען כבוד איהר הארץ איז פאַר צער שיער געפּלאַצט.

— וואַרט א מינוט, מיין ליעבע — האָט ער גערעדט שטיל — וואָס פאַר א מענש איז עזרא?

— א גוטער מענש, א וואונדערבאַרער מענש — האָט זי גע־רעדט שטיל און בעמיהט זיך פערשטיקען איהר אויפרעגונג. איהר שטימע האָט שטאַרק געציטערט, ווען זי האָט גערעדט. זי האָט גע־פיהלט אַז זי דארף איהם צוגרייטען צו אַלעס און זי האָט צוגעגעבען — ער איז געווען זעהר אָרים ווען מיינע פריינד האָבען איהם גע־פונען פאַר מיר, ער איז געווען אַן אָרים ארבייטער. אַמאָל מיט צוועלף יאָהר צוריק איז ער געווען שטאַרק געזונד און גליקליך, ער

האָט זיך אוועקגעלאָזט נאָך ארץ ישראל וואָס ער האָט אזוי שטארק ליעב. די מאַמע האָט איהם צוריק גערופען ווייל — ווייל זי האָט מיך פערלאָרען... ער איז צוריק געקומען און אכטונג געגעבען אויף איהר, ער האָט זעהר פיעל געליטען, ער האָט געארבייט פאר דער מאַמען ביז זי איז געשטאָרבען, ביז זי איז געשטאָרבען פאר צרות. אויך עזרא האָט פערלוירען זיין געזונד. ער האָט זיך שטארק פער־קיהלט ווען ער איז אהיימגעפאָהרען צו די מאַמע, די מאַמע איז געווען עלענד און פערלאָזען דורך דער צייט איז ער אלץ שוואכער און שוואכער געוואָרען, שטענדיג אָרים, ער האָט שטענדיג געאר־בייט, ער איז אָבער זעהר געבילדעט און א גרויסער דענקער, יעדער וואָס קומט צו איהם האָט פאר איהם דעם גרעסטען דרך ארץ. אז מען שטעהט פאר איהם איז פונקט ווי מען וואָלט געשטאַנען פאר א נביא פון גאָט...

— מיט פאַלשקייט קען מען מיט איהם ניט אומגעהן. ער דער־פיהלט באלד...

זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען ווען זי האָט דאָס געזאָגט, ער האָט איצט אויסגעזעהן ווי א גנב וואָס מען האָט געכאַפּט ביי דער האנד, ער האָט אָבער זיך גאָרניט געמאכט דערפון און ווייטער גערעדט:

— ליעבע מירא וואָלסטו ניט געוואָלט אז איך זאָל אויסקור־קען אביסעל בעסער און אנשטענדיגער איידער מיין זוהן זעהט מיך? ווען איך וואָלט געהאַט אביסעל געלד וואָלט איך זיך פריהער אי־בערגעקליידעט און געקומען צו דיר אין הויז ווי עס פּאַסט פאר דיין פאָטער, איך וואָלט דאמאָלט אויך געקענט מיר זוכען א שטעלע, מיט א שעהן העמד און א גוטען מאַנטעל וואָלטען מענשען געווען צופרידען ווען זיי וואָלטען מיך געקענט קריגען. איך וואָלט געקענט ווערען א רייזענדער ווען איך וואָלט ניט אויסגעזעהן אזוי שרעקליך געפאַלען. איך וויל זיין צוזאַמען מיט מיינע קינדער, פערגעסען אלץ און פערגעבען. דו האָסט דאָך קיינמאָל ניט געזעהן מיך דיין טאַטע אין אזא לאַגע, ווען דו וואָלסט ביי דיר געהאַט צעהן פונט אָדער דו וואָלסט מיר זיי ערגעץ צוגעבראַכט וואָלט איך אין צוויי טעג צייט געקענט אויסזעהן גאַנץ אנדערש.

מירא האָט דערפיהלט אז זי איז געקומען צו א מאָמענט וועו

זי מוז אויסהאַלטען די פּראָבע און צווינגענדיג זיך איהם קוקען גלייך אין די אויגען האָט זי געענטפערט:

— איך וויל ניט דיר אָפּזאָגען אין דעם וואָס דו בעטעסט מיך. איך האָב אָבער געגעבען אַ צוזאָג ניט צו טאָן פאַר דיר קיין זאַך בעהאַלטענערהייט. עס איז מיר זעהר שווער דיך צו זעהן אין אַזאַ לאַגע, מיר וועלען אָבער פאַר אַ קליינע ווײַלע מוזען איבערטראָגען, שפּעטער וועסטו קענען האָבען נייע קליידער און מיר וועלען בעצאָהלען פאַר אַלעס.

איצט האָט זי איינגעזעהן ווי קלוג פרוי מייריק איז געווען וואָס זי האָט פון איהר פערלאַנגט זי זאָל איהר צוזאָגען אַז וואָס זי וועט דאַרפען טהאָן פאַר איהר פאָטער זאָל זי איהר פריהער דערצעהלען.

לפּידות גוטע שטימונג איז אַוועק און ער האָט שפּאָטיש געזאָגט:

— דו ביזט אַ האַרטע און אויסגערעכענטע יונגע דאַמע. דו וועסט זיין אַ קינסטלערין צו האַלטען פערשפּרעכענס אַז דו זאָלסט ניט אַרויסהעלפען דעם טאַטע מיט אַ פונט אָדער צוויי אין דער צייט ווען דו קליידעסט דיך אין זייד און אין סאַמעט. דיין טאַטע וואָס האָט דיך געהאַלטען פאַר אַן אָבגאָט און זיין גאַנץ לעבען מקריב געווען פאַר דיר, ער דאַרף ליידען...

— עס איז שרעקליך, איך ווייס, עס איז שרעקליך — האָט זי געזאָגט און געפיהלט זיך ערגער ווי אין דעם מאָמענט ווען זי האָט זיך געוואָלט וואַרפען אין וואַסער אַריין, איהרע ליפּען זיינען פלוצלונג ווייס געוואָרען פאַר צער — אָבער, טאַטע, עס איז נאָך שרעקליכער צו ברעכען אַ צוזאָג וואָס מען גיט אַ מענשען, וועלכע געטרויען אין מיר. דאָס האָט צובראָכען מיין מאַמעס האַרץ און דאָס האַרץ פון עזראַ'ן און זיין גאַנץ לעבען. דו און איך דאַרפען איצט אויסטרינקען דאָס גאַנצע ביטערע וואָס איז אונז געבליבען. טראָג עס איבער, טראָג איבער און קום אַריין אַזוי ווי דו ביזט.

— מאָרגען — האָט ער געענטפערט און זיך אויסגעדרעהט פון איהר. און זי איז אַלץ בלאַסער געוואָרען און געציטערט אין גאַנצען קערפּער. ער האָט זיך אָבער גיך אומגעקעהרט, און האָט וויינענדיג געזאָגט:

— איך פיהל זיך דערשלאָגען דורך דעם גאַנצען שמועס וואָס

איז איצט פאַרגעקומען צווישען אונז, איך וועל זיך מאָרגען פיהלען בעסער. אויב דו האָסט אַביסעל קליין געלד ביי דיר, דענק איך, אַז עס איז ניט געגען דיין צוזאָג מיר צו געבען אויף אַ ציגאַר.

מירא האָט שוין זאָגאַר ניט געקענט קיין טראַכט טהאָן. זי האָט אריינגעשטעקט איהר קאַלטע, ציטערדיגע האַנד אין קעשענע און אַרויסגענומען איהר בייטעלע. ער האָט איהר גלייך אַ נעהם געטאָן, אַ דריק געטהאָן איהרע פינגער און געזאָגט:

— אַ גוטען טאָג דיר, מיין קליין מיידעלע, מאָרגען וועל איך קומען.

ער איז גלייך אוועקגעגאַנגען און ניט זייענדיג אָפּגעגאַנגען אַ שטיקעל וועג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געעפענט דאָס בייטעלע און געקוקט וואָס אינווענינג איז. ער האָט געפונען צוויי גאָלדשטיקע און אַביסעל זילבער און אויפ'ן דעקעל איז געווען אָנגעקלעפּט אַ שטיקעל פּאַפּיער אויף וועלכען עזרא האָט געהאַט אויפגעשריעבען אויף העברעאיש דעם נאָמען פון דער מוטער, איהר געבורטסטאָג, ווען זי האָט חתונה געהאַט און די יאָהרצייט. אונטער דעם איז געווען אויפגעשריבען אַ געבעט אין עטליכע ווערטער: „זאָל דער אויבערשטער אָפּהיטען און בעשיצען מירא'ן אין אַלע איהרע וועגען“.

מירא האָט ליעב געהאַט צו האָבען די תפלה אויף אַלע איהרע זאַכען אויפגעשריעבען. לפּידות האָט דאָס איבערגעלייענט און דאָס האָט זיך איהם אויסגעוויזען ווי אַ חלום פון שוין לאַנג פערגאַנגענע צייטען. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין חופה־טאָג. ער איז דעמאָלט געווען אַ יונגער, פרעהליכער בחור, איז געווען אַן אָרענטליכער, אָנגעזעהענער מענש, ער איז געווען אַ שפּראַכען לעהרער, שפּעטער האָט ער אָנגעהויבען שרייבען און געהאָפט רייך צו ווערען פון שרייבען, ער איז געווען אַזוי גליקליך מיט זיין שעהנע יונגע פרוי שרה, ווען איהר האָט עפּעס וועה געטהאָן און זי האָט געוויינט האָט ער מיטגעוויינט און אַז זי איז פרעהליך געווען האָט ער זיך מיטגעפרעהט, ווי זי האָט געפיהלט אַזוי האָט ער געפיהלט.

די אַלע עראינערונגען האָבען איהם אָבער גאָרנישט געריהרט. ווי אַ מענש וואָס פיהלט ניט קיין טעם אין קיין עסען און עס איז איהם קיין אונטערשיעד ניט וואָס מען גיט איהם, זים צו ביטער, גוטעס צו שלעכטעס, אַזוי האָט איהם ניט געאַרט, ניט דאָס גוטע פון

אמאָל און ניט דאָס בייזע פון איצט. ער איז געווען צו אַלעם גלייכ־גילטיג, ער האָט שוין גאָר ניט געפיהלט וואָס ער טהוט.

מירא'ס בייטעלע איז געווען זעהר אַ שעהנע זאַך, זי האָט דאָס בעקומען אַ מתנה און עס איז איהר זעהר טהייער געווען און זי וואָלט עס פאַר קיין געלד ניט פערקויפט. איהר פאָטער האָט מיט דער ערשטער מינוט עס גוט בעטראַכט און אָפּגעשאַצט וויפיעל עס איז ווערט און וויפיעל ער קען בעקומען דערפאַר. און צוזאַמענ־רעכענדיג דאָס גאַנצע געלד וואָס ער האָט פון איהר בעקומען האָט ער געטראַכט וועגען אַן עצה אַז מירא זאָל איהם מוזען שטענדיג גע־בען געלד. און ער זאָל ניט דאַרפען זיין אין איינעם מיט זיין זוהן.

מירא איז דערווייל אריין אין הויז און קוים וואָס זי האָט זיך בעהערשט נאָך'ן שרעק וואָס זי האָט נאָר וואָס איבערגעלעבט. עזרא איז געזעסען רוהיג איבער זיינע פּאַפּירען זיי געלעזען און צוגע־גרייט פאַר דעראָנדאַן, דאָס האָט ער זיי איהם געוואָלט לאָזען אַ ירושה. זי האָט זיך שוין ניט געקענט מעהר איינהאַלטען, איז גע־פאַלען צו זיינע פיס ארומגעכאַפּט זיינע קניה און געוויינט און גע־קלאָגט:

— עזרא! עזרא!

ער האָט גאָר ניט גערעדט, שטאַרק זיך איינגעקוקט אין איהר און געוואַרט זי זאָל איהם דערצעלען וואָס עס איז געשעהן, ער האָט פערשטאַנען אַז זי פיהלט זיך זעהר שלעכט און אַז ער וועט מיט זיינע רייד גאָרנישט העלפען, זי מוז פריהער אַליין צו זיך קומען און אראָפּרעדען דעם וועהטאָג פון הארצען. זייט ער קען זי האָט ער זי אין אַזאַ לאַגע ניט געזעהן. זי האָט זיך טאַקי געשטאַרקט מיט אַלע קרעפטען צו בערוהיגען זיך און איהם אַלעם דערצעהלען, זי האָט אויפגעהויבען די הענד און וויינענדיג מיט אַ צובראָכען קול האָט זי געזאָגט:

— עזרא, מיין טאַטע - אונזער טאַטע! ער איז מיר נאָכגע־גאַנגען! איך האָב איהם געזאָגט, ער זאָל אריינקומען אַהער. ער האָט ניט געוואָלט, ער האָט געבעטען געלד פון מיר, איך האָב איהם געגעבען מיין בייטעלע, ער האָט עס גענומען און אוועקגעגאַנגען.

מירא האָט געדענקט אַז איהר גאַנצען צער און וועהטאָג דריקט זי אויפ אין איהרע ווערטער, מרדכי האָט אָבער דערפיהלט אַז דאָס

איז ניט אַזוי שרעקליך ווי ער האָט פריהער געדענקט און ער האָט ווייך געזאָגט:

— מירא בערוהיג זיך און דערצעהל מיר אַלעס.

ער האָט אַרונטערגענומען איהר הוט און אַרויפגעלעגט זיין האַנד אויף איהר קאָפּ.

מירא האָט זיך ביסלאַך־ווייז בערוהיגט און אין עטליכע מינוט אַרום האָט זי איהם דערצעהלט אַלעס וואָס עס איז פאָרגעקומען.

— ער וועט ניט קומען מאָרגען — האָט מרדכי געזאָגט. זיי האָבען איינס דאָס אַנדערע ניט אויסגעזאָגט וואָס יעדער האָט גע־פיהלט, אַז דער פאָטער וועט זי אָפּהיטען ווען זי וועט געהן אין גאַס אַריין און ווייטער בעטען געלד פון איהר.

— זעהסט, מירא — האָט ער צוגעגעבען — אונזער מזל איז פונקט ווי דאָס מזל פון אונזער פאָלק. די צרות און די פרייד זיי־נען ביי אונז צוזאַמען. ווי דער רויך מיט׳ן פלאַם פייער, דאָס איז אַזוי ווייל מיר די קינדער האָבען גע׳ירשענ׳ט דאָס גוטע און מיר פיהלען דאָס בייזע. דאָס גוטע מזל און בייז מזל זיינען ביי אונז אין איינעם, פונקט ווי אונזער טאַטע מאַמע זיינען אַמאָל געווען אין איינעם.

## 50טער קאַפּיטעל.

„משה רבינו איז געווען אַ גרויסער קינסטלער מיט׳ן אמת׳ן קינסטלער גייסט. ער האָט בעשאַפען גרויסעס און אונשעצבאַרעס די מצריים האָבען געמאַכט זייערע פּיראַ־מידען פון שטיין און משה האָט געמאַכט פּיראַמידען פון מענשען, מענשען־פּיראַמידען. ער האָט גענומען אַן אָרים פּאַסטוך־שבט און בעשאַפען פון דעם אַ פאָלק וואָס לעבט אייביג. ער האָט בעשאַפען דאָס אידיש פאָלק, דאָס פאָלק ישראל“.

היינריך היינע: „ודוי“.

שטעלט אייך פאָר דעם אונטערשיעד אין דעראָנדאָ׳ן פון דער צייט וואָס ער האָט פערלאָזען ענגלאַנד ביז ער איז צוריקגעקומען. ער איז געפאָהרען נאָך געגוא ניט וויסענדיג וואָס איהם דערוואַרט

דאָרט און צו זיין שטענדיגע האָפנונג און בענקשאַפט וועט איצט פערווירקליכט ווערען.

איצט איז ער אהיים געקומען צוריק אין זיין לאַנד און שטאָדט און זיך געפיהלט ווי א מענש וואָס האָט פאַר זיך אַן אָפען בוך, וואו עס שטעהט געשריבען, אַז איצט איז גקעומען די צייט, ער זאָל איי־בערנעמען די ירושה נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט. ער האָט דאָס גפיהלט ניט נאָר ווי ער מעג דאָס טאָן, נאָר ער מוז, ער איז פערפליכטעט עס צו טאָן, זאָגאַר ווען ער וואָלט עס ניט גע־וואָלט. היינט נאָך אַז די פליכט איז איהם אַזוי ליעב און טייער ווי זיין גאַנץ לעבען וועט ער עס דאָך געוויס טאָן. איצט וועט ער אָפען פאַר אַלע ענטדעקען זיין ליעבע וואָס ער טראָגט אין זיין האַר־צען, אַלעמען וועט ער דאָס דערצעהלען.

ווען ער איז אַוועקגעפאָהרען פון טשעלסי און מירא האָט איהם געוואונשען א גליקליכע רייזע און גערעדט צו איהם אַזוי גוט און ליעב, פון דעמאָלט אָן איז איהר בילד ניט אָפּגעטרעטען פון זיינע אויגען און האָט איהם בעגלייט אויף זיין שווערען וועג און בעלויכ־טען אַלע זיינע טריט. נאָר צוליעב איהר האָט ער אַלץ איבערגע־טראָגען און קיין זאַך האָט איהם ניט געשאַדט.

טיעף אין הארצען האָט ער מירא'ן שוין לאַנג ליעב געהאַט נאָך פון דער ערשטער מינוט אָן, נאָר ביז איצט האָט זיך איהם ניט געגלויבט אַז עס וועט קומען אַמאָל א צייט און זיין האָפנונג אויף איהר וועט פערווירקליכט ווערען. ער האָט געדענקט אַז זי איז ווייט פון איהם ווי הימעל פון ערד, איהם האָט זיך גאָר ניט גע־גלויבט אַז זי וועט איהם אויך ליעב האָבען און וועלען מיט איהם חתונה האָבען. און כאָטש ער האָט קיין האָפנונג אויף איהר ניט געהאַט דאָך האָט ער זי אויף קיין מינוט ניט געקענט פער־געסען און זי האָט דאָס פאַרשפּאַרט דעם וועג אין זיין האַרץ צו גווענדאָלינן, זי האָט פערקלענערט, צונישט געמאַכט דעם צויבער מיט וועלכען גווענדאָלין האָט איהם געהאַט בעצויבערט.

איי, וואָס ער האָט געטאָן פאַר גווענדאָלין איז ניט געווען ווייל ער האָט זי ליעב נאָר פון רחמנות, איהר ביטערע לאַגע האָט איהם שטאַרק געריהרט, ווען ניט מירא וואָלט ער זיך זיכער אין איהר פערליעבט. איז אָבער געקומען מירא און אָנגעפילט זיין האַרץ

איבער אַלע ברעגען, זי איז אַזוי אַנדערש פון גוועגדאַלינען, עס קאָן גאָר קיין פערגלייך ניט זיין צווישען זיי ביידע. דאָס וואָס ער האָט זיך בעקאַנט מיט מרדכי׳ן און געוואָרען זיין נאָהענטער פריינד האָט איהם נאָך מעהר צוגעבונדען צו מירא׳ן. גאַנץ אָפט האָט ער זיך געשראָקען, ווער ווייסט טאָמער וועט מרדכי אין איהם ענטוישט ווערען, ער וועט זעהן אַז ער איז ניט דער מענש וואָס ער זוכט און דאַן וועט ער פערלירען מירא׳ן.

דעראָנדא האָט קיינמאָל קיין וואָרט ניט גערעדט מיט קיינעם וועגען זיין ליעבע צו מירא׳ן. ער האָט אפילו פאַר זיך אליין מורא געהאַט צו טראַכטען וועגען דעם, ביז האַנס איז געקומען און גערעדט מיט איהם אָפענע ווערטער און אויך אין בריעף געשריעבען אַז מירא האָט איהם ליב, ערשט איצט האָט ער קלאָר איינגעזעהן אַז ער קאָן אָהן איהר ניט לעבען.

און אַז די מוטער האָט איהם געזאָגט אין גענוא אַז ער האָט ליעב אַ אידיש מיידעל האָט ער שוין ניט אָפּגעשפּאַרט און צוגעגעבען אַז עס איז אמת און אויך יוסף קלונימוס׳ען האָט ער דאָס זעלבע געענטפערט.

איצט אַז ער האָט דאָס שוין אָפען צוגעגעבען האָט ער שוין ניט געקענט איינרוהען, אַ פייער האָט אין זיין האַרץ געפלאַקערט און דער וועג פון מאַינץ אַהיים האָט זיך איהם געצויגען אַזוי לאַנג.

ער האָט דאָך איצט פאַר זיך אַ קלאָרען און זיכערען וועג, ער בלאָנדזשעט שוין ניט, ער טראָגט זיך שוין ניט ארום מיט חלומות, אַלץ איז איצט אויף דער וואהר, ער דאַרף עס נאָר אויספיהרען.

ער האָט זעהר שטאַרק געבענקט נאָך מרדכי׳ן, ער האָט אַזוי געוואָלט וואָס גיכער זיך זעהן מיט איהם און אַראָפּרעדען דאָס האַרץ פאַר איהם, איהם אַלץ דערצעהלען, קיין זאַך וועט ער שוין ניט פערבאָרגען פון איהם.

און נאָך מירא׳ן האָט ער געבענקט אַזוי פיעל, ער האָט געוואָלט זיצען מיט איהר אין איינעם, קוקען אויף איהר, הערען ווי זי רעדט און ער וועט שוין ניט בעהאַלטען זיינע געפיהלען וואָס ער פיהלט צו איהר.

דעראָנדא האָט אייגענטליך קיינמאָל ניט מורא געהאַט אַז אַ מענש ווי האַנס זאָל איהם זיין אַ שטערונג אין וועג, ער האָט נאָר

מורא געהאַט פאַר עפּעס אַנדערש, אַז מירא איז אַזוי ווייט פון איהם, אַן אבגרונד איז צווישען זיי ביידע, זי בעטראַכט איהם פאַר פיעל העכער פון זיך, זי קוקט אויף איהם ווי אויף אַ פּריץ און זי וואַגט ניט צו ווערען מיט איהם נעהנטער.

איצט האָט ער דערפיהלט איז געקומען די צייט, ער זאָל אוועק נעהמען דעם אבגרונד וואָס ליגט צווישען זיי, זי זאָל זעהן ווי נאָהענט ער איז איהר און אַז עס איז גאָרנישט דאָ קיין שוועריג־קייטען זיי זאָלען קענען זיך ליעב האָבען און חתונה האָבען.

באַלד ווי ער איז אַרונטער פון באהן איז ער גלייך צוגעפאָהרען אין בראַמפּטאָן צו מרדכי׳ן און מיראַ׳ן. ער האָט אייגענטליך גע־האַט צוגעזאָגט צו בעזוכען ליידי מאַלינדזשערס צו מאָרגענס, ער האָט אָבער געוואָלט געבען מרדכי׳ן דאָס קעסטעל מיט די פּאַפּירען וואָס ער האָט געקראָגען ירושה פון זיין זיידע, מרדכי זאָל זיי דורכ־לעזען און איהם זאָגען וואָס דאָרט איז געשריבען .

ער האָט געוואוסט אַז ער וועט מיט דעם פערשאַפען מרדכי׳ן גרויס פרייד און ער איז דאָך פון שטענדיג אָן געוועהנט געווען צו האָבען פערגעניגען ווען ער האָט עמיצען געקענט פערשאַפען פרייד.

ער איז געגאַנגען גלייך צו זיי און וואָס נעהנטער ער איז גע־קומען אַלץ פרעהליכער האָט ער זיך אַליין געפיהלט, דאָס פּנים האָט איהם אויפגעלויכטען, די אויגען האָבען אָנגעהויבען שיינען, ער האָט איינגאַנצען געפלאַמט ווי אַ שטיק פייער ביז ער איז צוגעקו־מען צום הויז און שטילערהייט אריינגעגאַנגען.

דאָס איז געווען דער אָווענד ווען מירא האָט נאָך מיטאָג גע־האַט בעגעגענט איהר פאָטער. זי איז געזעסען לעבען מרדכי׳ן און מרדכי איז געזעסען אַ טרויעריגער אין זיינע ביטערע עראַי־נערונגען און אין גאַנצען פערגעסען אָן זיינע פּאַפּירען. עטליכע זיינע געלעגען צו וואַרפען אויף דער ערד און ניט ער און ניט מירא האָבען גאָר געהאַט בעמערקט און זיי ניט אויפגעהויבען.

זיי זיינען געזעסען שטיל, קיין וואָרט ניט גערעדט. אַלץ איז געווען פערנעבעלט אַרום זיי. אין שטוב איז געווען טונקעל און שטיל, ניט מעהר ווי דעם זייגער האָט מען געהערט. מירא האָט ניט געהאַט געגעסען און זאָגאַר פון אָרט זיך ניט געריהרט אַזוי איז זי געזעסען לעבען מרדכי׳ן אַ טרויעריגע און אַ פערצווייפעלטע פון

זינט זי איז אריין געקומען פון גאַס און אויסגעטאָן דעם מאַנטעל. זי האָט געהאַלטען איהר האַנד אין מרדכי׳ס האַנד און ער איז גע־זעסען מיט פערמאַכטע אויגען, דער קאָפּ פערוואָרפען אַהינטער און זעהר שווער געאָטעמט.

מירא האָט איהם אָנגעקוקט און זיך געטראַכט אַז אזוי וועט ער אויסקוקען ווען ער וועט האַלטען ביים שטאַרבען... שטענדיג ווען זי האָט איהם געזעהן אין אַזאַ לאַגע האָט זי דערפיהלט אַז ער וועט ניט לאַנג לעבען.

צו איהרע צרות האָט זי זיך נאָך געגעסען דאָס האַרץ נאָך וואָס זי האָט איהם גאָר אין גאַנצען דערצעהלט די געשיכטע און איהם אזוי אויפגערעגט, זי האָט בעסער געדאַרפט שווייגען, עס וואָלט פאַר איהם פיעל געזונטער געוועזען.

איהרע באַקען זיינען אזוי בלאַס געוואָרען, נאָר איהרע אויגען האָבען אַרויסגעשיינט פון די טרעהרען און די לאָקען זיינען געוועזען צושפּרייט אויף איהרע פּלייצעס אָהן אָרדנונג און קוקענדיג אויף מרדכי׳ס דאַרען, אויסגעצעהרטען פּנים האָט זי דערפיהלט אַז דאָס אומגליק, איז ווידער געקומען אויף איהר: דער פאָטער איז גע־קומען, ער וועט זי שוין ניט אָפּלאָזען, איהר ברודער געהט שטאַר־בען און ער, דעראָנדאַ, אויך איהם פערלירט זי...

נאָר איצט האָט זיך די טהיר געעפענט. קיינער איז נאָך ניט אריין, נאָר אַ בעקאַנטע שטימע האָט אַ פרעג געטאָן:

— דניאל דעראָנדאַ, ער מעג אריינקומען?

— קומט אריין, קומט! — האָט מרדכי געזאָגט און זיך גלייך אויפגעהויבען מיט אַ שיינענד געזיכט, זעהר ווניג איבערראַשט ווי ער וואָלט ערשט היינט אין דער פריה געזעהן דעראָנדאַ׳ן און ער איז זיכער געווען אַז ער וועט היינט אבענד קומען, מירא האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, זי האָט זיך אויפגעהויבען און געוואָרען זעהר רויט.

אַז דעראָנדאַ איז אריין איז ער געווען פאַר זיי ווי דאָס זונען־שיין נאָך אַ רעגען, קיין שטערונגען זיינען ניט מעהר געווען אויף דער וועלט וואָס זאָל שטערען זייער פרייד מיט זיין אָנקומען. ער האָט דערלאַנגט די רעכטע האַנד מירא׳ן און די לינקע האָט ער אַרויפגעלעגט אויף מרדכי׳ס אַקסעל, איז געשטאַנען אַ ווײַלע אזוי

האַלטענדיגביידע צוזאַמען, קיין וואָרט ניט גערעדט, נאָר געקוקט זיי אין די אויגען, ער האָט זיך אַביסעל דערשראָקען און געזאָגט צו מיראַ׳ן:

— איז עפּעס געשעהן? ניט קיין גוטעס?

— רעדט ניט איצט וועגען ניט קיין גוטעס — האָט מרדכי געזאָגט ווילענדיג מיראַ׳ן איינשפּאַרען אַן ענטפער. איך זעה גליק אין אייער געזיכט, זאָל אייער גליק זיין אויך אונזער גליק.

מיראַ האָט געטראַכט, אַז ער קען וועגען זיין גליק ניט דער־צעהלען, זי ווייס עס אָבער סיי ווי... זיי האָבען זיך אָוועקגעזעצט, דעראָנדאַ הארט לעבען מרדכי׳ן.

— עס איז אמת — האָט דעראָנדאַ ערנסט געזאָגט — איך בין איצט גליקליך און די פרייד דערפון וועט בלייבען מיט אונז אפילו אין די ערגסטע צייט. איך האָב אייך ניט דערצעהלט די אורזאַך פאַרוואָס איך בין געפאָהרען נאָך אויסלאַנד, ווייל — איך בין געגאַנגען געוואָהר ווערען ווער מיינע עלטערן זיינען געוועזן. איהר זייט גערעכט געוועזן, מרדכי. איך בין אַ איד.

די ביידע מענער האָבען זיך געדריקט די הענד מיט אַזוי פיעל ליעבע און טיעפען געפיהל. מרדכי׳ס אויגען האָבען אָנגעהויבען ברענען און אָנגעצונדען אויך מיראַ׳ס אויגען. דעראָנדאַ האָט זיך אָבער ניט געקענט איינהאַלטען און גערעדט ווייטער און די רייד זיינען איהם אַרויס פון טיעפען האַרצען:

— —מיר זיינען קינדער פון איין פאָלק. אונזערע נשמות האָבען איין ציעל. מיר וועלען זיך ניט צושיידען ניט ביים לעבען און אויך דער טויט וועט אונז ניט צושיידען.

זייערע הערצער זיינען פול געוואָרען איבער די ברעגען און זיי האָבען געפיהלט אַז איצט האָבען זיי זיך געגעבען אַ שבועה צו זיין שטענדיג צוזאַמען.

מיראַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף די קניה לעבען מרדכי׳ן. מרדכי׳ס פּנים האָט געשיינט ווי די זון אין הימעל און זיין פּנים האָט אויסגעזעהן ווי געשטאָרבען און געלייטערט. זי האָט ניט געוואוסט וואָס זי טהוט. זי איז אַזוי צוטומעלט געוואָרען, פּלוצ־לונג איז איהר גאַנצער טרויער פערשוואונדען און זי איז אַזוי פרעהליך, אַזוי גליקליך. זי האָט דערפיהלט אַ נייע נשמה אין זיך,

אַ נײַ לעבען, זי האָט זיך געפיהלט אַזוי געהיילינגט און געלײַטערט, זי האָט געוואָלט זינגען און בעטען צו גאָט, דאַנקען איהם פאַר'ן חסד וואָס ער געטאָן מיט איהר.

אין דער מינוט האָט זי ניט געטראַכט וועגען דער ענדערונג וואָס די בשורה וועט ברײַנגען אין איהר לעבען נאָר וועגען מרדכי'ן האָט זי געטראַכט און ווי ער וועט זיך פרעהען מיט דעם.

דעראָנדאַ האָט געוואוסט ווי טײַער דער מאָמענט איז פאַר איהם, טײַערער ווי זײַן גאַנץ לעבען, זײַן גאַנצע האָפנונג איז אָבּ־העגגיג פון דער יעצטיגער רגע און ער האָט גערעדט ווײַטער:

— און איך בין ניט גלאָט אַזוי אַ איד. איך קום אַרויס פון אַזעלכע אידען וואָס זײַנען געווען זעהר געטרײַ זייער פאָלק, אַ גאַנ־צע רייהע פון שפּאַנישע אידען וואָס האָבען אַרויסגעגעבען אַ סך געלעהרטע און גרויסע מענשען. איך האָב אויך אַ ירושה בעקו־מען פון מײַן זיידע, דאָרט איז דאָ געשריעבען, וואָס זיי האָבען גע־וואָלט דערגרייכען. מײַן זיידע דניאל חאַריזי האָט איבערגעלאָזען פאַפּירען פאַר מיר, יחוס בריעף פון דור דורות וואָס אונזער גרויסע משפּחה האָט געהאַט און דאָס האָט ער בעהאַלטען פאַר זײַן אייני־קעל, פאַר מיר. זײַן האָפנונג איז פערווירקליכט געוואָרען געגען דעם ווילען פון די מענשען וואָס האָבען דאָס געוואָלט שטערען און האָבען בעהאַלטען פאַר מיר אַז איך בין אַ איד. איך האָב דאָס קעסטעל, וואו עס זײַנען דאָ די אַלע פּאַפּירען פון פריהער און אויך וואָס מײַן זיידע האָט צוגעשריעבען. איך האָב מיטגעבראַכט דאָס קעסטעל, עס שטעהט אין דרויסען, איך וויל דאָס אייך, מרדכי, אי־בערגעבען, איהר זאָלט מיר העלפען אויסגעפינען וואָס דאָרט איז געשריעבען. עס איז ניט שווער פאַר מיר אַ טייל פון זיי צו לעזען. עטליכע זײַנען געשריעבען אין שפּאַניש און איטאַליעניש, עס זײַ־נען אָבער דאָ העברעאישע און אַראַבישע, זיי קען איך ניט לעזען, זיי זײַנען אָבער איבערזעצט אין לאַטייניש. אין מאַינץ האָב איך ניט קיין צײַט געהאַט זיי גרינדליך דורכצולעזען, נאָר איילענדיג איבערגעקוקט, איצט וועלען מיר זיי גרינדליך דורכלייענען און שטו־דירען.

דעראָנדאַ האָט געענדיג מיט אַ ליכטיגען, פרעהליכען שמייכעל, ער האָט אַוועקגעקוקט פון מרדכי'ן און אויפגעהויבען זײַנע

אויגען אויף מירא׳ן. זי האָט ניט געקענט קוקען אין זיינע אויגען ווי איינער קען ניט קוקען גלייך אין דער זון. זי האָט זיך אוועקגע־דרעהט און איבערגעזעצט אויף אַן אַנדער אָרט. געדאַנקען זיינען איהר איינגעפאַלען און עס האָט איהר פערדראָסען וואָס זי טראַכט גאָר אַזוי, זי האָט געפיהלט אַז זי טאָר ניט טראַכטען די געדאַנקען. אין דער מינוט האָט זי זיך דערמאָנט אָן גווענדאָלינען און האָט שטארק געוואָלט וויסען וואָס גווענדאָלין וועט טאָן אַז זי וועט דאָס אַלעס זיך דערוויסען.

אָבער זי איז שטאַרק רויט געוואָרען ווען דעראָנדא האָט א קוק געטאָן אויף איהר און זי האָט זיך פערשעמט וואָס זי דענקט איצט פון אַזעלכע זאַכען.

דעראָנדא האָט געמיינט אַז זיין שטאַרקע ליעבע צו איהר האָט דאָס אַזוי געבערענט אין זיינע בליקען און דאָס האָט זי בעמערקט און ניט געקענט פערטראָגען, דערפאַר האָט זי זיך אוועקגעדרעהט. האָט ער זיך בעטראַכט אַז ער וועט איהר פלוצלונג אויף אַמאָל דערצעהלען ווי שטאַרק ער האָט איהר ליעב, זי קען דאָך איהם ניט פערטראָגען און אַז זי וועט איהם אָפּזאָגען וועט ער דאָך שוין מעהר ניט קענען קומען אַהער און זייער פריינדשאַפט, זיינע און מרדכי׳ס וועט אינגאַנצען צושטערט ווערען. אויב מירא האָט איהם טאַקי ניט ליעב און קען איהם ניט ליעב האָבען, האָט ער בעשלאָסען, צו וואָס זאָל ער איהר זאָגען גאָר א וואָרט וועגען דעם און ברענגען אויף איהר אַן אומגליק, וואָס זי וועט זיך קיינמאָל ניט קענען בע־פרייען דערפון?

מרדכי איז דערווייל געזעסען און געטראַכט פאַר זיך, ער האָט איצט דערזעהן אַז גאָט האָט זיין תפלה צוגעהערט און איהם צוגע־שיקט דעראָנדא׳ן, ער איז טאַקי דער מענש נאָך וועלכען ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט, אַז ער וועט אויסלייזען דאָס אידישע פאָלק און עס ברייננגען צוריק אַהיים אין זיין לאַנד האָט ער זיך אָנגערו־פען און געזאָגט:

— דניאל, באַלד אין אָנפאַנג האָב איך אייך געזאָגט אַז גאָט׳ס וועגען זיינען פערבאָרגען. אונזערע הערצער האָבען זיך נאָך פריהער געהאַט בעגעגענט און אַז די צייט איז געקומען האָבען מיר זיך געטראָפען און געפונען דעם ריכטיגען וועג אויף וועלכען מיר

דאַרפען געהן. און אַזוי ווי מיר וועלען טאָן אונזער אַרבייט אַזוי וועט אונז גאָט בעשערען און העלפען, און ווי בעסער אַ מענש נעמט זיך פאַר אַלץ מעהר העלפט איהם גאָט. און דער מענש בעגליקט צום מיינסטען וואָס האָט גוטע פריינד וואָס האָבען גוטע פריינד וואָס האָבען גוטע הערצער און זיינען גרייט צו טאָן גוטעס אויף דער וועלט. איהר האָט געטאָן אַזוי פיעל גוטעס נאָר דערפאַר וואָס איהר זייט אַ גוטער און גאָט האָט אייך אָפּגעהיט און בעשיצט אין אַלע אייערע וועגען. ווי אַ ליעבער ברודער זייט איהר געווען צו מיין שוועסטער. איהר האָט איהר פיעל גוטעס געטאָן און דאָס איז אייך נאָך ווענינ געווען, איהר האָט פאַר איהר אויפגעזוכט איהר פערלוירענעם ברודער, איהר האָט איהם געפונען און צוזאַמענגע־בראַכט אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, וואָס האָבען אַזוי שטאַרק גע־בענקט איינס נאָך דאָס אַנדערע, איהר האָט זייער האַרץ דערפרעהט געטרייסט זיי אין זייער טרויער און מיט דעם האָט איהר זיך צוגע־גרייט צו דעם גרויסען טאָג, צו דעם הייליגען טאָג פון גאָט ווען „אַלע אידישע קינדער די פערטריעבענע און צושפּרייטע וועלען זיך צוזאַ־מענקומען, די זיהן און טעכטער וועלען קומען צו זייער מוטער ציון!“

— עס איז אמת דאָס איהר און מירא זייט געווען מיינע לעהרער און וועגווייזער — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — ווען איך וואָלט געוואָהר געוואָרען אַז איך בין אַ איד נאָך איידער איך האָב אייך ביידע געקענט וואָלט איך מעגליך געווען אונצופרידען וואָס איך בין אַ איד. איך וואָלט דעמאָלט געפיהלט, אַז ווען דאָס איז אָב־העננגיג פון מיר, ווען איך קען אויסקלייבען וואָלט איך ניט אויסגע־קליבען צו זיין אַ איד. דאָס וואָס איך פיהל אָבער איצט איז אַז מיט מיין גאַנצער נשמה און לעבען בין איך גליקליך וואָס איך בין אַ איד. איהר האָט מיר צוגעגרייט צו דעם אַז איך זאָל אַזוי פיהלען.

ווי דעראָנדאַ האָט דאָס גערעדט האָט זיך איהם דערמאָנט דער ערשטער אָבענד אין דעם בוך־האַנדלונג ווען ער האָט דערזעהען מרדכי'ן צום ערשטען מאָל און געהערט זיינע נביאישע רייד פון זיין מויל. ער האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט זיך געוואונדערט אויף דעם פאַנטאַזיאָר וואָס גלויבט אַזוי שטאַרק אין זיינע פאַנטאַזיעס. איצט איז ער אַזוי צופריעדען געווען וואָס ער וועט קענען דערפילען דעם פערלאַנג פון דעם זעלבען פאַנטאַזיאָר און אַרבייטען צו פער־

ווירקליכען זיינע פאַנטאַזיעס, ער וועט איהם בעווייזען אַז זיין גלויבען איז אַזאַ ריכטיגער געווען, זיין האָפנונג אַן אמת׳ע און ריכטיגע. ער האָט דערזעהן מרדכי׳ס ליכטיג פּנים און ער האָט זיך דערפיהלט ווי אַ וועכטער וואָס שטעהט און היט ווען דאָס פייער וועט זיך הויבען אין הימעל אַריין און די ערשטע פונקען האָט ער שוין דערזעהן. ער האָט זיך אָנגערופען:

— עס איז נאָר דורך אייער איינפלוס וואָס איך האָב דערזעהן אַז אייער וועג איז מיין וועג. איהר האָט אויפגעוועקט אין מיר די האָפנונג וואָס האָט געלעבט אין מיר בירושה פון מיינע זיידעס און עלטער זיידעס בעזונדער האָט די האָפנונג געלעבט אין מיין זיידע. גרויס און שטאַרק איז די האָפנונג געווען. ווען מען פיהרט אַוועק אַ קינד פון די בערג און מען ברענגט איהם אין טהאָל ציהט איהם שטענדיג עפּעס אין זיין האַרץ, כאָטש ער ווייס ניט וואָס, זיין גאַנץ לעבען גלוסט ער נאָך עפּעס, וואָס ער אַליין ווייס ניט וואָס: מיט מיר איז אויך אַזוי געווען, פון זינט איך האָט אָנגעהויבען לערנען און שטודירען האָב איך אַלץ געטראַכט וועגען אַ ציעל וואָס איך דאַרף מיר שטעלען אין לעבען. וואָס דער ציעל איז, זיין נאָמען האָב איך ניט געוואוסט. וואַכענדיגערהייט האָב איך גע׳חלום׳ט, מיר האָט זיך אויסגעוויזען אַז מיין מוח וועט זיין דער מוח פון אַלע פעלקער און מיין האַרץ וועט זיין דאָס האַרץ פון דער גאַנצער וועלט. איך וועל זיך שטעלען אין דער שפּיץ פון די געיאָגטע און געטריבענע, פון די געפּייניגטע און געמאַטערטע, איך וועל זיי בעפרייען פון זייערע ליידען און מאַכען גליקליך, איך וועל דאָס ניט טאָן, ווייל איך וועל דאָס וועלען נאָר ווייל איך וועל דאָס מוזען, איך וועל דאָס פיהלען פאַר אַ פליכט, אַ גרויסע פליכט פון מיין לעבען, אַזוי האָב איך גאַנץ אָפט גע׳חלום׳ט. און איך האָב אייך בעגעגענט, איהר האָט מיינע אויגען געעפענט, איהר זייט געוואָרען מיין לעהרער, איהר האָט מיך געלערענט וואָס איך דאַרף טאָן און וואָס עס איז דער וועג אויף וועלכען איך דאַרף געהן, איך דאַרף צונויפזאַמלען מיינע פערטריעבענע ברידער, דאָס איבערגעבליבענע פון אונזער פאָלק און זיי זאָלען ווערען איין פאָלק. איהר האָט מיר דערצעהלט אַז אונזער תורה האָט אונז געמאַכט פאַר איין גאַנץ פאָלק, איידער מיר זיינען פערטריבען געוואָרען און צוטיילט געוואָרען.

און איצט וועל איך דאָס טאָן: איך וועל פּרואווען טאָן דאָס וואָס עס איז ניט שווער פאַר קיין מענש, די פערשטויסענע וועל איך צונויפקלייבען; די צושיידטע וועל איך צוזאַמענברייינגען, מיר וועלען ווערען איין גרויס פאָלק, איין שטאַרק פאָלק, מיר וועלען ווערען גרעסער און שטאַרקער און געהן צו דעם לאַנד נאָך וועלכען אונזערע הערצער בענקען, מיר וועלען טאָן דאָס אַלץ וואָס איהר האָט געוואָלט טהאָן, קיין זאַך וועלען מיר ניט פערפעהלען, מיר וועלען זיך ניט שעהמען אויב עס וועט אונז ניט געלינגען, מיר וועלען זיך אָבער דארפען שעהמען ווען מיר וועלען זיצען ליידיג, איך וועל זיך שעהמען ווען איך וועל ניט פּרואווען העלפען מיין פאָלק.

— דו ביזט ווי מיין ברודער וואָס האָט געזויגען די זעלבע ברוסט פון מיין מאַמע — האָט מרדכי געזאָגט און צוריק געפאַלען אויף זיין שטוהל ווילענדיג זיך אָפּרוהען ווי איינער וואָס וויל זיך אָפּרוהען נאָך דעם ענדיגען אַ שווערע ארבייט.

דעראָנדאַ האָט גערעדט אַזוי ווארים מיט'ן גאַנצען הארצען, ער האָט איצט גערעדט פאַר דער גאַנצער צייט וואָס ער האָט געשוויעגען. ער האָט שטענדיג מורא געהאַט עפּעס צו פערשפּרעכען מרדכי'ן, טאָמער וועט ער גאָרניט קענען אויפטאָן און ער וועט האָבען מרדכי'ן אָפּגענאַרט. און איבער דעם האָט ער אַלץ בעהאַלטען אין זיך, די ווערטער האָבען געברענט אין זיין בלוט און ער האָט ניט געוואגט אַרויסרעדען. איצט אָבער אַז די צייט איז געקומען און ער האָט דאָס מויל געעפענט האָט ער זיך שוין ניט געקענט אָפּשטעלען.

מירא האָט אַלץ אויסגעהערט און ניט געוואוסט וואָס מיט איהר טהוט זיך, זי האָט ניט געקענט פערשטעהן ווי אַזוי דניאל דעראָנדאַ האָט זיך פּלוצלונג געענדערט, זי האָט נאָר געפיהלט אַז ער איז זעהר נאָהענט צו איהר ברודער און דאָס איז געווען אַזאַ גרויסע פרייד פאַר איהר, זי האָט דערפיהלט אַז עס דערוואַרט איהר עפּעס גליקליכעס אין איהר לעבען.

מרדכי האָט געשוויגען עטליכע מינוט און ווייטער גערעדט:

— עס האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען, דער בונד פון אונזערע נשמות איז געשלאָסען. עס וואַרט נאָר אַז מיין גוף זאָל שטאַרבען און דאַן וועלען זיך אונזערעביידע נשמות צוזאַמענגיסען און ווערען

איין נשמה, אַלץ וואָס איז מיין, וועט ווערען דיין. אַלץ וואָס איך האָב געשריעבען זאָלסטו אָנרופען דיינס, דניאל און כאָטש אונזערע חכמים זאָגען, אז ווען אַ מענש זאָגט עפּעס נאָך איין יענעם׳ס נאָמען ברענגט ער די גאולה אויף דער וועלט, ביי אונז איז דאָס אָבער ניט, ווייל אונזערע ביידענס נשמות זיינען איין נשמה, אונזערע געדאַנ־קען זיינען גלייך. זאָלען די געדאַנקען ניי געבוירען ווערען אין דיר און גערופען ווערען אויף דיין נאָמען.

— איהר קענט ניט פערלאַנגען פון מיר אז איך זאָל דאָס אייך צוזאָגען — האָט דעראָנדא געזאָגט מיט אַ שמייכעל — איך דאַרף דאָך פריהער לייענען וואָס איהר האָט געשריעבען און וויסען וואָס דאָרט איז, איך בין נאָך גאַנץ ווייט הינטערשטעליג אַלס אייערס אַ שילער. לאָמיר ניט אָנריהרען אונזער טראַדיציע, אונזער ירושה לאָמיר איבערגעבען איינער דעם אַנדערען אַזוי ווי עס איז, ווייל הייליג איז אונזער טראַדיציע און גרויס איז אונזער ירושה. פער־לאַנגט ניט פון מיר אז איך זאָל אַרויפשטעלען מיין נאָמען אויף אייערע געדאַנקען, איך קען דאָס ניט טאָן פּונקט ווי איך קען ניט פערלייקענען אין מיין פאָטער אַזוי קען איך ניט פערלייקענען אין אייך, דער טאַטע פון מיין ניי לעבען.

— איך פערלאַנג ניט קיין צוזאָגען ביז איהר וועט זיך ניט האָבען מיט אַלעם בעקאַנט און זעהן די אורזאַכען פאַרוואָס איך פערלאַנג דאָס — האָט מרדכי געזאָגט. — איך וואָלט אויך אַזוי געהאַנדעלט ווי איהר, נאָר מיין האָפנונג און גלויבען פאַר אַזוי פיעל יאָהרען צו געפינען דעם מענשען וואָס וועט דערפיהלען די גרויסע אויפגאַבע וואָס איך פיהל אין מיין בלוט איז פערווירקליכט געוואָ־רען. בייטאָג און ביינאַכט האָב איך גע׳חלום׳ט פון איהם, איך האָב געהאָפט אז ער וועט רעדען פאַר מיר צו דער וועלט, ער וועט דער־צעהלען דאָס וואָס איך האָב אין מיין פאַנטאַזיע געזעהן. ער וועט ניט זיין בלויז אַ רעדנער, נאָר אַ נביא, ער וועט זעהן אין נבואה דאָס זעלבע וואָס איך זעה. מיין טרוים וועט זיין זיין טרוים. דאָס גרויסע פייער וועט ברענען אין זיין הארצען פּונקט ווי עס ברענט אין מיין האַרץ. ער וועט בענקען צו דעם לאַנד נאָך וועלכען איך האָב אַזוי שטאַרק געבענקט מיין גאַנצען לעבען. איצט זייט איהר דאָך דער מענש נאָך וועלכען מיין נשמה האָט געבענקט, אייך האָב

איך געזעהן אין חלום און באַלד ווי איך האָב אייך דאָס ערשטע מאָל דערזעהן, האָב איך אייך גלייך דערקענט. איך פערלאַנג פון אייך איצט גאָר ניט. טהוט ווי איהר פערשטעהט, מיין נשמה איז צופריעדען.

ער האָט געשוויגען אַ ווײַלע און אין אַן אנדער טאָן אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָט געבראַכט אייערע עלטערען?...

ער האָט אָבער גלייך אָפּגעהאַקט און געזאָגט:

— איך פערלאַנג ניט אַז איהר זאָלט מיר דערצעהלען עפּעס וואָס געהער זיך אָן מיט אַנדערע מענשען, אויסער אַז איהר האָט פון דעם הנאה.

— אַמאָל... וועט איהר אַלץ וויסען — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — נאָר דערצעהלט מיר וועגען אייך, ווי אַזוי האָט איהר פערבראַכט די צייט פון זינט איך בין אַוועקגעפאָהרען. איך בין זיכער אַז איהר האָט געהאַט אַ ביסעל צרות. איהר זייט עפּעס טרויעריג.

דעראָנדאַ האָט געקוקט אויף מיראַ'ן, זי האָט זיך אָבער ניט אויסגעדרעהט צו מרדכי'ן, ער זאָל געבען דעם שווערען ענטפער. זי האָט געהאָפט אַז ער וועט ניט דענקען פאַר וויכטיג צו דערצעהלען דעראָנדאַ'ן די געשיכטע מיט'ן פּאַטער דעם היינטיגען וויכטיגען אָוונד. אין דער צייט ווען דעראָנדאַ איז אַזוי נאָהענט געוואָרען צו איהר און האָט זיך פעראייניגט מיט איהר ברודער איז עס געווען צו שרעקליך פאַר איהר זי זאָל איהם דערצעהלען פון זייער וועהטאָג וואָס ווערט איצט אויך זיין וועהטאָג. און ווילענדיג פערגלעטען די געשיכטע, האָט זי זיך אויפגעהויבען און געוואָלט נעהמען איהר מאַנטעל און הוט און אַריינגעהן אין צווייטען צימער, זיי וועלען קענען רעדען פרייער ווען זי וועט ניט זיין דערביי, מרדכי האָט אָבער גלייך זיך אָנגערופען:

— היינט האָבען מיר געהאַט גרויס צער. אַ פליכט וואָס מיר זיינען געווען פערפליכטעט, איז געווען אַוועק אַזוי ווייט פון אונז און איז היינט צוריק געקומען און ניט מיטגעבראַכט קיין פרייד מיט זיך. מיר האָבען נאָך ניט דעם יאָך אויף אונזערע פּלייצעס, מיר וויסען נאָך ניט וואָס עס וועט זיין, לאָמיר בעסער ניט רעדען

וועגען דעם, הייליג איז פאַר אונז דער איצטיגער מאָמענט, לאָמיר איהם ניט פערשטערען מיט אונזער טרויער און צער.

דעראָנדאַ האָט פערשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און האָט געשוויגען. אַז ער האָט געזעהן ווי מירא הויבט זיך אויף, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און זי געפרעגט:

— איהר געהט אַוועק? איך מוז אויך גלייך אַוועקגעהן, איך וועל נאָר אריינברייגגען דאָס קעסטעל און איבערגעבען דעם שלי־סעל מרדכי'ן, ניין, עזרא'ן — מעג איך איהם רופען איצט עזרא? פון זייט איך האָב געהערט אַז איהר רופט איהם עזרא, טראַכט איך פון איהם נאָר אין דעם נאָמען.

— ביטע, רופט איהם עזרא — האָט מירא שטיל געזאָגט און פיהלענדיג ווי נאָהענט דעראָנדאַ איז לעבען איהר, ער קוקט איהר אַזוי אין די אויגען, האָט זי זיך פערלוירען. איז ער טאַקי אַן אַנ־דער מענש געוואָרען, אָדער נאָר איהרע געפיהלען האָבען זיך גע־ביטען?

די גשעהענישען פון אַוועגד האָבען זי אַזוי מיעד געמאַכט, זי איז געווען מיעד און הונגעריג, דעראָנדאַ האָט געזעהן ווי בלאַס זי איז און ווי פערלוירען און ער האָט איהר געוואָלט דערצעהלען וואָס ביי איהם אין הארץ קומט פאָר, ער האָט אָבער קיין קוראַזש ניט געהאַט צו דעם. זי האָט איהם דערלאַנגט די האַנד און בעמיהט זיך שמייכלען. ער האָט איהר געעפענט די טהיר און דאָס אַלץ, זי איז אַרויס געגאַנגען.

אַ מאַן וואָס איז שטאָלץ ביי זיך וועט זיך צוריקהאַלטען צו דערקלערען ליעבע צו אַ פרוי וואָס איז רייכער פון איהם און בע־ריהמטער, ער וועט מורא האָבען מען זאָל ניט זאָגען אַז ער זוכט דאָס געלד אויף. דעראָנדאַ האָט געפונען שטערונגען אין זיין וועג און מורא געהאַט צו דערקלערען מירא'ן אַז ער האָט זי ליעב. און כאָטש זי איז ניט געווען רייכער פאַר איהם און אויך ניט בעריהמ־טער, דאָך האָט ער זיך געשראָקען איהר צו זאָגען אַ וואָרט וועגען דעם. ער האָט מירא'ן גוט געקענט און האָט פערשטאַנען אַז זי איז איהם זעהר דאַנקבאַר פאַר דעם וואָס ער האָט פאַר איהר געטאָן, אַז זי איז נאָך טויזענד מאָל מעהר דאַנקבאַר וויפיעל עס איז ווערטה נאָר צו זי האָט איהם ליעב, האָט ער דאָך ניט געוואוסט. האָט ער

מורא געהאַט אַז זי וועט זיך פיהלען זעהר שלעכט, זי וועט איהם ניט קענען אָפּזאָגען אין זיין ליעבע וועט איהר זיך אויפוויייזען ווי ער מאָהנט ביי איהר אַ חוב, ער פערלאַנגט בעצאָהלט פיר דעם וואָס ער האָט פיר איהר געטאָן, זי וועט דאָך ניט קענען איהם זאָגען, אַז זי ליעבט איהם ניט, וועט זי איינשטימען און איהר גאַנץ לעבען וועט זיין טרויעריג און ביטער.

און ווען זי וועט איהם שוין יאָ קענען אָפּזאָגען, וועט זי זיך אויך זעהר שלעכט פיהלען, זי וועט איהם זעהן טאָג־טעגליך אריינ־קומען צו איהר קראַנקען ברודער און זי וועט פון דעם זעהר פיעל ליידען.

אַ מענש וואָס טוט גוטס, טאָר ניט זיך פערליעבען אין אַזאַ איידעלע מיידעל ווי מירא איז.

און ווער וויים צו דעראָנדאַ וואָלט ניט זיין ליעבע פערבאָר־גען טיעף אין הארצען אויף אייביג ווען עס וואָלט ניט געקומען אַ מאַן און איהם קלאָר בעוויזען אַז מירא ליעבט איהם שוין לאַנג.

פאַראַן מענשען וואָס זיינען געוועהנט זיך צו דערקלערען אין ליעבע, עס געהט זיי זעהר לייכט און דאָך קומט אַמאָל אַ מאָמענט ווען זיי געהען צו צו אַ פרוי און ווילען זיך דערקלערען אין ליעבע און בלייבען פלוצלונג שטיל. זיי קענען ניט עפענען דאָס מויל, זיי שטאַמלען און קענען קיין וואָרט ניט אויסריידען, זיי ציטערען און פלאַטערען און געפינען זיך קיין אָרט ניט. הייננט ווי פיהלט זיך נאָך אַ מענש אין אַזאַ לאַגע וואָס האָט קיינמאָל קיין ליעבע ניט דערקלערט צו קיינעם, נאָר האָט דאָס שטענדיג געטראָגען שטילער־הייט מיט זיך אין הארצען. אַזאַ איינעם קומט עס דאָך געוויס זעהר שווער אָן.

מירא האָט זיך די נאַכט געלייגט שלאָפען, איהרע בייזע גע־דאַנקען וואָס האָבען זיך שטענדיג געשראָקען, האָבען זי אָפּגעלאָזען, אין גאַנצען רוהיג איז זי אָבער אויך ניט געווען, כאָטש זי האָט געזעהן אַז איהר גאַנצע שרעק וועגען דעראָנדאַ'ן איז אומזיסט געווען, דאָך אָבער ניט אַזוי לייכט האָט זי עס געקענט פערגעסען. זי האָט געוואוסט אַז דעראָנדאַ איז איצט פריי, ער געהער ניט צו גווענדאָלינען. זי האָט זיך אָבער אויך ניט בערוהיגט, זי האָט טאַקי געוואוסט אַז דעראָנדאַ האָט גאָר ניט געטאָן אַזעלכעס ער זאָל וועלען

צוציהען גוועגדאָלינען צו זיך, נאָר אז ער איז אזוי גרויס און טייער ביי איהר, און ווער וויס, צו זי וועט איהם ניט אמאָל אריין קריגען אין איהרע הענד, אָט דער שלאַנג פון אייפערזוכט האָט זיך דער־וועקט אין איהר און פערביטערט איהר לעבען. נאָר זי האָט שוין איצט ניט געפיהלט זיך אזוי פערצווייפעלט ווי פריהער, נאָך די לעצטע געשעהענישען האָט זי איינגעזעהן אז זי האָט האָפנונג...

## 51טער קאַפּיטעל

נאָך איהר מוטער'ס קומען נאָך גענוא האָט גוועגדאָלין שוין ניט געוואָלט לאַנג פערבלייבען, זי האָט געוואָלט וואָס גיכער אנט־לויפען פון ים. דער ווילען וואָס גיכער אוועקצופאָהרען האָט איהר געהאָלפען גיכער צו קומען צו די כחות און ווערען געזונד.

— איך וועל קיינמאָל ניט וועלען מעהר אָנקוקען דעם מיטעל־לענדישען ים — האָט זי געזאָגט צו איהר מוטער. די מוטער האָט פערשטאַנען פארוואָס זי זאָגט אזוי און זי איז פאָרזיכטיג געווען ניט צו דערמאָנען דעם נאָמען פון איהר דערטרונקענעם מאַן.

פאַני דאווילא האָט געוואוסט אז דאָס אומגליק איז גרויס ווי פאַר איהר טאָכטער אזוי אויך פאַר זיך אַליין. נאָר שטילערהייט אין הארצען איז זי צופריעדען געווען וואָס זי האָט צוריק בעקומען איהר טאָכטער און זי וועט זי ווידער אזוי ליעב האָבען ווי אמאָל.

— ביזט דאָ, מאמע? — האָט גוועגדאָלין א זאָג געטאָן שפּעט ביי נאַכט. די מוטער האָט געמוזט שלאָפען מיט איהר אין איין צימער. זי האָט זיך דערפיהלט ווי אין איהרע קינדער יאָהרען ווען זי האָט מורא געהאַט צו ליגען אויף ביי נאַכט, האָט זי אויפגעוועקט די מאמע.

— יאָ, מיין קינד, קען איך עפּעס טאָן פאַר דיר?

— ניין, גאָר ניט, איך דאַרף גאָר ניט. איך בין נאָר צופרידען צו וויסען אז דו ביזט לעבען מיר. מאמע, עס פערדריסט דיך וואָס איך האָב דיך אויפגעוועקט.

ווען זי איז געווען א מיידעל אין דער היים האָט זי קיינמאָל אזא פראַגע ניט געפרעגט דער מוטער.

— איך האָב ניט געשלאָפען, מיין טייער קינד.

— מיר האָט זיך געדאַכט אַז דו ביזט ניט לעבען מיר, איך האָב געוואָלט זיין זיכער אין דעם. איך קען אַלעס איבערטראָגען ווען דו ביזט לעבען מיר, דאַרפסט אָבער ניט שטערען דיין שלאָף צוליעב מיר. מאַמע, דו דאַרפסט איצט זיין גליקליך, דו מוזט מיך לאָזען איך זאָל דיר כאָטש מאַכען איצט גליקליך, אַז ניט דאָס, וואָס דען זאָל איך טאָן? — האָט גווענדאָלין געזאָגט.

— גאָט זאָל דיר בענשען, מיין קינד, איך האָב איצט דאָס גרעסטע גליק אַז דו האָסט מיך אַזוי ליעב.

די גאַנצע נאַכט האָט אָבער די מוטער געהערט ווי זי זיפצט און קען ניט שלאָפען, האָט זי געזאָגט:

— איך וועל דיר געבען דעם שלאָף פּראָשעק, יאָ, גוועני דאָלין?

— ניין, מאַמע, איך דאַנק דיר, איך וויל ניט שלאָפען.

— דו דאַרפסט דאָך אָבער שלאָפען, וואָס מעהר דו וועסט שלאָפען אַלץ געזונטער איז פאַר דיר.

— זאָג ניט, מאַמע, וואָס עס וואָלט בעסער געווען פאַר מיר — האָט גוועגדאָלין געזאָגט אונגעדולדיג — דו ווייסט ניט וואָס עס וואָלט גוט זיין פאַר מיר. ניט דו און ניט דער פעטער זאָל מיר זאָגען אַז עפּעס איז פאַר מיר גוט, אין דער צייט וואָס איך פיהל אַז עס איז ניט גוט.

די מוטער האָט געשוויגען און זיך גאָר ניט געוואונדערט וואָס איהר אָרים קינד איז אויפגערעגט. גוועגדאָלין האָט זיך גלייך אָנגערופען:

— איך בין שטענדיג געווען שלעכט צו דיר, אַיאָ, מאַמע?

— ניין, מיין קינד, ניין.

— יאָ, איך בין יאָ געווען שלעכט — האָט גוועגדאָלין געזאָגט איינגעשפּאַרט — איצט בין איך אַזוי אומגליקליך, וויל איך בין שטענדיג געווען זינדיג.

זי האָט אויסגעבראָכען אין אַ שטאַרק געוויין. זי האָט געהאַט בעשלאָסען ניט צו דערצעהלען קיין וואָרט פון דעם וואָס זי האָט איבערגעלעבט נאָך דער חתונה, דאָס האָט אָבער צוגעדריקט איהר האַרץ און דערפאַר האָט זי זיך אַזוי צושריען און צוואויינט.

די מוטער האָט אָנגעהויבען עפּעס פערשטעהן וואָס דאָ איז

פאַרגעקומען. סער הוגאָ מאַלענדזשער האָט דערצעהלט אַ ביסעל איהר שוואָגער, גאַסקאָינען ,ער האָט איהר אַ טייל פון דעם איבער־געגעבען. סער הוגאָ מאַלינדזשער איז געווען אַ וואוילער מענש. דאָס ערשטע האָט ער געזעהן מען זאָל געפינען דעם דערטרונקענעם גראַנדקאָרטען און דערנאָך האָט ער איידעל און דעליקאַט דער־צעהלט גאַסקאָינען וועגען דער צוואה וואָס גראַנדקאָרט האָט איבער־געלאָזט. סער הוגאָ האָט מורא געהאַט, גאַסקאָין זאָל ניט אַהיים פאָהרען פריהער איידער ער וועט זיך דערוויסען דעם אמת, ער וועט זיין זיכער אַז גווענדאָלין איז פערזאָרגט אויפ'ן גאַנצען לעבען און אַז ער וועט שפּעטער געוואָהר ווערען דעם אמת, וועט ער האָבען גרויס צער פון דעם.

ניט מיט אַמאָל האָט ער איהם אַלץ דערצעהלט. צום ערשט האָט ער איהם געזאָגט אַז ער האָט מורא דאָס גראַנדקאָרט האָט די אַלמנה ניט פערזאָרגט ווי עס דאַרף צו זיין. שפּעטער האָט ער איהם דערצעהלט, אַז ער דענקט, גראַנדקאָרט האָט געמוזט פער־שרייבען זיין גאַנץ פערמעגען פאַר אַנדערע און צום סוף האָט ער איהם שוין אויסגעזאָגט אַז גראַנדקאָרט האָט געהאַט אַ ווייב און קינדער, איידער ער האָט חתונה געהאַט מיט גווענדאָלינען און וויל זי האָט ניט געהאַט קיין קינד, האָט ער זיין גאַנץ פאַרמעגען פער־שריבען אויף זיינע קינדער פון יענער פרוי.

גאַסקאָין האָט דאָס דערהערט און געפיהלט זיך שטאַרק דער־שראָקען, עס האָט איהם שטאַרק וועה געטאָן די גאַנצע זאַך. איצט האָט ער זיך דערמאָנט ווי גראַנדקאָרט האָט זיך געפיהרט, מיט איהם איז ער זיך אויך ניט העפליך בעגאַנגען, ער האָט געקוקט אויף איהם פון אויבען אַראָפּ און שטענדיג גערעדט צו איהם אין אַזאַ טאָן וואָס האָט איהם געשטאָכען און בעליידיגט.

ער האָט זיך אויך דערמאָנט אַז עפּעס האָט ער טאַקי געהערט נאָך איידער גראַנדקאָרט איז געקומען נאָך דיפלאָ, מענשען האָבען געזאָגט אַז ער פיהרט זיך זעהר שלעכט אויף. גאַסקאָין האָט אָבער ניט געגלויבט אַז די זינד פון די יוגענד קענען איינעם שטערען שפּע־טער, ער איז שטאַרק אויפגערעגט געווען ווען סער הוגאָ מאַלענ־דזשער האָט איהם דאָס דערצעהלט, ער האָט זיך אָבער בעהערשט, ניט אַרויס צו כאַפּען זיך מיט אַ ניט ריכטיג וואָרט און געזאָגט:

— ווען אַ יונגער מענש מאַכט אַ צוואה געזונדערהייט, גלויבט ער דאָך אייגענטליך אַז ער וועט נאָך לאַנג לעבען. איך דענק אַז הערר גראַנדקאָרט האָט ניט געדענקט אַז זיין צוואה וועט שוין טאַקי אַזוי בלייבען.

ער האָט געשוויגען אַ ווײַלע און צוגעגעבען:

— די געשיכטע איז זעהר אַ וועהטאָגדיגע. אָרענטליכע און אַנשטענדיגע פרויען ליידען דורך די אונגעזעצליכע קינדער וואָס איינער האָט, דאָס גאַנצע פערמעגען נעהמען זיי גאָר צו.

— אַזוי ווי עס איז — האָט סער הוגאָ געזאָגט רוהיג — איז דאָס געוועזען דער איינציגער וועג פאַר איהם. אויב ער האָט אַ זוהן, דאַרף ער איהם ירש'ענען. גראַנדקאָרט האָט קיין נעהנטערען ניט געהאַט, אויסער זיין שוועסטער קינד, וואָס פאַר אַ פערגעניגען איז פאַר אַ מענשען, איבערצולאָזען זיין פערמעגען צו שוועסטער קינדער, בעסער פאַר אַן אייגענעם זוהן. דאָס פערשטעה איך איהם און בין איהם דאָס מוחל. איך קען איהם אָבער ניט פערגעבען פאַר דעם וואָס ער האָט געטאָן, מיר זיינען דאָך בעקאַנטע, מיר קענען רעדען אָפען, אייער פלימעניצע האָט ער זעהר שלעכט בעהאַנדעלט, קיין אָרימער דאָקטאָר לאָזט ניט וועניגער איבער זיין אלמנה. מיך פערדריסט אַז עמיצער איז שלעכט צו זיין פרוי און האַסט זי זאָגאָר נאָך זיין טויט. אַן אָרענטליכער מענש דאַרף זיך זאָרגען פאַר זיין פרוי אפילו נאָך זיין טויט. אַ מענש שטאַרבט שענער און פיינער ווען ער האָט בעזאָרגט ווייב און קינדער און ער איז זיכער אַז קיין זאַך וועט ניט פעהלען.

— עס האָט מיך טאַקי איבערראַשט — האָט גאַסקאָין געזאָגט — נאָך מעהר פאַר דעם וואָס איך בין געוועזען צו איהר ווי אַ פאָטער און נאָר פאַר דעם וואָס איך האָב געגלויבט אין גראַנדקאָרטען און אין זיין גוט הארץ האָב איך מיט איהם פריהער וועגען געלד ניט גערעדט. איך האָב געדענקט אַז עס פאַסט ניט צו רעדען מיט אַ לאָרד וועגען געלד זאַכען, ער ווייס אַליין וואָס ער האָט צו טאָן, איך בין געוועזען זיכער אַז ער וועט זי פערזאָרגען און האָב ניט געפאָדערט אַז ער זאָל איהר פאַר דער חתונה פערשרייבען אַ גרויסע סומע געלד, איך דענק אַז איהר בעשולדיגט מיך איצט אין ניט פאָר־זיכטיגקייט.

— ניין, איך בעשולדיג אייך ניט, איך רעספּעקט אַ מענשען וואָס האָט צוטרויען אין צווייטען. נאָר הערט מיין עצה: טאָמער וועט איהר ווידער חתונה מאַכען אייער׳ס אַ פּלימעניצע, מעג דער חתן זיין אפילו דער בישאָף פון קענטערבורי, זאָלט איהר איהם בינדען הענד און פיס, ער מוז אייך פערשרייבען אַלעס פאָראויס, וועט איהר זיין זיכער. און אויב דער מאַן וועט זיין אַ גוטער וועט ער צופרידען זיין מיט דעם וואָס ער וועט מוזען פערזאָרגען זיין פרוי. וואָס אַנבעלאַנגט ליידי גראַנדקאָרט, קען איך אייך זאָגען אַז איך פיהל זיך מיט איהר נאָך מעהר משפּחה, ווייל איך דענק אַז זי האָט ניט בעקומען קיין גוטע בעהאַנדלונג. איך האָף אַז איהר וועט וויר־קען אויף איהר, זי זאָל זיך פערלאָזען אויף מיר ווי אויף אַ ריכטיגען פריינד.

אַזוי האָט גערעדט דער גוטער סער הוגאָ מאַלענדזשער, עס האָט איהם טאַקי גוט פערדראָסען וואָס די שעהנע יונגע אלמנה האָט ניט מעהר בעקומען ירושה ווי צוויי טויזענד פונט אַ יאָהר און אַ פערלאָזען הויז אין אַ פערוואָרפען ווינקעל.

גאַסקאָין האָט אָבער ניט אַזוי שלעכט געקוקט אויף דעם. צוויי טויזענט פונט אַ יאָהר איז ניט קיין קליינינקייט, אַ הויז איז אויך עפּעס ווערט, האָט ער זיך געטראַכט. עס האָט איהם נאָר פערדראָסען פיעל מעהר ווי סער הוגאָ׳ן די שאַנדע וואָס גראַנדקאָרט האָט זיי אָנגעטאָן מיט דעם וואָס ער האָט געהאַט אַ ווייב און קינדער אין געהיים, אַז די וועלט וועט זיך דערוויסען די געשיכטע וועט די חרפּה זיין זעהר גרויס פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. די מענער ווי די מענער, זיי וועלען דאָס נאָך איבערטראָגען, די פרויען, וועלען אָבער זעהר פיעל ליידען. ער איז געווען שטאַרק צוטומעלט ווען ער האָט געמוזט געהן דערצעהלען די געשיכטע זיין שוועגערין, גווענדאָלין׳ס מוטער, ער זיך נאָך פאָרגעשטעלט ווי שרעקליך דאָס וועט זיין ווען די מוטער וועט איהר דערנאָך דערצעהלען, זי וועט עס ניט אויסהאַלטען.

גאַסקאָין האָט געגלויבט אַז גווענדאָלין ווייס גאָר ניט פון דער גאַנצער געשיכטע, ער האָט געמיינט אַז גווענדאָלין איז פונקט ווי אַלע פרויען, זי ווייס נאָר ניט וועגען דעם.

פאַני דאַווילאַ האָט אָבער אַלץ אַנדערש פערשטאַנען. איצט

האָבען זיך איהרע אויגען געעפענט און זי האָט קלאָר פערשטאַנען א סך זאַכען וואָס זי האָט געהערט פון גוועננדאָלינען נאָך פאַר דער חתונה, א סך זאַכען וואָס זי האָט דעמאָלט גערעדט און געטאָן האָט זי ניט פערשטאַנען. איצט איז אַלץ פאַר איהר קלאָר געוואָרען. גוועננדאָלין האָט אַלץ געוואוסט. וועו ניט אַלץ, האָט זי א טייל פון דעם זיכער געוואוסט, זי האָט געוואוסט נאָך פאַר דער חתונה אז גראַנדקאָרט האָט א ווייב מיט קינדער.

די מוטער האָט געהאָפט אז עס וועט קומען א צייט אז גוועננ־דאָלין וועט עפענען איהר האַרץ פאַר איהר אין געגוּאָ אָדער אין דער היים אין ענגלאַנד. זי וועט איהר אַלץ דערצעהלען און דעמאָלט וועט איהר לייכטער זיין זי טרייסטען און בערוהיגען און אויסזאָגען איהר וואָס פאַר א צוואה גראַנדקאָרט האָט איבערגעלאָזט, נאָך וואָס זאָל גוועננדאָלין אומזיסט גלויבען אז דאָס גאַנצע פערמעגען וועט זי ירשנ'ען ?... נאָר אזוי ווי די מוטער האָט געטראַכט וועגען דעם, האָט גוועננדאָלין פּלוצלונג אָנגעהויבען אַליין רעדען דערפון:

— מאַמע, איך האָף אז דו דערוואַרטסט ניט, איך זאָל זיין איצט רייך און גרויס — האָט גוועננדאָלין געזאָגט באַלד נאָך איהר מוטער'ס געשפּרעך מיט גאַסקאָינען — אפשר וועל איך גאָר ניט קריגען ?

גוועננדאָלין איז געווען אָנגעטאָן און געזעסען און געטראַכט א צייט איידער זי האָט דאָס געזאָגט. די מוטער האָט זיך דערשראָ־קען, זי האָט זיך אָבער באַלד בעהערשט און געזאָגט:

—אָ, יאָ, מיין קינד, עפּעס וועסטו יאָ קריגען, סער הוגאָ מאַ־לענדזשער וויים אַלץ וועגען דעם.

— דאָס בעשליסט אָבער נאָך גאָר ניט — האָט גוועננדאָלין זיך פערענטפערט.

— זיכער, מיין קינד, סער הוגאָ זאָגט דו וועסט בעקומען צוויי טויזענד פונט א יאָהר און דאָס הויז אין דעם דאָרף גיידסמיד.

— עס וועט זיך דאָך אָבער וועגדען אָן מיר, צו איך וועל וועלען נעהמען, אָדער ניט, עס איז נאָך ווענוג וואָס מען וועט מיר גע־בען, איך דאַרף דאָך וועלען נעהמען — האָט גוועננדאָלין געזאָגט — ניט דו און ניט דער פעטער דאַרפט מיר דעות זאָגען אין דעם און מיך צורעדען צו טאָן עפּעס אין דעם. אַלץ אין דער וועלט

וועל איך טאָן דיר צו מאכען גליקליך, אָבער אין אלעם וואָס גע־הער זיך אָן מיין מאַן, טאָר זיך קיינער ניט אריינמישען. מאמע, אכט הונדערט פונט איז גענוג פאַר דיר א יאָהר.

— נאָך מעהר ווי גענוג, מיין טייער קינד. דו טאָרסט גאָר ניט טראכטען צו געבען מיר אזוי פיעל. — האָט די מוטער געזאָגט און שווייגענדיג א ווײלע האָט זי צוגעגעבען — ווייסטו ווער עס וועט בעקומען די גיטער און דאָס גאַנצע געלד?

— יאָ — האָט גווענדאָלין געזאָגט און א מאָך געטאָן מיט דער האנד, ווי זי וואָלט ניט געוואָלט מעהר רעדען וועגען דעם — איך ווייס אלץ, עס איז אלץ גאַנץ ריכטיג און איך וויל ניט אז מען זאָל גאָר א וואָרט דערמאָנען וועגען דעם.

די מוטער האָט געשוויגען, אָבגעקעהרט די אויגען פון איהר און געוואָרען רויט. זי האָט זיך אויפגעהויבען און געזוכט א פעכער דאָס פנים זיך צו פערשטעלען מיט דעם. זי איז געווען שטאַרק צוטומעלט און האָט ניט געקענט קוקען גווענדאָלינען אין די אויגען. זעהר פיעל האָט די אָרימע דאַווילאַ זיך אָנגעליטען אין איהר לע־בען, איצט האָט זי געהאָפט אז זי איז געהאָלפען, זי וועט אראָפּ־רעדען איהר ביטער הארץ פאַר איהר טאָכטער און איהר טאָכטער וועט טאָן דאָס זעלבע פאַר איהר און פּלוצלונג האָט זי געזעהן אָז זי קען דאָס ניט. גוועגדאָלין וויל קיין וואָרט ניט רעדען פאַר איהר.

גוועגדאָלין האָט געזעהן ווי צובראָכען איהר מוטער איז און עס האָט איהר באנג געטאָן וואָס זי האָט אזוי שטרענג גערעדט מיט איהר און זי האָט געבעטען:

— קום אהער, מאמע, זעץ זיך נאָהענט לעבען מיר, זיי ניט אומגליקליך.

די מוטער האָט געטאָן דאָס וואָס זי האָט פערלאַנגט פון איהר. זי האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען גוועגדאָלינען און זיך געביסען די ליפּען מיט די ציינער, זי זאָל זיך ניט צוואוויינען, גווענדאָלין האָט זי ליעב ארומגענומען און געזאָגט:

— איך וויל זיין זעהר קלוג און גוט, איך וועל זיין אזוי גוט צו דיר, מיין טייערע, אלטע, זיסע מאמע, וועסט מיך ניט דערקע־נען, נאָר איין זאַך וויל איך פון דיר — זאָלסט ניט וויינען.

גוועגדאָלין האָט געהאט בעשלאָסען צו פרעגען דעראָנדאַ׳ן,

צו זי זאָל נעהמען אַ טייל פון דער ירושה וואָס גראַנדקאָרט האָט איהם געלאָזען, זי זאָל קענען דאָס געבען איהר מוטער און די מו־טער מיט די קינדער זאָלען ניט הונגערען. די אָרימע גווענדאָלין האָט זיך צוגעגרייט צו אַלעם און זי האָט געפיהלט אַז זי וועט אַלץ טאָן וואָס וועט זי אויפהויבען אין דעראָנדאַ'ס אויגען, קיין זאַך וועט איהם ניט זיין צו שווער, אַבי דעראָנדאַ'ן זאָל עפּעס געפעלען.

סער הוגאָ מאַלענדזשער האָט איינגעלאַדען גווענדאָלינען און איהר מוטער צו קומען נאָך פּארק ליין און וואוינען ביי איהם אַזוי לאַנג ווי זי וועט אַלץ האָבען אָפּגעטאָן אין לאָנדאָן. איצט, האָט ער איהר געזאָגט, פערלאָזען אַלע לאָנדאָן און איהר וועט קענען דאָרט פערברענגען רוהיג. ער האָט אויך פאָרגעשלאָגען באַלד מיט־צונעהמען אַלע זאַכען וואָס זי האָט ליגען אין גראַנדקאָרטס הויז און גראָסוועגאָר סקווער.

דער פאָרשלאַג איז געווען דער בעסטער פאַר גווענדאָלינען. זי וועט אַ שטיקעל צייט פערברענגען ביי סער הוגאָ'ן אין הויז. עס וועט פאַר איהר גאַנץ לייכט זיין צו זעהן זיך מיט דעראָנדאַ'ן און רעדען מיט איהם, זי דאַרף נאָר קענען איהם צושיקען אַ בריעף און בעטען, ער זאָל קומען צו איהר.

אויפ'ן וועג אַהיים האָט סער הוגאָ פערשטאַנען אַז גווענדאָלין וויים פון גראַנדקאָרט'ס צוואה, האָט ער גערעדט מיט איהר וועגען איהר צוקונפט, ווי אַזוי זי דאַרף זיך איינאָרדנען, ער האָט גערעדט וועגען הויז וואָס גראַנדקאָרט האָט איהר פערשריעבען און זי דאַרף ניט אַזוי פיעל טרויערען עס וועט איהר גאָר ניט פעהלען.

סער הוגאָ האָט געדענקט גאַנץ ערנסט אַז אַן אלמנה וואָס איהר מאַן האָט זי אַזוי ניט גוט בעהאַנדעלט דאַרף ניט צו פיעל קלאָגען נאָך איהם. איינמאָל איז זי נאָך זעהר יונג און צווייטענס וועלען מענשען זאָגען, אַז זי טרויערט ניט אויף דעם וואָס ער איז דער־טרונקען געוואָרען, נאָר וואָס ער האָט איהר אַזאַ קליינע ירושה אָפּגעזאָגט.

סער הוגאָ האָט זי גאַנץ גוט בעהאַנדעלט, ער האָט זיך בעצוי־גען צו איהר ווי אַ פאָטער, גערופען זי: „מיין טייערע". און רע־דענדיג מיט גאַסקאָינען וועגען דעם הויז אין גיידסמיד, וועגען די מעלות און חסרונות דערפון, וואָס מען דאַרף נאָך דאָרט אויסבע־

סערען, האָט ער געזאָגט „מיר“ וועלען נאָך דארפען א סך דאָרט טאָן.

גווענדאָלין איז געזעסען די גאַנצע צייט ווען סער הוגאָ האָט גערעדט מיט איהר פעטער און מוטער און זי האָט טרויעריג גע־שוויגען. עס איז איהר ניט אָנגעאַנגגען דאָס וואָס סער הוגאָ האָט געזאָגט, אַז עס קען זיין דאָס ליידי גראַנדקאָרט וועט ניט וועלען וואוינען אין גיידסמיד, זאָל זי עס בעסער פערדינגען צו א קויהלען אייגענטימער. אין גיידסמיד איז דאָ א קויהלען גראָבען, זי וועט קענען וואָהנען וואו זי וועט וועלען, דאָס דאָרף גיידסמיד איז אָבער אויך זעהר א גוט דאָרף און עס איז דאָרט גאַנץ גוט צו וואוינען, נאָך דערצו פאַר איינעם וואָס די קויהלען לופט שאדט איהם ניט.

— מיר וואָלט ניט געהארט די סאַזשע פון די קויהלען — האָט סער הוגאָ געזאָגט — ניטאָ נאָך א געזונטערע זאך ווי סאַזשע פון קויהלען, און אויב איינער דארף זיין אין גיידסמיד איז עס א גן־עדן א דאָרף.

— איך דענק אַז עס איז אינטערעסאַנטער ווי אָפענדין ? — האָט גאַסקאָין געזאָגט.

— פיעל מעהר — האָט סער הוגאָ געזאָגט זיכער — איך בין דאָרט געוועזען מיט מיין ברודער, מיט א פינף און צוואַנציג יאָהר צוריק, און איך געדענק עס זעהר גוט. די צימערען זיינען אפשר ניט גרעסער. די ערד איז אָבער פיעל בעסער.

— אונזער אָרים טייער אָפענדין איז גאָר ליידיג — האָט פעני דאווילא געזאָגט — הערר הייענס האָט דאָס געדונגען, ער האָט זיך אָבער ניט ארייגעקליבען, און ער מוז איצט ליידען. איך האָב עס געקענט בעקומען פון לאָרד בראַקינשא אויף א גאַנץ יאָהר פריי, ווייל איך האָב עס געהאַלטען לופטיג און וואַרים.

— איך דענק אַז איהר האָט איצט אויף א גאַנץ בעקוועמע וואוינונג — האָט סער הוגאָ געפרעגט.

— אפשר — האָט גאַסקאָין געזאָגט מיט א שמייכעל — די ערד איז אָבער ניט גענוג.

גווענדאָלין האָט זיך אין גאַנצען איבערגעביטען ווען זי האָט געהערט די מוטער ריידען וועגען אָפענדען, אַז עס איז ליידיג. דער שמועס איז אָנגעגאַנגען אויף א סטאַנציע וואו די באַהן האָט זיך

אָפּגעשטעלט. עס איז געווען אַ פּערוואָרפֿען אָרט, שטיל און רוהיג איז געווען אַרום און אַרום. דאָס פֿעלד האָט זיך אויסגעשפּרייט ווייט, ווייט. די זון האָט אַזוי פֿער׳חלום׳ט געשיינט און בעלויכ־טען אַלסדינג אַרום זיי. גווענדאָלין האָט זיך טאַקע אויסגעדאַכט אַז דאָס אַלץ וואָס זיי רעדען איז ניט מעהר ווי אַ חלום. נאָר ווען זי האָט דערהערט ווי זיי רעדען וועגען די קויהלען גראָבען און דאָס פּערהאַסטע דאָרף גיידסמיד האָט דאָס איהר חלום צושטערט און זי האָט שוין קלאָר געהערט ווי די מוטער רעדט וועגען אָפּענדין. זי האָט זיך דערמאָנט אָן פּעניקאַט און אָפּענדין און עס האָט זיך איהר אַלץ פֿאָרגעשטעלט ווי לעבעדיג. דאָס לאַנד, די פֿעלדער, די וועלדער און די סטאַדעס שאָף ווי זיי פּאַשען זיך רוהיג. זי האָט זיך דערמאָנט אין וועג וואָס פֿיהרט פֿון אָפּענדין צו איהר פֿע־טער אין פּעניקאַט, די בוימער פֿאַר די הייזער און די מענשען שטע־הען און קוקען אַרוים אין דרויסען ווי זי זעהט פֿערביי. זי האָט דער־זעהן ווי די טהיר האָט זיך געעפֿענט ביי זיי אין הויז, ווי די מוטער און די שוועסטערען זיינען אַרויסגעלאָפֿען אַנטקעגען און זיך דער־פֿרעהט מיט איהר.

אַמאָל איז איהר דאָס אַלץ אַזוי ניט אָנגענעהם געווען און דער־עסען, איצט האָט זי עס גאָר אין אָן אַנדער ליכט געזעהן. עס איז איהר אַזוי ליעב געוואָרען, עס האָט זי געצויגען, זי האָט געזעהן אין דעם רוהיגקייט און פֿרייד און זי האָט שוין וואָס גיכער גע־וואָלט זיין דאָרט. זי האָט אַזוי געבענקט נאָך דעם, זי וועט זיך דאָרט אויסרוהען פֿון איהרע ליידען, זי וועט אַריינטרינקען אין זיך די פֿרישע, גוטע לופֿט, וועט הערען דאָס געזאַנג פֿון די פֿויגעלאַך... זי האָט זיך געפֿיהלט ווי זי וואָלט צוריק געפֿאָהרען פֿון דעם טייַ־וועל׳ס חתונה וואו ער האָט זי פֿערשלעפּט, געפּייניגט און פֿער׳־שיכור׳ט, זי מוז זיך איצט אויסרוהען, נאָר אויסרוהען...

אַזוי האָט גווענדאָלין געטראַכט פֿון אָפּענדין, זי האָט אָבער קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגען דעם און קיינער האָט ניט בעמערקט וואָס ביי איהר אין האַרץ טוט זיך אָפּ, זיי האָבען געמיינט אַז אָפּענדין אָרט זי פּונקט אַזוי ווי אַלע זייערע רייד וואָס זיי האָבען גערעדט, ווי דער שטייגער, מענשען פֿאָהרען אונטערוועגס רעדען זיי וועגען אַלץ אויף דער וועלט.

אויסער דעם זיינען זייביידע, סער הוגאָ און גאַסקאָין געווען גוטע בעקאַנטע און זיי האָבען געהאַט זעהר פיעל צו רעדען. דאָס ערשטע האָבען זיי געשמועסט, נאַטירליך וועגען דעם דערטרונקענעם און שפּעטער יעדער איינער וועגען זיינע קינדער, ווי אַזוי עס איז איהם דערגאַנגען, וואָס פאַר אַ פריידען און ליידען זיי האָבען געהאַט. זיי זיינען אַרויף אויף אַ שמועס וועגען דיפּלאָפּיעלד און די שכנים און סער הוגאָ האָט געזאָגט אַז אין ענדע הערבסט וועט ער קומען נאָך דיפּלאָפּיעלד אויף אַ צוויי חדשים. גאַסקאָין איז געווען זעהר צופרידען דערפון און זיי האָבען ביידע גוט פערבראַכט.

גווענדאָלין איז דערווייל געזעסען צווישען זיי, גע'חלומ'ט און געטראַכט און ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי געפינט זיך. די מוטער איז געזעסען און געטראַכט וואָס איז עפּעס מיט גווענדאָלינען וואָס זי וויים ניט צו זי זאָל אָננעהמען דעם מאַן'ס ירושה אָדער ניט.

גווענדאָלין האָט טאַקי ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און זי האָט זיך געוואָלט בעראַטען מיט דעראָנדאַ'ן, זי האָט מורא געהאַט צו טאָן די מינדעסטע זאַך אָהן איהם, טאָמער וועט דאָס איהם שפּעטער ניט געפעלען. דעראָנדאַ איז געווען איהר גאָט, ווען זי האָט געוואָלט עפּעס טהאָן, איז ער אויפגעשוואומען פאַר איהרע אויגען און זי האָט זיך געפרעגט: וועט דאָס געפעלען דעראָנדאַ'ן אָדער ניט?

גווענדאָלין האָט אָבער פערגעסען איהם צו פרעגען ווען ער איז אוועקגעפאָהרען וואו ער וועט זיין און ווי אַזוי זי וועט איהם קענען שרייבען אַז זי וועט דאַרפען. זי האָט דאָס זיך געקענט דער־וויסען נאָר פון סער הוגאָ'ן. זי האָט גוט געוואוסט וואָס פאַר אַן איינדרוק איהר פראַגע וועגען דעראָנדאַ'ן וועט אויף די צוהערער מאַכען, זיי וועלען געוויס זאָגען אַז זי זוכט מעהר דעראָנדאַ'ן ווי ער זוכט זי... אַז זיי וועלען אַזוי זאָגען האָט זי זיך אויסגעלערענט פון גראַנדקאָרטען, דאָס צו גלויבען, אָבער וואָס געהען זיי אַלע איהר אָן? זאָלען זיי רעדען וואָס זיי ווילען. זי קען דאָך גאָר ניט טאָן אָהן זיין וויסען, אַז זי וועט דאָך זיי ניט פרעגען קיין עצות, צו זי זאָל יאָ רעדען מיט דעראָנדאַ'ן אָדער ניט.

אַז זיי זיינען אָנגעקומען אין פּאַרק ליין און זיי האָבען דער־

הערט אַז סער הוגאָ פאָהרט אין שלאָס צו זיין פאַמיליע, אויף עט־ליכע טעג, ער האָט איינגענטליך געזאָלט באַלד צוריק קומען און טאָן אַלעס מעגליכע פאַר איהר, האָט זי איהם אָפען אָהן צוריקהאַלטען זיך געפרעגט, ווען איהר מוטער איז דערביי געוועזן:

— סער הוגאָ, איך וויל זעהן הערר דעראָנדאָ׳ן אַזוי גיך ווי מעגליך. איך ווייס ניט זיין אַדרעס. וועט איהר מיר זאָגען זיין אַדרעס אָדער איהר וועט איהם לאָזען וויסען אַז איך וויל איהם זעהן?

— אַ געדאַנק האָט זיך דורכגעבליצט זיין מוח, עס האָט איהם אָבער ניט געשטערט און ער האָט רוהיג געענטפערט:

— אויף מיין וואָרט, איך ווייס ניט צו ער איז אין זיין וואוי־נונג אָדער אין שלאָס. איך וועל איהם אָבער לייכט אויסגעפינען. איך וועל איהם שרייבען אין זיין וואוינונג אַז ער זאָל קומען. און אויב ער וועט זיין אין שלאָס וועל איך איהם גלייך צושיקען אַהער. איך בין זיכער אַז ער וועט טהאָן אייער פערלאַנג.

ער האָט דאָס געזאָגט גאַנץ העפליך און פריינדליך ווי ער וואָלט קיין בייז ניט געזעהן אין דעם, וואָס זי רופט איהם צו זיך.

ביי זיך אין הארצען האָט ער אָבער געגלויבט אַז זי האָט איהם שרעקליך ליעב, און שוין אַ לאַנגע צייט אַזוי און ער האָט מורא געהאַט אַז זי זאָל ניט אין איילעניש עפּעס טאָן אַזעלכעס וואָס וועט איהר נאָך דעם באַנג טאָן און פערשאַפען פיעל ליידען, האָט ער בעשלאָסען ביי זיך, איהר צו העלפען צו יעדער צייט, זי בעשיצען אַז קיין בייז זאָל איהר ניט געשעהן.

סער הוגאָ האָט זיך געטראַכט אַז נאָך אַזאַ שעהנע און ליעבע פרוי ווי גווענדאָלין איז ניטאָ אויף דער וועלט און נאָך אַזאַ וואוי־לער און טייערער מענש ווי זיין ליעבלינג דאַני איז אויך ניטאָ און אַז זיי זיינען אַ פּאָר וואָס קיין בעסערע איז גאָר ניטאָ. גראַנד־קאָרט האָט געטאָן אַ חכמה וואָס ער האָט זיך אָפּגעטראָגען גענוג פריה, פּונקט אין צייט... ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַר זיין ליעבלינג דאַני, ער האָט דאָך איהם געקענט פאַר אַ טרוימער און אַ פאַנטאַזיאָר. ווער ווייס, צו ער איז ניט פערנומען מיט אַ וויכ־טיגע פאַנטאַסטישע זאַך וואָס איז איהם נאָך מעהר טייער ווי די

שעהנע און ליעבע גוועגדאָלין און די ליעבע וועט זיך אויסלאָזען מיט גאָרניט.

אויף א מינוט האָט איהם פערדראָסען אויף דעראָנדא׳ן, וואָס ער ליעבט ניט אַזוי שטאַרק גוועגדאָלינען ווי זי איהם, ער האָט גאָר פאַרגעסען אז ער אַליין האָט געווארנט דעראָנדא׳ן ער זאָל זיך היטען פאַר איהר. עס איז דאָך געווען אַזוי פריש גראַנד־קאָרט׳ס טויט און ער האָט טאַקי געהאַט פערגעסען אין דער גאַנ־צער געשיכטע.

ער האָט געשיקט א בריעף צו דעראָנדא׳ן אין זיין וואוינונג און דער בריעף האָט איהם טאַקי דאָרט געפונען.

## 52טער קאַפּיטעל.

דעראָנדא האָט געפאָלגט איהר ביטע, ער האָט אָבער געהאַט עגמת נפש דערפון. ער האָט גרוים רחמנות געהאַט אויף איהר און עס האָט איהם וועה געטאָן, זעהענדיג וואָס זי וויל פון איהם אַזעל־כעס וואָס ער קען איהר ניט געבען.

ער איז געווען זיכער אַז זי האָט איהם ליעב און ער האָט זאָ־גאָר ניט געטראַכט ווי אַזוי און פאַרוואָס. ער האָט דערזעהען אַז זי איז שטאַרק צוגעבונדען צו איהם, זי שטעהט איצט פאַר אַן אַב־גרונד און שטרעקט אוים איהרע הענד צו איהם, ער זאָל זי אויס־לייזען פון איהרע ליידען.

ווען דאָס וואָלט געווען מיט א יאָהר אָדער צוויי צוריק, וואָלט ער קיין מינוט ניט געטראַכט, ער וואָלט געוואָרען איהר בע־שיצער אויף׳ן גאַנצען לעבען, ער וואָלט זי אָפּגעהיט ווי א מלאך. ער האָט דאָך איהר טאַקי אָנגעהויבען העלפען נאָך דעמאָלט ווען ער האָט אויסגעלייזט דעם בראַסליעט פאַר איהר, די הילף קען דאָך אָבער ניט זיין קיין גאַנצע, ווען זיי זאָלען ניט חתונה האָבען. דאָס וואָלט אַלץ גוט געווען אַמאָל, מיט א צייט צוריק, איצט אָבער האָט זיך אַלץ געענדערט, ער ליעבט איצט אַן אַנדערע פרוי און גוועג־דאָלין ווירקט גאָר ניט אויף איהם מעהר, אויסער רחמנות וואָס ער האָט אויף איהר. ער האָט געוואוסט אַז דאָס וואָס זי האָפּט

פון איהם וועט ער ניט קענען טאָן און דאָס האָט־איהם שטאַרק וועה געטאָן.

ער האָט געוואַרט פאַר איהר אין גרויסען זאַל ביי סער דוגאָ'ן אין הויז. אין זעלבען זאַל זיינען זיי געווען ביים באַל מיט עט־ליכע מאָנאַטען צוריק און דעמאָלט האָט זי איהם געזאָגט אַז איהר לעבען איז אָפּהענגיג פון איהם, ער זאָל זי ניט פערלאָזען, איהר געבעט איז געקומען אין איינעם מיט ז'עם געזאַנג „אויס רחמנות, פערלאָז מיך ניט". דאָס האָט אָבער געזונגען ניט זי נאָר מירא.

דעראָנדאַ איז געגאַנגען אויף און אָב איבער'ן זאַל, אָט פאַ־מעליך, אָט גיך, ער האָט געקוקט אויף די בילדער, אויף די ווענט, ער האָט זיי טויזענט מאָל שוין געזעהן און זיי האָבען איהם אויס־געוויזען ניי, ער אַליין איז געווען אַן אַנדער מענש, אַ נייער, און זעדע זאַך וואָס ער האָט געזעהן האָט איהם אויסגעקוקט אַנדערש, ניי. ער האָט געזעהן דאָס בילד פון ליידי מאַלענדזשער, די ביל־דער פון די טאַטעס און זיידעס פון דער מאַלענדזשער פאַמיליע און עפּעס האָבען זיי איהם אויסגעקוקט אַזוי ווייט און פרעמד, ער אַליין האָט זיך אויך געפיהלט פרעמד אין דעם הויז וואו ער האָט זיך אַזוי לאַנג גערעכענט פאַר אַן אייגענעם.

דאָס אַלץ וואָס איז מיט איהם פאָרגעקומען די לעצטע צייט האָט איהם קלאָר געזאָגט אַז זיין צוגעבונדענקייט צו דעם הויז האָט זיך איבערגעריסען און ער איז עס שוין ניט אַזוי געטריי און איבערגעגעבען ווי שטענדיג.

ער איז געשטאַנען מיט'ן הוט אין האַנד און געוואַרט פאַר דער יונגער דאַמע וואָס דאַרף באַלד אַרויסקומען און וויפיעל האָט זי די יונגע פרוי איבערגעלעבט די לעצטע צייט? זי איז איצט אַזוי אומגליקליך וואָס קען ער איצט טאָן פאַר איהר?

אין דער מינוט איז גווענדאָלין אַריין, זי האָט אויסגעזעהן גאַנץ אַנדערש ווי אין געזעהן, ניט נאָר דורך איהר טרויער קלייד נאָר זי איז עפּעס געווען צופרידען און רוהיג. זי איז צופרידען געווען וואָס דעראָנדאַ איז געקומען. ווען זיי האָבע זיך אָבער גע־געבען די הענד האָבען זיי קיין שמייכעל ניט געטאָן. יעדער איז געווען פול מיט עראינערונגען פון אַמאָל און ערוואַרטונג וואָס דאָ וועט באַלד פאָרקומען. זי האָט אָנגעהויבען רעדען:

— עס איז אזוי גוט וואָס איהר זייט געקומען, לאָמיר זיך זעצען.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט און ער געגען איבער איהר.

— איך האָב איך געבעטען צו קומען ווייל איך וויל איהר זאָלט מיר זאָגען וואָס איך זאָל טאָן — האָט זי גלייך אָנגעהויבען רעדען — האָט ניט מורא מיר צו זאָגען אַלס וואָס איהר דענקט. עס איז ריכטיג, כאָטש עס ווייזט אוים צו זיין שווער. איך האָב בעשלאָסען עס צו טאָן. אמאָל האָב איך מורא געהאַט איך זאָל ניט זיין אָרעם, איך האָב ניט געקענט פערטראָגען דעם געדאַנק אז איך וועל דארפען זיין ביי פרעמדע מענשען, און צוליעב דעם האָב איך דאָס געטאָן, האָב איך חתונה געהאַט, איצט האָב איך אָבער שוין איבערגעטראָגען פיעל ערגערע זאכען. איך דענק אז איך וועלע קענען פערטראָגען אָרימקייט, ווען איהר וועט זאָגען אז איך דארף אזוי זיין, איהר וויסט עפּעס וועגען מיין מאַן'ס צואה?

— יא, סער הוגאָ האָט מיר דערצעהלט — האָט דעראָנדא געזאָגט פערשטעהענדיג די פראגע וואָס זי וויל איהם פרעגען.

— דארף איך נעמען עפּעס פון דעם וואָס ער האָט מיר אי־בערגעלאָזט? איך וועל אייך זאָגען וואָס איך האָב געדענקט — האָט זי געזאָגט מיט א נערוועזער היץ — איהר וויסט געוויס ניט וואָס איך האָב געטראכט וועגען מיין מאמע ווען איך בין גע־גאנגען חתונה האָבען. איך בין אמאָל געווען עגאָאיסטיש, האָב נאָר זיך אליין אין זין געהאַט, איך האָב אָבער מיין מאמע ליעב געהאַט און געהאַט אזוי פיעל צער איבער איהר אָרימקייט. און דאָס איינציגע פערגעניגען אין מיינע ליידען נאָך דער חתונה איז געווען וואָס דורך מיין חתונה איז מיין מאמען בעסער. דאָס ערגסטע וואָלט איצט פאַר מיר געווען ווען איך וואָלט זי ווידער גע־זעהן ליידען אָרימקייט. איך דענק אז ווען איך זאָל נעהמען פון דער ירושה נאָר אזוי פיעל, וויפיעל עס זאָל זיין גענוג פאַר מיין מאמע, פאַר מיר קיין זאַך ניט. איך דענק אז דאָס וואָלט ניט געווען קרום. איך בין דאָך ביי מיין מאמע אזוי טייער געווען... ער האָט מיך צוגענומען פון איהר... ער האָט געמיינט... און ווען זי זאָל געווען וויסען.

גוועגדאָלין האָט אויפגעהערט רעדען. זי האָט זיך ניט צו־געגרייט צו רעדען מיט איהם וועגען דעם און אַז עס איז געקומען דערצו איז זי צומישט געוואָרען און ניט געוואוסט וואָס צו רעדען. צוטומעלט האָט זי זיך אַרומגעקוקט אַזוי הילפלאָז, דערזעהן איהרע הענד אָהן די רינגען אויסער דאָס חופה־קדושין רינגעל.

— האָט ניט קיין יסורים רעדענדיג וועגען דעם — האָט דע־ראָנדאַ געזאָגט ווייך — די זאַך איז קלאָר, איהר דאַרפט ניט האָ־בען קיין צער. איך דענק אַז עס איז שווער איך זאָל דאָ מאַכען אַ טעות. איהר האָט בעשלאָסען מיט מיר זיך צו בעראַטען ווייל איך בין דער איינציגער מענש פאַר וועמען איהר האָט פערטרויט אייערע ליידען און איך פערשטעה אייערע צרות. ער האָט געשוויי־גען אַ ווײַלע זי זאָל זיך בעהערשען. זיין שווייגען איז פאַר איהר נאָך ליבער געווען, זי האָט אין דעם געפיהלט די זעלבע ווייכקייט און איבערגעבענקייט וואָס אין זיין שטימע, זי האָט בעקומען קו־ראַזש, אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איהר האָט עפּעס אויף אייער געוויסען געגען דעם גע־שטאָרבענעם, איהר מיינט אַז דאָס איז אַ פערברעכען. איהר דענקט אַז איהר האָט פערלוירען אַלע רעכט זיך צו רופען זיין פרוי. איהר ציטערט פאַר'ן געדאַנק אַז איהר דאַרפט נעהמען עפּעס וואָס האָט געהערט צו איהם. איהר ווילט זיך האַלטען ריין פון צו פער־דינען עפּעס דורך זיין טויט . איהר ווילט זיך נאָך אַליין בע־שטראָפען, ליידען הונגער און נויט, ווייל דאָס בייזע אין אייך האָט געהאַט געזיעגט איבער דאָס גוטע, איך האָב דאָס אייגענט־ליך אַליין געוואוסט. האָב איך אייך פאַרשטאַנען?

— יאָ, איך וויל זיין גוט, ניט אַזוי ווי איך בין געווען — האָט זי געענטפערט. איך וויל זיך בעמיהען איבערטראַגען אַלץ וואָס איהר וועט זאָגען אַז איך מוז. איך האָב זיך בעמיהט אייך צו דערצעהלען דאָס ערגסטע וועגען מיר, וואָס דאַרף איך איצט טאָן?

— ווען עס וואָלט אין דער געלד פראַגע זיך געהאַנדעלט נאָר וועגען אייך אַליין — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — וואָלט איך ניט געוואַגט אייך צו זאָגען אַ וואָרט געגען אייערע געפיהלען וואָס

איהר פּיהלט אין אייער חרטא. איצט האַנדעלט זיך שוין אָבער וועגען אייער מאַמע אין וואָס איהר פּיהלט וועגען איהר און דאָס איז גאַנץ גערעכט אַז זי זאָל ניט ליידען קיין נויט. איך דענק אַז ווען אַפּילו איהר וואָלט בעגאַנגען דעם גרעסטען פערברעכען פער־לירט איהר אַלץ ניט דאָס רעכט אויף אייער מאַן. ער איז אַריין אין אייער לעבען, אַוועקגענומען אייך פון אייער וועג און געפיהרט אויף זיינעם, דאָס האָט ער געטאָן מיט זיין אייגענעם ווילען און ער איז אייך אַ סך שולדיג. אויסער דעם איז ער געוועזען פערפּליכ־טעט אויסצוהאַלטען אייער מאַמע, ער איז דאָך גאַנץ רייך געוועזען, און שרייבענדיג די צואה האָט ער זיכער געוואוסט אַז אייער מאַמע וועט געווים האָבען אַ טייל אין אייער ירושה.

זי האָט געהאַט אַכט הונדערט פונט אַ יאָהר פון איהם. וואָס איך האָב געוואָלט איז צונעהמען נאָר די אַכט הונדערט פונט און צו לאָזען דאָס איבעריגע — האָט זי געזאָגט, זי האָט זעהר פיעל געטראַכט וועגען דעם, אַז דאָס איז איהר יאָ ערלויבט און זי האָט רעגען עפּעס אַנדערש ניט געקענט דענקען.

—איך האַלט אַז איהר דאַרפט ניט בעגרענעצען די דאָזיגע סומע — האָט ער געזאָגט — אייער מוטער וואָלט זעהר פיעל ליי־דען פון אַזאַ בעשלוס. דאָס געלד פון וועלכען איהר שליסט זיך אויס און זי זאָל עס נעמען, וואָלט עס פאַר איהר געוועזען זעהר ניט אַנגענעהם. אייער לעבען וואָלט אויך זעהר שווער געוואָרען, מיר האָבען אין געגנוא בעשלאָסען אַז קיינער זאָל ניט וויסען וואָס צווי־שען אייך ביידע איז פאָרגעקומען און אַז איהר אַליין וועט ניט וועלע נעמען גאָרניט, וועלען מענשען אָנהויבען טראַכטען און רעדען, אַז דאָ איז עפּעס פאָרגעקומען, דאָס בעסטע פאַר אייך וועט זיין אַז קיינער וועט ניט זעהן און ניט וויסען וואָס ביי אייך אין האַרץ קומט פאָר, מיין מיינונג איז אַז איהר דאַרפט אָננעמען די ירושה אַזוי ווי ער האָט פערשריבען און איהר וועט שוין וויסען וואָס צו טאָן מיט דעם געלד.

רעדענדיג די לעצטע ווערטער האָט ער גענומען זיין הוט וואָס איז געלעגען לעבען איהם אויף דער פאָדלאָגע.

גווענדאָלין האָט ניט אַרונטערגענומען די גאַנצע צייט די אויגען פון איהם און אַז זי האָט דערזעהן, ווי ער נעהמט זיין העט

האָט זי זיך דערשראָקען, ער זאָל זיך ניט אויפהויבען און געוואָלט איהם אָפּהאַלטען, ניט פערשטעהענדיג אז מיט איהר אויפשטעלען זיך בעווייזט זי, אַז זי איז צופרידען, ער זאָל שוין אַוועקגעהן, דעראָנדאַ האָט זיך טאַקי גלייך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צו איהר אביסעל נעהנטער און זי האָט גיך געזאָגט:

— איך וועל טאָן דאָס וואָס איהר הייסט מיר. אָבער וואָס נאָך זאָל איך טאָן?

עפּעס אנדערש ווי די איינפאַכע ווערטער האָט זי ניט געקענט זאָגען, אויך די פּאָר ווערטער זיינען איהר אַזוי שווער אָנגעקומען, זעהענדיג ווי עלענד און פערלאָזען זי איז. זי האָט ניט קיינעם ווער עס זאָל איהר העלפען און זיין מיט איהר. זי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און זיך שטאַרק צואווייגט, גרויסע טרעהרען און שווערע האָבען זיך געגאָסען פון איהרע אויגען. דעראָנדאַ האָט דערפיהלט אַ שרעקליכען וועהטאָג, ער האָט זיך אָבער באַלד בעהערשט און געזעהן אַז ער מוז זיין זעהר פּאָרזיכטיג, און אַז זי האָט אויפגעהערט וויינען, האָט ער זי גאַנץ העפליך געפרעגט:

— איהר וועט אודאי אין גיכען פאָהרען מיט אייער מאַמע אין פּראָווינץ?

— יאָ, אין אַ וואָך אָדער צעהן טעג ארום.

זי האָט געוואַרט אַ ווײַלע, ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער ווי זי וואָלט דאָרט עפּעס געזעהן און געזאָגט:

— איך וויל זיין גוט צו זיי אַלע. זיי קענען זיין גליקליכער ווי איך. איז דאָס דאָס בעסטע וואָס איך קען טאָן?

—איך דענק אַזוי, עס איז אַ פּליכט אין וועלכער קיין צוויי־פעל קען ניט זיין — האָט דעראָנדאַ געזאָגט. אין די רייד האָט ער זיך אָפּט אָפּגערוהט אויף אַ ווײַלע, פיהלענדיג די וויכטיגקייט דערפון — נאָך אַנדערע פליכטען וועלען פון דעם ארויסוואַקסען. עס איז אָבער קיין בייז אין דעם ניטאָ, ביטער איז אַ לעבען אין וועלכען קיין פליכטען זיינען ניטאָ, האָט מען אָבער עפּעס צו טאָן און מען טוט עס, איז דאָס לעבען זעהר אַנגענעהם. איהר ווילט דאָך ארבייטען פאַר אַנדערע טוט דאָס, אַלעמאָל וועט איהר געפינען אַ נייע טהעטיגקייט, און אייער לעבען וועט זיין זעהר צופרידען.

גווענדאָלין האָט געקוקט אויף איהם ווי א דורשטיגער ווען ער דערזעהט וואסער, דעראָנדא האָט דערפיהלט אין איהר בליק, ווי זי וואָלט פון א פערלאָזענעם אינזעל אויסגעשטרעקט צו איהם די הענד, ער זאָל זי ראטעווען און מיט נאָך א ווייכערען קול האָט ער איהר געזאָגט:

— די לײדען זיינען געקומען אויף אייך, אונטערצוהאקען אייער לעבען, ווען איהר זייט נאָך אזוי יונג, בעמיהט זיך דענקען פון דעם. ניט ווי פון עפּעס וואָס צושטערט אייער לעבען, נאָר ווי פון א צוגרייטען זיך צום לעבען, זאָל דאָס זיין א צוגרייטונג פאַר אייך — ווען אימיצער וואָלט געהערט דעראָנדא'ן דאָס רעדען, וואָלט ער זיכער געמיינט אז ער בעט זיך דאָס וועגען דעם גליק פון זיין אייגען לעבען אזוי ווייך און מיט געבעט האָט זיין שטימע געקלונגען — זעהט, איהר זייט געראטעוועט פון דעם בייז וואָס זי איז געווען אין אייך דורך אייער חתונה, וואָס איז אליין געווען א פעהלער, איהר האָט געהאט זעהר א בייזען געדאנק און א מלאך פון גאָט איז געקומען צו אייך און אייך געראטעוועט פון דעם, ער האָט געעפענט אייערע אויגען און געוויזען אייך אז איהר מוזט אויסמיידען דאָס שלעכטס. איהר זייט דאָך נאָך אזוי יונג, איהר וועט זיין צווישען די בעסטע פון די פרויען אויף וועלכע מען זאָגט אז זיי זיינען א ברכה פאַר דער וועלט וואָס זיי זיינען געבוירען געוואָרען.

זיינע ווערטער זיינען געווען ווי א כשוף פאַר איהר. זי האָט דאָס געהערט און געטראכט זעהר פיעל וועגען דעם, ניט וויסענדיג אליין וואָס זי טראכט. זי האָט נאָר דערפיהלט אז א נייע לעבען וואקסט אין איהר. זי ווערט נייע געבאָרען. דאָס האָט געווירקט אויף איהר דעראָנדא ווען זי האָט אזוי שטארק געוואָלט אז ער זאָל זי ניט פערלאָזען, זי האָט שוין זאָגאַר געוואוסט אז ער האָט זי ניט ליעב אזוי אז ער זאָל מיט איהר בלייבען אויף אייביג, דאָס וואָלט נאָר געווען א חלום וואָס וואָלט קיינמאָל ניט פערווירקליכט געוואָרען, די באַקען, דער שטערען און די האלז זיינען שטארק רויט געוואָרען, באלד איז זי בלאסער געוואָרען און זי האָט אלץ געשוויגען. ער איז צו איהר צוגעגאנגען, דערלאנגט איהר זיין האנד און געזאָגט:

— איך וויל אייך ניט מעהר לאַנגווייליגן.

זי האָט אויפגעציטערט פון געדאַנק אַז ער געהט שוין אַוועק, האָט אָנגענומען זיין האַנד און געשוויגען.

— איהר זעהט אויס קראַנק, נישט ווי שטענדיג — האָט ער געזאָגט האַלטענדיג איהר האַנד אין זיינע.

— איך שלאָף זעהר ווייניג — האָט זי טרויעריג געזאָגט — די שרעק בילדער קומען ווידער צו מיר און שווידערען מיך אויף. זיי קומען צוריק, אַלע שרעקען וועלען קומען צוריק — האָט זי געזאָגט און געשוידערט שטאַרק.

— איינציגווייז, איינציגווייז, וועט איהר קומען צו זיך, קיין זאַך וועט אייך מעהר ניט שרעקען — האָט ער זי בערוהיגט. ער האָט ניט געקענט אָפּלאָזען איהר האַנד און גלייך אַוועקגעהן.

— סער הוגאָ האָט געזאָגט, ער דענקט צו קומען אויף אַ צייט אין דיפּלאַפיעלד — האָט זי געזאָגט דערמאָנענדיג זיך, אַז דאָס האָט זי איהם באַלד געוואָלט זאָגען, נאָר עס איז איהר אינגאַנצען ארויס פון געדאַנק — איהר וועט אויך קומען?

— אפשר — האָט ער געזאָגט און פיהלענדיג אַז דאָס וואָרט איז געוועזן צו קאַלט פאַר איהם האָט ער צוגעגעבען — יאָ, איך וועל קומען.

ער האָט אָפּגעלאָזט איהר האַנד, גרייט אַוועקצוגעהן.

— איהר וועט שוין דאָ מעהר ניט זיין איידער איך וועל אַוועקפאָהרען? — האָט זי טרויעריג געפרעגט און געוועזן שרעקליך בלאַס, וואָס האָט ער איהר געקענט ענטפערען?

— אויב איהר וועט מיך דאַרפען, איהר וועט וועלען איך זאָל קומען, וועל איך געוויס קומען.

— איך מוז וועלען אַז איהר זאָלט קומען — האָט זי צוטראַגן געזאָגט — איהר ווייסט אַז איך מוז דאָס פערלאַנגען. איך בין דאָך אַזוי שוואַך, ווען האָב איך דען אויסער אייך? און זי האָט ווידער אָנגעהויבען וויינען.

דעראָנדאַ האָט דערפיהלט אַ שטאַרקען שמערץ, מען האָט דאָס דערקענט אויף זיין געזיכט, ער האָט זיך געפיהלט אומגליקליך איבער איהרע ליידען און האָט געזאָגט:

— איך וועל זיכער קומען.

זי האָט בעמערקט די ענדערונג אין זיין פּנים, די האָפנונג אַז זי וועט איהם ווידער זעהן האָט אָבער קיין אַנדערען געדאַנק אין געפיהל ניט צוגעלאָזט צו איהר, זי האָט זיך דערפיהלט מוטיגער און זי האָט געזאָגט:

— זייט ניט אומגליקליך צוליעב מיר, איך וועל אייביג געדענקען אייערע רייד, יעדעס וואָרט וועל איך געדענקען, איך וועל געדענקען דאָס וואָס איהר גלויבט אין מיר, איך וועל זיך בעמיהען דאָס צו זיין.

זי האָט געקוקט אויף איהם רוהיג, דערלאַנגט איהם נאָכאַמאָל די האַנד און עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט פערגעסען אַלץ אונאַנגענעהמע וואָס איז איהר פּאָרגעקומען. זי האָט אָבער קיין שמייכעל ניט געגעבען, זייט גראַנדקאָרט איז דערטרונקען געוואָרען האָט זי ניט געשמייכעלט. שטעהענדיג פאַר דעראָנדאַ'ן האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ סטאַטוע פון יענער גווענדאָלין וואָס האָט געפלעגט שטענדיג לאַכען און זיין פרעהליך, ניט קוקענדיג וואָס אַנדערע זיינען געווען ערנסט און זאָגאַר טרויעריג.

נאָר אַ דאַנק דעם וואָס זי האָט אַזוי פיעל איבערגעלעבט האָט זי זיך אַזוי געביטען און זיך געיאָגט נאָך דעראָנדאַ'ן, אין דער צייט וואָס ער האָט זיך געהאַלטען פון איהר מעהר פון דער ווייטענס. עס האָט זי ניט געאַרט וואָס מענשען וועלען רעדען וואָס זי לויפט איהם אַזוי נאָך. זי האָט זיך געטראַכט אַז אַ פייער האָט געברענט אַרום איהר, זי איז אַרויסגעשפּרונגען פון פייער און דערזעהן איהם, איז זי צו איהם אין די אַרעמס אַריינגעפאַלען און ער האָט זי פון פייער געראַטעוועט, וואָס קען מען זי דען בעשולדיגען אין דעם? איהר לעבען און דעראָנדאַ זיינען געוואָרען איין זאַך ביי איהר, ניט צום צוטיילען, ווייל ער האָט זי אַרויסגעפיהרט, אויף דעם נייעם וועג, ער האָט איהר געגעבען דאָס נייע לעבען, דאָס פריהערדיגע לעבען איז פערשוואונדען. זי לעבט יעצט אַנדערש. זי האָט גאַנץ אָפט געטראַכט נאָר פון איהם אַליין און זי האָט געמיינט אַז ער איז אויך נאָר פערנומען מיט איהר. עס איז איהר אָבער ניט איינגעפאַלען אַז זיי וועלען אַמאָל חתונה האָבען, פּונקט ווי זי האָט ניט געגלויבט, אַז עס וועט קומען אַ צייט און ער וועט זי פערלאָזען. זי האָט ניט געוואַרט אויף זיין ליעבע, אויף חתונה

צו האָבען מיט איהם צו אומגליקליך איז זי געווען, זי זאָל אזעל־כעם טראַכטען. זי האָט נאָר געוואָלט פאר איהם שטענדיג דאָס הארץ אראָפּרעדען, ווען עס וועט איהר נאָר וועה טאָן, ווי א קליין קינד האָט זי געשריגען צו איהם פון איהר וועהטאָג, ווי א קינד וואָס בלאָנדזשעט.

דעראָנדא האָט געהערט איהר געשריי, עס האָט איהם שטארק גריהרט און ער, א מענש מיט א ווייך הארץ פול ליעבע צו אומגליק־ליכע ביי דערביי אָבער אויסגערעכענט, ער זאָל ניט מאכען קיין שלעכטען שריט, איז ער געווען זעהר פּאָרזיכטיג, ער האָט זי אָבער ניט געקענט איבערלאָזען אין גאנצען. געוואוסט האָט ער אָבער אז ניט לאַנג וועט געדויערען און ער וועט ניט קענען קומען צו איהר ווען זי וועט וועלען און ער וועט זי ניט קענען מעהר אויס־הערען.

— איך וועל דערווייל יא געהן צו איהר—האָט ער בעשלאָסען.

ער איז געגאנגען איינמאָל און נאָך אמאָל צו איהר, יעדעס מאָל זיינען זיי אָבער ניט געווען אליין, איהר מוטער איז געזעסען מיט זיי און זי איז שוין ניט געווען אזוי אויפגערעגט.

זי האָט בעשלאָסען אָנצונעהמען די ירושה, דאָס געלד און דאָס דארף גיידסמיר און געוואָלט פאָהרען מיט דער מוטער און שוועסטערען נאָך אפּענדין און וואוינען דאָרט ווי פריהער. זי האָט געוואָלט וואוינען אין אפּענדין וואו זי האָט פון קינדווייז אָן געלעבט און דאָס וועט זיין פאר איהר א טרייסט, זי וועט זיך דער־מאָנען אין די אמאָליגע גוטע צייטען.

סער הוגאָ האָט דערווייל געפונען עמיצען וואָס האָט געדונגען גיידסמיר און דאָס געלד איז גענוג געווען צו בעצאָהלען דירה געלד אין אפּענדין.

אז מען האָט דאָס דערצעהלט דעראָנדא'ן איז ער זעהר צופרידען געווען פון דעם און עטליכע מאָל איבערגערעדט וועגען דעם, זעהענ־דיג אז זי האָט הנאה צו רעדען דערפון.

ער האָט גאָרניט גערעדט וועגען זיך, זי האָט איהם אויך קיין וואָרט ניט געפרעגט וועגען דעם, זייענדיג פול האָפנונג אז ער וועט אין הערבסט קומען נאָך דיפּלאָפּיעלד. איהר איז ניט איינ־געפאלען אז מירא און מרדכי וועלען דעם גאנצען פּלאן איבערביי־

טען. וואָס האָט זי דען געקענט דענקען און פיהלען עפּעס אנ־דערש? זי איז צופיעל געווען פערנומען מיט זיך אליין.

## 53טער קאַפּיטעל

דערווייל זיינען עזרא און מירא, וועגען וועלכע גווענדאָלין האָט גאָר געהאט פערגעסען, אלץ נעהנטער און נעהנטער געוואָרען מיט דעראָנדאַ׳ן.

זייער פאָטער לפּידות, האָט בעשלאָסען ביי זיך אז איצט האָט ער געננוג געלד וויפיעל ער דארף, ער וועט קענען טרינקען און שפּילען אין קאָרטען וויפיעל ער וועט נאָר וועלען. אין אָנפאַנג האָט ער מורא געהאט זיך ווייזען פאר׳ן זוהן, טאָמער וועלען זיי זיך קריגען. און אז ער האָט געהאט דאָס געלד פון מירא׳ן האָט ער שוין ניט געזאָרגט, ער האָט געדענקט אז דאָס וועט איהם זיין געננוג אויף עטליכע טעג און דערווייל וועט ער שפּיעלען און געווי־נען און וועט ניט זיין געצוואונגען זיך ווייזען פאר׳ן זוהן.

א מענש וואָס וויל געווינען געלד שפּארט ער זאָגאר אָפּ פון מויל דעם ביסען און שפּיעלט אזוי לאנג ביז ער פערשפּיעלט דאָס גאַנצע געלד.

ער איז באלד אריין אין קאָרטען־הויז, אוועקגעלייגט דאָס גאַנצע געלד אויפ׳ן טיש און געוואונען נאָך אמאָל אזוי פיעל, ער האָט ווייטער געשפּיעלט און ווידער געוואונען, ער האָט געהאַלטען אין איין שפּיעלען ביז ער האָט אלעס פערלוירען און געבליבען ביים ליידיגען בייטעלע.

ער איז ארויס אין דרויסען און זיך געשלאָגען מיט דער דעה, צו זאָל ער געהן פער׳משכונ׳נען דאָס בייטעלע און פאר׳ן געלד ווייטער פּרואווען זיין מזל ביי די קאָרטען, אָדער ער זאָל בעסער צוגעהן צו מירא׳ן און זאָגען אז דאָס געלד האָט ער אָפּגעגעבען א חוב, ווייל ער האָט בעסער ליעב ניט צו עסען און אָפּגעבען זיינע חובות און זי וועט זעהן, ער ברענגט איהר אָפּ דאָס בייטעלע, וועט זי איהם געבען אנדערע געלד.

און טראַכטענדיג אזוי איז איהם איינגעפאַלען אז אלעס וואָס די קינדער פערמאָגען איז זיין, זיי גיבען איהם דאָס וואָס געהער

צו איהם, ער וויל ניט פון זיי קיין פרעמד געלד, אַלעס איז זיין. ער דאַרף זיך שוין ניט שעהמען צו געהן צום זוהן און שטעהן ווי אַן אָרימאַן אויף דער שוועל און בעטען אַ נדבה. דער געדאַנק האָט איהם שוין ניט אָפּגעלאָזט און ער האָט בעשלאָסען אינגאַנצען געהן וואוינען צו זיי און זיי וועלען איהם מוזען אויסהאַלטען.

און וואָס מעהר ער האָט געדענקט וועגען עזרא'ן אַלץ זיכערער איז ער געוועזען און עס איז איהם קלאָר געוואָרען אַז וואוינענדיג ביי זיי וועט איהם שוין קיין געלד ניט פעהלען, ער וועט שוין גע־פינען אַלע מאָל אַ געלעגענהייט ארויסצוקריגען געלד פון זיי, ער האָט אינגאַנצען אויפגעהערט זיך שרעקען פאַר'ן זוהן.

עס איז אמת אַז די לעצטע צייט געהט איהם ניט אין שפּי־לען, ער האַלט אין איין פערלירען, דאָס בייזע מזל וועט דאָך איהם בעסער ווערען און ער וועט ווידער געווינען אַ סך געלד ווי שטענדיג.

און מיט וואָס פאַר אַ רעכט מעג מירא שטעהן פון ווייטען און זעהן ווי ער ליידט און ניט געבען איהם כאָטש אַ טייל פון איהרע גרויסע פערדיענסטען, אָדער פון דעם געלד וואָס זי בעקומט פון בעקאַנטע?

ער, לפּידות, איז זיכער געוועזען אַז ער איז נאָך אַלץ פעהיג איינצורעדען אַ מיידעל ווי מירא איז אַלעס וואָס מען וויל און אַז ער וועט עזרא'ן אויף גאַנץ לייכט קענען אָפּנאַרען, ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט, ער האָט שוין לאַנג פערלוירען די פעהיגקייט צו מאַכען אַז מען זאָל איהם גלויבען אַ וואָרט פון זיינע רייד.

ער איז טאַקי צוגעגאַנגען איז בראָמפּטאָן, זיך געדרעהט אַהין און צוריק, ניט ווייט פון מירא'ס הויז, ער האָט געדענקט, אַז ער וועט זי דערזעהן און מיט איהר וועט איהם לייכטער זיין אריינצוגעהן אין הויז.

עס איז דערוויל געוואָרען שפּעט, די זון איז אונטערגעגאַנ־גען און עס איז געוואָרען גוט אָוועגד און ער איז אַלץ געגאַנגען אַהין און צוריק, ער איז שוין שטאַרק מיעד געוועזען, האָט ניט גע־קענט זיך האַלטען אויף די פיס און ער האָט בעשלאָסען צו געהן צום הויז און אָנקלינגען און זיך פרעגען אויף איהר. אַז זי וועט ניט זיין אין דער היים וועט ער צו־וואַרטען אויף איהר.

אַזוי אָבער ווי ער איז צוגעקומען צום הויז האָט ער באַלד

געזעהן אַז זי איז דאָ אינוועניג, ער האָט געהערט איהר שטימע, ווי זי האָט געזונגען פאַר עזרא׳ן.

מירא איז געזעסען לעבען דער פּיאַנאָ און געזונגען דאָס ליעד, „הארץ, מיין הארץ“ מרדכי איז געזעסען מיט פערמאַכטע אויגען און זיך איינגעהערט די וואונדערליכע טענער, איז די דיענערין אריינגעקומען און צוריקהאַלטענדיג געזאָגט:

— פריילין, א מאַן שטעהט אונטען און זאָגט אַז ער איז אייער פאָטער.

— איך וועל ארונטערגעהען צו איהם — האָט זי געזאָגט אויפשטעלענדיג זיך און געקוקט צו מרדכי׳ן.

— ניין, מירא, ניט אזוי — האָט ער פעסט געזאָגט —. זאָל ער ארויפקומען.

מירא איז געשטאַנען מיט פערלייגטע הענד און געציטערט איינגאַנצען, זי האָט ניט ארונטערגענומען די אויגען פון מרדכי׳ן און געשטאַנען גרייט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געווען זעהר צוטראָגען. זי האָט דערזעהן ווי ער האָט זיך איינגאַנצען געביטען, זיין געזיכט איז שוין ניט אזוי ווייך און רחמנות׳דיג ווי שטענדיג, נאָר הארט און איינגעשפּאַרט און זעהר שטרענג.

די דיענסט האָט געעפענט די טהיר און איהם אריינגעלאָזט. זי האָט דערוויילע בעטראַכט דעם אַלטען און מרדכי׳ן און זיך געטראַכט אַז ער איז טאַקי זיין פאָטער. עזרא איז געווען זעהר עהנליך צום פאָטער און מיט׳ן ערשטען בליק וואָלט מען באַלד דערקענט אַז דאָס איז א פאָטער מיט א זוהן. נאָר ווען מען האָט זיך לענגער און בעסער צוגעקוקט האָט מען געזעהן א גרויסען אונטערשיעד צווישען זיי, דער זוהן איז גאָר אַן אנדער מענש ווי דער פאָטער.

לפּידות איז אריין מיט א מעלאַנכאָליש געזיכט, דאָס האָט ער אזוי אָנגעשטעלט, ער האָט זיך אָבער טאַקי אין אמת׳ן געשראָקען פאַר׳ן זוהן און ער האָט געזאָגט:

— נו, עזרא, מיין זוהן, שווער פאַר דיר מיך צו דערקענען נאָך אזוי פיעל יאָהר ניט געזעהן, הא?

— איך קען דיך... צו גוט... טאַטע — האָט עזרא געלאַסען

גערעדט און אַזוי שטעכיג ווי דאָס וואָרט „טאַטע“ וואָלט איהם אָפּ־געשטויסען.

— אָ, דו ביזט ניט צופרידען מיט מיר. איך וואונדער זיך ניט. מיין אויסזעהן רעדט אַנטקעגען מיר. איך האָב זעהר פיעל געליטען, איך וויים — האָט ער געזאָגט גיך. רעדענדיג האָט ער זיך בע־הערשט, איז געוואָרען פעסטער און שטענדיגער. ער האָט זיך אויסגעדרעהט צו מיראַ'ן און האַלטענדיג דאָס בייטעלע אין האַנד האָט ער געזאָגט:

— דאָ איז דיין קליין בייטעלע, מיין טייער קינד, איך דענק אַז דו ווילסט עס האָבען צוריק צוליעב די אויפשריפטען אינווע־ניג, איך האָב עס שוין אויסגעליידיגט, עס איז מיר גאָרניט געבלי־בען, איך האָב געמוזט אָפּצאָהלען פאַר עסען און שלאָפען. איך וויים דו ווילסט אויך איך זאָל אָפּצאָהלען וואָס איך בין שולדיג.

איצט בין איך אָהן אַ פּרוטה אין קעשענע און בין אינגאַנצען אָפּהענגיג פון אייער הילף. דו קענסט מיך אַרויסשיקען פון דאַנען אָהן אַ פּאָליציאַנט, זאָג, מיראַ, זאָג דאָס איינע:

„טאַטע, איך האָב שוין גענוג געהאַט פון דיר, דו האָסט מיך אויפגעצויגען, אויסגעגעבען דיין גאַנץ פערמעגען אויף מיר, דע־מאָלט ווען איך האָב זיך אָהן דיר ניט געקענט בעגעהן, איצט דאַרף איך דיר אָבער ניט, מיר וועט זיין בעסער אָהן דיר“. זאָג דאָס און איך וועל אַוועקגעהן און פערשווינדען פון דיינע אויגען, דו וועסט מיך מעהר ניט זעהן, איך וועל דיר ניט שטערען דיינע פער־גניגענס.

איידער ער האָט געענדיגט האָט ער, ווי זיין שטייגער, גערעדט מיט אַ שטימע פערשטיקט פון טרעהרען.

— טאַטע, דו ווייסט אַז איך וואָלט דאָס קיינמאָל ניט געקענט זאָגען — האָט מיראַ געענטפערט שרעקענדיג זיך זעהר, זי האָט גוט געוואוסט די פאַלשקייט און דעם אָנשטעל פון זיינע רייד, נישט מעהר אמת איז דאָ ווי דאָס וואָס ער וויל בלייבען מיט זיי אינ־איינעם.

— מיראַ, מיין שוועסטער, געה אַרויס, לאָז אונז אַליין — האָט עזרא שטאָלץ געזאָגט.

זי האָט געקוקט אויף איהם מיט מורא, ווי זי וואָלט זיך

עפּעס געבעטען ביי איהם. זי האָט אָבער ניט געקענט פריהער ארויסגעהן ביז זי וועט בעטען איהם, ער זאָל ניט זיין אזוי שטרענג צום פאָטער. זי איז צוגעגאַנגען צו איהם ארויפגעלייגט די האַנד אויף איהם און איהם שטיל געזאָגט עפּעס, דער פאָטער האָט אונ־טערגעהערט ווי זי האָט געזאָגט:

— געדענק, עזרא, דו האָסט געזאָגט, אַז די מאַמע וואָלט איהם ניט געוועזן ארויסגעטריבען...

— פערלאָז דיך אויף מיר און געה — האָט ער געענטפערט.

זי איז ארויס פון צימער און ארויף אויף די שטיגען, זי האָט געוואָלט געהן צו זיך אין צימער, זי האָט אָבער קיין כח ניט געהאַט צו געהן ווייטער און זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיגען. זי איז געוועזן אין איין שרעק דער ברודער זאָל זיך ניט ארויסכאַפּען מיט אַזאַ וואָרט און דער פאָטער וועט אַנטלויפען און זי וועט איהם שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן...

לאפּידות האָט פערשטאַנען וואָס איהם דערוואַרט, וואָס דאָ וועט באַלד פאָרקומען צווישען איהם און זיין זוהן, האָט ער זיך צוגעגרייט אָנגענומען מיט אַלע קרעפטען זיך צו האַלטען פעסט און ניט לאָזען זיך פון איהם, ער וועט זיך איהם ניט אונטערגע־בען, ווער איז ער דען און וואָס איז ער, ער זאָל זיך שרעקען פאַר איהם? ער איז דאָך אַ קראַנקער, האַלט ביים שטאַרבען, זיין גאַנץ לעבען איז ער געוועזן אַ פאַנטאַזיאָר, ער וועט שוין שטאַרבען מיט זיינע פאַנטאַזיעס, פאַר איהם וועט ער מורא האָבען? זאָל ער נאָר עפענען דאָס מויל און איהם עפּעס זאָגען, וועט ער איהם געבען אַן ענטפער אַז ער וועט מוזען שווייגען, ער וועט איהם זאָ־גן אַלעס וואָס ער טראַכט פון איהם. לאפּידות איז ניט געוועזן אין אמת'ן אַזוי שלעכט פון נאַטור, דאָס לעבען האָט איהם נאָר אַזוי פערהאַרטעוועט און געמאַכט שלעכט.

— די היים וואָס מיר האָבען דאָ — האָט עזרא אָנגעהויבען רעדען — איז אַ טייל איינגעאָרדענט דורך אונזערס אַ טייערען פריינד, וואָס שטיצט מיך און אַ טייל ווערט אויסגעהאַלטען פון דער אַרבייט פון מיין שוועסטער, זי שפּייזט זיך אַליין. אַז מיר האָבען אַ הויז וועט מען דיר ניט אַרויסטרייבען, מיר וועלען דאָך דיך ניט לאָזען דו זאָלסט ווייטער געהן אין דיין אייגענעם וועג.

דו ביזט אונזער פאָטער און כאָטש דו האָסט צובראָכען אונזער בונד. איך וועל דיר אָבער קיין מאָל ניט געטרויען. דו האָסט מיטגענומען דאָס גאנצע פערמעגען און געלאָזען אַ סך חובות, האָסט פערלאָזען די מאמע, האָסט צוגערויבט איהר קליין קינד און איהר הארץ צובראָכען, ביזט געוואָרען אַ קאָרטען שפּיעלער, האָסט פערלוירען דיין חרפּה און בושה און האָסט בייזע פערלאנגען. דו האָסט געוואָלט פערקויפען מיין שוועסטער, דו האָסט זי שוין געהאט פערקויפט, זי האָט זיך אָבער ניט געלאָזט פערקויפען. אַ מענש וואָס האָט דאָס אַלעס געטאָן קען קיין מאָל ניט ערווארטען מען זאָל איהם גלויבען און געטרויען. מיר וועלען אונזער עסען טיילען מיט דיר, דו וועסט האָבען אַ בעט צו שלאָפען און קליידונג. מיר וועלען דאָס טאָן, ווייל דו ביזט אונזער פאָטער, מיר וועלען דיר אָבער קיינמאָל ניט געטרויען. דו ביזט אַ שלעכטער מענש, דו האָסט אומגעבראכט אונזער מוטער. אז אזא מענש איז אונזער פאָטער איז אַ שאנד פאַר אונז, אַ וואונד אויף אונזער לייב, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט אויסהיילען. דאָס האָט אָבער גאָט אזוי געוואָלט, און ווען די גערעכטיגקייט זאָל דיך בעשטראָפען, דו וועסט פאַלען הילפלאָז און אַלע וועלען דיר פעראכטען וועלען מיר אַלץ זאָגען אז דו ביזט אונזער פאָטער און מיר וועלען דיך מוזען ליידען.

אויף וויפיעל לפּידות האָט ניט אויסגערעכענט וואָס עזרא וועט איהם זאָגען, אויף אזא קלאַפּ האָט ער זיך ניט געריכט. ער האָט זיך געפיהלט אַ צושמעטערטער אונטער זיינע רייד.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער די שרעקליכע ווערטער געהערט, וואָס זיינען ארויסגעגאנגען פון עזרא׳ס טיעפען הארצען. זיי האָבען איהם אזוי געריהרט, אז ער האָט זיך געפיהלט שטארק דערשלאָגען, פּונקט ווי דעמאָלט ווען מירא איז נאָך געווען מיט איהם, ווען ער האָט זיך אוועקגעזעצט אליין אין הויז אַ טרויעריגער און שטארק געוויינט.

אז עזרא האָט געענדיגט האָט לפּידות זיך ארויפגעוואָרפען אויפ׳ן שטוהל און אָנגעהויבען שטארק וויינען און זיך דאָס פּנים בעהאַלטען אין די הענד.

און כאָטש דאָס געוויין איז געווען טאקי אַן אמת׳ר, דעם

זוהן׳ס ווערטער האָבען איהם אַזוי גערירט, דאָך האָט ער געהאַט אויך אַן אויסרעכענונג דערביי, אַז דאָס געוויין וועט איהם העלפען פיעל מעהר וויפיעל ער דאַרף.

עזרא האָט זיך אַוועקגעזעצט און קיין וואָרט מעהר ניט גערעדט. ער איז געווען זעהר מיעד און שוואַך פון דער אָנשטרענגונג וואָס ער האָט געהאַט ביי דעם שמועס. גענוג לאַנג האָט ער דאָס אין האַרץ געטראָגען און איצט האָט ער אַלץ אַראָפּגערעדט. זיינע דאַרע הענד האָבען פאַר שוואַכקייט שטאַרק געציטערט, ער האָט שוין ניט געקענט דאָס מויל עפּענען און ער האָט געפיהלט אַז די מינוט האָט ער זיין טויט פיעל דערנעהנטערט.

מירא האָט דערוויל דערהערט אַ געוויין, האָט זי זיך ניט געקענט איינהאַלטען, זי האָט דערקענט, ווער עס וויינט, איז זי גיך אַריין אין צימער און דערזעהענדיג ווי עזרא זעהט אויס, איז זי צוגעלאָפען צו איהם, אָנגעכאַפּט איהם פאַר׳ן האַנד און שטאַרק געדריקט און דאָס איז געווען אַ שטיקעל הילף פאַר איהם. ער האָט זיך אָבער ניט גערירט פון אָרט און ניט געקוקט אויף איהר.

לפּידות האָט פערשטאַנען, אַז מירא איז אַריינגעקומען האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, זיך אויסגעווישט די אויגען און דער־לאַנגענדיג די האַנד מירא׳ן האָט ער וויינענדיג געזאָגט:

— זיי געזונד, מירא, דיין טאַטע וועט דיר מעהר ניט שטערען. ער האָט בעשלאָסען צו שטאַרבען ווי אַ הונד אין דרויסען און ער וועט אַזוי געפינען זיין טויט. ווען דיין מאַמע וואָלט געלעבט וואָלט זי מיר פערגעבען. מיט פיער און דרייסיג יאָהר צוריק האָב איך איהר אָנגעטאָן אַ רינג אונטער דער חופּה און מיר זיינען געוואָרען פעראייניגט. זי וואָלט מיר מוחל געווען און מיר וואָלטען אונזערע אַלטע יאָהרען אָפּגעלעבט צוזאַמען, איך האָב עס אָבער ניט פערדינט זיי געזונד.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל ווען ער האָט געזאָגט דעם לעצטען „זיי געזונד“. מירא האָט איהם דערלאַנגט די האַנד און אָנגעהאַלטען, זי האָט ניט געוויינט און ניט געווען פערביטערט. נאָר געציטערט אין גאַנצען ווען זי האָט געזאָגט:

— ניין, טאַטע, ניין! — און אויסדרעהענדיג זיך צו עזרא׳ן האָט זי געזאָגט — דו האָסט דאָך איהם ניט פערבאָטען אַריינ־

צוקומען? זיי מיט אונז, טאַטע און פערלאָז דיינע שלעכטע גע־וועהנהייטען. עזרא, איך וועל דאָס ניט איבערטראָגען, ווי קען איך זאָגען צו מיין טאַטע: „געה און שטאַרב".

— איך האָב דאָס ניט געזאָגט — האָט עזרא געענטפערט מיט גרויס מיה — איך האָב איהם געזאָגט, ער זאָל זיין מיט אונז און לעבען מיט אונז אין איינעם.

— וועסט זיין מיט אונז, טאַטע, מיר וועלען דיך שטיצען, קום מיט מיר — האָט זי איהם געצויגען נאָך זיך צו דער טהיר.

דאָס אייגענטליך איז געוועזען וואָס לפידות האָט געוואָלט. ער איז צופרידען געוועזען צו זעהן ווי זיין טאָכטער זאָרגט זיך וועגען איהם, און די ענדערונג וואָס וועט קומען אין זיין לעבען. זי האָט איהם אַרונטערגעפיהרט אין אויפנאַם־צימער און געזאָגט:

— דאָס איז מיין צימער וואו איך בין, ווען איך זיץ ניט ביי עזרא'ן. דער נעבען איז דאָ אַ שלאָף צימער, דאָס וועט זיין דיין. דו וועסט זיין מיט אונז און זיין גוט, יאָ, טאַטע? זאָל זיך דיר דאַכטען, דו ביזט צוריק געקומען צו דער מאַמען, זי האָט דיר מוחל געוועזען, זי רעדט צו דיר דורך מיר.

מירא האָט זיך אַזוי געבעטען ביי איהם, זי האָט איהם אָבער ניט געקענט אַרומנעהמען און זיך פרעהען מיט איהם אַזוי ווי אַמאָל.

ער איז באַלד צו זיך געקומען, שוין ניט געוועזען אומעטיג. ער האָט גערעדט וועגען דעם ווי איהר שטימע האָט זיך פיעל געבע־סערט און נאָך פערשיעדענע זאַכען.

ער איז אָבער געוועהנט געוועזען גאַנצע נעכט ניט צו שלאָפען און אַז ער האָט זיך געלייגט האָט ער געהאַלטען אין איין טראַכ־טען, וויפיעל געלד מירא פערמאָגט, ער האָט זיך דערמאָנט אָן די שפּיעל הייזער אין די גוטע צייטען ווען ער האָט געהאַט געלד און געשפּיעלט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי גוט עס איז איהם געוועזען איידער ער איז געקומען נאָך ענגלאַנד, ענגלאַנד איז אַ שלעכט לאַנד האָט ער זיך געטראַכט, עס איז איהם ניט מזל'דיג.

## 54טער קאַפּיטעל.

דניאל דעראָנדא איז געווען זעהר אונצופרידען, ווען ער איז צוריקגעקומען צו מרדכי׳ן און מירא׳ן און געפונען זייער אומגעבעטענעם פאָטער וואוינען מיט זיי צוזאַמען.

מירא האָט געפונען פאַר נויטיג צו דערצעהלען איהר פאָטער וועגען דעראָנדא׳ן און דערקלעהרט איהם ווי שטאַרק ליעב ער האָט זיך מיט מרדכי׳ן, איהרע בעציהונגען און געפיהלען צו דעראָנדא׳ן האָט זי אָבער בעהאַלטען פאַר איהם. זי האָט איהם נאָר דערצעהלט ווי פיעל גוטס ער האָט איהר געטאָן, אז ער האָט זי געראַטעוועט פון טויט, דאָס האָט זי איהם אויך ניט דערצעהלט. זי האָט איהם אויך איבערגעגעבען אַלע געשיכטעס מיט די פרוי מייריק׳ס הויז, ווי געטריי זיי זיינען איהר געווען.

לַפּידות האָט געמיינט אז זי האָט זיך בעגעגענט מיט דעראָנאַד׳ן ביי די מייריקס. זי האָט מורא געהאַט צו דערצעהלען איהם וועגען איהר ליעבע, ער זאָל ניט עפּעס קאַליע מאַכען. ער האָט זי אויך געלאָזט צורוה און ניט געפאָדערט, זי זאָל איהם דערצעהלען אַלץ וואָס איהר איז פאַרגעקומען פון זינט זי איז אנטלאָפען ביז איצט. ער איז צופרידען געווען וואָס דער זוהן האָט אַזאַ גוטען פריינד, וואָס שטיצט איהם און ווי עס ווייזט אויס איז ער א גרויסער מאַן און זעהר רייך.

מרדכי האָט דערצעהלט דעראָנדא׳ן ווי אַזוי דער פאָטער איז צו זיי געקומען און געזאָגט:

— איך פיהל זיך איצט רוהיג וואָס ער איז מיט אונז. איך וויל גלויבען, אז מירא׳ס איבערגעבענהייט צו איהם און זיין אָרט לעבען מיט אונז אין איינעם וועט ווירקען אויף איהם, ער זאָל זיך ניט אומקעהרען אויף שלעכטען וועג. איך האָב אָנגעזאָגט מירא׳ן און זי האָט מיר פערשפּראָכען אַז זי וועט איהם ניט געבען קיין פּרוטה געלד אין קעשענע, ווייל טאָמער קריעגט ער עפּעס געלד,

בין איך זיכער, אז ער וועט ווידער אוועק אויפ'ן אלטען וועג און זיך אליין אומגליקליך מאַכען.

אז דעראָנדא איז אָנגעקומען און ער האָט איהם דערזעהן האָט ער זיך שטארק געוואונדערט, עס איז איהם ניט איינגעפאלען, אז ער איז נאָך א יונגערמאַן, מירא האָט דאָס איהם ניט געזאָגט און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז ער וועט דערזעהן אַן עלטערען מאַן, האַלב גרוי, מיעד און אָפּגעלעבט. נאָר אַזא מענש, האָט ער גע־רענקט, קען וועלען פערברענגען מיט דעם טויט קראַנקען עזרא און זיך צוהערען צו זיינע נארישע פאַנטאַזיעס. איצט אָבער איז איהם איינגעפאַלען אז דעראָנדא האָט מעהר ליעב מירא'ן ווי עזרא'ן און ער האָט זיך שוין צוגעגרייט ווי אַזוי צו רעדען מיט איהם, אז ער זאָל איהם גיכער גלויבען וואָס ער וועט איהם זאָגען איידער זיינע קינדער.

דעם גאַנצען טאָג האָט ער זיך בעמיהט וואָס מעהר צו געפעלען די קינדער ,ער האָט גערעדט, נאָר דאָס וואָס איז זיי געווען אָנ־גענעהם. מיט מירא'ן האָט ער גערעדט וועגען מוזיק און טעאַטער.

לפּידות איז געווען זעהר כיטרע, ער האָט געזעהן אז זיי גיבען איהם ניט קיין געלד און געוואָהר ווערענדיג אז עזרא האָט מירא'ן פערשוואוירען איהם קיין פּרוטה ניט צו געבען, האָט איהם ווענ־ג געאַרט. ער האָט בעשלאָסען צו וואַרטען וואָס ווייטער וועט זיין.

דעראָנדא איז נאָך אַמאָל געקומען און געטראָפען לפּידות'ן. ער איז שוין געווען אָנגעטאָן אין זיינע נייע מלבושים און איז גע־זעסען אין עזרא'ס צימער. דעראָנדא איז ניט געווען פריינדליך צו איהם און צוגעלאָזען, ער האָט זעהר ווייניג גערעדט צו איהם, נאָר דאָס וואָס ער האָט ניט געקענט אויסמיידען. דעראָנדא האָט איהם ניט געקענט פערטראָגען, ער האָט געזעהן אין איהם דעם מאַן וואָס האָט אומגליקליך געמאַכט זיין ווייב און קינדער. און זייער לעבען צובראָכען.

לפּידות האָט זיך אָבער גאָר ניט געמאַכט דערפון. ער האָט זיי געבעטען, זיי זאָלען איהם לאָזען זיין אין צימער ווען זיי וועלען איבערלייענען די שריפטען פון דעראָנדא'ס זיידע. ער האָט זיי נאָך געפּרואווט ארויסהעלפען און לייענען די דייטשע פּאַפּירען. דאָס האָט איהם געגעבען אַ געלעגענהייט אריינצורעדען און זיי

געבען אַן עצה, זיי זאָלען אויפ׳ס ניי איבערשרייבען די פּאַפּירען, זיי זיינען שוין געווען אַלט און ערטער ווייז אָפּגעריבען. ער האָט פאַרגעלייגט אַליין דאָס צו טאָן, די ליטאַנישע פּאַפּירען וועט ער אויך איבערשרייבען, האָט ער געזאָגט, ווייל מיראַן וועט דאָס זיין שווער, ער האָט אַ קורצע ראיה, ער זעהט אָבער נאָך גאַנץ גוט.

דעראָנדאָ׳ן איז דער פאָרשלאַג געפעלען, ער האָט געמיינט אַז ער וויל דאָס טאָן אויס דאַנקבאַרקייט צו די קינדער, ער האָט אַ קוק געטאָן אויף עזראַ׳ן און ער האָט געזעהן אַז ער איז אויך צופרידען דערמיט, נאָר עזראַ האָט זיך אָנגערופען:

— וועסט אָבער אַלעס איבערשרייבען דאָ אין הויז. איך קען ניט אַרויסגעבען די פּאַפּירען פון הויז, זיי קענען נאָך געהן פער־לוירען.

עזראַ האָט געפיהלט אין דעם מאָמענט ווי ער וואָלט אימיצען בעקומען צו היטען און ער טאָר איהם ניט אָפּלאָזען אויף אַ מינוט. קיין אַנגענעהמע זאַך פאַר איהם איז עס אָבער ניט געווען, ער וועט אַזוי אָפט האָבען דעם פאָטער לעבען זיך, ער וועט זיך דערמאָנען אין די אַלע צרות וואָס ער האָט זיי פערשאַפט און וועט אָנגעהן מיט זיינע ליגענס אַלץ מעהר און מעהר.

וואָס לענגער ער איז ביי זיי געווען אין הויז, אַלץ זיכערער האָט ער זיך געפיהלט און פרייער און גערעדט וואָס עס איז איהם געקומען אויף דער צונג.

אָפט פלעגט ער זיך אָפּהאַלטען צו בעווייזען זיינע שטיק פאַר דעראָנדאָ׳ן, ער זאָל איהם ניט מיאוס ווערען אין די אויגען. דאָס איז איהם אָבער ניט לייכט אָנגעקומען, און אויב מיראַ איז נאָר געווען אין שטוב האָט ער שוין גערעדט פאַר פייער און וואַ־סער, דערצעהלט זיינע איבערלעבונגען, זיך געוויצעלט און דער־צעהלט מעשות פון טעאַטער.

עזראַ האָט פון דעם גרויס צער געהאַט, ער האָט עס ניט גע־קענט פערטראָגען. מיראַ האָט זעהר פיעל געליטען און איז זיכער געווען אַז שטענדיג וועט זי פון איהם אַזוי ליידען.

דורך דעם וואָס לפּידות איז געווען אין הויז האָבען זיך דע־ראָנדאָ און מיראַ געפיהלט זעהר ווייט איינס פון דאָס אַנדערע. זיי האָבען מורא געהאַט זיך צו דערנעהנטערען, ער זאָל ניט בעמער־

קען און צושטערען. און וואָס ווייטער זיי האָבען זיך געהאַלטען האָט יעדער איינער געגלויבט אויפ'ן צווייטען, אַז זיי זיינען אין אמת'ן ווייט, זיי האָבען זיך ניט ליעב. און אַזוי האָבען זיי געליטען אין דער שטיל ביז פאַר דעראָנדאַ'ן האָט זיך ענדעקט אַ נייעס.

דעראָנדאַ איז אַוועק זעהן האַנס'ן. ער האָט געפיהלט אַז ער מוז איהם דערצעהלען אַלעס וואָס מיט איהם איז פאָרגעקומען פאַר דער לעצטער צייט. ער איז אַריין אין זיין סטודיאָ און האָט איהם ניט געטראָפען, מען האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז אַוועקגעפאָהרען אויף עטליכע טעג. דעראָנדאַ האָט געלאָזען אַ צעטעלע אַז ער וויל איהם זעהן און אַז עס איז אַוועק אַ וואָך צייט און ער האָט קיין ענטפער פון איהם ניט בעקומען האָט ער מורא געהאַט אַז האַנס איז עפּעס בייז אויף איהם, איז ער נאָכאַמאָל אַוועק צו איהם. דאָס מאָל האָט ער איהם שוין יאָ געטראָפען, אָנגעטאָן אין אַ לייכט רע־קעל מיט נאַסע האָר און צופלאָסען און אַזוי בלאַס און שוואַך. ער האָט ערשט גענומען די פאַרב און דעם פּענסעל און געוואָלט נעהמען מאָהלען.

זיי האָבען זיך געדריקט די הענד און דעראָנדאַ האָט געזאָגט:

— דו זעהסט גאָרניט אויס ווי דו וואָלסט געקומען פון זומער וואוינונג, ביזט אפשר געווען אין קעמברידזש?

— ניין — האָט האַנס קורץ געענטפערט און אַוועקגעוואָרפען די אַרבייט פון האַנד און ווי איינער וואָס וויל זיך שוין מעהר ניט פערשטעלען און אַלעס אויסזאָגען האָט ער דערלאַנגט אַ שטוהל דעראָנדאַ'ן, ער האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט און אונטערשפּאַרענ־דיג די הענד אונטער'ן קאָפּ האָט ער געזאָגט:

— איך בין געווען אין „וואו איך וויים אַליין ניט", וואו קיין מענשען זיינען ניטאָ, עס איז זעהר ניט גוט דאָרט.

— דו ווילסט דאָך ניט זאָגען אַז דו האָסט גע'שכור'ט — האָט דעראָנדאַ דערשראָקען געפרעגט.

— נאָך ערגער, איך האָב גערויכערט אָפּיום. איך האָב עס שטענדיג געוואָלט טאָן, איבערצייגען זיך צו עס איז אמת אַז מען רויכערט אָפּיום פערגעסט מען אין אַלע ליירען. די לעצטע צייט בין איך גאָרניט געווען גליקליך און בעשלאָסען אַז איצט איז די

צייט. איך גיב דיר אָבער מיין וואָרט אַז מעהר וועל איך עס שוין ניט טאָן, עס קען מיך אינגאַנצען דער׳הרג׳ענען.

— וואָס איז דען דיר געווען ווען דו האָסט מיר געשריבען ביזטו דאַכט זיך געווען גאַנץ פרעהליך? — האָט דעראָנדאַ געזאָגט.

— קיין בעזונדערעס איז ניט געשעהן. די וועלט איז מיר נאָר געוואָרען פוסט, פונקט ווי אַ קרויט־פעלד וואָס מען האָט די גאַנצע קרויט אָפּגעשניטען, איך בין זיכער אַז דאָס איז די קראַנקהייט וואָס אַלע גרויסע מענשען מאַכען דורך — האָט האַנס געזאָגט מיט אַ געצוואונגענעם שמייכעל — איך בין שוין אין אמת׳ן מיעד געוואָרען צו זיין אַ קינסטלער און גאָרניט צו האָבען פון דעם און צו זיין נאָך אין דעם הייסען לאָנדאָן.

— דאָס אַלעס? ניט עפּעס אַנדערש? ניט געווען עפּעס קיין אומגליק? — האָט דעראָנדאַ געפרעגט.

האַנס האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף ניין.

— איך בין דיר געקומען דערצעהלען מיינע אינטערעסען — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — איך קען עס אָבער ניט טאָן אַז דו בעהאַלסט דיך פאַר מיר.

דעראָנדאַ איז געווען זיכער אַז האַנס וויל אַלץ ניט זאָגען דעם אמת האָט ער בעשלאָסען איהם דערצעהלען פון זיך, וועט דערנאָך האַנס בעקומען צוטרויען צו איהם.

— דו האָסט געלאַכט וועגען מיין סודות׳דיגע רייזע נאָך איטאַליען, אַ יאָ האַנס? — האָט דעראָנדאַ אָנגעהויבען — עס איז געווען זעהר וויכטיג און האָט צוטאָן מיט מיין גליק. איך האָב קיינמאָל קיין וואָרט ניט געוואוסט פון מיינע עלטערען און נאָך געגנוא בין איך געפאָהרען זעהן מיין מאַמע. מיין פאָטער איז שוין לאַנג טויט, ער איז נאָך געשטאָרבען ווען איך בין געווען אַ קליין קינד, מיין מוטער איז אַ בעריהמטען איד׳ס אַ טאָכטער און מיין מאַמע איז געווען איהר שוועסטערקינד, פיעל זאַכען האָבען מיך נאָך פריהער, ווען איך האָב גאָרניט געוואוסט, געמאַכט דענקען אַז איך בין אַ איד. איך בין געווען גוט צוגעגרייט צו דעם אויף אַזוי פיעל אַז איך בין גליקליך וואָס איך בין אַ איד.

— דעראָנדאַ, דו דאַרפסט דאָך ניט וועלען איך זאָל זיין אי־

בערראשט — האָט האַנס געזאָגט און זיך איבערגעזעצט קוקענדיג אויפ'ן שוך פון זיין פוס.

— האָסט עס געוואוסט?

— די מאַמע האָט מיר דערצעהלט. זי איז דאָרט געווען צו מאָרגענס ווי דו ביזט געווען ביי זיי און ביידע — ברודער און שוועסטער האָבען איהר דאָס דערצעהלט. קענסט דיר פאָרשטעלען אז מיר זיינען ניט אזוי צופרידען ווי זיי זיינען. נאָר אז דו ביזט צופרידען וועל איך געוויס אויך אמאָל זיין צופרידען דערמיט, ווען, ווייס איך ניט — האָט האַנס שטיל און אומעטיג געזאָגט.

— איך פערשטעהע גאַנץ גוט אז דו קענסט ניט אזוי פיהלען ווי איך — האָט דעראָנדאַ געזאָגט — איך קען אָבער ניט פער־שווייגען און דיר ניט דערצעהלען אז א ניי ליכט בעלייכט מיין לעבען. א טהייל פון מרדכי'ס געדאַנקען זיינען איצט מיינע און איך וועל זיך בעמיהען זיי אויספיהרען אויף וויפיעל מיינע מענש־ליכע כוחות וועלען דאָס קענען. איך דענק אפשר אין קורצען פאָהרען נאָך ארץ ישראל און זיין דאָרט עטליכע יאָהר.

האַנס האָט גאָר ניט געענטפערט, ער האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען דאָס פענזעל און די פארבען און אויסדרעהענדיג זיך מיט'ן רוקען צו דעראָנדאַ'ן, האָט ער גענומען מאָהלען און אז דע־ראָנדאַ האָט געזעהן האַנס שווייגט, האָט ער אויך געשוויגען.

פלוצלונג האָט האַנס ווידער אָנגעהויבען רעדען, שטיל, ניט אויסדרעהענדיג זיך האָט ער איהם געפרעגט:

— ענטשולדיג מיר, וואָס איך פרעג דיר, ווייס ליידי גראַנד־קאָרט דאָס אַלץ?

— ניין, און איך בעט דיך אז דו זאָלסט זיך מעהר ניט וויצלען מיט מיר איבער דער געשיכטע — האָט דעראָנדאַ בייז געזאָגט — דאָס וואָס דו מיינסט עס איז דער אמת, איז פונקט פערקעהרט.

— איך בין איצט אזוי אויפגעלייגט זיך צו וויצלען פונקט ווי עס וואָלט זיך מיר געוויצעלט אויף מיין אייגענע לויה — האָט האַנס געזאָגט — איך בין אָבער ניט זיכער אז דו ווייסט וואָס איך דענק.

— אפשר ווייס איך ניט — האָט דעראָנדאַ צוגעגעבען — איך זאָג דיר אָבער אז וואָס אַנבעלאַנגט ליידי גראַנדקאָרט, האָב

איך זי קיינמאָל ניט געליעבט און וועל זי ניט ליעב האָבען און אויב דו האָסט געמיינט אַז איך ליעב זי האָסטו אַ גרויסען טעות.

אַ ווײַלע האָבען זיי געשוויגען און דאָס האָט נאָך מעהר פערגרעסערט זייער צוטומעלטקייט.

— איך האָב אפשר אַ טעות אין נאָך אַ זאַך אויך — האָט האַנס געזאָגט.

— וואָסערע זאַך?

— אַז דו ליעבסט אַן אַנדערע וואָס איז ניט פערהייראַט און אויך ניט קיין אַלמנה...

— מײַריק, איך קען ניט זאָגען אַז איך פערשטעה ניט וועגען וועמען דו רעדסט. מיר טוט וועה וואָס מיר האָבען זיך בעגעגענט אין דעם אויף איין וועג, מיר שטויסען זיך צוזאַמען. איך האָף אָבער אַז דו וועסט מיר זאָגען אויב דו האָסט אַ גרונד צו גלויבען אַז דו וועסט האָבען ערפאָלג.

— וועגען דעם ביזטו, הייסט עס שוין אַזוי זיכער, אַז דיך דאַרף מען שוין גאָרניט פרעגען אַזאַ פראַגע? — האָט האַנס אויפגערעגט בעמערקט.

— פאַר וואָס אַזוי?

— ווײַל דו ביזט זיכער און דו האָסט געוויס געהאַט די בעסטע געלעגענהייט איהר אַלעס צו דערקלערען.

— איך וויל זיין מעהר אָפענהאַרציג מיט דיר ווי דו ביזט מיט מיר — האָט דעראָנדאָ געזאָגט און געהאַט עגמת נפש וואָס האַנס גלויבט איהם ניט — איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן קיין גרונד אַז איך וועל יאָ האָבען ערפאָלג, אין אמת'ן האָב איך זעהר וועניג האָפנונג.

— האַנס האָט פאַר אַ מינוט איהם אָנגעקוקט האָט זיך אָבער באַלד צוריקגענומען צו דער אַרבייט.

— און איצט איז אונזער לאַגע — האָט דעראָנדאָ געזאָגט — זעה איך ווירקליך ניט ווי אַזוי איך וועל איהר דערקלערען אַז איך ליעב זי, טאָמער האָט זי מיך ניט ליעב וועל איך מיט דעם איהר לעבען פערביטערען. טאָג ביי טאָג וועלען מיר זיך סיי ווי זעהן, ניט זי און ניט איך קענען זיך ניט שיידען פון איהר ברודער און מיר וועלען זיך אָפט בעגעגענען. ווען איך זאָל איהר

דורך דעם פערשאפען ליידען וועל איך ניט זיין בעסער ווי א ווילדע חיה.

— איך האָב איהר אויך קיינמאָל ניט געזאָגט אז איך האָב זי ליעב — האָט האַנס געזאָגט.

— הייסט עס אז מיר האַלטעןביידע גלייך, טאָ וואָס ביזט ביין אויף מיר? — האָט דראָנדאָ געפרעגט.

— איך בין גאָרניט ביין — האָט האַנס איראָניש געזאָגט — דו האָסט מיך, זעהט אויס גוט אויסגעמאָסטען און זעהסט אז איך האָב מעהר שאַנסען.

— איך בין דיר א שטערונג, מייריק. איך בעדויער עס זעהר. איך קען אָבער ניט העלפען — האָט דראָנדאָ געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט — דאָך איז בעסער וואָס מיר האָבען זיך דורכגע־רעדט. איך זעה ניט אז דורך מיר זאָל זיך עפּעס ענדערען ביי דיר. און ביי די איצטיגע אומשטענדען זעה איך אויך ניט קיין אַנגענעהמע ענדערונג זאָגאר פאר מיר, זייער פאָטער איז דאָך מיט זיי, דו ווייסט אז דער פאָטער איז ביי זיי?

— יאָ, ווען ער וואָלט ניט געווען א איד וואָלט איך איהם געשיקט צום טייוועל — האָט האַנס אָהן א שמייכעל געזאָגט.

— מיר בעגעגענען זיך איצט ביי ניט קיין גינסטיגע אומ־שטענדען און פאר א צוויי יאָהר צייט וועל איך זיכער ניט וויסען, ווי אַזוי זי פיהלט צו מיר. אַזוי איז איצט די לאַגע, האַנס. ניט איך דיר און ניט דו מיר האָבען ווען עס איז געטאָן אַן עולה. לאָמיר זיך ביידע ארומטראָגען מיט א האָפנונג וואָס וועט זיך אפשר אויס־לאָזען מיט גאָרניט. אונזער פריינדשאַפט קען דאָס איבערטראָגען.

— אונזער פריינשאַפט... מיין פריינשאַפט קען ניט איבער־טראָגען — האָט האַנס אויפגערעגט געזאָגט און אוועקגעוואָרפען די אַרבייט האָט ער אריינגעשטעקט די הענד אין די קעשענעס און געקוקט גלייך אויף דראָנדאָ'ן. דראָנדאָ האָט זיך אביסעל אָפּ־גערוקט און איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט, האַנס האָט נאָך מעהר אויפגערעגט געזאָגט:

— אונזער פריינשאַפט... מיין פריינדשאַפט קען ניט איבער־טראָגען אז איך זאָל ניט פערגינען דיר דיין גליק. דו ביזט דער

גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט. אויב מירא ליעבט אימיצען מעהר ווי איהר ברודער ביזטו דאָס דער מאַן.

האַנס האָט זיך אָראָפּגעלאָזט אויף זיין שטוהל און געקוקט אויף דעראָנדאַ׳ן מיט אַ בייזען בליק, דעראָנדאַ האָט אַ ציטער געטאָן און געזאָגט:

— דו האָסט עס גאַנץ פיין אויסגעטראַכט, האַנס — האָט דעראָנדאַ געזאָגט.

— איך בין ניט אויפגעלייגט אויסצוטראַכטען עפּעס. איך בין ניט אַזוי צופריעדען געוועז, פערזיכער איך דיר, אַז איך האָב דאָס אויסגעפונען. איך האָב געגלויבט אַז דו ליעבסט די פּירשטין. נאָר איצט — דער טייוועל זאָל עס נעמען! — איצט ביזטו אויפ׳ן ריכטיגען וועג, דו ביזט אַ איד און אַלעס איז צו דיין גוטען.

— זאָג מיר וואָס האָט דיר געבראַכט צו אַזאַ זיכערקייט אין דעם, גוטער חבר מיינער — האָט דעראָנדאַ געזאָגט ניט גלויבענדיג נאָך אַלץ.

— פרעג ניט. מיין קליין מאַמעלע איז געוועזן אַן עדות. נאָך מעהר מירא איז אייפערזיכטיג אויף גווענדאָלינען און וואָס ניכער דו וועסט איהר זאָגען דעם אמת אַלץ בעסער וועט זיין. איך האָב געטאָן מיין פליכט דיר אַלעס אויסגעזאָגט און דו בעקומסט דאָס גרעסטע גליק וואָס איז דאָ אויף דער וועלט.

— זאָל דיך גאָט בענשען, האַנס — האָט דעראָנדאַ געזאָגט דערלאַנגענדיג איהם די האַנד, האַנס האָט זי שטיל געדריקט.

## 55טער קאַפּיטעל.

דעראָנדאַ׳ס הייסער פערלאַנג צו ערקלערען מיראַ׳ן אַז ער האָט זי ליעב איז איצט נאָך שטאַרקער געוואָרען נאָך דעם ווי האַנס האָט איהם געזאָגט, אַז ער מוז זי בעפרייען פון אַן אומזיסטע אייפערזוכט. זיין קומענדער וויזיט צו עזראַ׳ן איז געוועזן מיט׳ן פעסטען בעשלוס צו האָבען מיט איהר אַ שמועס און איהר אַלעס ערקלערען.

ער האָט זיך געפיהלט ווי ניי געבוירען הערענדיג אַז זי ליעבט איהם און ער וועט דערגרייכען זיין ציעל. ער איז איצט גרייט

געווען אַלעס איבערטראָגען מיט איהר צוזאַמען און חתונה האָבען מיט איהר פאַר דער גאַנצער וועלט. ער וועט זי אָפּהיטען און בעשיצען פון אַלעס בייזען וואָס איהר דערוואַרט פון איהר פאָטער און זי וועט שוין איצט ניט ליידען אַליין. דעראָנדאָ האָט איי־גענטליך ניט געזעהן לפידות'ן אומקעהרען אויפ'ן שלעכטען וועג, דאָס הארץ האָט איהם אָבער געזאָגט אַז עזרא און מירא וועלען נאָך פיעל ליידען פון איהם, ער מוז זיי העלפען און זעהן אַז זיי זאָלען קענען אויסהאַלטען זייער פאָטער.

דעראָנדאָ האָט ניט געוואוסט וואָס לפידות טראַכט זיך, ווען ער וואָלט דאָס געוואוסט וואָלט ער איינגעזעהן אַז זיי דאַרפען נאָך מעהר האָבען זיין הילף. ניט ווייל ער האָט געוואָלט ארבייטען און ניט עסען אומזיסט האָט לפידות איבערגעשריעבען די פאַפּירען, נאָר ווייל אַזוי האָט ער געהאָפּט וועט ער עס אויספיהרען וואָס ער וויל. ער האָט געוואוסט אַז עזרא'ן איז דאָס ניט אַנגענעהם, ער האָט אָבער געדענקט אַז ער וועט פון דעראָנדאָ'ן בעקומען אַ גרויסע סומע געלד. די זעלבע צייט האָט ער אָבער גוט נאָכגעקוקט וואו מירא לייגט אַוועק דאָס געלד און די שליסלען זייט ער איז געווען מיט זיי האָט ער דאָס אַלץ געהאַלטען אין איין זוכען. דאָס קאָרטען שפּיעלען האָט איהם ניט געלאָזט שלאָפען און וואו ער איז געגאַנגען און געשטאַנען, וואָס ער האָט ניט געטאָן איז אַלץ דאָס קאָרטען הויז געווען פאַר זיינע אויגען און ווי דערלעבט ער שוין דאָרט זיין.

ווען ער וואָלט געקראָגען געלד אויף אַן אַנדערען אופן וואָלט ער אַפּילו ניט געוואָלט וואַרטען ביז דעראָנדאָ וועט איהם בע־צאָהלען פאַר זיין ארבייט. מירא איז אָבער געווען זעהר פאָרזיכ־טיג, זי האָט געהאַלטען איהר צוזאָג, וואָס זי האָט געגעבען עזרא'ן און איהר גאַנץ געלד געהאַלטען ביי פרוי מייריק אויסער דאָס וואָס זי האָט געדאַרפט אויף די טאָג־אויסגאַבען.

לפידות האָט געזעהן אַז איהם פעהלט ביי זיי קיין זאַך נישט, זיי גיבען איהם קיין געלעגענהייט נישט ער זאָל זאָגען אַז עפּעס פעהלט איהם, נאָר דאָס וואָס די שאַפעס זיינען פערשלאָסען פאַר איהם, אַלעס איז פערמאַכט און פערשלאָסען. ער האָט געטראַכט, אַז ווי נאָר ער וועט קריגען אַ שליסעל און קענען עפענען

מיראַ׳ס שאַפע, וועט ער אַרויסנעהמען דאָס געלד וואָס ער וועט געפינען. פאַר איהם וועט עס זיין אַ טובה און קיין עברה איז עס אויך נישט קיין גרויסע.

ער האָט אָבער נישט געפונען קיין שליסעל און איז אין כעס געוועזן אויף מיראַ׳ן, וואָס זי האַלט אַלץ פערשלאָסען. זי האָט נישט קיין רעכט צו בעהאַלטען איהר געלד פון איהם, ער האָט אין דעם אַ טייל פונקט ווי אין דעם עסען, וואָס זי גיט איהם. גערעדט האָט ער אָבער קיין וואָרט נישט וועגען דעם, ווייל מיראַ׳ס ביסעל געלד איז איהם נישט אַזוי וויכטיג געווען ווי די גרויסע סומע וואָס ער האָט דערוואַרט פון דעראָנדאַ׳ן צו בעקומען.

עס איז איהם אויך איינגעפאַלען אַז ער וועט זיי טהאָן אַ גרויסע טובה, ווען ער וועט זיי איינגאַנצען איבערלאָזען און ער האָט געגלויבט, אַז דעראָנדאָ וועט איהם גוט בעלוינען, ער זאָל אַוועק אויף אייביג, ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַר דעראָנדאַ׳ן דאָס צו זאָגען און געוואַרט און צוגעקוקט דאָס גרייטע.

דעם זעלבען טאָג ווען דעראָנדאָ איז אַריינגעקומען צו זיי אַ פרעהליכער און אויפגעלייגט, איז לפידות געווען זעהר אומעטיג. לפידות האָט דערקענט, אַז דעראָנדאָ איז ביים גוטען מוטה און ער האָט געזעהן אין דעם אַ צייכען, אַז זיין פּלאַן וועט פערווירקליכט ווערען. ער דאַרף שוין נישט אָבלייגען, נאָר נאָך היינט רעדען מיט איהם וועגען דעם.

ער איז געוואָרען אונרוהיג, נישט געקענט איינזיצען און קיין צנטייל נישט גענומען אין דעם שמועס וואָס איז אנגעגאַנגען צווי־שען דעראָנדאָ און עזראַ׳ן. פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעהויבען און אַרוים אין דרויסען רויכערען. ביידע גוטע פריינד זיינען גע־בליבען אַליין, קיינער האָט זיי נישט געשטערט, מירא איז אויך נאָך נישט געווען אין הויז און דעראָנדאָ איז זיכער געווען אַז זי וועט נאָך קומען, איידער ער וועט אַוועקגעהן און אַז אין איהר פנים וועט ער דערקענען גרוים פרייד און גליק וואָס ער האָט ביז איצט ניט בעמערקט. דעראָנדאָ האָט אַזוי לעבעדיג און פרעהליך גערעדט מיט עזראַ׳ן, ער האָט זיך געוויצעלט מעהר ווי אַלעמאָל.

— דאָס קליינע צימער איז צו ענג פאַר אייך, עזראַ — האָט דעראָנדאָ אויפגעהערט לייענען און געזאָגט — די היצען זיינען דאָ

גאַנץ אָפּט נאָך שטאַרקער ווי אין גענוא און דאָרט וואוינט זיך ...
דער אין אַ קיהלע וואוינונג. איהר מוזט האָבען אַ בעסערע וואוי־
נונג איצט.

— מיר פעהלט קיין זאַך ניט נאָך אַלעם — האָט עזרא גע־
זאָגט — נאָר איהר וואָס האָט געווים אַ שעהנעם פּאַלאַץ מיט גרינס
אַרום, מיינט אַז דאָס איז אַן ענגער תפיסה. איך קען אייך אָבער
ניט זאָגען, געהט אַוועק פון מיר.

— אָ, דער שעהנסטער פּאַלאַץ וואָלט פאַר מיר געווען אַ וויס־
טעניש אַז איהר זייט דאָ — האָט דעראָנדאַ געזאָגט און זיך אויפ־
געהויבען און געגאַנגען אויף און אָב איבער'ן צימער און זיך געפּאָ־
רעט מיט'ן טאַשענטיכעל — דאָס איז דאָס גליקליכסטע צימער
אויף דער וועלט פאַר מיר. איך שטעל מיר דאָ פאָר אַז איך בין אין
ארץ ישראל וואו איך וועל באַלד פאָהרען אַזוי ווי איך וועל נאָר
זיין גרייט. קיין קראַוואַט און גאָלדען רינג וועל איך דאָרט ניט
געהן אָנגעטאָן.

אַז ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט לעבען
טישעל פאַר עזרא'ן אויף וועלכען עס זיינען געווען אָנגעלייגט ביכער
און פּאַפּירען, ער האָט אויסגעטאָן דעם קראַוואַט און רינג און
אַוועקגעלייגט אויפ'ן טיש.

— איך טראָג דעם אָנדענקונגס רינג פון זינט איך בין אַהיים
געקומען — האָט ער גערעדט ווייטער און זיך אַוועקגעזעצט — איך
בין אָבער ניט געוועהנט דערמיט און אַז איך געה עפּעס טאָן, נעם
איך עס גלייך אַראָפּ פון פינגער, איצט וועל איך טאַקע קענען בע־
סער אַרבייטען.

זיי האָבען זיך באַלד ווידער אַריינגעלאָזט אין דער אַרבייט.
דעראָנדאַ האָט געלייענט אַ פּאַפּיער וואָס איז געווען געשריעבען
אין אַ רבנישען העברעאיש און עזרא האָט איהם דערקלעהרט וואָס
דאָס מיינט, זיי האָבען קוים בעמערקט אַז לפידות איז צוריק אַריין
און זיך אַוועקגעזעצט הינטער זיי.

לפידות שאַרפע אויגען האָבען באַלד דערזעהן דעם רינג. עס
איז געווען זעהר אַ טייערער רינג און אַראָבגעלויכטען פון טונקעלען
טיש. נאָך אין דרויסען האָט ער געהאַלטען אין איין טראַכטען אַז
ווען ער וואָלט בעקומען אַ ביסעל געלד וואָלט ער אַוועק נאָך אויס־

לאַנד און דאָרט וואָלט ער שוין געווינען פיעל געלד. ער דאַרף זיך נאָר צוגרייטען אויף דער ערשטער צייט, און ער האָט בעשלאָסען בעטען שטילערהייט דעראָנדאַ'ן, ער זאָל איהם געבען געלד. עס איז איהם אָבער ניט לייכט אָנגעקומען דאָס אויסצופיהרען, ער האָט ניט געוואוסט ווי פיעל געלד זאָל ער בעטען ביי איהם. וועט ער בעטען צופיעל, קען ער נאָך קאַליע מאַכען, דעראָנדאַ וועט בייז ווערען און איהם גאָרניט געבען און אויב ער וועט בעטען וועניג, איז דאָך אַ שאָד טאָמער וואָלט ער באַקומען מעהר, ער האָט דאָך ניט געוואוסט אויף וויפיעל ברייט־האַרציג איז געלד דעראָנדאַ איז און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

אַז ער האָט דערזעהן דעם רינג אויפ'ן טיש אַזוי פריי און אָפען, דעם רינג האָט ער עטליכע מאָל געזעהן אויף דעראָנדאַ'ס פינגער און ער האָט שוין לאַנג געוואָלט עס האָבען. ער וועט בעסער נעמען דעם רינג און פאַרטיג. ער דענקט אפילו מעהר געלד צו בעקומען פון דעראָנדאַ'ן וויפיעל דער רינג איז ווערט, איז אָבער דער רינג אַלץ בעסער, דאָס האָט ער שוין און מיט'ן געלד איז ער דאָך ניט זיכער, צו ער וועט גאָר אינגאַנצען עפּעס בעקומען.

דער געדאַנק איז ביי איהם פאַרטיג געוואָרען, ער וועט נעמען דעם רינג, שטילערהייט אַרויסגעהן און מיט'ן רינג וועט ער שוין אויסקומען די ערשטע צייט. עס איז קיין אונטערשיעד ניט, האָט ער זיך פערענטפערט אין געדאַנק, דאָס וואָס דעראָנדאַ פערמאָגט אָדער די קינדער — אַלץ איינס, און פּונקט ווי זיי, וועט דעראָנדאַ איהם ניט איבערגעבען צו דער פּאָליציי...

דאָס איז אייגענטליך געווען דאָס ערשטע מאָל ביי איהם, ער זאָל ווילען גנב'ענען, ער האָט נאָך קיינמאָל ניט גע'גנב'עט און דאָס האָט ער אויך ניט געהאַלטען פאַר קיין גנבה, ווייל ער האָט דעראָנדאַ'ן פערעכענט פאַר איינעם פון זיין משפחה, און ווער ווייס דעראָנדאַ אַליין וואָלט איהם געגעבען אַ מתנה וואָס איז פיעל מעהר ווערטה ווי דער רינג.

און דאָך האָט ער נאָך ניט גענומען דעם רינג, דאָס האַרץ האָט איהם ניט דערלאָזט דאָס צו טאָן און שוין בעסער געוואָלט וואַרטען אויף דאָס געלד וואָס דעראָנדאַ וועט איהם געבען. ער האָט אָבער געזעהן אַז עס ברענט אין איהם דער ווילען עס יאָ צו נעמען האָט

ער זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט ארויסגעהן און אין דרויסען אָפּ־וואַרטען דעראָנדאַ'ן. ער וועט צו איהם צוגעהן און איהם בעגליי־טען א שטיקעל וועג און געהענדיג וועט ער איהם אַלעס פאַרלעגען.

די גאַנצע צייט האָט ער אָבער ניט אראָפּגענומען די אויגען פון רינג, עס האָט איהם געטאַנצט פאר די אויגען ווען ער האָט אפילו ניט געקוקט אויף דעם, ער האָט געהאַלטען אין איין אויס־מעסטען די ווייטקייט פון טיש ביז דער טהיר און זיך שוין געלאָזט ארויסגעהן, איז ער אָבער פערביי־געגאַנגען דאָס טישעל און געגען זיין אייגענעם ווילען האָט זיין האַנד זיך צוגערוקט צום רינג, ניט וויסענדיג אַליין וואָס ער טוט, שטילערהייט האָט ער זי גענומען און אָנגעטאָן אויפ'ן פינגער אז אין א מינוט איז ער שוין געווען אין קאָרידאָר, געכאַפּט זיין הוט און גיך ארויס. ער האָט פּלוצ־לונג דערפיהלט אז ער האָט שוין ניט וואָס צו האָפען אויף די קינ־דער און עס וועלען א סך יאָהרען אַפּלויפען ביז ער וועט מיט זיי ווידער קענען רעדען. ער האָט בעשלאָסען צו מאַכען עס וואָס גי־כער. אויפ'ן וועג האָט ער פערקויפט דעם רינג און איז אוועק צום ים צו קריגען א שיף אוועקצופאָהרען.

דעראָנדאַ און עזרא האָבען קיין זאַך ניט בעמערקט נאָר דאָס וואָס ער איז ארויסגעגאַנגען. באַלד איז מירא אָנגעקומען און זיי האָבען אויפגעהערט ארבייטען. מירא האָט ניט אראָפּגענומען איהר הוט און אז דעראָנדאַ האָט זיך אויפגעהויבען און צוגעגאַנגען צו איהר צו דערלאַנגען די האַנד האָט זי א צוטומעלטע, ניט ווי־סענדיג אַליין פאר וואָס געזאָגט צו זיך אַליין:

— איך בין נאָר אריינגעקומען צו זעהן אויב עזרא האָט גענו־מען די נייע מעדיצין, איך מוז שוין געהן צו די מייריקס עפּעס נעהמען.

— ערלויבט מיר געהן מיט אייך, איך בעט אייך — האָט ער פעסט געזאָגט — איך קען דאָך ניט מעהר מיעד מאַכען עזרא'ן, דער קאָפּ דרעהט מיר שוין אויך. איך וועל געהן צו פרוי מייריק, מעג איך געהן מיט אייך?

— אָ, יאָ — האָט זי געזאָגט און געוואָרען שטאַרק רויט, דערפיהלענדיג אז מיט דעראָנדאַ'ן איז עפּעס נייעס געשעהן.

זי איז צוגעגאַנגען צו עזרא'ן, איהם געגעבען די מעדיצין און

ער איז נאָך געזעסען מיט פערמאַכטע אויגען טראַכטענדיג וועגען די שריפטען. דעראָנדאָ איז דערווייל געווען פערנומען מיט דעם איינעם געדאַנק ער וועט איצט געהן מיט מירא'ן. מירא איז אָנגע־קומען מיט די מעדיצין און דעראָנדאָ האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט אויסגעטאָן דעם קראַוואַט און ער שטעהט פאַר איהר מיט'ן בלויזען האַלז, האָט ער זיך ענטשולדיגט פאַר איהר און געזאָגט:

— ענטשולדיגט מיר וואָס איך שטעה אַזוי פאַר אייך, איך האָב ניט געדיינקט אַז איהר וועט מיך אַזוי זעהן.

ער האָט זיך אויסגעדרעהט צום טישעל און געוואָלט נעהמען דעם קראַוואַט און האָט אויסגעשריען פערוואונדערט זוכענדיג אויף דער פּאָדלאָגע.

— גאָט אין הימעל! וואו איז מיין רינג אַהינגעקומען!?

עזרא האָט געקוקט צו איהם, מירא איז אויך צו איהם צוגעלאָ־פען און געפרעגט:

— האָט איהר עם אוועקגעלייגט?

— יאָ — האָט דעראָנדאָ געזאָגט און נאָך אַלץ געדענקט אַז דער רינג איז אַרונטערגעפאַלען האָט ער צורוקט דאָס מעבעל און געזוכט וואו נאָר אָן אָרט איז.

מירא'ן איז אָבער עפּעס אַנדערש איינגעפאַלען און זי איז גע־וואָרען שרעקליך בלאַס. זי האָט זיך אָנגעבויגען צו עזרא'ן און שטיל געפרעגט:

— איז דער טאַטע דאָ געווען?

עזרא האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר און איז שטאַרק בלאַס געוואָרען און עס איז קענטיג געווען אַז ער ווייס וואָס זי פערדעכ־טיגט און ער האָט פערדעכטיגט אויך דאָס זעלבע. דעראָנדאָ האָט אַלץ געהאַלטען אין איין זוכען, זי איז גיך צוגעלאָפען צו איהם און געפרעגט:

— איהר האָט נאָך אַלץ ניט געפונען?

ער האָט זיך איינגעקוקט אין איהר און דערזעהן ווי בלאַס זי איז, האָט ער באַלד פערשטאַנען איהר שרעק און ער האָט געזאָגט, זוכענדיג אין די קעשענעס:

— איך האָב עס אודאי אַריינגעלעגט אין קעשענע.

זי האָט איהם נאָכגעקוקט יעדען ריהר און געפרעגט:

— עס איז ניט אין קעשענע? איהר האָט עס דאָך אוועק־געלייגט אויפ'ן טיש?

איהר שטימע איז געווען צערטליך אַז עס האָט ביים האַרץ געשניטען און דראָנדאָ האָט איינגעזעהן אַז אומזיסט זוכט ער אין קעשענע, זי וועט זיך ניט לאָזען איינרעדען. זי איז גיך ארויס אין דרויסען. דראָנדאָ איז איהר גלייך נאָכגעגאַנגען. זי איז אריין אין אַן אַפענעם צימער, אין שלאָפצימער, געזוכט דעם פאָטער, דערנאָך האָט זי אַ קוק געטאָן אויפ'ן הענגער, וואו ער האָט געהאַל־טען זיין הוט; איצט האָט זי געזעהן אַז דאָס אונגליק איז פאַר־טיג, זי האָט זיך אויסגעדרעהט צו איהם, פערלייגט איין האַנד אויף דער אַנדערער, און די ליפּען זיינען אַזוי וויים געווען ווי די וואַנט. זי האָט ארויסגעקוקט דורך דעם פענסטער מיט אַזאַ שרעק, זיך אָבער אויסגעדרעהט און געקוקט אויף דראָנדאָ'ן וואָס האָט ניט געקענט דאָס מויל עפענען. ער האָט געוואוסט ווי אומגליקליך זי פיהלט זיך יעצט. זי האָט אויך ניט געקענט רעדען. זי האָט זיך אַזוי געשעהמט וואָס ער האָט געזעהן איהר שאַנדע און אומגליק. דראָנדאָ האָט אויסגעשטרעקט די הענד און אָנגענומען איהרע פערלייגטע הענד און זיך געבעטען ביי איהר מיט אַ ווייכער שטימע:

— מירא, לאָזט מיך דיינקען אַז ער איז מיין פאָטער אַזוי ווי ער איז אייערער, אַז מיר זאָלען זיך טיילען אונזער לעבען אין ליי־דען און פריידען. איך וועל גיכער מיט אייך זיך טיילען אין ליידען איידער מיט אַן אַנדערער אין פריידען. זאָגט מיר אַז איהר וועט מיר ניט אָפּזאָגען מיין ביטע, זאָגט מיר אַז איהר ווילט מיך האָבען איך זאָל טהיילען דאָס לעבען מיט אייך, זאָגט מיר אַז איהר וועט מיר צוזאָגען אַז איהר וועט זיין מיין פרוי, זאָגט עס מיר שוין. אַ לאַנגע צייט האָב איך געלעבט אין צווייפעל, אַ לאַנגע צייט האָב איך פערבאָרגען מיין ליעבע צו אייך. זאָגט מיר אַז איצט און שטענדיג וועל איך אייך מעגען בעווייזען ווי ליעב איך האָב אייך.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז מירא צו זיך געקומען, ניט מיט אַמאָל איבערגעגאַנגען פון צער צו פרייד. אין דעם מאָמענט ווען זי איז געווען אַזוי פערצווייפעלט, טרויעריג און פערשעהמט האָט איהר דראָנדאָ פאָרגעלייגט דאָס וויכטיגסטע וואָס אַ מאַן קען

שענקען אַ פרוי. אין אָנפאַנג האָט זי אָנגענומען זיינע ווערטער ווי טרייסט נאָר צוליעב זיין פריינדשאַפט צו עזרא'ן. איינציגוויי, איינציגווייז האָט זי אָבער דערפיהלט אַז איהר האָפנונג, אין וועל־כער זי האָט אַזוי וועניג געגלויבט, איז פערווירקליכט געוואָרען. זי איז שטאַרק רויט געוואָרען און איהר פּנים האָט אין גאַנצען גע־פלאַמט, אַזוי רוהיג און הייליג האָט זי געקוקט אויף איהם, און עס האָט זיך איהר געוואָלט דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט איהר צוגע־שיקט דעם בעסטען מאַן אויף דער וועלט.

אַז ער האָט געענדיגט רעדען האָט זי איהם קיין וואָרט ניט געקענט ענטפערען, נאָר צוטראָגען איהרע ליפּען צו זיינע און קושען. דער קוש האָט געזאָגט: „יא"...

אַ צייט זיינען זיי געשטאַנען און זיך אָנגעקוקט אַזוי גליקליך און צופרידען, האַלטענדיג זיך ביי די הענד. זיי האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט, פיהלענדיג אַז יעדעס וואָרט קען נאָר צושטערען דעם הייליגען מאָמענט. מירא האָט זיך דאָס ערשטע דערמאָהנט און געזאָגט:

— לאָמיר געהן און דערפרעהען עזרא'ס האַרץ...

## 56טער קאַפּיטעל

סער הוגאָ מאַלענדזשער האָט אויסגעפיהרט זיין פּלאַן צו פער־ברייגגען אַ צייט אין דיפּלאַפּילד. אין אָנפאַנג אָקטאָבער איז גע־וואָרען פרעהליך אין דער גאַנצען געגענד. אַלע האָבען איהם ליעב געהאַט, סיי די לאָרדען פון ברעקענשאַ און קעטשאַם ווי די סוחרים פון וואַנטשעסטער.

סער הוגאָ איז אַזוי בעליעבט געווען, ווייל ער האָט געוואוסט ווי אומצוגעהן מיט מענשען, האָט דערפילט יעדען'ס ביטע און איז געווען זעהר ליבעראַל.

ער האָט געמאַכט גאַנץ אָפט בעלער און איינגעלאַדען די רייכע און אָרימע אינאַיינעם, די אָרימע זאָלען זיך ניט פיהלען בעליידיגט וואָס זיי ווערען גערופען בעזונדער. לאָרד בראַקינשאַ האָט זיך גע־טראָפען צוזאַמען מיט אַדוואָקאַט ראַבינזאָן און צוזאַמען פער־בראַכט. ראַבינזאָן האָט זיך ווידער געטראָפען מיט איי־פּאַבערע

מענשען און איז אויך צופרידען געװען. אַזוי אַרום האָט סער הוגאָ געמאַכט אַלעמען זיי זאָלען איהם ליעב האָבען און זיין זיינע גוטע פריינד.

גאַסקאָין איז איצט פיעל בעסער איינגענומען געוואָרען אין דיפלאָפילד וואו גראַנדקאָרט האָט איהם אַמאָל געפּלעגט אויפנעה־מען. סער הוגאָ האָט איהם ליעב געהאַט און הנאה געהאַט מיט איהם צו פערברייינגען, ביי גראַנדקאָרטען איז ער אָבער ניט געװען אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט. ער איז מיט איהם אַזוי גוט געווען אויך צוליעב גווענדאָלינ׳ען. סער הוגאָ האָט זיך זעהר געזאָרגט װעגען איהר, ער האָט קיינעם ניט געזאָגט פאַרוואָס ער טהוט דאָס, זאָגאַר זיין אייגענער פרוי אויך ניט.

אַז דעראָנדאַ איז געוואָרען אַ חתן מיט מיראַ׳ן האָט ער גע־פיהלט פאַר נויטיג, אַז סער הוגאָ זאָל וואָס וויסען. ער האָט בע־שלאָסען איהם צו שרייבען אַ בריעף און איהם דאָס אַלץ מיטטיילען. ער האָט געפיהלט אַז זיין פאַטערליכער פריינד, סער הוגאָ, וועט זיין אונצופרידען און מעגליך ליידען פון דער געשיכטע, איז בעסער ער זאָל זיך דאָס דערוויסען דורך אַ בריעף. דעראָנדאַ האָט גע־וואָלט אויסמיידען אַז סער הוגאָ זאָל איהם אין אונצופרידענהייט ניט זאָגען עטליכע ווערטער וואָס וועלען זיי דערווייטערען איינער פון אַנדערען, אַז ער וועט אָבער ניט זיין דערביי, וועט איהם דער כעס איבערגעהן און זיי וועלען ווייטער פערבלייבען גוטע פריינד.

סער הוגאָ איז ניט געווען שטאַרק איבערראַשט פון דער נייעס, ער האָט אָבער געליטען פון דעם זעהר פיעל. ער האָט געגעבען דעם בריעף זיין פרוי צו לייענען און געמיינט אַז זי וועט אויך בייז ווערען און רעדען אַ פּאָר שאַרפערע ווערטער, וועט ער איהר זאָגען אַז זי איז אַ נאַר, זיך בייזערען אויף איהר און דער כעס וועט איהם איבערגעהן.

און עס איז טאַקי אַזוי געווען, זי איז בייז געוואָרען און אַזוי בעדויערט איהם וואָס ער וועט איצט ניט קענען זיין מיט זיי צוזאַ־מען און זיך אָפּגעבען מיט נאַרישע פאַנטאַזיעס צווישען די אידען. סער הוגאָ האָט איצט געפונען אַ געלעגענהייט און איהר געזאָגט.

— נאַרישקייטען, מיין טייערע! פערלאָז זיך אויף דאַני׳ן. ער וועט ניט מאַכען קיין נאַר פון זיך. ער האָט וויכטיגע פּלענער

וועגען די אידען, דו קענסט זיי ניט פערשטעהן. שרעק זיך ניט, דאני וועט נאָך אַלץ אויספיהרען.

נאָר וועגען דעם וואָס דעראָנדאָ געהט חתונה האָבען מיט מירא׳ן האָט זי גאָר ניט געערדט קיין בייז. זי האָט נאָר געזאָגט אַז זי האָט דאָס קוים דערוואַרט, זעהענדיג זי צום ערשטען מאָל ביי זיך אין הויז. זי האָט אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבען אַז זי האָט גע־דענקט דאָס דניאל וועט חתונה האָבען מיט לײַדי גראַנדקאָרט. עס איז דאָך געווען אַזוי צו גלויבען, זיי האָבען זיך דאָך דורך אַזאַ וואונ־דערליכען אופן געטראָפען אין גענוא. זי לײַדט אַפּילו ניט קיין אַלמנות, נאָר דאָ וואָלט שוין בעסער געווען ווען ער וואָלט חתונה געהאַט מיט אַן אַלמנה איידער מיט אַ אידישע מיידעל און ווערען אַ גאַנצער איד.

סער הוגאָ האָט איהר גאָר ניט געקענט זאָגען וועגען דעם, ווײַל ער האָט אויך אַזוי געפיהלט און עס האָט איהם פערדראָסען וואָס ער קען ניט שטילען זיין כעס, עס האָט איהם אויך וועה געטאָן וואָס זיין פּלאַן אַז דעראָנדאָ און גווענדאָלין זאָלען חתונה האָבען האָט זיך אויסגעלאָזען מיט גאָרניט. ער האָט אָנגעזאָגט זיין פרוי אַז זי זאָל קיין וואָרט וועגען דעם מיט קיינעם רעדען, טראַכטענדיג זיך אַז גווענדאָלין וועט דאָך פיעל לײַדען פון דעם זאָל זי בעסער הערען די שלעכטע בשורה פון איהם אַליין.

די גאַנצע צייט האָט ער זיך בעצויגען צו גווענדאָלינ׳ען ווי אַן אייגענער פאָטער און לײַדי מאַלענדזשער וואָס האָט אייגענטליך ניט ליעב געהאַט קיין אַלמנות איז אויך געווען גאַנץ גוט צו איהר.

גווענדאָלין האָט זיך אַריינגעקליבען אין אפּענדין און געלעבט גאַנץ רוהיג און צופריעדען נאָך מעהר ווי איהר מוטער האָט זיך גאָר פאָרגעשטעלט.

זי איז געווען שטיל, רוהיג און טרויעריג אין איינעם. זי איז געווען אויף אַזוי פיעל פערצווייפעלט אַז זי האָט שוין ניט געגלויבט אַז זי וועט אַמאָל זיין גליקליך און דערפאַר האָט זי גאָרניט געזאָגט און אויסגעזעהן רוהיג, די גאַנצע צייט האָט זי געדענקט ווי זי האָט געוואָלט זיין רייך און גליקליך און אַלעמען בעהערשען און וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט פון איהר גאַנצער האָפנונג. זי האָט גוט געדענקט אַלעס וואָס דעראָנדאָ האָט איהר געזאָגט און געפיהלט אַז

ער האָט זי אויסגעלייזט פון אַלעם שלעכטען און זי האָט זיך גע־פיהלט פיעל בעסער און לייכטער.

א שטארקער טרייסט איז געווען פאר איהר דער פערלאַנג און די האָפנונג דראָנדאַ'ן ווידער צו זעהן, קיין אנדער זאַך האָט זי ניט געגלויבט נאָר אז ער וועט שטענדיג זיין לעבען איהר, איהר נשמה און גאַנץ לעבען האָט געצויגען צו איהם, ער זאָל זיין נאָהענט צו איהר און זי האָט גאָר פערגעסען אז דראָנדא האָט זיך זיין אייגענעם פּלאַן ווי אַזוי איינצואָרדנען זיין לעבען. זי איז גרייט געווען שטענדיג צו טאָן דאָס וואָס ער וועט זי הייסען און זי האָט ניט געגלויבט אז עס וועט קומען א צייט אז זי וועט אַלעם מוזען טאָן אָהן זיין הילף. אז ער האָט זי ארויסגעפיהרט אויפ'ן גוטען וועג, זי געהייליגט און געלייטערט וועט ער זי קיינמאָל ניט פערלאָ־זען, איז זי זיכער געווען.

דראָנדאַ'ן האָט ניט לאַנג גענומען ביז ער איז געפאָהרען נאָך דיפּלאָפילד. ער האָט געוואָלט נעהמען מיראַ'ן און עזראַ'ן צום ים, זיי זאָלען דאָרט דערוויילע וואוינען ביז ער וועט צוגרייטען א הויז וואו מירא וועט קענען אריינקומען שוין אַלס זיין פרוי און דאָרט וועלען זיי האַלטען אויך עזראַ'ן. עזרא האָט זיך אָבער ניט גע־וואָלט ארויסקלייבען פון הויז, אויסער דעם, האָט ער געוואָלט פאָה־רען נאָך ארץ ישראל. אַלץ אין דער וועלט איז פאר עזראַ'ן געווען צו שווער אויסער א רייזע נאָך ארץ ישראל, אז ער האָט גערעדט וועגען דעם האָט ער אין גאַנצען אויפגעלעבט. דראָנדא האָט דער־זוייל געמאַכט אַלע פּאָרבערייטונגען צו דער חתונה, וואָס האָט גע־זאָלט זיין אין עטליכע מאָנאַטען ארום און האָט געוואָלט וויסען גענוי וועגען זיין פערמעגען וואָס איז געווען אונטער סער הוגאָ'ס אויפזיכט און דערפאר האָט ער ניט געקענט אָפּלייגען זיין וויזיט אין דיפּלאָפילד. ער האָט אויך געדענקט זיין צוזאָג צו גווענדאָ־לינ'ען אז ער וועט קומען זי זעהן. אין זיין גרויס פרייד האָט ער אָבער ניט פערגעסען דעם צער וואָס גווענדאָלין וועט האָבען אז זי וועט זיך אַלץ דערוויסען און דאָס האָט איהם פערשאַפט א היבש ביסעל וועהטאָג. דאָס וואָס ער איז געגאַנגען זעהן גווענדאָלינען איז ניט געווען קיין פערברעכען געגען מיראַ'ן, זיין גרויסע ליעבע

צו מיראַ'ן האָט איהם געבראַכט ער זאָל פיהלען גווענדאָלין'ס צער און האָבען מיט איהר מיטלייד און זי טרייסטען און בערוהיגען.

צוויי מאָל איז דעראָנדאַ געווען איז דיפלאָפילד, צוויי מאָל האָט ער געזעהן גווענדאָלינען און דאָך איז ער צוריקגעפאָהרען נאָך לאָנדאָן און איהר ניט געהאַט געזאָגט קיין וואָרט אַז ער געהט חתונה האָבען מיט מיראַ'ן. גאַנץ אָפט האָט איהם פערדראָסען אויף זיך אַליין, וואָס ער בעהאַלט פון איהר דעם אמת. נאָר דער שטייגער איז שוין אַזוי פון דעם מענשען. האָט מען צו זאָגען עמי־צען אַזעלכעס וואָס וועט איהם ניט זיין אַנגענעהם, לייגט מען עס אָפּ פון טאָג צו טאָג, טאָמער וועט זיך געפינען אַ געלעגענהייט, אַז יענעם וועט ניט אַזוי וועה טאָן די נייעס.

דאָס ערשטע מאָל ווען ער האָט זי געזעהן אין דיפלאָפילד האָט ער זי געפונען אַ פאַרטראַכטע אַרומטראָגענדיג זיך מיט נייע פּלענער, זי האָט געהאַלטען אין איין רעדען צו איהם, פרעגען עצות, ער זאָל איהר זאָגען, וואָס זי זאָל טאָן, ווי זי זאָל זיך פיהרען, וואָס עס איז גוט פאַר איהר און ווי אַזוי זי וועט קענען בלייבען שטענדיג גוט און קיינמאָל ניט זינדיגען.

דעראָנדאַ האָט איהר אויף אַלעס געענטפערט און מורא גע־האַט צו רעדען וועגען זיך אַ וואָרט, זי זאָל ניט אַנשטאַט דער הילף וואָס זי זוכט ביי איהם געפינען וועהטאָג און טרויער.

דאָס צווייטע מאָל איז זי געווען זעהר אומעטיג, שרעקענס בילדער האָבען געשטערט איהר רוה. זי האָט שטאַרק געוויינט פאַר איהם און געזאָגט אַז ער וועט ניט קענען קוקען אויף איהר. ער האָט זיך ניט געקענעט העלפען נאָר רעדען צו איהר ווייך, בעטען זיך ביי איהר, זי זאָל ניט זאָרגען או זי בערוהיגען. און אַז זי האָט זיך בערוהיגט, האָט זי געקוקט צו איהם מיט פייכטע אויגען און אַזוי פיעל געבעט, ווי האָט ער געקענט איהר דערצעהלען עפּעס וואָס וואָלט איהר אַזוי פיעל צער פערשאַפט.

די צייט איז דערווייל ניט געשטאַנען און ער האָט געפיהלט די פליכט אַז ער מוז איהר אַלץ דערצעהלען. גווענדאָלין האָט קיינמאָל ניט דערקענט אַז ער האָט אַ הר עפּעס צו זאָגען. עס איז איהר אויך ניט איינגעפאַלען איהם צו פרעגען וועגען וואָס ער איז געפאָהרען נאָך גענוא.

נאָר וואָס מעהר זי האָט געגלויבט אין איהם אַלץ גרעסער איז געווען דער צער פאַר איהר ווען זי איז דאָס געוואָהר געוואָרען. ער האָט ניט געקענט דערלאָזען אַז זי זאָל זיך דערוויסען דורך אַנדרען, זי וואָלט איהם בעשולדיגט אַז ער איז זיך מיט איהר בע־גאַנגען פאַלש די גאַנצע צייט. אַ בריעף האָט ער אויך ניט געקענט שרייבען איהר, ער האָט ז ך פאָרגעשטעלט. ווי שווער עס וועט זיין פאַר איהר צו לעזען די בשורה, ווען זי וועט זיין אַליין אָהן איהם. זי וועט נאָך מעגליך דענקען אַז ער רייצט זיך מיט איהר, ער דער־צעהלט איהר פון זיין אייגען גליק, ניט רעכענענדיג זיך מיט איהר אומגליק, האָט ער דערפאַר בעשלאָסען, בעסער זאָל ער פאָהרען נאָך לאָנדאָן און זי זאָל נאָך גאָר ניט וויסען.

אויף זיין דריטען וויזיט האָט ער דאָרט געטראָפען האַנס מיי־ריק, האַנס איז געקומען מאָהלען די פּראָטרעטען פון סער הוגאָ מאַלענדזשערם טעכטער. אָפּצורוהען זיך פון דער אַרבייט איז ער געגאַנגען נאָך פּיניקאָט, געצייכענט די קינדער פון שטאָדט און נעהנטער זיך בעקענט מיט די גאַסקאָין'ס. האַנס איז צוריק גע־קומען פון פּעניקאָט פרעהליך און אויפגעלייגט. דעראָנדאַ האָט אָבער דערקענט אַז דאָס איז ניט קיין ריכטיגע פרעהליכקייט, ער שטעלט דאָס נאָר אַזוי אָן. ביי דער גאַנצער ליעבע און פריינד־שאַפט וואָס האַנס האָט געפיהלט צו דעראָנדאַ'ן איז איהם אומ־מעגליך געווען צו בעהאַלטען זיין פערדראָס אויף דעראָנדאַ'ן פאַר־וואָס ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען און איהם ניט דערצעהלט אַז ער ליעבט מיראַ'ן און ער האָט איהם יאַ אַלץ דערצעהלט און דאָס איז גוט געווען פאַר דעראָנדאַ'ן און שלעכט פאַר איהם.

—ווען ביזטו אַהער געקומען, האַנס? — האָט דעראָנדאַ איהם געפרעגט טרעפענדיג איהם אין גאָרטען מאַכען אַ פּייזאַזש.

— מיט צעהן טעג צוריק, פריהער נאָך ווי איך האָב אָפּגע־רעדט מיט סער הוגאָ'ן. איך בין אַהער געקומען מיט רעקס גאַס־קאָין און געווען ביי איהם אַ טאָג צוויי. איך וויים אַלץ וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. איך בין געווען ביים שמיעד און צו אַן עקזאַמען אין שולע. אַנאַ גאַסקאָין מיט דעם שעהנעם אויבערשטען לופּ איז מיט מיר געגאַנגען און ווען ניט זי, וואָלט איך זיכער געכאַפּט קלעפּ פון דריי יונגען און אַן אידיאָט, עס איז זיי ניט געפעלען וואָס

איך טראָג לאַנגע האָר. פיקאָט איז אַ גאַנץ פיין שטעדטעל, נאָר דער יונגער מאָנאַך מיט די ברייטע פלייצעס און נאָך ברייטערע הויזען, ער איז אַן אומגליק און בעסער וואָלט ער געוואָרען אַ שוס־טער. די גאַסקאָין'ס זיינען אויסגעצייכענטע מענשען, אויסער דעם זיינען זיי דאָך משפחה מיט דער פירשטין, איך האָב זי גע־זעהן אין שווארצען קלייד, ווי זי איז זעהר שעהן.

— זי איז דאָך ניט געווען ביי די גאַסקאָין'ס? — האָט דע־ראָנדאָ געזאָגט.

— טאַקי ניט, איך בין אָבער געווען אין אָפּענדין אָנקוקען זייער הויז און האָב שוין געזעהן איהר גאַנצע פאַמיליע. איך דענק אַז דו ביזט דאָרט געווען און ווייסט אַלץ.

— יאָ, איך בין דאָרט געווען — האָט דעראָנדאָ רוהיג גע־זאָגט — אַ פיין אַלט פּלאַץ. אַן אויסגעצייכענטע וואוינונג פאַר אַן אַלמנה מיט ראָמאַנטישע געפיהלען. עס ווייזט אויס אַז זי האָט געהאַט עטליכע ליעבעס. מיר דאַכט זיך אַז צווישען איהר און מיין פריינד רעקס איז געווען אַ ליעבע.

— ניט לאַנג פאַר איהר חתונה? — האָט דעראָנדאָ געזאָגט פאַראינטערעסירט — זיי זיינען דאָך אין גאַנצען נאָר געווען איין יאָהר אין אָפּענדין, ווי אַזוי ווייסטו דאָ?

— אַלס אַן אומגליקליכער מענש פערשטעה איך יענעמ'ס אומגליק. איך האָב אויסגעפונען אַז רעקס געהט קיינמאָל ניט נאָך אָפּענדין, זייט זי איז אַהער געקומען, פריילין גאַסקאָין האָט אויך געלאָזען פאַלען אַ וואָרט, אַז איהר ברודער איז געווען נאָהענט צו גווענדאָלינען. איך וויים ניט צו זי האָט איהם אויך געליעבט. מעגליך אַז גראַנדקאָרט איז דעמאָלט געקומען און זי אָוועקגענומען. אייביג איז אַזוי, אַ יונגער מאַן גרייט זיך צו זיין גליק, קומט עמי־צער און נעהמט עס צו ביי איהם, איצט פערשטעה איך וואָס רעקס זאָגט אַז ער וועט בלייבען אַ בחור זיין גאַנץ לעבען און וועט חתונה האָבען מיט זיין אַדוואָקאַטור. נאָר דאָס איז אַן איינרעדעניש פון דער יוגענד, איך דענק אַז אויב גראַנדקאָרט איז ניט דערטרונקען געוואָרען פאַר דיין טובה וועט דאָס אָבער זיין אַ טובה פאַר מיין פריינד רעקס. ווער ווייס?

— איז עס אומבעדינגט נויטיג דאָס לײדי גראַנדקאָרט זאָל

נאָך אַמאָל חתונה האָבען? — האָט דעראָנדאָ געפרעגט און איהם געוואָלט בעווייזען אַז דאָס איז פּונקט אַזאַ אונמעגליכע פאַנטאַזיע, ווי די וואָס ער האָט געדענקט וועגען איהם.

— דו מאָנסטער! דו ווילסט זי זאָל בלייבען אייביג אַן אַלמנה און טרויערען נאָך דיר, ווייל דו האָסט איהר ענטזאָגט און אַליין ביזטו גליקליך? — האָט האַנס געזאָגט.

דעראָנדאָ האָט גאָר ניט געענטפערט, ער האָט אָבער אויסגע־זעהן אַזוי אומעטיג און אַז האַנס האָט דאָס בעמערקט האָט ער מעהר ניט גערעדט וועגען דעם.

אַז דעראָנדאָ איז אַוועק געגאַנגען, איז האַנס'ן איינגעפאַלען אַז צווישען דעראָנדאָ'ן און גווענדאָלינ'ען איז געוועזען זעהר אַשטאַר־קע צוגעבונדענקייט, וואָס מירא'ן וואָלט דאָס גאָר ניט געשמעקט. וואָס האָט זי מיך ניט ליעב? — האָט ער געטראַכט און געלאַכט פון זיך אַליין — זי וואָלט ניט געהאַט קיין קאָנקורענטקעס, ווי מירא האָט אין גווענדאָלינען. קיין פרוי האָט נאָך ניט געוואָלט מיט מיר דיסקוטירען וועגען הימעל זאַכען, ווי גווענדאָלין מיט דעראָנדא'ן.

קיין וואונדער ניט אַז דעראָנדאָ האָט אויפגעציטערט אונטער די קלעפּ פון האַנס'ס וויצען. עס האָט איהם אָנגעריהרט אין זיין פערוואונדעט הארץ וואָס איז נאָך ניט אין גאַנצען געוועזען אויסגע־היילט. ער האָט זיך געשראָקען פאַר דעם מאָמענט, וואָס ער וועט דערצעהלען אַלץ גווענדאָלינען, וויסענדיג אַז דאָס וועט איהר שטאַרק וועה טאָן און האַנס האָט נאָך מעהר פערגרעסערט די שרעק מיט זיינע רייד.

ער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט. איינמאָל האָט ער בע־שלאָסען איהר צו דערצעהלען, וועט ער דאָס טאָן און זאָל געשעהן וואָס עס וויל.

צו מאָרגענס איז ער געפאָהרען נאָך אָפּענדין, ער האָט אריינ־געשיקט זאָגען גווענדאָלינען אַז ער איז דאָ און צו זי קען איהם איצט זעהן. ער האָט זי געטראָפען אין אויפנאַהמס צימער וואַר־טענדיג אויף איהם, זי האָט שוין ניט אַזוי אויסגעזעהן טרויעריג ווי פריהער, זי האָט נאָך אַלץ ניט געשמייכעלט, אָבער שוין רוהיגער

ווי שטענדיג. זי האָט ניט בעמערקט ווי צוטראָגען ער איז, זיי האָבען זיך אָװעקגעזעצט און זי האָט געזאָגט:

— איהר האָט מורא געהאַט מיך קומען זעהן, ווייל איך האָב דאָס לעצטע מאָל אַזוי שלעכט אויסגעזעהן, היינט בין איך אָבער גאָר אַן אַנדערע. מיר האָט שטענדיג וועה געטאָן וואָס איך פער־שאַף אייך שמערצען, איך מיה זיך איצט צו זיין פרעהליך, איהר זאָלט ניט האָבען קיין עגמת נפש.

אַזוי זיס און ליעב האָט זי גערעדט צו איהם אַז זי האָט איהם נאָך שווערער געמאַכט צו רעדען, ער האָט אָבער געפיהלט אַז ער מוז רעדען און ער האָט געזאָגט:

— איך בין היינט אויך שטאַרק פרזאָרגט — האָט ער אומע־טיג געזאָגט — נאָר דאָס איז ווייל איך האָב אייך עפּעס צו דער־צעהלען, וואָס איהר וועט אייגענטליך דענקען אַז ווייל איך האָב ניט קיין צוטרויען צו אייך האָב איך עס אייך ניט דערצעהלט ביז איצט. איך וויל אייך דערצעהלען וועגען מיין אייגענעם לעבן, וועגען מיין צוקונפט. איך האָב ניט ריכטיג געהאַנדעלט וואָס איך האָב אייך ניט אַלץ דרצעהלט וועגען זיך, אין דער צייט וואָס איהר זייט אַזוי אָפענהאַרציג געווען מיט מיר. נאָר פאַר דער צייט וואָס מיר האָבען זיך בעגעגענט האָב איך ניט געהאַט קיין געלעגענהייט צו רעדען מיט אייך וועגען זיך, ווייל דאָס וואָס איהר האָט מיר דרצעהלט וועגען אייך, איז מיר געווען אַזוי וויכטיג און נאָהענט.

דעראָנדאַ׳ס שטימע האָט געקלונגען אַזוי ווייך און האַרציג, ער האָט געקוקט אויף איהר מיט אויגען פול געבעט און רחמנות.

גווענדאָלין האָט אַ ציטער געטאָן פאַר איבעררעאַשונג. עס האָט אָבער קיין שרעק ניט אַרויסגערופען. זי האָט געדענקט אַז דאָס מיינט ער געוויס אַן ענדערונג אין די בעציהונגען צווישען איהם און סער הוגאָ׳ן, מעגליך אַז ער וועט איצט זיין סער הוגאָ׳ס יורש. צופרידען וואָס ער ענטשולדיגט זיך פאַר איהר האָט זי געזאָגט:

— איהר האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגען עפּעס אַנדערש, נאָר ווי אַזוי מיר צו העלפען, איך בין דאָך געווען אַזוי אומגליקליך, ווי אַזוי האָט איהר מיר געקענט עפּעס דערצעהלען?

— איהר וועט זיך אפשר שטאַרק וואונדערען אַז איהר וועט

הערען דאָס ערשט ניט לאַנג, האָב איך זיך דערוואוסט ווער מיינע עלטערען זיינען — האָט ער איהר געזאָגט.

זי האָט זיך אָבער ניט געוואונדערט, עס האָט נאָך מעהר פערשטאַרקט איהר מיינונג, אַז דאָס וואָס זי האָט געטראַכט וועגען סער הוגאָ׳ן און דעראָנדאַ׳ן איז ריכטיג, דעראָנדאַ האָט ווייטער גערעדט.

— די אורזאַך צוליעב וואָס איך בין געפאָהרען אין איטאַליען, איז געווען דאָס זיך צו דערוויסען, אין אמת׳ן צו טרעפען דאָרט מיין מאַמע... איהר פערלאַנג איז דאָס געווען, איך זאָל אויפוואַקסען און ניט וויסען ווער מיינע עלטערען זיינען, זי האָט זיך צושיידט מיט מיר, נאָך מיין פאָטער׳ס טויט, ווען איך בין גאָר קליין געווען. איצט איז זי שטאַרק קראַנק און זי האָט געפיהלט אַז מעהר זאָל דאָס ניט בלייבען קיין סוד. די הויפט אורזאַך איז געווען וואָס זי האָט ניט געוואָלט, איך זאָל וויסען אַז איך בין אַ איד.

— אַ איד! — האָט גווענדאָלין אויסגערופען שטיל און דערשראָקען ווי אַ גיפט וואָלט דורך געלאָפען איהר בלוט.

דעראָנדאַ איז רויט געוואָרען און געשוויגען. גווענדאָלין האָט געהאַלטען אַראָפּלאָזען די אויגען און געזוכט אַן אויסוועג ווי אַזוי אַרויסצוקומען פון פערלעגענהייט און ווייזט אויס אַז זי האָט געפונען, זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם און ווי מיט פאָרוואורף געגען זיין מוטער האָט זי געזאָגט:

— וואָס פאַר אַן אונטערשיעד האָט דאָס דען געמאַכט?

— איצט הערענדיג דאָס האָט עס געמאַכט אַ גרויסען אונטערשיעד — האָט דעראָנדאַ קלאָר און שאַרף געזאָגט, ער האָט אָבער ווייטער ניט געקענט רעדען, זעהענדיג ווי ווייט זיי זיינען איצט איינס פון דאָס אַנדערע און ווער וויים צו זי וועט איהם גאָר קענען פרשטעהן, ווי זיי זאָלטען גערעדט אויף פערשיעדענע שפּראַכען.

גווענדאָלין האָט געטראַכט אַביסעל און מיט געפיהל געזאָגט:

— איך האָף אַז עס דאַרף אייך גאָר ניט אַרען. איהר זייט פּונקט דער זעלבער ווי איהר וואָלט ניט געווען קיין איד.

זי האָט איהם געוואָלט זאָגען דערמיט אַז דאָס האָט קיין ווירקונג ניט אויף איהרע בעציהונגען צו איהם און דאָס האָט וועניג וואָס צוגעהאָלפען דעראָנדאַ׳ן אין זיין פּלאַן.

— די ענטדעקונג האָט מיר קיין ליידען ניט פערשאַפט — האָט ער געזאָגט — איך בין געוועזן צוגעגרייט דערצו און גליקליך געוועזן דערמיט. איך בין צוגעגרייט געוואָרען דערצו דורך מיין נאָהענטע בעקאַנטשאַפט מיט אַ מאַן אַ איד, וועמעס געדאַנקען האָבען מיר אַזוי געפעלען, אַז איך וועל מיין לעבען אָפּגעבען זיי צו פּרווירקליכען.

גווענדאָלין האָט ווידער זיך געשראָקען, זי האָט געקוקט אויף איהם ווי אַ קינד קוקט אויף אַ דערוואַקסענעם מענשען וואָס דער־ציהלט איהם וואונדערליכע זאַכען, מיט אַן אָפען מויל האָט זי גע־קוקט אויף איהם. איהר איז ניט איינגעפאַלען אַז דאָס מיינט דעראָנדאָ מיראַ׳ס ברודער, נאָר אַז ער וועט טאָן זאַכען וואָס וועלען זי דערווייטערען פון איהם.

— דאָס איז אַזאַ זאַך — האָט ער געזאָגט ווידער — וואָס איך וועל דורך דעם מוזען פערלאָזען ענגלאַנד אויף אַ געוויסע צייט, אויף עטליכע יאָהר איך האָב אַזאַ אויפגאַבע צוליעב וועלכער איך וועל פאָהרען נאָך ארץ ישראל.

איצט איז עס שוין געוועזן קלאָרער פאַר איהר, זי איז נאָך מעהר צוטראָגען געוואָרען און איהרע ליפּען האָבען אָנגעהויבען ציטערען און פיהלענדיג די טרעהרען לויפען אויף איהרע באַקען האָט זי געפרעגט:

איהר וועט דאָך אָבער צוריקקומען?

דעראָנדאָ האָט ניט געקאָנט איינזיצען, ער האָט זיך אויפגע־הויבען צוגעגאַנגען ביז׳ן אויווען און געקוקט אויף איהר פון דער זייט. זי האָט זיך אויסגעווישט די אויגען און איסגעדרעהט זיך צ איהם וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער.

— אויב איך וועל לעבען — האָט ער געענטפערט — אַמאָל.

ביידע האָבען געשוויגען. ער האָט ניט געקענט אָנהויבען רע־דען ווייטער, סיידען זי האָט איהם עפּעס געפרעגט און זי האָט גע־זוכט עפּעס צו זאָגען.

— וואָס געהט איהר איצט טאָן? — האָט זי דערנאָך גע־פרעגט — קען איך דאָס פערשטעהן אָדער ניט?

— איך וועל פאָהרען אין ארץ ישראל און זעהן ווי מיינע ברי־דער לעבען דאָרט, האָט ער העפליך איהר דערצעהלט — דער גע־

דאַנק פאַר וועלכען איך גאה אַרבייטען איז דאָס מיין פאָלק זאָל צוריק ווערען אַ פאָלק אויף זיין אייגען לאַנד פונקט ווי דאָס ענגלי־שע פאָלק האָט זיין אייגען לאַנד, כאָטש זיי זיינען אויך צושפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט. דאָס איז מיין פליכט. איך וויל דאָס אָנהויבען טהאָן, וויפיעל איך וועל נאָר קענען. איך בין גרייט מיין לעבען מקריב צו זיין פאַר דעם. אַמווייניגסטען וועל איך דערוועק־קען דעם געדאַנק ביי אַנדערע אידען זיי זאָלען דענקען ווי איך.

זיי האָבען לאַנג געשוויגען, די וועלט האָט אויסגעזעהן צו גרויס פאַר גווענדאָלינען און זי ווערט אַלץ קלענער און קלענער און מעהר הילפלאָז. זי האָט שוין פערגעסען וואָס ער האָט איהר גע־זאָגט אַז ער וועט אַמאָל צוריק קומען און זי האָט זיך געפיהלט ווי אַ קליין פליגעלע אויף דער וועלט, עס איז אַן ערד ציטערניש, אַלץ ענדערט זיך אַרום איהר, זי האָט ערשט געזעהן אַז עס זיינען דאָ נאָך מענשען אויף דער וועלט אויסער איהר און זי אַ גאָרנישט אַנט־קעגען זיי. זי איז ווי שוים אויפ׳ן וואַסער וואָס צוגעהט גיך, אַזוי וועט זי אויך פערשווינדען. זי האָט איינגעזעהן אַז אַ גרויסע אי־דעע פערנעהמט איצט דעראָנדאַ׳ס הארץ און אַז זי פערלירט איהם און עס האָט איהר אונגעהויער וועה געטאָן.

זיי האָבען אַלץ געשוויגען. דעראָנדאַ איז צופריעדן געווען וואָס ער דאַרף דערוויילי ניט רעדען און זי איז געזעסען ווי אַ סטאַ־טוע, פערלייגט די הענד און ברייט אָפענע אויגען. פלוצלונג איז איהר עפּעס איינגעפאַלען, זי האָט אויפגעהויבען די אויגען צו איהם און ציטערענדיג געפרעגט:

— איז דאָס אַלץ וואָס איהר האָט מיר צו דערצעהלען?

די פראַגע האָט איהם שטאַרק צוטומעלט און ציטערענדיג האָט ער איר געענטפערט:

— דער איד, דער גרויסער מאַן, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, האָט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף מיר, איז אייך ניט אומבעקאַנט, ער איז דער ברודער פון פריילין לפּידות וועמען איהר האָט אַזוי אָפט געהערט זינגען.

אַ ים עראינערונגען האָבען זיך דורכגעשלאָגען איהר מוח און זי איז שטאַרק רויט געוואָרען און געפיהלט אַ שרעקליכע וועהטאָג. עס האָט זיך איהר פאָרגעשטעלט ווי לעבעדיג די גאַנצע סצענע:

ווען זי איז געפֿאָהרען צו מיראַ׳ן און געהערט דעראָנדאַ׳ס שטימע פון אנדערען צימער, און מיראַ האָט איהר נאָך דעמאָלט געזאָגט אז דעראָנדאַ לערנט זיך העברעאיש ביי איהר ברודער.

— ער איז איצט זעהר קראנק, האַלט ביים שטאַרבען — האָט דעראָנדאַ נערוועז געזאָגט און פּלוצלונג אָפּגעהאַקט אין מי־טען רעדען. ער האָט געפיהלט אז ער מוז וואַרטען אביסעל. וועט זי דאָס איבעריגע פערשטעהן?...

— האָט זי אייך געזאָגט אז איך בין געווען ביי איהר — האָט זי איהם פּלוצלונג געפרעגט, קוקענדיג גלייך איהם אין די אויגען.

— ניין — האָט ער איהר געענטפערט. איך פערשטעה גאָר־ניט וואָס איהר מיינט.

זי האָט אוועקגעקוקט און זיך פערטראַכט. די רויטע פאַרב פון איהר פנים איז פערשוואונדען און זי איז שטאַרק בלאַס געוואָ־רען און האָט אויסגעזעהן שרעקליך שלעכט און ניט רעדענדיג צו איהם נאָר צו זיך אליין, ניט וויסענדיג זאָגאר אז זי זאָגט דאָס האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— איהר געהט חתונה האָבען?

— יאַ — האָט ער שטיל געזאָגט — איך וועל חתונה האָבען.

אין אָנפאַנג איז גאָרניט געווען צו דערקענען אַן ענדערונג אין איהר. זי האָט אָבער זיך שטאַרק דערשראָקען און באַלד האָט זי ברייט געעפענט די אויגען און געקוקט אַ ווייל אויף דער פאָד־לאָגע פאַר זיך, דערנאָך האָט זי אויסגעשטרעקט די הענד און זיי זיינען געבליבען ווי פערגליווערט און געשוויגען:

— איך האָב געזאָגט אז איך וועל בלייבען עלענד און פער־לאָזען. איך בין געווען אַ שרעקליכע פרוי און איצט בין איך עלענד און פערלאָזען.

דעראָנדאַ׳ס צער איז געווען ניט אויסצוהאַלטען. ער האָט זיך ניט געקענט העלפען. ער האָט אָנגענומען איהרע אויסגעשטרעקטע הענד, זיי געהאַלטען צוזאַמען און אוועקגעשטעלט זיך אויף די קניה פאַר איהר. זי איז געווען דער קרבן פון זיין גליק.

— איך בין אויך אַ שרעקליכער מענש, איך בין עס — האָט ער געזאָגט צו איהר קוקענדיג אויף איהר מיט געבעט.

זיין צוריהרען זיך צו איהר האָט פאַר אַ ווייל איהר פער־

שאַפט פרייד, זי האָט געקוקט צו איהם און עס איז קענטיג געווען אַז זי איז געקומען צו זיך, נאָר די הויט פון איהר געזיכט האָט געהאַלטען אין איין ציטערען. דאָס האָט איהם שטאַרק געריהרט און ער האָט זיך דערמאָנט אין פיעל זאַכען וואָס ער האָט שוין גע־האַט פערגעסען. זי האָט זיך אויך פלוצלונג דערמאָנט אין דעם מאָ־מענט ווען זי האָט זיך מיט איהם בעגעגענט אין ביבליאָטעק ביי סער הוגאָ'ן. זי האָט אָנגעהויבען שטאַרק זיפצען און וויינען, די טרעה־רען זיינען גערונען גיך אויף איהרע באַקען און דעראָנדראַ האָט גע־האַלטען איהרע הענד אין זיינע, ער האָט זיי ניט געקענט אָפּלאָזען. ער האָט גענומען איהר טיכעל און אָפּגעווישט איהרע טרעהרען, זי האָט איהם ניט געשטערט, ווי אַ קינד וואָס לאָזט טאָן מיט זיך אַלץ נאָכדעם ווי זי בערוהיגט זיך. זי האָט געוואָלט רעדען, די טרעהרען האָבען זי אָבער געשטיקט און קוים וואָס זי האָט זיך בע־הערשט און איינציגווייס וואָרט נאָך וואָרט האָט זי געזאָגט:

— איך האָב געזאָגט... איך האָב געזאָגט... עס וועט זיין בעסער... בעסער פאַר מיר... קענענדיג אייך...

זיינע אויגען זיינען אויך אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען. זי האָט אַרויסגענומען איין האַנד פון זיינע הענד און מיט'ן טיכעל איהם אויסגעווישט די טרעהרען פונקט ווי ער האָט ערשט מיט איהרע טרעהרען געטאָן.

— מיר וועלען ניט זיין אויף אייביג צושיידטע — האָט ער געזאָגט — איך וועל אייך שטענדיג שרייבען, ווען איך וועל קענען וועל איך אייך שרייבען, וועט איהר מיר ענטפערען?

ער האָט געוואַרט ביז זי האָט געקענט ענטפערען.

— איך וועל זעהן... האָט זי שטיל געמורמעלט.

— איך וויל נאָך זיין מעהר מיט אייך ווי איך בין געווען — האָט ער אַזוי וואַרים געזאָגט, אָפּלאָזענדיג איהרע הענד און אויפ־הויבענדיג זיך פון דער ערד — וואָלטען מיר ביז איצט געווען אָפט צוזאַמען וואָלטען מיר געזעהן ווי אַנדערש מיר זיינען איינער פון אַנדערען און דאָס וואָלט אונז גאָר דערווייטערט. איצט וועט ווייס צו מיר וועלען זיך נאָך אַמאָל זעהן, אונזערע געדאַנקען וועלען אָבער זיין נעהנטער איינס צו דעם אַנדערען.

זי האָט גאָרניט גערעדט נאָר מאַשינעל זיך אויפגעשטעלט.

זי האָט אויסגעזעהן זעהר שלעכט. דעראָנדאָ האָט געהאַט גרויס צער פון דעם און עס האָט איהם באַנג געטאָן פאַר זיינע לעצטע ווערטער, זיי האָבען זיך איהם אויסגעוויזען ווי שרעקליכע רויב אָהן רחמנות. גווענדאָלין האָט דערפיהלט אַז ער געהט אוועק און זי קען איהם ניט פערהאַלטען. זי איז געווען שטאַרק צוטומעלט און ניט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך מיט איהר.

דעראָנדאָ האָט שוין מעהר ניט געקענט רעדען. ער האָט גע־מיינט אַז זיי מוזען זיך שיידען שטיל אָהן ווערטער, עס איז איהם צו שווער געווען אַוועקצוגעהן, ביז זי האָט ווידער געקוקט אויף איהם און דאָס האָט איהם פערלייכטערט זיין פערלעגענהייט. איז צוגע־גאַנגען צו איהר און דערלאַנגט איהר די האַנד, זי האָט זי אָנגענו־מען און געזאָגט:

—איהר זייט געווען זעהר גוט צו מיר, איך האָב עס גאָרניט פערדיענט, איך וועל זיך בעמיהען צו לעבען... בעמיהען צו לעבען איך וועל טראַכטען פון אייך... וואָס פאַר אַ גוטס האָב איך דען געטאָן ?... שטענדיג געווען שלעכט... לאָזט מיך ניט זיין שלעכט... לאָזט מיך ניט זיין שלעכט צו אייך... עס וועט זיין בעסער פאַר מיר.

זי האָט ניט געקענט ענדיגען, ניט נאָר צוליעב איהרע טרערען וואָס האָבען זי געשטיקט, נאָר די ווערטער זיינען איהר אויך צו שווער געווען אַרויסצורעדען, זי האָט שטאַרק געציטערט און מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען איהרע שווערע ליידען.

זי האָט זיך אויסגעבויגען און געקושט זיינע באַקען און ער האָט זי געקושט. אַ ווייַלע האָבען זיי זיך אָנגעקוקט, געדריקט זיך די הענד און ער איז אַרויס פון הויז.

נאָך זיין אַוועקגעהן ווען די מוטער איז אַריין האָט זי געטראָ־פען גווענדאָלינען זיצען בעוועגונגסלאָז.

גווענדאָלין! מיין טהייער קינד! זעהסט אויס אַזוי שרעקליך! — האָט די מוטער געשריגען איינבויגענדיג זיך איבער איהר און אָנגענומען איהרע קאַלטע הענד. —

— יאָ, מאַמע מיר איז זעהר שלעכט, נאָר שרעק זיך ניט, איך וועל לעבען — האָט זי געזאָגט און היסטעריש זיך צוואויינט.

די מוטער האָט זי געהייסען זיך לייגען אין בעט אַריין, זי האָט געפאָלגט און זיך געלייגט און די מוטער איז געזעסען לעבען איהר.

א גאַנצען טאָג און ביז אַ האַלבע נאַכט איז זי געלעגען אין בעט אין איין ציטערניש און פיבער. זי האָט אָבער אַלע מאָל געשריגען צו דער מוטער:

— שרעק זיך ניט, איך וועל לעבען, איך וועל לעבען!...

שפּעטער איז זי איינגעשלאָפען, אין דער פריה האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און מיט ליעבע געקוקט אויף דער מוטער און געזאָגט:

— אוי, אָרימע מאַמע! דו ביזט געזעסען די גאַנצע צייט לעבען מיר. זיי ניט אומגליקליך, איך וועל לעבען, איך וועל זיין א גוט קינד...

## 57טער קאַפּיטעל

פון אַלע גליקען וואָס די אמת'ע ליעבע ברענגט דעם מענשען איז דאָס גרעסטע גליק ווען אַ מענש איז זיכער אַז פערבינדענדיג זיך מיט זיין געליעבטע וועט זי זיין צופריעדען און גליקליך מיט איהם. ער וועט איהר קענען צוטהיילען אַלע פערגעניגענס אויף דער וועלט, ער וועט זי קענען אָפּהיטען ווי די אויגען אין קאָפּ, ער וועט איהר ברייננגען היילונג און טרייסט פאַר אַלע ליידען און זאָרגען וואָס זי האָט געהאַט פריהער, אַלדאָס בייז וועט פערשווינדען, זי וועט אַלץ פערגעסען און וועט האָבען אַ גוט און אַ גליקליכען לעבען.

דעם זעלבען געפיהל האָט דעראָנדאַ איבערגעלעבט. ער איז אין גאַנצען געווען פערנומען מיט זיין ליעבע צו מיראַ'ן און גרייט געווען מיט זיין גאַנצער נשמה און לעבען זי בעשיצען ווי אַ מלאך פון הימעל, אַז קיין זאַך זאָל איהר ניט פעהלען און זי זאָל זיין גליקליך ביי איהם.

ער האָט געוואוסט ווי ביטער איהר איז געווען ביז אהער, וויפיעל זי האָט זיך אָנגעליטען אין איהר יונגען לעבען, נאָך אַלץ קינד האָט זי שוין פון קיין גוטע, רוהיגע מינוט ניט געוואוסט. און אַז ער האָט זי צום ערשטען מאָל דערזעהן דעמאָלט ווען זי האָט זיך געוואָלט דערטרינקען האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ קליין אָרים קינד וואָס בלאָנדזשעט און איז טרויעריג, אומגליקליך און פול מיט שרעק.

איצט האָט זי זיך אָבער אין גאַנצען געביטען. זי זעהט אויס ווי א צייטיגע רויז, שעהן, רוהיג און גליקליך. זי האָט אַלע איהרע צרות פערגעסען, נאָר איין זאַך געדענקט זי, איהר ליעבע צו איהם. זי איז געוועזען פרעהליך און גליקליך. דעראָנדא האָט געזעהן איהר פרייד און ווי שעהן זי איז ערשט איצט געוואָרען, טויזענד מאָל שעהנער ווי פריהער, איז זיין הארץ געוואקסען אין איהם פאַר גרויס שמחה און ער האָט זיך פערשוואָרען זיין גאַנץ לעבען זי אָפּ־היטען ווי די אויגען אין קאָפּ, זי זאָל ניט וויסען פון קיין בייז און זאָרג, נאָר אייביג, זאָל זי זיין גליקליך און פרעהליך און דעמאָלט וועט אויך ער זיין גליקליך און פרעהליך.

מירא האָט גאָרניט געוואוסט ווי פיעל האַנס האָט געליטען דורך איהר און וואָס גווענדאָלין לעבט איבער. אַז דעראָנדא האָט איהר געזאָגט אַז נאָר זי האָט ער ליעב און קיין אַנדערע פרוי האָט ער קיינמאָל ניט ליעב געהאַט, האָט זי איהם געגלויבט און זיך גע־טראַכט אַז דאָס וואָס גווענדאָלין איז געוועזען אַזוי צוגעבונדען צו איהם, איז ניט געוועזען קיין ליעבע, נאָר דאַנקבאַרקייט. זי איז דאַנקבאַר געוועזען איהם פאַר זיין גרויס גוטסקייט צו איהר פונקט ווי אַלע אַנדערע וואָס ער איז גוט צו זיי זיינען איהם דאַנקבאַר און צוגעבונדען.

דאָס אַלץ וואָס דעראָנדא האָט גערעדט מיט איהר וועגען גווענ־דאָלינען האָבען נאָך פערשטאַרקט אין איהר די זעלבע מיינונג אַז דאָס איז ניט געוועזען קיין ליעבע. דעראָנדאַ איז געוועזען זעהר פאָר־זיכטיג און נאָר ווען ער האָט ניט געהאַט קיין אויסוועג האָט ער גערעדט וועגען גווענדאָלינען, דאָס רוב אָבער האָט ער אויסגעמי־טען צו דערמאָנען איהר נאָמען.

מירא האָט געגלויבט און זי איז זיכער געוועזען אַז עס איז אַזוי, דאָס דעראָנדא האָט פיעל מענשען געהאָלפען, פונקט ווי ער האָט איהר געהאָלפען, איין זאַך האָט זי אָבער געוואונדערט: מיט וואָס האָט זי דאָס פערדיענט צו זיין די גליקליכע אויסגעוועהלטע, אַז זי זאָל איהם בעקומען פאַר אַ מאַן און מיט איהם צוזאַמען זאָל זי זיין גליקליך...

מירא איז געגאַנגען אין כלה־שלייער פערדעקט דאָס פנים ווי אידישע כלות זיינען זיך נוהג. אונטערען שלייער איז ניט געוועזען

קיין פערזאָרגט, אומעטיג געזיכט נאָר אַ גרויס פריידיג פּנים און הייליגע דאַנקבאַרקייט צו גאָט וואָס האָט זי אויסגעקליבען און גע־שאַנקען דאָס גרויסע גליק וואָס זי פיהלט זיך ניט ווערט...

די טייערע חופּה האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אונטער זיך אַ שעהנערע און בעסער חתן־כּלה פּאָר ווי מירא און דעראָנדאַ... און אַלע וואָס האָבען זיי געזעהן האָבען זיי געוואונשען אַזעלכע קינדער צו האָבען... און זיי געוואונשען אַז זייערע קינדער זאָלען זיין ווי זיי.

קיין עהרליכערע און אונשולדיגערע ליפּען האָבען נאָך קיין מאָל ניט דעם גאָלדענעם בעכער וויין אָנגעריהרט ווי מירא'ס און דעראָנדאַ'ס... דעראָנדאַ האָט איהר אָנגעטהאָן דאָס קדושין רינגעל און אַזוי הייליג זי מקדש געווען אויף אייביג. זיי האָבען געטרונ־קען דעם וויין... דער רב האָט געמאַכט די ברכות. ער האָט גע־בענטשט די חתן־כּלה, אַלע זיינען זיכער געווען אַז די ברכות וועלען מקוים ווערען...

די חופּה איז געווען אין שוהל. די שוהל איז געווען פול גע־פּאַקט. אָרים און רייך זיינען געקומען צוצוקוקען די שמחה. עזרא קאָהן מיט זיין גאַנצע פאַמיליע זיינען אויך געווען. מרדכי וואָלט ניט געקענט ליידען ווען ביי איהם איז אַזאַ פרייד און די קאָהן'ס זאָלען ניט זיין לעבען איהם.

פרוי מייריק האָט דאָס גוט פערשטאַנען און איז צופרידען געווען זיך צו טרעפען מיט דעם אידישען מלוה. פרוי מייריק איז געווען מיט איהרע דריי טעכטער און אַלע זיינען צופרידען געווען וואָס די חתונה איז איינע פון די בעסטע געשעהענישען אויף דער וועלט. זיי האָבען חתונה, ווייל זיי האָבען זיך זעהר ליעב. און ווען זיי אַליין וועלען זיך דאָס דערמאָנען, וועלען זיי זיין צופרידען. זיי האָבען דאָך אַביסעל צוגעהאָלפען אַז דאָס זאָל אויסגעפיהרט ווערען. אַ שאָד נאָר, האָבען זיי זיך געטראַכט וואָס האַנס איז ניטאָ, עס וואָלט פיעל פרעהליכער געווען. מאַב האָט אָבער געזאָגט אַז די מענער זיינען צו נאַריש, זיי קענען זיך ניט בעהערשען, וואַ־רום ווען זי אָדער קייטי אָדער עמי וואָלטען זיך פערליעבט אין דע־ראָנדאַ'ן וואָלטען זיי זיך בעהערשט און געזעהן, זיי זאָלען ניט אַזוי פיעל ליידען...

די מייריקס האָבען געהערט עזרא קאָהן, דעם אידישען מלוה

האַלטען אַ רעדע פאַר די געסט, און זיי זיינען זעהר צופרידען גע־וועזן. דער קליינער יעקב האָט געגעסען פיעל מעהר ווי לויט זיינע יאָהרען. נאָר די קליינע אדעליידע רבקה, אין אַ נייע שבת קליידעל איז געזעסען רוהיג און שטיל.

מרדכי'ס בריליאַנטענע אויגען האָבען אַזוי רוהיג און צופרידען אַרויסגעקוקט פון זייערע טיעפע לעבער, אַלעמען געזעהן, אויף יעדען געקוקט, באַלד אָבער האָט ער נאָר געזעהן דעראָנדאַ'ן און זיין פנים האָט נאָך מעהר אָנגעהויבען שיינען און לייכטען מיט אַזוי פיעל ליעבע און הייליגען גלויבען.

די חתונה מאָהלצייט איז געוועזן איינפאַך און בעשיידען. מירא האָט אָבער געקריגען טהייערע דרשה געשאַנק, ווייל אַזוי ווי די פריינד און בעקאַנטע זייערע האָבען דערהערט, אַז זיי געהן חתונה האָבען, האָט יעדער צוגעגרייט אַ טהייערע מתנה. סער הוגאָ מאַלענדזשער און זיין פרוי האָבען פאַר זיי איינגעקויפט אַלע זאַכען וואָס זיי האָבען געדאַרפט אויף דער רייזע נאָך ארץ ישראל און אַ טהייערען מעדאַליאָן מיט דער אויפשריפט: „פאַר דער כלה פון אונזער טהייערען דניאל דעראָנדאַ אַ מתנה און אַ וואונש אויף אייביגען גליק", הוגאָ און ל. מאַלענדזשער. די קלעזמערס האָבען געשיקט אַ טהייערען זייגער מיט אַ שעהנע אויפשריפט.

נאָר איין זאַך וואָס איז פיעל וויכטיגער פון גאָלד און דיאַ־מאַנטען געוועזן פאַר דעראָנדאַ'ן, האָט ער בעקומען אין טאָג פון זיין חופה. דאָס איז געוועזן אַ בריעף פון דיפלאָפילד און האָט ענטהאַלטען די פאָר ווערטער:

„אין דעם טאָג פון אייער חתונה זאָלט איהר ניט דענקען פון מיר אין טרויער. איך געדענק אייערע ווערטער וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, איך זאָל לעבען און זיין די בעסטע פרוי פון אַלע פרויען, אַז אַלע זאָלען זיין צופרידען און דאַנקען גאָט וואָס איך בין געבוירען געוואָרען. דערווייל זעה איך ניט ווי דאָס קען מעגליך זיין, נאָר איהר ווייסט בעסער פון מיר. אויב עס וועט אַמאָל מקוים ווערען וועט עס נאָר זיין ווייל איהר האָט מיר געהאָלפען. איך האָב שטענדיג נאָר זיך געהאַט אין זין און אייך פערשאַפט ליידען. איהר זאָלט מעהר ניט ליידען דורך מיר. עס איז בעסער

פאַר מיר, עס וועט מיר זיין בעסער נאָך דערפאַר ווייל איך האָב אייך געקענט. גוועגדאָלין גראַנדקאָרט".

די פּאַרבערייטונגען צו דער רייזע האָבען זיך אָנגעהויבען. אַלע דריי, מרדכי דעראָנדאַ און מירא האָבען זיך געגרייט פאָהרען נאָך ארץ ישראל. דעראָנדאַ האָט ניט געגלויבט אַז מרדכי־עזרא וועט קענען איבערטראָגען די רייזע, ער האָט געזעהן די צייכענס אַז זיינע שטונדען זיינען געצעהלטע... נאָר עזרא האָט זיי געזאָגט:

— זאָל אייך ניט אַרגען וואו איך וועל שטאַרבען, אַבי איך זאָל זיין צוזאַמען מיט אייך...

מרדכי־עזרא איז אָבער ניט געפאָהרען מיט זיי. איין פריה־מאָרגען האָט ער צוגערופען דעראָנדאַ'ן און געזאָגט:

— היינט זאָלט איהר מיך ניט לאָזען אַליין, איידער דער טאָג וועט זיך ענדיגען שטאַרב איך...

ער האָט זיך געהייסען אָנטאָן און אַוועקזעצען אויף זיין שטול. מירא און דעראָנדאַ זיינען געזעסען לעבען איהם פון ביידע זייטען. עטליכע שעה איז ער געווען שטיל, ניט בעמיהענדיג זיך צו רעדען א וואָרט, נאָר געקוקט אויף זיי ביידען אַזוי רוהיג און שטיל און ניט קוקענדיג וואָס דער אָטהעם איז איהם אַזוי שווער געווען, האָט ער זיך מיט זיי אַזוי גוט געפיהלט.

פאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזען, האָט ער אָנגענומען דעראָנדאַ'ן פאַר איין האַנד און מירא'ן פאַר דער צווייטער און קוקענדיג אויף דעראָנדאַ'ן, האָט ער געזאָגט:

— דער טויט קומט... עס איז ווי דער קוש פון גאָט... איך וועל אַוועקגענומען פון אייערע אויגען און געה אַריין אין אייער נשמה... וואו דו וועסט געהן, דניאל, וועל איך מיטגעהן... האָט עס דען זיך שוין ניט אָנגעפאַנגען?... האָב איך ניט אַריינגעהויכט מיין נשמה אין דיינע?... מיר וועלען לעבען צוזאַמען... מיר וועלען זיין איינס...

ער האָט געשוויגען. דעראָנדאַ האָט געוואַרט, אפשר וויל ער איהם נאָך עפּעס זאָגען. מיט גרויס מיה און אָנשפּאַרענדיג זיך אויף זייערע הענד, האָט עזרא זיך אויפגעהויבען און אין העברע־איש געזאָגט די תפלה וואָס אַלע אידען זאָגען פאַר'ן טויט:

— „שמע ישראל ד' אלהינו ד' אחד!"

ער איז צוריקגעפאַלען אין שטוהל און מעהר ניט גערעדט. אין עטליכע שעה אַרום איז ער אויסגעגאַנגען אויף דעראָנדאַ'ס און מירא'ס הענד...

(ע נ ד ע)